שלמה סימאָן

# תוך-יידישקייט






ביי דער „געז' פאַר יידיש-וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע"

בוענאָס-איירעס, 1954

# צוויי הנחות

## (אַריינפיר)

אין די אַלע אַרבעטן פון דעם בוך „תוך ייִדישקייט" האָט דער מחבר אָנגענומען צוויי גרונט־הנחות:

א) די אידייע איז די הויפּט־סיבה סיי אין פאָרמירן אַ געזעלשאַפט סיי אין ענדערן זי, אין אויפהאַלטן זי אָדער רעפאָרמירן. עקאָנאָמישע כוחות, געאָגראַפישע ווירקונגען זענען סעקונדאַרע פאַקטאָרן, וואָס באַ־איינפלוסן דעם אופן און פאָרעם פון דער פאַרווירקלעכונג פון דער אידייע. די סיבה פון אלע סיבות איז די אידייע.

ב) דער מענטש איז דער הערשער איבער דער נאַטור. ער קאָן זי איינשפּאַנען פאַר זיין טובה וועגן, אָדער פאַר זיין רעה וועגן. די נאַטור אַליין איז רשעותדיק, האָט נישט קיין שום איינזען פאר מענטש אָדער חיה. זי האָט נישט קיין שום באַגריף פון שלימות. דער מענטש קען זי אויס־בעסערן, פאַרפאַלקאָמענען, פורעמען און דערפירן זי צו שלימות.

ביידע הנחות זענען געבויט אויף ייִדישע מקורות.

א) זאָגט דער מדרש תנחומא: אין אָנהייב האָט גאָט באַשאַפן, דאָס זאָגט דער פסוק: „מיט חכמה האָט גאָט באשאפן די וועלט" (משלי ג׳ יט). ווען גאָט האָט באַשאַפן די וועלט האָט ער זיך פריִער שואל בעצה געווען מיט דער תורה און דערנאָך געשאַפן די וועלט. ווי עס שטייט געשריבן: „ביי מיר (ביי דער תורה) איז דאָ עצה און אויפטו, ביי מיר איז פאַרשטאַנ־דיקייט, ביי מיר איז גבורה" (משלי ו׳ י״ד). ווי איז די תורה דעמאָלט געווען געשריבן? (ס׳איז דאָך געווען פאַר בריאת העולם ש. ס.) שוואַרץ פייער אויף ווייס פייער (תנחומא בראשית א׳).

אויף אונדזער הייַנטיקן לשון מיינט עס, אַז איידער די וועלט האָט געקענט באַשאַפן ווערן האָט ערגעץ־ווו געדאַרפט אויפקומען אַ מחשבה,

אַן אידייע פון אַ וועלט. דער קאָסמאָס איז נישט אויפגעקומען דורך אַ צוזאַמענשטויס פון קעגנזייטיקע כוחות. ס׳איז נישט געווען קיין צופעליקער צוזאַמענשטויס צווישן היפּוכדיקע כוחות און פון זייער געראַנגל איז גע־קומען צו אַ סינטעז. לויטן יידישן באַגריף איז פריער אויפגעקומען אַן אַבסטראַקציע און די וועלט איז די קאָנקרעטיזירונג פון דער אַבסטראַק־טער אידייע.

די זעלביקע הנחה דאַרף אָנגעווענדט ווערן אויף דעם אויפקום פון אונדזער געזעלשאַפט. מענטשלעכע חלומות, טרוימען און גאַרונג צו שלי־מות האָבן זי געשאַפן. די חלומות און גאַרונגען צו שלימות זענען נישט אַ מאָנאָפּאָל פון אַ באַשטימטן קלאַס, אַ באַשטימטע אומה און פון מענטשן אין אַ באַשטימט לאַנד. אַלע מענטשן פון אַלע לענדער פון אַלערליי קלי־מאַטן, און אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, האָבן זיך געריסן צום הימל.

אָבער אין לעבן זענען פאַראַן יחידים, משפּחות און גרופּעס, וואָס האָבן באַשטימטע נייגונגען, ספּעציעלע פעיִקייטן, וואָס דורך דעם קענען זיי זיך גרינגער צופּאַסן צו אומשטענדן און בעסער ווי אַנדערע, נישט אַזוי באַגאַבטע, אויסנוצן תנאים פאַר זייערע צוועקן. אַזוי אויך טרעפט צווישן פעלקער. יידן ווי אַ פאָלק האָבן אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינטלעכע פעיִקייטן אויפצונעמען התגלות־הבורא און פאַרשטיין זיין רצון. אין מאָדערנער טער־מינאָלאָגיע: יידן האָבן שנעלער און גרינטלעכער דערפילט דעם מענטשנס גייסטיקע פּאָטענציאַלן און האָבן מער ווי וועלכע ס׳איז אַנדערע גרופּע פאַרווירקלעכט די העכערע שטרעבונגען פון מענטשן, אין טאָג־טעגלעכן לעבן.

דאָס איז נישט קיין מיסטיק. דאָס איז אַ היסטאָרישער פאַקט, וואָס לויט אונדזערע איצטיקע היסטאָרישע ידיעות און סאָציאַלע קענטשאַפטן קענען מיר נישט אינגאַנצן אויפדעקן די סיבות פון אָט דער דערשיינונג. עס קען גאַנץ מעגלעך זיין, אַז ווען מיר וועלן האָבן מער היסטאָרישע ידיעות און היסטאָריאָסאָפיע וועט ווערן אַן עקזאַקטע וויסנשאַפט, וועלן מיר קע־נען אינגאַנצן אָדער אַביסל מער דערקלערן די דערשיינונג פון יידן און יידישקייט. עס וועט מער נישט זיין קיין מיסטעריע.

ב) דער מענטש איז העכער איבער דער נאַטור. דאָס איז דער היפּוך צו דעם גריכישן וועלט־באַנעם, וואָס איז אַ טייל פון דער פּאַגאַניסטישער וועלט. די סיבה איז (מיר רעדן דאָ וועגן דער באַלדיקער סיבה נישט וועגן דער אור־סיבה), ווייל אין דער פּאַגאַניסטישער וועלט זענען די געטער אַ טייל פון דער נאַטור און זיי זענען אונטערגעוואָרפן אירע קאַפּריזן. דער מענטש און די געטער זענען אַ שפּילצייג ביי די נאַטור־כוחות.

לויט דעם יידישן וועלט־באַנעם איז די גאַנצע נאַטור אונטערטעניק צו׳ גאָט. דער מענטש וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין זיין געשטאַלט, איז

איז איבערגעגעבן געוואָרן די גאַנצע ממשלה איבער דער נאַטור. ער קען די באַצווינגען, באַהערשן און אויסבעסערן לויט זיין געטלעכן פאַרשטאַנד און מאַכן זי איס צו דינען.

עס ווערט דערציילט אין גולגאַמעש, אין דער עפישער באבילאַנישער פּאָעמע, אַז נאָכדעם ווי די געטער האָבן געבראַכט אַ מבול אויף דער וועלט און אָפּגעמעקט אַלץ פון דער ערד חוץ דעם צדיק אוטנאַפּישטים, דעמאָלט „האָבן די הערצער פון די געטער זיך דערשראָקן פאַר דער קאַטאַסטראָפע און זיי זענען אַנטלאָפן צו די בערג פון גאָט אַנו. איינגעבויגן ווי הינט, האָבן זיי זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט פון 'שרעק'". (עלילות גלגמש, ש. טשרניחובסקי, ורשה, תרפ"צ, זייט 96).

די גריכן האָבן געגלויבט, אַז די וועלט איז דורכגעגאַנגען פיר אָדער פינף תקופות: די גאָלדענע צייט, די זילבערנע צייט, די בראָנדזענע צייט, די העראָאישע עפּאָכע און צו לעצט די תקופה פון אייזן — די איצטיקע תקופה, וואָס איז די ערגסטע. די גאַנצע וועלט איז איצט פאַרדאָרבן און דער מענטש איז דעגענערירט. צעאוס, דער הויפּט־גאָט, וואָלט שוין לאַנג אומגעבראַכט די זינדיקע און שלעכטע וועלט. אָבער ער האָט מורא צו צע־שטערן די וועלט מיט פייער, ווייל די הימלען קענען זיך נאָך אָנצינדן. (מיטס און לעדזשענדס און אָל ניישאַנס ביי הערבערט ספּעקטאָר ראָבינסאָן ענד נאקס ווילסאָן, ניו־יאָרק 1950, זייט 62, עמוד א).

ווי אַנדערש זענען די צוויי מעשיות פון חומש: די מעשה פון מבול און די צעשטערונג פון סדום און עמורה.

גאָט ברענגט אַ מבול אויף דער וועלט צוליב דער מאָראַלישער פאַר־דאָרבנקייט פון דער וועלט. ער באַשטימט פאַראויס (ווי לאַנג די קאַטאַ־סטראָפע וועט געדויערן. ער איז אַלע מאָל דער הערשער איבער די נאַ־טור־כוחות. ער עפנט די פענצטער פון הימל און דעם תהום פון אונטער דער ערד. די נאַטור־כוחות שטייען גרייט איס צו באַדינען. זיי קענען איס נישט שרעקן. ווען ער צעשטערט סדום און עמורה מיט פייער און שוועבל האָט ער נישט מורא, אַז די הימלען וועלן זיך אָנצינדן. נאָך בעסער, ער קען צאַמען דאָס פייער. ווען לוט בעט איס איבערלאָזן א קליין שטעטל, צוער, טוט עס גאָט גלייך אויפן אָרט.

די ממשלה איבער דער נאַטור האָט גאָט איבערגעגעבן דעם מענטשן. דער מענטש איז די העכסטע בריאה, וואָס גאָט האָט געשאַפן און ער, דער מענטש, געוועלטיקט איבער די פיש פון ים, איבער די פייגל פון הימל און איבער די בהמות און חיות און איבער דער גאַנצער ערד (בראשית א׳ כ"ו).

דער מענטש איז געשאַפן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט. ער קען זיך פאַרמעסטן מיט אַ מלאך און איס ביקומען (הושע י"ב, ה; בראשית ל"ג, כט).

**
*

אַט די צווײ הנחות זענען מחייב גאָר אַן אַנדער צוגאַנג. צו דער ייִדי־שער געשיכטע בפרט און צו דער אַלגעמײנער געשיכטע בכלל. עס מײנט אויך א פאַרלײקענונג פון דעם כמעט־פאַטאַליזם פון מאַרקסיזם און דעם פעסימיזם פון אונדזער מאָדערנעם מאַטעריאַליסטישן װעלט־באַנעם. דער מענטש שטײט נישט הילפלאָז פאַר זײנע אײגענע אנטדעקונגען.

לויט אַט די צווײ ייִדישע הנחות איז געשריבן געוואָרן דאָס בוך. ווען דער לײענער וועט עס האָבן אין זינען וועט ער פאַרמײדן אַ סך קשיות און וועט אויפנעמען דאָס געשריבענע ווי אַ פרווו קלאָר צו מאַכן אַ סך דער־שײנונגען אין ייִדישן לעבן. אפילו ווען דער לײענער וועט נישט מסכים זײן מיטן מחבר — וועט ער אים פאַרשטײן.

# אידייע און גלויבן

### א.

דער חילוק צווישן ייִדישקייט און קריסטנטום קען דערקלערט ווערן אין געציילטע ווערטער:

ייִדישקייט איז אַ וועלט־באַנעם געבויט אַרום אַן אידייע פון גאָט. קריסטנטום איז אַ וועלט־באַנעם געבויט אַרום אַ פּערזאָן.

די רעליגיע, וואָס די קירך האָט אָנגענומען, איז אינגאַנצן געבויט אַרום דער פּערזאָן ישוע, יעזוס. ער איז נישט נאָר געווען דער אַנטפּלעקער און דער לערער פון דער קריסטלעכער רעליגיע, ער איז אויך דער רעטער און דערלייזער. דער גאַנצער נייער טעסטאַמענט איז אַ רעקאָרד נישט אַזוי פון וואָס יעזוס האָט געזאָגט אָדער געטון, אָדער וואָס ער האָט באַפוילן צו טון, נאָר איבערהויפּט אַ ספר פון דער גרויסע בשורה וואָס ער האָט געבראַכט. די בשורה, אַז דער מענטש קען דערלייזט ווערן דורך אמונה אין יעזוסן:

— גלויב אין דעם האַר ישוע און דו אינאיינעם מיט דיין הויז וועלן, ניצול ווערן (די מעשים פון די שליחים, ט"ז, לא). אָט דער פּסוק איז דער הויפּט־מאָטיוו. אָט כמעט נאָר צוליב דער בשורה איז דער נייער טעסטאַמענט געשריבן געוואָרן.

די קריסטלעכע רעליגיע איז אין גרונט בלויז דאָס גלויבן אין ישוע, דער עיקר פון אַלע עיקרים אין קריסטנטום איז דאָס גלויבן אין אים. דאָס איז קלאָר פון דעם פאַקט, וואָס כדי צו ווערן אַ מיטגליד פון קירך האָט מען געמוזט אָננעמען דאָס גלויבן אין ישוע. אָט דער „אַני מאַמין" איז געוואָרן דער באַנד, וואָס האָט צונויפגעהאַלטן די קירך אין אַן איינ־

קייט. אמת, די קירך האָט אויך געלערנט אַז מען דאַרף לעבן אַ מאָראַליש לעבן, אַ ריין לעבן, אַ הייליק לעבן. אָבער זי איז נישט באַשטאַנען אויף דעם אַזוי שטאַרק ווי אויף דער ריינקייט און ריכטיקייט פון גלויבן. מען האָט קיינעם נישט פאַרברענט אויף דער אויטאָ־דע־פע פאַר לעבן אַ זינדיק לעבן. אָבער מען האָט יאָ געברענט אויפן שייטערהויפן פאַר אָפּנייגן פון ריכטיקן גלויבן. אין אַנדערע ווערטער: צו טון דעם ווילן פון גאָט האָט פאַרנומען דעם צווייטן אָרט אין דער לערע פון דער קריסטלעכער קירך. (ר. טראַווערס הערפאָרד).

לויט דער קירך בויט'קט זיך נישט דער זינדיקער אין תשובה אָדער מעשים טובים כדי זיינע זינד זאָלן אים פאַרגעבן ווערן. זינד איז אָפּגע־שאַפט געוואָרן דורך דעם טויט פון ישוע, וואָס איז געשטאָרבן אָן זינד. פון דעם טאָג, וואָס ער איז אויפגעשטאַנען תחית־המתים, געוועלטיקט חסד, גנאָד איבער דער וועלט.

מיר רעכענען דעריבער, אַז אַ מענטש ווערט גערעכטפאַרטיקט דורך אמונה, אָן די מעשים פון דער תורה (רוימער ג' 28).

די תורה און מצוות זענען בטל געוואָרן ווען ישוע איז געשטאָרבן אויפן קרייץ. פאַול דערקלערט עס מיט אַ פּילפּול:

„ווייסט איר נישט ברידער, אַז די תורה האָט די שליטה איבער אַ מענטשן כל־זמן ער לעבט? דאָס ווייב, וואָס האָט אַ מאַן, איז געבונדן דורך דער תורה צום מאַן כל־זמן ער לעבט. דעריבער אויב זי באַהעפט זיך צו אַן אַנדערן מאַן, כל־זמן דער מאַן לעבט, ווערט זי אָנגערופן אַ זונה. אויב דער מאַן שטאַרבט איז זי פריי לויט דער תורה, זי איז נישט קיין זונה, הגם זי באַהעפט זיך צו אַן אַנדערן מאַן. און אַזוי, מיינע ברידער, זענט איר טויט געוואָרן פאַר דער תורה, דורך דעם לייב פון משיחן, כדי צו געהערן איינער צום אַנדערן, צו אים, וואָס איז אויפגעשטאַנען תחית־המתים. כדי איר זאָלט אַרויסברענגען פירות צו גאָט. אַצינד זענען מיר פריי פון דער תורה, ווייל מיר זענען אָפּגעשטאָרבן פון דעם, מיט וואָס מיר זענען געבונדן געוואָרן, אַזוי אַז מיר דינען אין דער נייקייט פון גייסט, און נישט אין דער אַלטקייט פון דעם אות" (רוימער, ז' א־ו).

פאַול האָט אָפּגעשאַפט די יידישע תורה און די מצוות־מעשיות. אָבער ס'איז אוממעגלעך פאַר אַ מענטשן צו לעבן אָן מצוות־מעשיות, האָט ער אָנגענומען און פאַרשטאַרקט צוויי אַנדערע מצוות: טבילה־באַפּטיזם און די בשותפותדיקע סעודה.ביידע מצוות צווישן די ווענט פון דער קירך.

שפּעטער זענען אויפגעקומען אייגענע יום־טובים. זייערע צוויי גרוי־סע ימים־טובים: פּסחאָ און קאָליידעס — קריסטמעס. ביידע זענען פאַר־

בונדן געוואָרן מיט דעם פּערזאָן יעזוס: זיין געבורט און זיין אויפשטיין תחית־המתים. זונטיק האָט פאַרנומען דעם אָרט פון שבת. זונטיק איז אָנגערופן געוואָרן „דעם האַרס טאָג״, דער טאָג אין וועלכן יעזוס איז אויפגעשטאַנען תחית־המתים.

קריסטנטום האָט אָפּגעוואָרפן די ייִדישע הלכה און אָנגענומען בלויז די ייִדישע אבסטראַקטע עטיק: די אגדה, וואָס איז צו גאָרנישט מחייב, וואָס איז בלויז שייך צום מענטשנס געוויסן אָבער איז נישט קיין טייל פון יורידישער גערעכטיקייט. די קירך האָט אַלץ אַוועקגעשטעלט אויף אַ גלויבן, אַ גלויבן אין אַ גאָט פון חסד. זי האָט נישט איינגעשטעלט קיין דיסציפּלין פאַרן דורכשניטלעכן מענטשן. הלכה: דינים, מנהגים, סיגים, זענען לויט דעם עוואַנגעליום אַ יאָך וואָס איז נישט נויטיק. ניין, הלכה לויט פּאַול איז שעדלעך, ווייל צו אַקצעפּטירן הלכה מיינט אַז דער טויטער בוכשטאַב פון דין פאַרנעמט דעם אָרט פון לעבעדיקן שעפערישן גלויבן.

דאָס באַפרייען דעם מענטשן פון דער דיסציפּלין פון הלכה האָט גע־מאַכט פון קריסטנטום אַ רעליגיע פון צווישן וועגנט בלויז פון קלויסטער, נישט ווי ייִדישקייט, וואָס נעמט אַרום דאָס גאַנצע טאָג־טעגלעכע לעבן.

אַוודאַי איז ישוע נישט געווען דער גרינדער פון דער קריסטלעכער קירך. ער און אויך זיינע נאָכפאָלגער האָבן אָפּגעהיט ייִדישקייט ווי אַלע פרומע ייִדן. ווי עס ווייזט אויס איז דאָס גלויבן אין משיחן געווען דער איינציקער חילוק צווישן די ערשטע נאָכפאָלגער פון ישוען און אַנדערע ייִדן. זיינע נאָכפאָלגער האָבן געגלויבט, אַז משיח איז שוין געקומען און די ייִדן האָבן עס נישט געגלויבט.

נאָך דעם צופלוס פון די געצנדינער האָט די קריסטלעכע קירך אָנגע־הויבן צו באַנעמען, אַז איר רעליגיע איז פונדאַמענטאַל אַנדערש פון ייִדיש־קייט און דערפאַר האָט זי אָנגעהויבן מער און מער זיך צו דערווייטערן פון ייִדנטום. פּאַול אין זיינע אַטאַקעס נוצט שוין נישט דעם טערמין פּרו־שים. ער באַפאַלט סתם ייִדן.

די אַפּאָסטאָלן־תלמידים האָבן זיך געהאַלטן פאַר ייִדן; אָבער ווי באַלד אַז זיי האָבן אָנגענומען דאָס גלויבן אין ישוע, האָבן זיי איבערגעטראָגן דעם צענטער פון געוויכט פון זייער רעליגיע. אַנשטאָט שטעלן דעם טראָפּ אויף הלכה, האָבן זיי געשטעלט דעם טראָפּ אויף אמונה אין ישוע: „און זיי זענען נשתומם געוואָרן, ווייל ער האָט זיי געלערנט ווי איינער וואָס האָט מאַכט, נישט ווי די סופרים״ (מאַרקוס א׳ כב). דאָס מיינט, זיי האָבן געזען

אַז ער אַליין האָט אין זיך די געטלעכע אויטאָריטעט, נישט ווי די סופרים, פּרושים, וואָס האַלטן אַז די געטלעכע אויטאָריטעט ליגט אין דער תורה און אין דער טראַדיציע.

ווי באַלד אַז אויך די ערשטע אַפּאָסטאָלן־תּלמידים האָבן צוגעגעבן, אַז די געטלעכע אויטאָריטעט ליגט אין דער פּערזאָן ישוע, האָט דער ייִדיש־קריסטלעכער עלעמענט נישט געקענט האָבן קיין תּקומה אין דער קריסט־לעכער קירך. זעען מיר טאַקע ווי דער קריסטלעך־ייִדישער עלעמענט איז געוואָרן שוואַכער און שוואַכער ביז ער איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן פון קריסטנטום.

דער וויכטיקסטער געבאָט איז פון אָנהייב געווען: גלויב אין דעם האַר ישוע און דו וועסט דערלייזט ווערן (די מעשים פון שליחים טז, לא; ב׳ לח) און דאָס האָט סוף־כּל־סוף גורם געווען אַז פּאַול זאָל אינגאַנצן אָפּליי־קענען די תורה און באַקעמפן זי, לעסטערן זי און דערקלערן זי שעדלעך:

„און מיר ווייסן, אַז אַלץ וואָס די תורה זאָגט, טוט זי ריידן צו די, וואָס זענען אונטער דעם עול פון דער תורה, כּדי איטלעכעס מויל זאָל ווערן פאַרשטומט, און די גאַנצע וועלט זאָל חייב זיין פאַר גאָט. מחמת דורך מעשים פון דער תורה וועט קיין פלייש נישט גערעכטיקט ווערן פאַר אים, וואָרום דורך דער תורה קומט די דערקענטעניש פון די זינד" (רוימער ג׳ יט־כ).

קריסטנטום איז געוואָרן אַ גרינגע ייִדישקייט; נישט קיין מילה, נישט קיין שבת, נישט קיין כּשרות, נישט קיין הלכה, וואָס דיסציפּלינירט, און איז מחנך דעם מענטשן. די געצנדינערישע וועלט האָט געקענט לייכט אָננעמען אַזאַ ייִדישקייט. ס׳איז צו גאָרנישט נישט מחייב — בלויז צו אמונה — צו אַ גלויבן אין באַרעמהאַרציקן גאָט, וואָס פאַרגיט די ערגסטע זינד אָן מעשים טובים.

די וועלט האָט טאַקע אָנגענומען דעם קריסטנטום — אַ ייִדישקייט פריי פון תורה, מצוות און מעשים טובים און אָן דיסציפּלין פון הלכה. זי האָט אָנגענומען די אמונה מיטן נייעם אויטאָריטעט און אָנגעהויבן פאַר־לוימדן די וואָס האָבן געוואָלט טראָגן דעם יאָך פון מלכות שדי.

## ב.

תורה און טראַדיציע, מסורה, זענען די זיילן פון ייִדישקייט. די פּרושים, וואָס איצט מיינט עס די ייִדן, האָבן אַוועקגעשטעלט גאָטס ווילן אין צענ־

טער פון דער ייִדישער אמונה. אָבער דער דורכשניטלעכער מענטש קען גרינג נישט אויספירן גאָטס ווילן. נאָך אַלעמען איז דאָך דער מענטש נישט מער ווי פון פלייש און בלוט. מוז מען דעם מענטשן דערציִען. אָבער בעסער געזאָגט, מוז זיך דער מענטש דערציִען, דיסציפּלינירן. ס׳איז שווער צו זיין גאָטס קינדער און דורכפירן זיין ווילן אין טאָג־טעגלעכן לעבן. אָבער די תורה, הלכה און מסורה דערציִען און לערנען דעם מענטשן און ווייזן אים אָן דעם ריכטיקן וועג צו גאָט.

הלכה איז די טאָג־טעגלעכע געזעלשאַפטלעכע עטיק און טאָג־טעגלעכע אָנזאָגונגען פאַר וועלכע מען באַשטראָפט, אויב מען פאַרלעצט זיי, אויב מען איז עובר אויף זיי. הלכה איז נישט דער אַנטיטעז, דער היפּוך, פון עטיק, פון מעשים טובים. הלכה איז בלויז די מינימום־פאָדערונג. פאַרשטייט זיך פאַר חסידים און פאַר אנשי מעשה, פאַר אמתע פרומע זענען דאָ העכערע פאָדערונגען. די ייִדישע אַגדה איז רייכער מיט אַבסטראַקטן מאָראַל פון דעם עוואַנגעליום.

וויפל גוטסקייט און הויכע עטישקייט עס זענען דאָ אין ברית־חדשה איז דאָרט נישטאָ אַזאַ הויכע מאָראַלישע מעשה, ווי עס איז דאָ אין מדרש וועגן אליהו הנביא. דער נייער טעסטאַמענט זאָגט טאַקע „ס׳איז נישטאָ קיין חילוק צווישן ייִד און גרעק, ווייל דער זעלבער האַר איז דער האַר פון אַלע״ (רוימער ב׳ יא), אָבער דער ברית־חדשה שטעלט אַ תנאי אויף דערלייזט צו ווערן. יעדער איינער מוז גלויבן אין דעם האַר ישוע אויב ער וויל דערלייזט ווערן. דאָס איז דאָך דער זעלביקער מידת הדין ווי אין דער ייִדישער הלכה. ווען אַ גוי נעמט אָן דעם ייִדישן גלויבן איז ער אַ ייִד ווי אַלע ייִדן. אָבער דער מדרש גייט אַ סך ווייטער. גאָט שפּרייט אויס זיין חסד אויף אַלעמען, אַפילו אויף געצנדינער. דערציילט דער מדרש (איך ציטיר לויט „די לעגענדעס פון די ייִדן״, פון לואיס גינזבורג, ענגליש, באַנד 4, זייטן 200, 199. „כל אגדות ישראל״ מאת י. ב. לבנר חלק שלישי זייטן 404 און 415. די מקורות וואָס זיי ציטירן האָב איך נישט אונטער דער האַנט).

„נישט געקוקט אויף אַלע ניסים, וואָס אַליהו האָט באַוויזן אויף דעם באַרג כרמל, האָבן ייִדן זיך אַלץ געהאַלטן ביי זייערע געצן־דינערישע וועגן. אַפילו די זיבן טויזנט, וואָס האָבן זיך נישט געבוקט צום בעל, זענען געווען

**זינדיקע קינדער פון ישראל, ווייל זיי האָבן געדינט די גאָלדענע קעלבער פון ירבעם בן נבט.**

„אַפילו דער זכות פון די אָבות האָט זיי נישט געקענט ביישטיין, ווייל די זינד פון די יידן זענען געווען זייער גרויס, און זייער מאָס איז געווען פול. ווען זיי זענען געפאַלן אַזוי נידעריק, אַז זיי האָבן אויפגעגעבן דעם צייכן פון בונד (אות־ברית־מילה), האָט שוין אליהו נישט געקענט צוריק־האַלטן זיין צאָרן און האָט זיך געשטעלט מקטרג זיין, פאַר גאָט, אויף יידן. אליהו איז געשטאַנען אין דעם שפּאַלט פון שטיין, וווּ גאָט האָט זיך אַמאָל באַוויזן צו משהן און האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים ווי „אַ דערבאַ־רעמדיקער און לייטזעליקער גאָט, איינגעהאַלטן אין צאָרן און גרויס אין דערבאַרעמונג און אמת" (שמות ל"ד, ו). דאָרט האָט ער זיך באַגעגנט מיט אליהון און האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין דורך צייכנס, אַז עס איז בעסער צו מלמד זכות זיין אויף יידן, ווי צו מקטרג זיין אויף זיי. אָבער אליהוס קנאות פאַר גאָט איז געווען אָן אַ מאָס און אָן אַ גרענעץ. דעמאָלט האָט אים גאָט געהייסן זאַלבן אלישען פאַר אַ נביא. גאָט האָט געזאָגט צו אליהון:

— דו קענסט מער נישט זיין מיין נביא, ווייל איך קען נישט טון צו די יידן וואָס דו פאָדערסט פון מיר.

נאָך מער, גאָט האָט אים געמוסרט:

— גיי קיין דמשק וועסטו דאָרט זען ווי אירע איינוווינער דינען צו דריי הונדערט און פינף און זעכציק אָפּגעטער (אָן אָפּגאָט פאַרן יעדן טאָג פון יאָר) און זיי טוען אומווירדיקע און שווידערלעכע זאַכן, וואָס אַזוינס איז נאָך נישט געהערט געוואָרן. פונדעסטוועגן האָט מיין זון נישט אויפגעהערט צו שיינען דאָרט און מיינע שטערן האָבן נישט אָפּגעטון זייער גלאַנץ. ווייל איך וויל נישט, אַז דער רשע זאָל שטאַרבן, נאָר ער זאָל זיך אומקערן פון זיינע שלעכטע וועגן און ער זאָל לעבן" (יחזקאל י"ח, כג).

**אָט איז אַ פּערל פון תלמוד:**

**— עס זענען געווען גזלנים אין דעם געסל פון רבי מאירן און זיי האָבן אים שטאַרק מצער געווען. רבי מאיר האָט תפילה געטון צו גאָט אַז זיי זאָלן שטאַרבן. האָט צו אים געזאָגט ברוריה זיין ווייב: דו מיינסט אַז וויבאַלד אַז עס שטייט יתמו חטאים מן הארץ — זאָלן די זינ־דיקע פאַרלענדן ווערן פון דער ערד, מעגסטו אויף זיי תפילה טון אַז זיי זאָלן שטאַרבן? אָבער עס שטייט דאָך נישט חוטאים — זינדיקע נאָר חטאים שטייט — זינד; זע אויך וואָס עס שטייט אין סוף פסוק: ורשעים עוד אינם, און קיין רשעים זענען מער נישטאָ. טו תפילה אַז זיי זאָלן תשובה טון און קיין רשעים וועלן מער נישט זיין.**

האָט ער תפילה געטון פאַר זיי און זיי האָבן תשובה געטון (ברכות י׳, עמוד א).

מען קען אויך גרינג באַווייזן, אַז די ייִדישע הלכה איז נישט גלאַט אַ טרוקענער קאָדעקס, נאָר איין גרויסע אַרבעט פון קאָנקרעטיזירונג פון עטישע ווערטן. אָבער דאָס איז אַ באַזונדער ענין. איך וויל נאָר דאָ באַ־מערקן, אַז אָפט שטייט די פאָדערונג פון העכערער עטיק גלייך לעבן דין. אָט זענען דריי קורצע ביישפּילן: על פּי דין מעג אַ מענטש אָפּשרייבן זיין פאַרמעגן צו פרעמדע מענטשן און אויסלאָזן זיינע קינדער פון דער ירושה. אָבער די גמרא זאָגט: די חכמים קוקן קרום אויף אַזאַ זאַך (בבא בתרא קלג). אָדער דאָס ווערטל „עני המהפך בחררה ובא אחר ונטלה הימנו״ (קדושין נ״ט) — אַן אָרעמאַן וואָס קערט איבער אַ קיכל איבער קוילן און אַן אַנדערער קומט און נעמט עס צו פון אים, זענען די חכמים נישט צופרידן פון אים. דער אינערלעכער מיין איז — שאַרפע קאָנקורענץ אָדער נישט עטישע געשעפט־האַנדלונגען, וואָס זענען אין די ראַמען פון דין — אָבער דאָך קוקן די חכמים קרום אויף דעם; מען ווערט דאַרפן אָפּגעבן דין וחשבון צו גאָט. נאָך אַ שאַרפערער מאמר: אין אַ שטאָט ווו די מערהייט איז נישט קיין ייִדישע און אַ ייִד האָט דאָרט פאַרלוירן עפּעס, אַפילו ווען דער ייִד האָט זיך מיאש געווען פון דער אבידה, אויב ער קומט און גיט אָן סימנים, דאַרף דער געפינער אומקערן די אבידה (בבא מציעא ל״ט).

די אַבסטראַקטע ייִדישע עטיק אין תלמוד און אין מדרש איז זיכער העכער פון דער פון עוואַנגעליום. אָבער דער ייִדישער וועלט־באַנעם האַלט, אַז מיט אַבסטראַקטער עטיק קען מען נישט פירן קיין וועלט. אַן יורידישער גערעכטיקייט איז די אַבסטראַקטע מאָראַל גאָרנישט נישט ווערט:

„די יורידישע גערעכטיקייט איז דער יסוד, דאָס הויז וואָס באַשיצט און פאַרהיט פון עוולות און רשעות. די העכערע גערעכטיקייט איז דאָס אויבערשטיבל, וואָס איז אויף דעם הויז. דאָס אויבערשטיבל קען נישט שטיין אויב דאָס הויז וועט אומגעוואָרפן ווערן (מוסר המקרא והתלמוד. מאת שלמה זלמן פינס, מוסד הרב קוק, ירושלים, תש״ח, ז׳ 10).

די פּרושים, וואָס איז נישט מער ווי אַן אַנדער נאָמען פאַר ייִדן, האָבן פאַרשטאַנען אַז אַן אַבסטראַקטע מאָראַל, אַפילו מיט די העכסטע עטישע פאָדערונגען, וואָס לאָזט אויס מצוות־מעשיות, און לאָזט איבער אַלץ צום אייגענעם געוויסן, אַזאַ תורה איז צו גאָרנישט מחייב און איז אַ קליינער פאַקטאָר אין לעבן.

מיר געפינען אין תנ״ך, אַז גאָט האָט געמאַכט אַ בונד מיט ישראל. אַ בונד מיינט, אַז די יידן האָבן אויף זיך גענומען התחייבותן דורכצופירן דעם בונד; דורכצופירן ממשותדיק, אין טאָג־טעגלעכן לעבן, גאָטס גע־באָט. דער בונד איז געווען מיט אונדזער אור־פאָטער אַברהם, דערנאָך לויט דער טראַדיציע איז ער באַנייט געוואָרן אין מעמד בּאַרג סיני, יהושע האָט עס באַנייט אין שכם, אליהו הנביא אויף דעם באַרג כרמל, דערנאָך אין יאשיהוס צייטן; אין דער צייט פון דער באַלאַגערונג פון ירושלים פאַרן ערשטן חורבן, דורך ירמיהון, און צום לעצט אין דער צייט פון עזראַן.

„איינע פון די כאַראַקטעריסטיקעס פון די רעפאָרמען פון עזראַן איז געווען, וואָס ער האָט באַשטאַנען אַז יעדער יחיד פון יידישן געזעמל האָט אויף זיך דעם חוב אויסצופאָלגן די מצוות פון דער תורה. אין דעם ליגט גאָטס ווילן. וואָס עס איז שייך צו יעדן איינצלנעם יידן איז ער פאַר־אַנטוואָרטלעך אויסצופאָלגן די געבאָטן אַנטשלאָסן, נישט זיך צו וואַקלען. אויב ער טוט עס נישט, וואַרפט ער אַראָפּ פון זיך זיין שייכות צום כלל ישראל און מיט דעם זיין לאָיאַליטעט צו גאָט״ (ר. טראַווערס הערפאָרד, די פרושים, ענגליש, ז׳ 71).

„אָבער די תורה, ווי זי איז געשריבן, האָט אַ סך פונקטן אָן ספּעצי־פישע דירעקציעס. זי האָט נישט געגעבן קיין קלאָרע אָנווייזונגען, אָדער גאָרנישט קיין אָנווייזונגען, וואָס איז גאָטס ווילן אין אַזאַ אָדער אַנדער פאַל. דעריבער האָט די תורה געדאַרפט האָבן אַן אויסטייטשער, וואָס זאָל קענען אַרויסדרינגען פון וואָס זי האָט געזאָגט אין איין טייל, וואָס זי האָט געקענט זאָגן אין אַן אַנדער פאַל, אויב זי וואָלט קלאָר באַהאַנדלט אָט דעם ספּעציפישן פאַל. דאָס קערנדל פון די פרושימשע אויסטייטשונגען איז אָנגעדייטעט געוואָרן, גלויב איך אין דעם פסוק: „און דו זאָלסט זיי קלאָר מאַכן די געזעצן און די לערנונגען און זיי באַקענען מיט דעם וועג. וואָס זיי זאָלן אויף אים גיין, און די מעשים וואָס זיי זאָלן טון״ (שמות י״ח, 20). דאָס ווייזט אָן קלאָר דעם צוועק, וואָס די פרושים האָבן געשטעלט פאַר זיך אויסצוטייטשן די נישט קלאָרע שטעלן אין דער תורה. דער צוועק איז דערפילט געוואָרן ווען אַ געוויסער רעליגיעזער חוב איז דעפינירט גע־וואָרן פון קאָמפּעטענטע אויטאָריטעטן אין אַ קלאָרע דערקלערונג, וואָס האָט געניצט ווי אַ דירעקטע אָנווייזונג אויף דעם וועג אויף וועלכן דער פאַראינטערעסירטער מענטש זאָל גיין. אַזאַ דערקלערונג אָנצוווייזן די ריכ־טיקע אויפפירונג ווערט גערופן הלכה, וואָס נעמט זיך פון דעם וואָרט הלך — גיין״ (דאָרט, זז׳ 71, 12).

די דינים, סיגים און סיגים צו סיגים און מנהגים, וואָס זענען אָנגע־נומען געוואָרן ווי דינים, זענען נישט געשאַפן געוואָרן צוליב קיום האומה ווי אַ סך אונדזערע היסטאָריקער און היסטאָריאָזאָפן מיינען. ניין, די גאַנצע

פּאַרצווייגטע הלכה האָט געהאַט איין צוועק אין זינען — צו שאַפן אַ מאָראַלישע און רעליגיעזע דיסציפּלין פאַר דעם ייִדישן מענטשן, צו מחנך זיין אים אין גאָטס וועגן און אויסצופאָלגן די געבאָטן ווי גאָט האָט זיי אָנגעזאָגט. פאַר דעם ייִדישן יחיד גיט די הלכה דעם ענטפער צו דער שטענדיקער איבערגעחזרטער פראַגע: וואָס איז גאָטס ווילן אין אָט דעם מאָמענט? וואָס איז גאָטס רצון אין איצטיקן פאַל?

דאָס איז דער עסענץ פון ייִדישקייט. אָבער עס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן אַז דער אונטערשייד פון רעכט און אומרעכט, גוט און שלעכט איז נישט גלאַט אַן אַבסטראַקציע, נאָר דער יסוד פון אַ טאָג־טעגלעכן פּראַק־טישן לעבן. עס מוז באַוויזן ווערן דורך מעשים, אנישט ווערט גאָטס רצון נישט דערפילט. „דו זאָלסט זיין הייליק, ווייל איך בין הייליק" (ויקרא י"ט, ב) איז געווען דורך אַלע דורות דער שלאָג־וואָרט פון ייִדישקייט. צו זיין הייליק! דאָס איז דער גרעסטער חוב, וואָס דער מענטש האָט גענומען אויף זיך — צו טון גערעכטיקייט! צו זיין ווי גאָט איז.

ג.

ייִדישקייט איז אַ שיטה צו דערקענען און צו אויסטייטשן די פונדאַ־מענטאַלע גייסטיקע ווערטן. ווי אַזוי צו קאָנקרעטיזירן און רעאַליזירן די ווערטן, און זיי דורכפירן אין טאָ־טעגלעכן לעבן איז דער וועג־ווייזער די תורה־שבכתב און שבעל־פה.

ייִדישקייט איז אַ פּרווו איינצופירן די גייסטיקע ווערטן אין לעבן, שאַפן אַ טיף הייליק טאָג־טעגלעך לעבן און דורך דעם וועג שאַפן אַ גליק־לעכע וועלט, אַ וועלט פול מיט יושר, צדק, אַבסאָלוטע גערעכטיקייט, אַ וועלט וואָס רשעות זאָל פאַרשווינדן פון איר און אַ לעבן פון יושר און צדק. די מיטלען זענען געווען די מצוות־מעשיות, די הלכה, די דינים, די סיגים און סיג לסיגים, וואָס זענען מחנך דעם מענטשן, דערציִען אים צו לעבן אַ הייליק לעבן, אַזוי ער זאָל זיין ראוי צו זיין אַ קינד פון גאָט, וואָס איז די פּערזאָנאַפיקאַציע פון הייליקייט און גערעכטיקייט. הלכה איז די קאָנקרעטיזירונג פון דער אידייע.

קריסטנטום האָט זיך אויך געשטעלט דעם זעלביקן צוועק. נאָר די קירך האָט עס געוואָלט דורכפירן בלויז מיט גלויבן, אָן מצוות־מעשיות פאַר דעם מענטשן. די קירך האָט געגלויבט, אַז בלויז דאָס גלויבן אין אַ פּער־

זאַך, וואָס זיין טויט, זיין מאַטעריניש, זיינע אָפּקומענישן אויף דער וועלט, זענען געווען אומזיסטע און דערפאַר האָט ער אויסגעלייזט די וועלט, איז דעם מענטשן געגנוג. מעשים טובים זענען נישט דער עיקר.

זיכער האָט קריסטנטום באַרירט די הידעניש וועלט, אָבער קיין מלכות־שדי האָט זי נישט געבראַכט, ווייל מעשים טובים האָבן געפעלט. זייט ביי זייט מיט דער דערהויבענער מאָראַלישער תורה פון בייעם טעס־טאַמענט איז געגאַנגען רציחה, גזילה און שפיכת־דמים־מלחמות.

ייִדישקייט איז אָבער געוואָרן אַ רעליגיע פון טאָג־טעגלעכן לעבן. ייִדישקייט האָט געשאַפן אין גלות אַ הייליק פאָלק, אַ פאָלק וואָס פאַר־מיאוסט רציחה, גזילה און שפיכת־דמים. גערעכט איז ר׳ חסדאי בן יהודה קרקש אין זיין דעפינירן פון ייִדישקייט:

„ייִדישקייט נעמט אַרום אַלע אַקטיוויטעטן פון דעם מענטשן און זיינע אויפפירונגען אין לעבן, נישט נאָר אין שול, נאָר ווען ער לייגט זיך, ווען ער שטייט אויף, ווען ער איז אין דער היים, ווען ער איז אונטערוועגנס, ווען ער עסט און ווען ער פירט געשעפט. בקיצור אַ ייד לעבט מיט זיין אמונה. נישט אַזוי איז מיט דעם קריסטנטום, וואָס פאַרנעמט זיך בלויז מיט גאָטס זון, מיט טבילה און מיט מתודה זיין זיך פאַרן גלח פאַרן טויט און מער נישט. אַפילו דער פרומסטער קריסט איז בלויז אַ קריסט אין זיין קלויסטער, חוץ דעם לעבט ער ווי איינער אָן דת, אָן אַ רעליגיע, ווייל ביי אים אין שטוב און אויסער זיין שטוב און אין אַלע זיינע מעשים און אַלע זיינע אַקטיוויטעטן איז נישטאָ קיין זכר פון קריסטלעכקייט, און עס איז גאָרנישט קענטיק אַז ער איז אַ קריסט. זיין גאַנצער געזעלשאַפטלעכער לעבן איז אויסער דעם תחום פון זיין אמונה" (בטול עקרי דת הנוצרים מאת ר׳ חסדאי בן יהודה קרקש, לויט דעם „אוצר ויכוחים" מאת יהודה דוד אייזנשטיין, ז׳ 910*).

---

*) דאָס איז דער העברעאישער טעקסט:
היהדות מקפת כל פעולות האדם והליכותיו בחיים. לא רק בבית הכנסת אלא גם בשכבו ובקומו ובהליכותיו בביתו ובצאתו לדרכו, באבילתו ובמסחריו, בקיצור היהודי חי באמונתו. לא כן הנצרות שכל עמקה רק באמונה בבן אלהים, בטבילתו ובודוי לפני הכומר קודם המיתה, ותו לא. גם הנוצרי האדוק הנהו נוצרי רק בבית תפלתו וזולת זאת הוא חי כבן בלי דת. כי בביתו וחוץ לביתו ובכל מעשיו ופעולותיו אין זכר לנצרות, ואינו זוכר כלל שהוא נוצרי, וכל חייו החברותיים יוצאים מתחום אמנתו. ואפילו אם הוא גנב וגזלן וכל משחת בו והוא פגע רע לבריות, אם רק נטבל בשם ישו ומאמין שהוא אלוה ונצלב לכפרת עוונות העולם ומתודה ומת, הוא עולה לגן עדן העליון ואין מוחה בידו.

**אַ מערקווירדיקער דאָקומענט פון אַ רב, וואָס האָט געלעבט מיט פולע פינף הונדערט יאָר צוריק.**

**
*

ייִדן איצט, אין תפוצות הגולה, האָבן זיך אין פראַקטישן טאָג־טעגלעכן לעבן אָפּגעזאָגט פון דער גאַנצער ייִדישער הלכה. ס'איז געבליבן איצט בלויז אַ גלויבן, אָפּט אַ שוואַכער גלויבן, אַן אַבסטראַקטער גלויבן אָן קיין שום התחייבותן. דערפאַר איז ייִדישקייט געוואָרן אַ סינאַגאָגע־ייִדישקייט, אַ קלוב־ייִדישקייט און אַ געלעגנהייט־ייִדישקייט — אַ צוגאָב צום טאָג־טעגלעכן לעבן, נישט דער פירנדיקער כוח אין טאָג־טעגלעכן לעבן.

מיט בלויז אמונה־ייִדישקייט קענען מיר דערווייל לעבן אַ שטיקל ייִדיש לעבן, ווייל מיר לעבן נאָך אויף שיריים פון שטעטל, אָבער ווי לאַנג קענען מיר לעבן אויף שיריים־ייִדישקייט?

כדי צו לעבן אַ פול־ייִדיש לעבן דאַרפן מיר ווידער אַקצעפּטירן די הלכה־ייִדישקייט, וואָס איז אַן אידייע, נישט בלויז אַ גלויבן.

# לאַנד און פאָלק

**א.**

ווען ייִדישקייט איז געוואָרן אַן אידייע איז זי נישט געווען צוגעבונדן צו לאַנד. אָבער פאַר דעם, אין אָנהייב, ווען דער נאַציאָנאַלער גאָט איז געווען בלויז דער שר פון דער אומה און דאָס ייִדישע פאָלק איז נאָך געווען באַאיינפלוסט פון דער אַרומיקער סביבה, ווען „ישראל איז נאָך אַ ייִנגל געווען", איז דער ייִדישער גאָט, ווי די געטער פון די פעלקער אַרום, געווען צוגעבונדן צו דעם שטיקל ערד פון ייִדן־לאַנד.

זאָגט יפתח צו די בני־עמון:

— ירשענסטו דען נישט דאָס וואָס כמוש דיין גאָט גיט דיר צו ירשענען? און אַלע די, וואָס יהוה, אונדזער גאָט, האָט פאַרטריבן פאַר אונדז, זיי וועלן מיר ירשענען (שופטים, י״א, כ״ד).

ס׳איז קלאָר אַז יפתח שטעלט אַוועק דעם געץ כמוש אויף דער זעל־ביקער מדרגה ווי דעם ייִדישן גאָט. יעדער איינער פון זיי איז דער האַר פון זיין לאַנד.

אויסער די גרענעצן פון ייִדן־לאַנד, וואָס איז די נחלה פון יהוה, קען מען צו אים נישט דינען. דאָרטן מוז מען דינען דעם גאָט פון דעם לאַנד. זאָגט דוד צו שאולן:

— און איצט, איך בעט דיך, מיין האַר דער מלך, צוהערן זיך צו די ווערטער פון דיין קנעכט: אויב גאָט האָט דיך אָנגערייצט אויף מיר, זאָל ער אַ שמעק טון אַ קרבן. אויב אָבער מענטשן (האָבן דיך אָנגערייצט אויף מיר), זאָלן זיי זיין פאַרשאָלטן פאַר גאָט, ווייל זיי האָבן מיך היינט פאַרטריבן, אַזוי אַז איך האָב נישט קיין חלק אין גאָטס נחלה, אַזוי צו זאָגן: גיי דין פרעמדע געטער (שמואל א׳, כ״ו, י״ט).

19

## שלמה סיימאָן

נעמן פון אַרם נעמט ערד פון ייִדן־לאַנד אַזוי אַז ער זאָל קענען דינען דעם ייִדיש גאָט (מלכים ב׳, ה, יז). יונה הנביא אַנטלויפט פון גאָט, אין אַ פרעמד לאַנד. אויסער ארץ־ישראל — וואָס איז יהוהס נחלה, האָט גאָט נישט קיין שליטה, מיינט דער נביא יונה.

הושע האָט שוין אַ העכערן באַגריף וועגן גאָט — צו קיין געצן טאָר מען נישט דינען. דאָך ווען מען פאַרלאָזט ארץ־ישראל, גאָטס נחלה, קען מען צו אים נישט דינען און דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן ווערט אויסגע־ליידיקט פון הייליקייט:

— זיי וועלן נישט זיצן אין לאַנד פון גאָט און אפרים וועט זיך אומ־קערן קיין מצרים (און די וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן) אין אשור וועלן עסן אומריין שפּייז. זיי וועלן נישט קענען גיסן קיין וויין צו גאָט און נישט אָנגענעמען זייערע קרבנות. (דערפאַר) אַזוי ווי ברויט פון אבלות וועט עס זיין, אַלע וואָס עסן עס וועלן זיך פאַראומרייניקן, ווייל דאָס ברויט וואָס זיי וועלן עסן וועט נישט קומען אין גאָטס הויז (הושע ט׳ ג, ד).

נישטאָ קיין במקום קרבן, וואָס קען נאָר געבראַכט ווערן אויף דער הייליקער ערד פון גאָטס נחלה. ערשט שפּעטער, גאָר שפּעטער אין גלות בבל און נאָך גלות בבל האָט תפילה געקענט פאַרנעמען דעם אָרט פון קרבנות אויסערן לאַנד.

— דו ווילסט דאָך נישט קיין שלאַכט־אָפּפער (אין גלות), אַ נישט וואָלט איך עס געגעבן — — — דער שלאַכט־אָפּפער פון גאָט איז אַ געבראָכן געמיט (תהילים נ״א, יח, יט).

דער גאָט פון דעם נביא ישעיה איז אַן אוניווערסאַלער גאָט. ער האָט די שליטה נישט נאָר איבער ייִדן־לאַנד, נאָר איבער גאָר דער וועלט.

די זיגן פון שטאַרקע פעלקער, דאָס צעשטערן פון די שוואַכע פעלקער, זענען נישט קיין צופעליקייטן. גאָט האָט עס אַלץ צוגעגרייט. די וועלט־געשיכטע גייט לויט אַ פּלאַן, וואָס ער האָט איינגעשטעלט. ס׳איז נישט דער כוח פון די חיילות, וואָס באַהערשן די שוואַכערע פעלקער, נאָר די מעכטיקע פעלקער פירן דורך גאָטס רצון און פּלאַן. אויב דער זיגער, דער דורכפירער פון גאָטס פּלאַן, ווערט חוצפּהדיק און ער מיינט אַז ער

האָט עס אַלץ געטון מיטן אייגענעם כוח, מיט זיין אייגענער מאַכט, דעמאָלט שטעלט גאָט אָפּ די זיגן פון דעם חוצפּהדיקן מלך.

„און עס וועט זיין ווען גאָט וועט פאַרענדיקן זיין גאַנצע אַרבעט (פון שטראָפן און רייניקן), דעם באַרג ציון און ירושלים, דעמאָלט וועל איך באַשטראָפן דעם קעניג פון אשור פאַר זיין שטאָלץ האַרץ, פאַר זיין באַרימעריי און זיין גרויסהאַלטן זיך, וואָס מען זעט אין זיינע אויגן, ווייל ער האָט געזאָגט: מיטן כוח פון מיין האַנט האָב איך עס אויפגעטון און מיט מיין חכמה, ווייל איך בין קלוג. איך שאַף אָפּ די גרענעצן פון פעלקער און זייערע באַהאַלטענע אוצרות האָב איך צערויבט, און ווי אַ בראַוועך העלד האָב איך אַראָפּגענידערט די וואָס זענען געזעסן אויף די טראָנען. און מיין האַנט האָט געפונען ווי אַ נעסט דעם פאַרמעגן פון די פעלקער. און ווי מען קלייבט צונויף פאַרלאָזענע אייער, האָב איך צונויפגעקליבן די גאַנצע ערד. און ס'איז נישט געווען ווער עס זאָל אַ שאָקל טון מי'ט אַ פליגל און עפענען אַ מויל און אַ צוויטער טון. קען זיך באַרימען די האַק קעגן דעם וואָס האַקט מיט איר? קען זיך גרויסן די זעג קעגן דעם וואָס ציט זי? ס'איז ווי אַ רוט זאָל פאָכן מיט איר אויפהייבער. אָדער ווי אַ שטעקן זאָל אויפהייבן דעם וואָס איז נישט האָלץ" (ישעיהו י', יב־טו).

און דער נביא מאַכט ווייטער קלאָר דעם געדאַנק פון גאָטס שליטה אויף דער גאַנצער וועלט און פון זיין איינשטעלן אַ סדר אין די געשעע־נישן פון דער וועלט:

עס האָט געשווירן דער גאָט פון די צבאות אַזוי צו זאָגן: אָט אַזוי ווי איך האָב פאַרטראַכט אַזוי וועט געשען און ווי איך האָב באַשלאָסן אַזוי וועט עס באַשטיין: צו צעברעכן אשור אין מיין לאַנד און אויף מיינע בערג וועל איך אים צעטרעטן. און זיין יאָך וועט אָפּגעטון ווערן פון זיי (פון די ייִדן) און זיין לאַסט וועט אַראָפּגענומען ווערן פון זייער אַקסל. דאָס איז דער באַשלוס, וואָס איז באַשלאָסן געוואָרן אויף דער גאַנצער ערד, און דאָס איז די האַנט, וואָס איז אויסגעשטרעקט געוואָרן אויף אַלע פעלקער, דער גאָט פון די צבאות האָט אַזוי באַשטימט און ווער וועט פאַרשטערן? זיין האַנט איז אויסגעשטרעקט און ווער וועט זי אָפּהאַלטן? (דאָרט, י"ד, כד־כז) פון לאַנג אָן האָב איך עס צוגעגרייט, פון אַמאָליקע טעג האָב איך עס געפורמעט. איצט האָב איך עס געבראַכט עס זאָל געשען (ל"ז, יט).

אָבער דער אוניווערסאַלער גאָט האָט זיין היים אין ירושלים, „ער רוט אויף דעם באַרג ציון" (ח' יח), זיין (היים) פייער איז אין ציון און זיין אויוון איז אין ירושלים (ל"א ט).

ווייבאַלד אַז גאָטס היים איז אין ירושלים אויף דעם באַרג ציון, קען די שטאָט נישט חרוב ווערן. גאָט וועט באַשיצן זיין הויז:

— קוק אָן ציון, די שטאָט ווו מיר פאַרזאַמלען זיך אין אונדזערע יום־טובים, דיינע אויגן וועלן זען ירושלים, אַ רואיקע וווינונג, אַ געצעלט וואָס ווערט נישט אַרומגעטראָגן, וואָס זיינע פלעקלעך וועלן אייביק נישט אַרויסגעריסן ווערן, און אַלע זיינע שטריק וועלן נישט צעריסן ווערן (ל״ג, ט). איך וועל באַשיצן די שטאָט צו העלפן איר, צוליב מיינעטוועגן און צוליב מיין קנעכט דוד (ל״ז, לה).

ווייבאַלד אַז ירושלים איז די שטאָט פון יהוה און דער באַרג ציון איז זיין וווינאָרט, קען ירושלים נישט צעשטערט ווערן און דער בית־המקדש קען נישט חרוב ווערן. דער געדאַנק פון ירושלימס אומזיגבאַרקייט האָט געהאַט גאָר אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם יידישן פאָלק. עס האָט געשפילט אַ ראָלע אַפילו אין דער צייט פון צווייטן חורבן, ווי מיר וועלן שפּעטער זען.

ב.

דער נביא מיכה, וואָס האָט געלעבט אין די צייטן פון ישעיה, האָט זיך געשטעלט קעגן ישעיהס באַגריף פון דער אומזיגבאַרקייט פון בית־המקדש און ירושלים אָן דעם תנאי פון תשובה. דער נביא מיכה האָט גע־האַלטן אַז אויב יידן וועלן בלייבן זינדיק, וועט ירושלים צעשטערט ווערן און דער בית־המקדש וועט חרוב ווערן:

— הערט אָקערשט, איר קעפּ פון דעם הויז פון יעקב און פירער פון דעם הויז פון ישראל. איר וואָס פאַרמיאוסט גערעכטיקייט און פאַר־דרייט אַלץ וואָס איז גלייך. איר בויט ציון מיט בלוט און ירושלים מיט אומרעכט. איר, פירערס, משפּט פאַר שוחד און איר, כוהנים, לערנט פאַר געצאָלט. איר שפּאַרט זיך אָן אויף גאָט. איר זאָגט גאָט איז דאָך צווישן אונדז און עס קען אונדז נישט געשען קיין בייז:

— דערפאַר איבער אייך,\
וועט ציון ווי אַ פעלד צעאַקערט ווערן,\
און ירושלים וועט ווערן פאַרשאָטענע חורבות,\
און דער באַרג פון גאָטס הויז\
וועט מיט ווילד־וואַלד פאַרוואַקסן ווערן\
(מיכה ג׳, ט־יב).

אָבער דאָס איז געווען אַן איינמאָליקע נבואה. ישעיהס הבטחות, אַז ירושלים קען נישט פאַלן און דער בית־המקדש קען נישט חרוב ווערן, זענען אָנגענומען געוואָרן פון די ייִדן פאַר אַ לאַנגער צייט. צוליב צוויי טעמים איז עס אָנגענומען געוואָרן: ערשטנס, איז זיין פאָרויסזאָג פון אשורס מפּלה מקוים געוואָרן און צווייטנס, איז דער אַלטער באַגריף פון גאָטס צוגעבונדנקייט צום לאַנד געווען טיף איינגעוואָרצלט אין פאָלק, ווייל עס האָט צוגעגעבן ייִדן שטאָלץ און זיכערקייט.

אָבער לויט ווי עס ווערט דערציילט אין ירמיהו (כ״ו, יח, יט) האָבן די רייד פון מיכהן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף דעם קעניג און דער באַפעלקערונג. און דער קעניג חזקיהו האָט טאַקע תשובה געטון און ער האָט איינגעפירט אַ סך רעפאָרמעס — רעליגיעזע און סאָציאַלע (זע וועגן דעם באריכות „אין די טעג פון די נביאים״, ז׳ 87).

עס באַווייזט אַז ביידע אמונות זענען געווען ביים פאָלק. אָבער די אומ־באַזיגבאַרקייט פון ירושלים איז געווען עלטער און טיפער איינגעוואָרצלט. מיר וועלן זען אַז אָט דאָס גלויבן איז אַפילו נישט פאַרשוווּנדן אין דער צייט פון צווייטן חורבן. אויך ירמיהו האָט אין זיין יוגנט געהאַלטן אַז מען קען נישט דינען דעם ייִדישן גאָט אין דער פרעמד. יהוה איז צוגע־בונדן צו זיין לאַנד:

— און איך וועל אייך פאַרוואַרפן פון אָט דער ערד אין אַ לאַנד, וואָס נישט איר האָט געקענט און נישט אייערע עלטערן, און דאָרטן וועט איר דינען פרעמדע געטער, טאָג און נאַכט, און איך וועל אויף אייך קיין רחמנות נישט האָבן (ירמיהו ט״ז, י״ג).

„די נבואה איז נישט געזאָגט געוואָרן אויף דעם רעאַלן גלות, ס׳איז געווען אַ נבואה אין נוסח פון ספר דברים״ (תולדות האמונה הישראלית מאת יחזקאל קויפמן, חלק ז׳, ז׳ 461), וואָס לויט אים האָבן ייִדן געמוזט דינען פרעמדע געטער אין גלות. ירמיהו האָט אין די איבעריקע נבואות זיינע נישט געהאַלטן אַז דער בית־המקדש אָדער ירושלים זענען באַשיצט דורך דער הייליקייט פון גאָט. פאַרקערט גאָר — אויב ייִדן זינדיקן, פאַר־אומרייניקן זיי דאָס לאַנד:

— און איר זענט געקומען און פאַראומרייניקט מיין לאַנד, און מיין נחלה האָט איר געמאַכט פאַר אַן אומווירדיקייט (ירמיהו ב׳, ז).

ביי יחזקאלען ווערט דער געדאַנק נאָך מער איבערגעחזרט ווי ביי ירמיהון:

— און גאָטס וואָרט איז געווען צו מיר אַזוי צו זאָגן: מענטשן־קינד, ווען דאָס הויז פון ישראל האָבן געוווינט אויף זייער ערד, האָבן זיי זי פאַראומריייניקט מיט זייער וועג און מיט זייערע מעשים (יחזקאל ל״ו, יז).

— מענטשן־קינד, זאָג צו איר: ביסט אַ לאַנד וואָס איז נישט גע־רייניקט, נישט באַרעגנט געוואָרן אין טאָג פון צאָרן (כ״ב, כד).

דעם נביא יחזקאלס משל ווי ער פאַרגלייכט ירושלים צו אַ טאָפּ וואָס איז פול מיט שמוץ, וואַרפט אָן אַ גרויל מיט זיין גרויזאַמקייט:

— ווי צו דער בלוטיקער שטאָט, דער טאָפּ, וואָס זיין שמוץ איז אין אים, און דאָס שמוץ איז נישט אַרויס פון אים. ווי צו דער בלוטיקער שטאָט, איך וועל אויך גרעסער מאַכן דעם פלאַקער, איך וועל מערן דאָס האָלץ און איך וועל אָנצינדן דאָס פייער, איך וועל איינקאָכן דאָס פלייש, איך וועל אויסזידן דאָס געקעכץ ביז די ביינער וועלן פאַרברענט ווערן. און איך וועל לאָזן שטיין דעם ליידיקן טאָפּ אויף די קוילן, כדי ער זאָל אָנגעברענט ווערן, אַזוי אַז זיין קופּער זאָל צעשמאָלצן ווערן און זיין שמוץ און אומריינקייט זאָלן פאַרלענדט ווערן (כ״ד, ו, ט, יא).

פון קיום צוליב קיום האָבן די נביאים נישט געהאַלטן. לאַנד הייליקט נישט דאָס פאָלק, נאָר פאַרקערט, דאָס פאָלק דורך זיינע מעשים הייליקט דאָס לאַנד.

אַ מאָדערנער סעקולאַרער דיכטער, שאול טשערניכאָווסקי, האָט נישט געקענט באַנעמען אַזאַ געדאַנקן־גאַנג. מלוכה און לאַנד זענען דאָך פאָלק. וואָס אַ פאָלק זאָל נישט אָפּטון בלייבט דאָס פאָטערלאַנד הייליק, ווייל אָן לאַנד קען קיין פאָלק נישט זיין. פרעגט פאַרביטערט שאול טשער־ניכאָווסקי:

— איז אַזוינס געשען אויף דער וועלט, איז אַזוינס געהערט געוואָרן זינט מענטש איז אויסגעפּורעמט געוואָרן פון ליים? צו אַ זון וואָס האָלט זיך אויף אין זיין לאַנד ווערט געזאָגט: הער אויף אומצוריין מאַכן דאָס לאַנד (כל שירי טשערניחובסקי, תל אביב, מחזיונות נביאי השקר, רל״ח און ווייטער. איבערגעזעצט אין פּראָזע).

***

אָבער די נביאים ירמיהו און יחזקאל זענען נאָך געגאַנגען ווייטער ווי פאָרויסצוזאָגן חורבן ירושלים און בית־המקדש. זיי האָבן געזען אַז

דער רעאַלער גלות איז גאָר אַנדערש ווי די עלטערע נביאים האָבן זיך פאָרגעשטעלט. זיי האָבן פאָרויסגעזאָגט:

— און גאָט וועט דיך צעשפּרייטן צווישן אַלע אומות פון איין עק וועלט ביז דעם אַנדערן עק וועלט, און דאָרט וועסטו דינען פרעמדע געטער, וואָס דו און דיינע עלטערן האָבן נישט געקענט — האָלץ און שטיין. און צווישן יענע פעלקער וועסטו נישט האָבן קיין רו, און קיין מנוחה וועט נישט זיין פאַר דיינע טריט. און גאָט וועט דיר דאָרט געבן אַן אומרואיק האַרץ, פאַלשע האָפענונגען, און אַ ווייטיקדיק זעעל. דיין לעבן וועט הענגען אויף אַ האָר און וועסט זיך שרעקן טאָג און נאַכט און קיינמאָל נישט זיין זיכער מיט דיין לעבן. אין דערפרי וועסטו זאָגן הלוואַי ווערט שוין אָוונט און אין אָוונט וועסטו זאָגן הלוואַי ווערט שוין אין דערפרי, צוליב דער שרעק פון דיין האַרץ וואָס שרעקט דיך. און צוליב דעם וואָס דו זעסט מיט דיינע אויגן (דברים כ״ח, סד־סח).

אָבער דער גלות בבל איז געווען אַ רואיקער, אַ זיכערער. ייִדן זענען דאָרט אין גאָר אַ קורצער צייט געוואָרן רייך און פּאָליטיש מעכטיק. ירמיהו לערנט די פאַרטריבענע, אַז מען קען לעבן אַ ייִדיש לעבן אין גלות אָן דעם בית־המקדש־ריטואַל.

ער שרייבט צו די ייִדן אין בבל:

— אַזוי האָט געזאָגט דער גאָט פון די חיילות, דער גאָט פון ישראל, צו די פאַרטריבענע, וואָס איך האָב פאַרטריבן פון ירושלים קיין בבל: בויט הייזער און וווינט אין זיי, פּלאַנצט גערטנער און עסט זייער פרוכט. נעמט ווייבער און האָט מיט זיי זין און טעכטער. נעמט ווייבער פאַר אייערע זין און גיט אויס אייערע טעכטער צו מאַנען און זאָלן זיי האָבן זין און טעכטער. מערט אייך דאָרט און זעט איר זאָלט נישט ווייניקער ווערן (ירמיהו כ״ט, ד־ו).

— איך טראַכט וועגן אייך, זאָגט גאָט, מחשבות פון שלום און נישט צו בייזן, כדי אייך צו געבן אַ גוטע צוקונפט און אַ האָפענונג. און איר וועט מיר רופן און גיין (אין מיינע וועגן) און איר וועט מתפלל זיין צו מיר און איך וועל אייך דערהערן. און איר וועט מיך זוכן און איר וועט מיך געפינען (דאָרט, יא, יג).

די פאַרטריבענע, וואָס לעבן נישט אויף גאָטס נחלה, זענען אפילו חשובער אין די אויגן פון גאָט פון די וואָס זענען געבליבן אין ייִדן־לאַנד.

די ייִדן אין בבל זענען ווי די גוטע פייגן, און דער קעניג און די וואָס זענען געבליבן אין לאַנד זענען ווי די שלעכטע פייגן (כ״ד, אויך כ״ט, יז).

יחזקאל האָט געהאַט אַפילו זיינע וויזיעס אין גלות, אויף פרעמדע ערד, צו אים האָט זיך באַוויזן גאָט אויף די ברעגעס פון טייך כבר, אין בבל. אין די וויזיעס, אין גלות, האָט ער געזען ווי גאָט אַליין באַפעלט זיין שליח צו פאַראומרייניקן דעם בית־המקדש (יחזקאל ט׳, ז). דער נביא דער־ציילט אויך ווי ער האָט געזען אין אַ וויזיע ווי גאָט האָט זיך אָפּגעטון פון בית־המקדש:

— און די כרובים האָבן אויפגעהויבן זייערע פליגלען און די רעדער (פון דער מרכבה) האָבן זיך אויפגעהויבן מיט זיי, און די פּראַכט פון דעם גאָט פון ישראל איז געווען איבער זיי פון אויבן. און די פּראַכט פון גאָט האָט זיך אויפגעהויבן פון איבער דעם מיטן פון שטאָט און האָט זיך גע־שטעלט אויף דעם באַרג, וואָס איז אין מזרח פון שטאָט (י״א, כב, כג).

די שכינה האָט זיך אָפּגעטון פון בית־המקדש און דער טעמפּל איז געבליבן אַ ליידיקער, כדי דער שונא זאָל אים קענען חרוב מאַכן.

יחזקאל באַטאָנט אַז גאָט וועט רועז צווישן די ייִדן אין גלות, דערפאַר איז דאָ אַ מעגלעכקייט פאַר אַ ייִדיש־לעבן אין חוץ פון ייִדן־לאַנד:

— און עס איז געווען די רייד פון גאָט צו מיר אַזוי צו זאָגן: מענטשן־קינד, דיינע ברידער, דיינע ברידער, וואָס זענען מיט דיר פאַרטריבן גע־וואָרן און דאָס גאַנצע הויז פון ישראל (וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן מיט דיר) וואָס אויף זיי זאָגן די איינוווינער פון ירושלים: זיי זענען דערווייטערט געוואָרן פון גאָט, אונדז (וואָס זענען פאַרבליבן אין לאַנד) האָט גאָט געגעבן דאָס לאַנד פאַר אַ נחלה. דערפאַר זאָג: אַזוי האָט גאָט געזאָגט, גאָט דער האַר; הגם איך האָב זיי דערווייטערט צווישן די פעלקער און איך האָב זיי צעשפּרייט אין די לענדער, בין איך פאַר זיי אַ קליין הייליקטום אין די לענדער, וואָס זיי זענען געקומען אַהין (י״א, טו, טז).

נאָכן חורבן זאָגט ער צו די וואָס זענען פאַרבליבן אין לאַנד און האַלטן זיך פאַר מיוחסים, ווייל זיי מיינען אַז זיי זענען די יורשים פון פאָלק. זיי פלעגן טענהן: „אַברהם איז געווען איינער און ער האָט געירשנט דאָס לאַנד און מיר זענען אַ סך. אונדז איז איבערגעגעבן געוואָרן דאָס לאַנד פאַר אַ ירושה״, זאָגט צו זיי יחזקאל:

— אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר, איך שווער, אַז די, וואָס זענען אין די חורבות וועלן דורך דער שווערד פאַלן, און דער וואָס אויפן פרייען

פעלד, אים גיב איך צו חיות צו פאַרצערן (ל״ג, כד און כז) און צו די גולים זאָגט דער נביא, איר טענהט:

„פאַרטריקנט זענען אונדזערע ביינער,
פאַרלוירן איז אונדזער האָפענונג,
פאַרשניטן זענען מיר״.

— זע, איך עפן אייערע קברים און איך וועל אייך אַרויסנעמען פון אייערע קברים, און איך וועל אייך צוריקברענגען אויף דער ערד פון ישראל און איר וועט וויסן אַז איך בין גאָט (ל״ז, יא, יב, יג).

אין אונדזער מאָדערנעם לשון וואָלטן מיר געזאָגט אַז ירמיהו און יחזקאל האָבן געגעבן אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג פון גלות.

ג.

אָבער די טעאָרעטישע באַגרינדונג אַליין האָט נישט געקענט לייזן די טאָג־טעגלעכע גייסטיקע נויטן פון גלות. ווען ייִדן זענען פאַרטריבן געוואָרן אין בבל איז דאָך דער גאַנצער רעליגיעזער ריטואַל געווען פאַר־בונדן מיטן בית־המקדש. אין טאָג־טעגלעכן לעבן האָבן ייִדן זיך ווייניק אָפּגעשיידט פון די שכנים אַרום. קיין כשר און טריפה איז נאָך נישט אײַנגעשטעלט געוואָרן. אפשר בלויז פאַר כוהנים איז געווען פאַרבאָטן צו עסן נבלה און טריפה. שבת איז נאָך נישט אָפּגעהיט געוואָרן אויף דעם שפּעטערדיקן אופן. אויף קיין געמישטע חתונות האָט מען צו שטאַרק נישט מקפיד געווען. ייִדן אין זייער אַלטאָג האָבן געלעבט ווי אַלע פעלקער אַרום זיי. בלויז צוויי זאַכן האָבן זיי אָפּגעטיילט פון די שכנים: דער שטרענגער פאַרבאָט קעגן געצנדינסט, און דער איסור אויף קרבנות אויסער ירושלים.

דער ייִדישער ישוב פון מצרים האָט זיך מתיר געמאַכט צו מקריב זיין קרבנות אויסער ירושלים. זיי האָבן אַפילו אויפגעשטעלט אַן אייגענעם בית־המקדש. דערפאַר טאַקע האָט דער ייִדישער ישוב פון מצרים נישט געשפּילט קיין שום ראָלע אין שיבת ציון.

דער ייִדישער ישוב פון גלות בבל האָט נישט מותר געווען אויף דער חשיבות פון ירושלים. די פאַרטריבענע כוהנים, אונטער דער אָנפיר פון נביא יחזקאל, האָבן נישט דערלאָזן אײַנצופירן קיין קרבנות אין בבל. אין גלות בבל איז ייִדיש לעבן איבערגעבויט געוואָרן אויף גאָר אַנדערע

יסודות. (וועגן דעם ענין זע באריכות אין מבוא לכתבי הקודש פון שמעון ברנפלד כרך רביעי, ספר שביעי ז״ז, קל״ג ביז ק״מ און „אין די טעג פון די נביאים״ פון שלמה סיימאָן, זז׳ 160, 162 ביז 166).

אין גלות בבל איז אויפגעקומען דער בית־מדרש — דער בית־מקדש מעט — ווו די גולים פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן אין די שבתים און יום־טובים און אפשר אויך אין די טעג פון ראש־חודש, דאָרט פלעגט מען פאַר זיי לייענען טיילן פון דער תורה פון די נביאים: ישעיה, הושע, עמוס און מסתמא אויך פון ירמיהו. דאָרט האָט וואַרשיינלעך אויך יחזקאל גע־האַלטן זיינע נבואות. און אַנשטאָט קרבנות איז איינגעפירט געוואָרן תפילה. דינען גאָט מיט תפילה אויפן אָרט פון קרבן איז געווען אפשר די גרעסטע רעוואָלוציע אין דער געשיכטע פון רעליגיע. אַזוינס איז נאָך דעמאָלט נישט געווען אויף דער וועלט.

„זינט דער צייט פון גלות בבל האָט תפילה פאַרנומען אַ צענטראַלן אָרט אין רעליגיעזן לעבן פון פאָלק. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע האָבן יידן געשאַפן אַ ריין גייסטיקע פאָרם פון רעליגיעזער עבודה, אָן קרבנות, אָן אַ בית־המקדש און אָן כוהנים — — — די שול, דאָס הויז פאַר תפילה, האָט דאָ פאַרביטן נישט נאָר דעם בית־המקדש, נאָר אויך דאָס לאַנד און די מלוכה. דער בית־הכנסת איז געוואָרן דער מיטלפונקט פון גייסטיקן, סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן לעבן אין אַ סך גרעסערער מאָס, ווי דאָס איז געווען דער מזבח, דער בית־המקדש, אין דער צייט פון בית־ראשון״ (אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, יידן, באַנד ד״, אברהם מענעס: „די מזרח־איראָ־פעאישע תקופה אין דער יידישער געשיכטע״, ז׳ 254 — מיין קורסיוו).

מען האָט אויך אין יענער צייט אָנגעהויבן מער אָפּצוהיטן שבת, מילה און מסתמא אַ געוויסע מאָס פון כשרות. „אין צייט פון גלות האָט מען אָנגעהויבן מדקדק צו זיין מער אויף מצוות־מעשיות („דור דור ודורשיו״, חלק ראשון, ז׳ 48).

אין גלות האָט זיך קריסטאַליזירט און אויסגעשטאַלט געוואָרן דאָס גייסטיקע יידישקייט. די געמיינשאַפטלעכע נאַציאָנאַלע האָפענונגען, דער בייער צערעמאָניאַל, וואָס איז נישט געוואָרן פאַרבונדן מיטן בית־המקדש, די מצוות־מעשיות; ווי שוואַך זיי זענען נישט געווען, האָבן צונויפגעהאַלטן און צעמענטירט דעם יידישן קיבוץ אין גלות. אויפן אָרט פון נאַציאָנאַלער אַחדות, וואָס ווערט געשאַפן דורך מלוכה און לאַנד, איז אויפגעקומען אַ נאַציאָנאַלע אַחדות דורך בשותפותדיקע גייסטיקע ווערטן. דאָס יידישע פאָלק איז געוואָרן אין בבל אַ גייסטיקער באַגריף. יידישקייט איז געוואָרן

אַן אידייע. דער פונדאַמענט איז געלייגט געוואָרן פאַר אַ פולן גייסטיק־מלוכהשן לעבן אויסער די גרענעצן פון מדינה און לאַנד.

ייִדן האָבן זיך צוריקגעקערט קיין ייִדן־לאַנד. זיי האָבן זיך צוריקגעקערט אַ היים צו גרינדן גאָטס מלוכה, וואָס דער צענטער אירער האָט געדאַרפט זיין דער בית־המקדש און די עבודה פון בית־המקדש. אָבער די נייע קאָנקרעטיזירונג פון דער אידייע פון ייִדישקייט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין גלות בבל, האָט געגעבן גאָר אַ נייע ווענדונג צו ייִדישן לעבן. די אַנטוויקלונג פון דער טענדענץ האָט געמאַכט דעם בית־המקדש פאַר אַן איבעריקן אין ייִדישן ריטואַל, און לאַנד און מלוכה נישט קיין מוז, נישט קיין נויטווענדיקייט פאַר אויספירן גאָטס רצון.

די טאָן־געבער אין ישוב זענען געווען די עולי־בבל. דער שארית־הפליטה, וואָס איז געבליבן אין לאַנד, איז געווען צו אָרעם מאַטעריעל און גייסטיק. דער נייער אויפשטייג פון ייִדישקייט איז געקומען פון גלות בבל. דאָרט האָבן ייִדן זיך אינגאַנצן אָפּגעריסן פון געצנדינסט. די גולים האָבן אין דער פרעמד אָנגעהויבן פאַרוואַנדלען די הויכע פאָדערונגען פון דער תורה און די נביאים אין מעשים.

יחזקאל און די כוהנים אַרום אים, אין בבל, זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן אָנגעהויבן קאָנקרעטיזירן די ייִדישע תורה. אין ארץ־ישראל האָבן עס פאָרגעזעצט עזרא און נחמיה. שפּעטער די סופרים, די אַנשי כנסת הגדולה און נאָך שפּעטער די חסידים ואנשי מעשה און דערנאָך זייערע יורשים — די פּרושים. זיי האָבן אָנגעהויבן פאַרברייטערן די תורה־שבעל־פה, די טראַדיציע, וואָס האָט עקזיסטירט פון קדמונים אָן אין פאָלק פּאַראַלעל מיט דער תורה־שבכתב (ווי מיר וועלן עס שפּעטער זען). די תורה־שבעל־פה האָט זיך פאַרברייטערט, פאַרצווייגט און דערפון איז אַרויסגעקומען די געשריבענע הלכה.

דער בית־המדרש, וואָס איז לכתחילה געווען בלויז אַ מקדש־מעט אין גלות, איז געוואָרן דער צענטער פון ייִדישן קהלשן און יחידישן לעבן פון יעדן ייִדישן דאָרף און שטעטל. דאָס פאַרוואַנדלען פון אַלט כתב עברי אין כתב אשורי האָט געעפנט די תורה פאַרן פראָסטן ייִדן. איינגעשטעלטע תפילות האָבן פאַרנומען דעם אָרט פון קרבנות. דאָס אָפּהיטן פון כשרות, טבילה, וואַשן די הענט פאַרן עסן (טיילווייזע טבילה), טומאה און טהרה האָבן געמאַכט ריין דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן. דער ייִד האָט זיך באמת נישט גענייטיקט אין אַ בית־המקדש כדי צו דערפילן גאָטס ווילן.

עס זענען אויפגעקומען נייע מצוות, סיגים און סיגים צו סיגים דורך אויסטייטשן די תורה. איך וויל באַטאָנען וואָס איך וועל איבערחזרן עטלעכע מאָל, אַז די פאַרמערונג פון די אַלע מצוות איז נישט אויפגעקומען כדי צו פאַרזיכערן יידישן קיום. דאָס אַלץ איז איינגעשטעלט געוואָרן כדי צו הייליקן דאָס לעבן דורך דער הייליקייט פון דת.

עס דאַרף אויך פאַרשטאַנען ווערן, אַז די סופרים, די אַנשי כנסת הגדולה און דערנאָך די פרושים האָבן מיט זייער אויסטייטשן די תורה נישט געהאַלטן אַז זיי ברענגען אַריין עפּעס נייס, שאַפן נייע מצוות, וואָס זענען נישטאָ אין דער תורה. ביי זיי איז די מינדלעכע טראַדיציע און שפּעטער די אויסטייטשונג פון דער תורה, וואָס האָט געשאַפן די הלכה, געווען אַן אינטעגראַלער טייל פון דער תורה — דער ווילן פון גאָט.

„מען מוז אָננעמען אַז טראַדיציע האָט געהאַט אַן אייגענע אויטאָריטעט, און אַזוי ווי עס קענען נישט זיין קיין צוויי אויטאָריטעטן (די תורה און די טראַדיציע — ש. ס.), מיינט עס אַז די תורה האָט אין זיך מער ווי עס איז פאַרשריבן אין טעקסט. אין אַנדערע ווערטער, ס'איז אַלע מאָל געווען, ס'האָט געמוזט זיין, אַ נישט געשריבענע תורה, אַ מינדלעכע, אַ תורה־שבעל־פּה, וואָס איז געווען נישט אין קאָנקורענץ, אויך אַפילו נישט קיין פּירוש צו דער תורה־שבכתב. די תורה־שבעל־פּה און די תורה־שבכתב זענען אינ־איינעם געווען די גאַנצע תורה" (ר. טראַווערס הערפאָרד, דער תלמוד און אַפּאָקריפן, ז' 67).

„יעדע וואָכנדיקע פונקציע, וואָס דער ייד האָט אויסגעפירט, איז גע־הייליקט געוואָרן מיט דער קדושה פון גאָטס דינסט. אַזוי, אַז יעדער ייד איז געוואָרן אַ כוהן, וואָס איז אין דינסט אין הייליקטום" (דאָרט).

## ד.

די יידן פון דעם קליינעם אָרעמען ישוב, אין אַ ווינקל פון נאָענטן מזרח, האָבן געפילט אַז זיי האָבן עפּעס וואָס צו זאָגן צו דער גרויסער וועלט. זיי האָבן געוווסט אַז זיי ברענגען צו דער וועלט עפּעס, וואָס די גאַנצע מענטשהייט נייטיקט זיך. דער נביא פון יענער צייט זאָגט:

„עס וועט קומען אַ צייט ווען עס וועלן צען מענטשן פון אַלערליי לשונות פון די פעלקער אָנכאַפּן דעם ברעג קלייד פון אַ יידן און זאָגן: לאָמיר גיין מיט אייך, ווייל מיר האָבן געהערט אַז גאָט איז מיט אייך" (זכריה ח', כג).

יידן האָבן ביז נישט לאַנג צוריק געגלייבט, אַז זיי זענען נישט גלאַט אַ פאָלק צוגלייך מיט אַלע אַנדערע פעלקער. זיי האָבן וואָס צו געבן דער

וועלט. זיי האָבן קאָנקרעטיזירט גאָטס מלוכה אין טאָג־טעגלעכן לעבן. ווען די פּרשה „ואהבת" איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין דעם קעסטעלע פון תפילין, איז עס געווען נישט ווייל מען האָט פאַרגעסן אָן דעם „ואהבת", נאָר דאָס איז געווען אַ סימן אַז דאָס געבאָט פון ליבהאָבן איז אַן אָנגענומענער און ס'איז נישטאָ וואָס צו פירן קיין וויכוחים וועגן דעם. די תפילין זענען דער סימבאָל וואָס דורך זיי דאַרף מען געדענקען דעם גרויסן נדר, וואָס מען האָט גענומען אויף זיך (העתיד כרך ד', ז' 175, א. קאַמינקא).

יאָרן און יאָרן פאַרן צווייטן חורבן האָבן שוין ייִדן געקאָנט פירן אַ פול ייִדיש לעבן אויסער די גרענעצן פון ארץ־ישראל. פאַר גאָר פרומע האָט ארץ־ישראל געהאַט אַ צוציאונגס כוח צוליב די מצוות התלויות בארץ — די מצוות וואָס מען קען אָפּהיטן בלויז אין ארץ־ישראל: לקט, שכחה, פאה, תרומה, מעשר ראשון, מעשר שני, מעשר עני, טומאה און טהרה. אָבער דאָס פאָלק ישראל וואָס האָט געוווינט אויסער די גרענעצן פון ארץ־ישראל, דריי פערטל פון גאַנצן פאָלק, האָט קיינמאָל נישט געטראַכט אַז זיי לעבן נישט קיין פולבלוטיקן ייִדישן לעבן.

אמת טאַקע, מען האָט געשיקט מתנות צום בית־המקדש פון די קהילות פון אַלע עקן וועלט, אָבער דאָס איז נישט געווען דער עיקר פון ייִדישקייט. דער בית־המקדש איז געווען דער סימבאָל פון ייִדישן שטאָלץ און געהאַט אַ געוויסן פאַראייניקונגס־כוח. מען האָט נישט געקוקט אויף דעם בית־המקדש ווי אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיקייט פאַר דער קאָנטינואיטעט פון ייִדישן פאָלק און קאָנקרעטיזירונג פון ייִדישער אמונה. ס'איז דאָ אַ קלייִנער מאמר אין גמרא וואָס וואַרפט אַ גרויס ליכט אויף דער באַציאונג, אַפילו פון די ארץ־ישראלדיקע ייִדן, צום בית־המקדש:

אַ פערציק יאָר פאַרן חורבן פון צווייטן בית־המקדש איז דער גורל (פון שעיר לעזאזל) קיינמאָל נישט אַרויסגעקומען אין דער רעכטער האַנט, די צונג פון רויטן וואָל (וואָס איז געווען אָנגעבונדן אויף דעם שעיר לעזאזל) איז נישט ווייס געוואָרן, דער נר־תמיד פלעגט זיך פּלוצים אויסלעשן און די טירן פון היכל פלעגן זיך פון זיך אַליין עפענען (מאַכט רש"י: אַ סימן פאַר דעם פיינט ער זאָל אַריין), ביז רבן יוחנן בן זכאי האָט אויף זיי אָנגעשריגן: היכל, היכל, טעמפּל, טעמפּל, וואָס שרעקסטו זיך אַליין? (וואָס דו זאָגסט פאָרויס חורבן) איך ווייס אַז דו וועסט סוף־כל־סוף

חרוב ווערן. שוין זכריה בן עדו האָט אויף דעם נביאות געזאָגט (זכריה י״א, א): עפן אויף, לבנון, דיינע טויערן (דער בית־המקדש איז געווען געבויט פון צעדערן פון לבנון) און זאָל אַ פייער פאַרצערן דיינע צעדערן (יומא ל״ט, ע״ב).

רבי יוחנן האָט נישט אויסגערופן קיין תענית צו מבטל מאַכן די גזירה, ווען ער האָט געזען די סימנים וואָס האָבן פאַרויסגעזאָגט חורבן. ס׳איז נישט קענטיק אַז ער האָט זיך צו שטאַרק מצער געווען אויף אָנקו־מענדיקן פורעניות. די תורה בלייבט דאָך. דורך מקיים זיין די תורה קע־נען ייִדן געפינען דעם וועג צו גאָט און דעם בית־המקדש. ייִדישקייט איז אַן אידייע וואָס איז נישט צוגעבונדן צו לאַנד.

אָבער אַפילו אין דער צייט פון רבן יוחנן בן זכאי האָבן נאָך אַ סך ייִדן זיך געהאַלטן אַן דעם אַלטן גלויבן, אַז ירושלים איז דער וווינאָרט פון גאָט און דער בית־המקדש איז זיין הויז. די קנאים, וואָס זענען געווען אַן אָפּצווייג פון די פרושים, האָבן אויפגעהויבן דעם קאַמף קעגן די רוי־מער, ווייל זיי, די קנאים, האָבן טיף געגלויבט אַז ווען די רוימער וועלן אַריינגעדרינגען אין ירושלים וועט גאָט אַליין פאַרניכטן, ווי ער האָט עס אַמאָל געטון מיט די חיילות פון סנחריב, דעם קעניג פון אשור.

„זיי, די עקסטרעמע קנאים, האָבן געהאַט אַ מיסטישן גלויבן אַז די שטאָט איז אונטער דער שוץ פון גאָטס האַנט. איבערהויפּט איז גאָט אַ שוץ פאַרן בית־המקדש און אין דער לעצטער רגע וועט ער מציל זיין דעם בית־המקדש און זיין הייליקע שטאָט פון דער האַנט פון דעם שונא. אין דעם גלויבן האָבן זיך געהאַלטן אַ סך פון די פאַלקס־נביאים אָט ווי די מחברים פון די ספרים חיצוניים, אַפּאָקריפן, און בפרט די מחברים פון די אַפּאָקאַ־ליסטישע ספרים. יוסף מתתיהו פרוווט אָפּצולייקענען די רייד פון אָט די היינטיקע נביאים מיט די רייד פון אַמאָליקע נביאים, אָבער יוחנן דער קנאי און זיינע נאָכפאָלגער לאַכן פון אים״ (יוסף קלוזנער, היסטוריה של הבית השני, כרך ה׳, ז׳ 255).

יוסף פלאַוויאוס דערציילט: ווען די ייִדן האָבן דערזען ווי דאָס פייער כאַפּט אַרום די לשכות און די עזרה, זענען זיי געבליבן שטיין אָפּהענטיק. פון אויפּציטער האָט קיינער נישט געוואַגט זיך שטעלן קעגן די רוימער אָדער פאַרלעשן דאָס פייער. פאַרשטומטע זענען זיי געשטאַנען און גע־קוקט. וואָס איז געווען די סיבה פון דער פלוצימדיקער פאַרשטומקייט און פאַסיוויטעט פון די ייִדן, וואָס מיט איין טאָג פריִער האָבן זיי מלחמה געהאַלטן ווי די לייבן און האָבן צוריקגעשטויסן דעם רוימישן חייל און

אַפילו ביי זיי צוגענומען די לעגיאָן־פאַנען? דער ענטפער איז געגעבן געוואָרן פריִער. די ייִדן האָבן געגלויבט, אַז אין דער רגע וואָס דאָס פייער וועט אָנרירן דעם בית־המקדש וועט גאָט אַליין קומען צו זיין הילף. אַנדערש קען נישט זיין (דאָרט, ז׳ 261).

רבן יוחנן בן זכאי און זיינע נאָכפאָלגער און זיינע תלמידים האָבן אַנדערש געגלויבט. זיי האָבן נישט געוואָלט שטאַרבן אינאיינעם מיטן בית־המקדש. זיי האָבן געהאַלטן אַז ייִדישקייט איז נישט צוגעבונדן נישט צום בית־המקדש, נישט צו ירושלים און אַפילו נישט צו ארץ־ישראל. די אומה איז גרעסער און וויכטיקער פון לאַנד.

נאָך איינמאָל האָט אויפגעפלאַקערט דער אַלטער גלויבן, אין דער צייט פון דעם אויפשטאַנד פון בר כוכבא. נאָך דעם האָט געזיגט די אידייע פון ייִדישקייט — די אידייע וואָס איז נישט צוגעבונדן צו לאַנד און הייליקטום.

ד.

ייִדן זענען אַוועק אין גלות מיט דער אידייע פון ייִדישקייט — די אידייע צו פאַרווירקלעכן גאָטס קעניגרייך, ווערט צו זיין צו ווערן די קינדער פון גאָט. די אידייע האָט זיך קאָנקרעטיזירט אין הלכה, וואָס איז פונקט אַזאַ וויכטיקער טייל פון ייִדישקייט ווי די אַבסטראַקטע עטישקייט, אפשר נאָך גרעסער, ווייל „אַבסטראַקטע עטיק איז אַן אויבערשטיבל אָן אַ פונדאַמענט״. מיט דעם כוח פון הלכה, וואָס דער פּרינציפּ בלייבט אַלע־מאָל דער זעלביקער אָבער די פאָרמע בייט זיך, האָבן זיי געשאַפן גאָר אַן אַנדער מלוכה ווי די מלוכות אַרום. זיי האָבן געשאַפן אַ מלוכה אין אַ מלוכה. ד״ר יעקב קלעצקין, דער שטאַרקסטער פאַרלייקענער פון גלות, שרייבט צו דאָס שאַפן פון דער מלוכה צו אמונה, וואָס איז נישט ריכטיק. אָבער דאָס בילד וואָס ער גיט פון ייִדישער מלוכה אין גלות איז אמתדיק:

„די גרויסע מחיצות פון די חוקים פון אונדזער דת האָבן אונדז אויפגעהאַלטן אין אונדזער צעשפּרייטונג. די אינעווייניקסטע ווענט האָבן געשאַפן די געטאָ, נישט די הענט, וואָס עס האָבן אויפגעשטעלט, אונדזערע שונאים פון דרויסן. די חוקים האָבן פאַראייניקט די ייִדישע אומה קעגן אַלע אומות פון דער וועלט און פאַראייניקט די אומה אין אירע תפוצות. איר תרבות, קולטור, איז נישט געווען אונטערטעניק אונטער פרעמדע קולטורן. אויך אין גלות האָבן מיר געלעבט אַ מלוכה־לעבן. אַ מלוכה אין אַ מלוכה. אין זייערע געריכט־הייזער זענען מיר נישט געגאַנגען, מיט

זייערע געזעצן האָבן מיר זיך נישט גערעכנט און ווען מען פלעגט אונדז נייטן אויסצופאָלגן געוויסע געזעצן, האָבן מיר עס געהאַלטן פאַר שלעכטע גזירות פון שונאים. אָדער מיר האָבן זיך משתדל געווען מען זאָל זיי אָפּשאַפן, אָדער מיר האָבן זיך אויסגעדרייט פון זיי מיט אַלערליי דריידלעך. מיר האָבן געהאַט אַן אייגענעם בית־דין און אָט דער בית־דין האָט אונדז געמשפּט ווען עס איז געווען נייטיק און אונדז באַשטראָפט ווען מען האָט געדאַרפט און מיר האָבן געפאָלגט! דער יידישער געריכט האָט געהאַט פאַקטישע מדינה־מאַכט צו אויספירן און אַרויפצווינגען זיינע באַשלוסן. און נישט נאָר איין אמונה האָבן מיר געהאַט, נאָר אויך איין געזעצן־קאָרעקס (שולחן־ערוך — ש. ס.) איז געווען איינגעשטעלט פאַר אַלע יידישע קהילות און מיר האָבן זיך אונטערגעוואָרפן נאָר אונטער דעם אויטאָריטעט פון אונדזערע רבנים און פרנסים. די פרעמדע מאַכט האָט קיינמאָל נישט געהאַט די שליטה איבער אונדזער אינערלעכן לעבן. ס'איז איר קיינמאָל נישט געלונגען אַרויפצווינגען אויף אונדז אירע איינאָרדענונגען און איר שטייגער לעבן. אָדער אַוועקנעמען פון אונדז די אינערלעכע אויטאָנאָמיע כל־זמן אונדזער אמונה איז געווען שטאַרק. מיר האָבן נישט גערוט אין זייער יזבת. מיר האָבן נישט געפייערט זייערע יום־טובים. מיר האָבן זיך נישט פאַרנומען מיט זייערע קהלשע ענינים און מיר זענען נישט געווען פאַראינטערעסירט מיט די פאַראָנדקעס פון דער פרעמדער מדינה. אַ שטאַרקע פעסטונג־וואַנט איז געשטאַנען צווישן זיי און אונדז. אינעווייניק אין דעם מויער איז געשטאַנען די יידישע מדינה" (ד"ר יעקב קלעצקין, גלות וארץ. „המקלט", כרך ראשון, ז' 18).

ד"ר יעקב קלעצקין איז אָנגענומען ווי דער בעסטער און שאַרפסטער פאַרשטייער פון גלות־פאַרלייקענער. ער זעט אין ייִדישקייט בלויז צוויי זאַכן: אַבסטראַקטע ייִדישע עטיק, וואָס איז געוואָרן דער קנין פון דער גאַנצער וועלט און האָט קיין שום נאַציאָנאַלן כוח אויפצוהאַלטן ייִדן ווי אַ פאָלק אין גלות. און די אויסערלעכע פאָרמע פון ייִדישקייט, די דינים, די מנהגים, דעם גאַנצן איינשטעל פון ייִדישקייט, וואָס איז נישט מער ווי די שאָלעכץ, די פאָרמע, האָט טאַקע אַ נאַציאָנאַלן אויפהאַלטנדיקן כּוח, אָבער פאַר אונדז מאָדערנע ייִדן איז די חיצוניות גאָרנישט ווערט.

„דער כוח פון דער שאָלעכץ איז שטאַרקער פון קערנדל. ס'איז דאָ אַ נאַציאָנאַלער אָנהאַלט אין די חוקים, דינים, פון אונדזער אמונה. זיי האָבן אונדז געגעבן אַ נאַציאָנאַלע געשטאַלט און כמעט אַ מדינה אין גלות. אָבער ס'איז נישטאָ קיין נאַציאָנאַלער אינהאַלט אין עטיק, אין אַ וועלט־פאַרנעם, אין געדאַנקען און רעיונות" (דאָרט, ז' 16). ווי באַלד אַז אָט דער כוח (פון דער אויסערלעכער פאָרמע פון יידישקייט) ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער, איז גוזר געוואָרן אונטערגאַנג אויף דעם פאָלק ישראל אין גלות (דאָרט, ז' 19).

„דער חורבן פון אונדזער דת איז דער חורבן פון אונדזער מדינה אין גלות, דער חורבן פון בית שלישי, פון דריטן בית־המקדש, דער בית־המקדש אויף פרעמדער ערד" (דאָרט, ספר ראשון, ז' 21).

ד"ר יעקב קלעצקין, ווי אַלע עקסטרעמע ציוניסטן, אָדער בעסער געזאָגט, ווי אַלע אמתע סעקולאַריסטן, טיילט אָפּ ייִדישע עטישע שאַפונגען פון הלכה. ער זעט נישט קיין שום עטישע ווערטן און קיין ספּעציפישן וועלט־באַנעם אין ייִדישן לעבן־שטייגער, אין ייִדישן נוסח, אין ייִדישער גרויסער שאַפונג פון קענען לעבן ווי אַ מינאָריטעט, וואָס דאָס אַלץ איז געשאַפן געוואָרן דורך הלכה. ער מיינט אַז דאָס אַלץ איז געווען בלויז אַ שאָלעכץ צו דער אמתער נביאישער ייִדישקייט. די שאָלעכץ האָט איצט פאַרלוירן איר אויפהאַלט־ווירקונג און דערפאַר איז נישטאָ קיין האָפענונג פאַר אַ ייִדיש לעבן אין גלות. נאָכדעם ווי ער אַנאַליזירט אחד־העמס געדאַנק פון מרכז רוחני, פון גייסטיקן צענטער, און באַווייזט אַז דער צענטער וועט נישט ווירקן אויפן גלות, זאָגט ער ברוטאַל:

— ארץ־ישראל וועט פאַרקירצן די טעג פון גלות. אָבער דאָס הרגעט מען בלויז אַ טויטן מענטשן (גברא קטילא). דער גלות לעבט נישט און האָט קיין רעכט נישט פון קיום (דאָרט, ספר שני, ז' 201).

— דער גלות פון די תפוצות האָט זיך אָנגעהויבן פון דער שעה ווען די רעליגיעזע מלוכה איז חרוב געוואָרן — — אָט דער גלות איז נאָך יונג און ער שטינקט שוין (דאָרט, ז' 200).

— מיר וועלן אויסליידיקן דעם גלות ווי אונדזערע עלטערן האָבן אויסגעליידיקט מצרים ווען זיי זענען אַרויס פון דאָרט (ספר שלישי, ז' 381).

דער ציקל איז איצט פאַרגאַנצט. אין אָנהייב, ווען דאָס פאָלק ישראל איז געווען אַ פאָלק ווי אַלע אַנדערע פעלקער, ווי מאוב, ווי עמון, ווי אדום, איז ייִדישקייט געווען צוגעבונדן צו לאַנד. שפּעטער, דורך איבער טויזנט יאָרן פון ראַנגלעניש מיט זיך און מיט דער וועלט, האָבן ייִדן געשאַפן די אידייע פון ייִדישקייט. ווי אַן אידייע איז עס מער נישט געווען צוגעבונדן צו לאַנד. איצט, אַז דער גרעסטער טייל פון פאָלק האָט זיך גוייִזירט, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די גאַנצע ירושה, צוריק געוואָרן אַ פאָלק ווי אַלע אַנדערע פעלקער, אָדער וויל עס ווערן — מוז ייִדישקייט ווערן ווידער צוגעבונדן צו אַ שטיקל ערד.

דער געדאַנק, אַז ייִדישקייט קען נישט עקסיסטירן אויסער אַן אייגן לאַנד, איז נישט דער מאָנאָפּאָל פון די עקסטרעמע ציוניסטן. די טעריטאָריאַליסטן פון אַלע שאַטירונגען האַלטן אויך אַזוי.

מיר, די סעקולאַרע קיומיסטן, וואָס מיינען אַז ייִדישע קולטור, שפּראַך, ליטעראַטור, געזאַנג, טעאַטער און קונסט — קען אויפהאַלטן און וועט אויפהאַלטן דאָס ייִדישע פאָלק אין גלות, זענען דאָך קיומיסטן צוליב קיום. מיר האַלטן אַז מיר זענען אין תוך אַ פאָלק ווי אַלע אַנדערע פעלקער אָן אַ ספּעציפישן וועלט־באַנעם. אונדזער אַבסטראַקטע עטיק איז געוואָרן דער קנין פון דער גאַנצער וועלט און הלכה־ייִדישקייט איז נישט מער ווי אַ שאָלעכץ, וואָס איז נישט כדאַי אויפצוהאַלטן. נאָר איצט פאַרנעמט קולטור דאָס אָרט פון הלכה־ייִדישקייט.

אָבער קיום צוליב קיום אָן אַ ספּעציפישן וועלט־באַנעם גיט נישט קיין פאַרוואָס פאַר אונדזערע מאַטערנישן און גיט נישט קיין זין פאַר אונדזערע ליידן, אַפילו ווען עס וואָלט געקענט געמאָלט זיין אַ ייִדיש לעבן געבויט אויף ייִדישער שפּראַך אין גלות.

ס׳איז נישטאָ קיין זין אָדער באַרעכטיקונג פאַר אונדזער גייסטיקן קיום אין גלות און נישטאָ קיין מעגלעכקייט פאַר אונדזער אויפהאַלטן אונדזער ייִדישקייט אין די תפוצות ישראל, סיידן מיר זאָלן אָננעמען אַז הלכה־ייִדישקייט האָט וואָס צו געבן אונדז און אויך דער וועלט איצט, אין דער ראַציאָנעלער מאַטעריאַליסטישער תקופה. קען די אַלטע הלכה־ייִדישקייט צוגעפּאַסט ווערן אָדער קען נישט צוגעפּאַסט ווערן צו אונדזער מאָדערנעם וועלט־באַנעם? דאָס איז די קאַרדינאַלע פראַגע.

ווילן מיר עס טון? קענען מיר עס טון? וועלן מיר עס טון? איך גלייב אַז יאָ. מיר וועלן ווערן צוריק אַ גרויס פאָלק אין איכות. ווייל באמת האָבן מיר וואָס צו געבן דער וועלט. וועלן מירדאָס טון. דעמאָלט וועלן אָנכאַפּן צען מענטשן פון אַלערליי לשונות פון די פעלקער, אָנכאַפּן דעם ברעג קלייד פון אַ ייִדן און זאָגן צו אים: לאָמיר גיין מיט אייך, ווייל מיר האָבן געהערט אַז — איר האָט דעם וועג צו דער וועלט גאולה.

# אהבת־ישראל

## א.

אלעמאָל און אומעטום זענען דאָ צדיקים און רשעים. עס זענען אמת ביידע פּסוקים: כי יצר לב האדם רע מנעוריו (בראשית ח, כא), דאָס האַרץ פון דעם מענטשן איז שלעכט פון יוגנט אָן, און ותחסרהו מעט מאלהים (תהילים ח, ו), און דו האָסט דעם מענטשן געמאַכט עטוואָס ווייניקער פון גאָט. שלעכט און געמיין קען ווערן אַ מענטש, נידעריקער פון תהום קען ער פאַלן; אָבער דער מענטש קען אויך זיין גוט און פרום און קען זיך אויפהייבן צו דער העכסטער הייך, צום זיבעטן הימל, ווו דער כסא הכבוד שטייט.

אין דער בעסטער, אין דער אידעאַלסטער, פרומסטער, עטישסטער געזעלשאַפט געפינען זיך יחידים, וואָס זענען פאַרדאָרבן און פול מיט אומרעכט; אויב נויטיק, שפּילן זיי די ראָלע פון צדיקים און זייער האַרץ איז פול מיט שנאה, רשעות און זעלבסט־נוצן. אין דער ערגסטער, פאַרדאָרבנסטער געזעלשאַפט וועלן זיך שטענדיק געפינען נסתרים, פאַרבאָרגענע צדיקים, וואָס זייער האַרץ איז פול מיט ליבשאַפט און רחמים צו דעם מענטשן און בענקען און גלוסטן צו טון מעשים טובים.

אָבער אַ געזעלשאַפט משפּט מען נישט לויט די פאַרבאָרגענע, געציילטע יחידים, סיי רשעים און סיי צדיקים. אויסנאַמען זענען פאַראַן אַלעמאָל, אינמיטן אַ וואַלד פון נישט פרוכט־טראָגנדיקעביימער קען אַמאָל שטיין אַן איבערגעלאָדענער עפּל־בוים. אינמיטן אַ גאָרטן פון רויזן קען זיך שפּאַרן חוצפּהדיק צום הימל אַ הויכער דאָרן־קוסט. ווער ווייסט פון וואַנען אַ ווינט ברענגט די זאָמדן פון אַ פלאַנץ און ווער ווייסט די וועגן פון מענטשלעכן גייסט?

אַ געזעלשאַפט משפּט מען בלויז לויט דער צאָל עפנטלעכע צדיקים, און נישט אַלעמאָל קענען זיין עפנטלעכע צדיקים אין אַ רשעותדיקער געזעלשאַפט. גרויסע און שטאַרקע עטישע פּערזענלעכקייטן זענען פול מיט מוט און וואַגן זיך צו שטעלן אַנטקעגן טיראַנישע פירער און איינגעשטעלטע נאָרמעס. אָבער דער רעבעל, דעם צאַם־ברעכער קען אַרויסטרעטן עפנטלעך כל זמן דער רעגירער, דער מאַכט־האָבער איז באַגרענעצט ביז אַ געוויסער מאָס — באַגרענעצט אין מאַכט דורך אַ שיכט פון דער געזעלשאַפט, וואָס האָט כאָטש אַ נאָמינאַלן פירער. אָדער דער מאַכט־האָבער איז געהאַמעוועט דורך דער עטישער ניוואָ, וואָס די געזעלשאַפט איז אונטערגעוואָרפן אונטער איר. אָבער ווען עס שטייט אויף אַן אמתער מושל בכיפּה, וואָס נעמט אָן רשעות ווי זיין מאָס, דעמאָלט קענען נישט געמאָלט זיין קיין מוטיקע מענטשן, עס קענען נישט געדייען קיין פּראָטעסטירער אָדער צאַם־ברעכערס. זיי ווערן אויסגעהרגעט איידער זייער פּראָטעסט קען ווירקן.

ירמיהו האָט זיך געשטעלט קעגן יהויקימען, דעם מלך פון יהודה, נאָכדעם ווי דער קעניג האָט דערהרגעט דעם נביא אוריהון, ווען ער האָט נביאות געזאָגט, אַז דער בית־המקדש און ירושלים וועלן חרוב ווערן, ווי שילה און איר היילקטום. ירמיהו האָט געהאַלטן די זעלביקע נבואה אין עזרה פון בית־המקדש, אפשר פון דעם זעלביקן אָרט, ווו אוריהו האָט נביאות געזאָגט. אַוודאַי האָט ירמיהו איינגעשטעלט זיין לעבן. אָבער אין איינשטעלן זיין לעבן איז געווען אַ וואַרשיינלעכקייט, אַז ער וועט זיך אויסדרייען פון טויט־שטראָף. אַזוי האָט טאַקע פּאַסירט. וויכטיקער נאָך איז געווען, וואָס ירמיהו האָט געוווּסט, אַז אויב ער וועט געטויט ווערן וועלן זיינע רייד נישט נאָר געהערט ווערן, נאָר אויך ווירקן. ער איז געווען זיכער אין דעם ווייל ער האָט גוט געקענט די עטישע ניוואָ פון ירושלים פון זיין צייט. און עס האָבן זיך טאַקע געפונען מענטשן, וואָס האָבן אים באַהאַלטן. ס׳איז נישט פאַרשריבן, אַז יהוקים האָט אויסגעהרגעט די, וואָס ער האָט חושד געווען, אַז זיי האַלטן מיטן נביא ירמיהו. ער האָט אויך נישט אָנגערירט די, וואָס האָבן באַהאַלטן ירמיהון. (אוריהו האָט נביאות געזאָגט פאַר ירמיהון, זע ירמיהו כו ביזן סוף און וואָס רש״י מאַכט אויף דעם פּסוק כ׳).

ווען אין יהודה איז אויפגעשטאַנען אַ רשע אַ קעניג, וואָס האָט נישט געהאַט קיין גאָט אין האַרצן, און האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שפיכת

דמים, האָט זיך די נבואה אָפּגעטון פון ייִדן און עס זענען נישט געווען קיין נביאים איינשטעלער. אין דער צייט פון קעניג מנשה האָבן קיין נביאים נישט נביאות געזאָגט. אַמווייניקסטן איז נישט געבליבן קיין פאַר־צייכענונג (רעקאָרד) פון נבואות אָדער נביאים פון יענער צייט. דער מדרש דערציילט, אַז מנשה האָט דערהרגעט אַפילו זיין זיידן דעם נביא ישעיה. אין ספר מלכים ווערט דערציילט קורץ און לאַקאָניש: „און מנשה האָט פאַרגאָסן זייער אַ סך אומשולדיק בלוט, וואָס האָט אָנגעפילט ירושלים פון עק צו עק; אַ חוץ די זינד, וואָס ער האָט געמאַכט זינדיקן יהודה צו טון שלעכטס אין די אויגן פון גאָט" (מלכים ב׳, כא, טז). דאָס מיינט אַ חוץ די זינד קעגן גאָט, ריטואַלע זינד, האָט מנשה אויך אונטערגעדריקט מיט אַ שווערער האַנט אַלע אָנהענגער פון יהוה. ירמיהו זאָגט אויף יענער צייט: „אייער שווערד האָט פאַרשניטן אייערע נביאים ווי אַ פאַרדאָרבנ־דיקער לייב" (ירמיהו ב׳, ל). די רעאַקציע האָט פּאַסירט שוין נאָכדעם ווי ביי ייִדן האָבן נביאות געזאָגט די דריי גרויסע נביאים: עמוס, הושע און ישעיה.

דער נביאישער געדאַנקען־גאַנג איז געווען, אַז ווען אַ קהילה, אַ געמיינדע, אַ געזעמל פאַלט צו אַזאַ נידעריקער עטישער ניוואָ, וואָס אין איר קענען נישט געמאָלט זיין קיין עפּנטלעכע צדיקים, מוז אַזאַ שטאָט, קהילה, געזעמל אונטערגיין, אויב עס טוט נישט קיין תשובה. סדום און עמורה זענען אין תנ״ך דער סימבאָל פון טאָטאַלער רשעות און פאַר־דאָרבנקייט. סדום און עמורה האָבן קיין תשובה נישט געטון — זענען זיי אונטערגעגאַנגען.

## ב.

אין תנ״ך זענען דאָ צוויי וואַריאַנטן פון דער מעשה־סדום: איין מעשה אין חומש בראשית (בראשית יח׳־יט׳) וועגן די צוויי שטעט סדום און עמורה און די זעלביקע מעשה וואַריאירט ווערט דערציילט אין שופטים (שופטים י״ט) וועגן גבעה. אין ביידע שטעלן ווערט אָנגעגעבן אַז די זינד פון די שטעט איז געווען די פאַרשוועכונג פון דער גרויסער מצווה פון הכנסת אורחים. אין ביידע פאַלן האָט אַ פרעמדער, וואָס האָט זיך באַזעצט אין שטאָט, געוואָלט אַריינגעמען אַן אורח און די שטאָט האָט עס נישט דערלאָזט. אין ביידע ערטער פון תנ״ך איז קלאָר, אַז די עטישע ניוואָ פון די איינוווינער איז געווען אַזאַ נידעריקע, אַז עס איז געווען אוממעג־

לעך אַפּילו פּאַר אַ פרעמדן צו זיין אַן עפּנטלעכער געדעכטער און פרומער מענטש.

דער חומש דערציילט נישט וואָס די זינד פון סדום און עמורה איז געווען. נאָך איידער סדום האָט פאַרשוועכט די הייליקייט פון הכנסת אורחים זאָגט גאָט צו אַברהמען: דאָס געשריי וועגן סדום און עמורה איז באמת זייער גרויס און זייער זינד איז גאָר שווער (בראשית י״ח, כ). וואָס פאַראַ שווערע זינד די שטעט זענען באַגאַנגען דערציילט נישט דער פּסוק. אָבער דער מדרש דערציילט שוין גאָר אַ סך וועגן סדום און עמורה. ער דערציילט וועגן זייערע געריכטן און וועגן זייערע ריכטער, וועגן זייער שנאה צום פרעמדן און וועגן זייערע רשעותדיקע מנהגים. ער דער־ציילט אַפילו געננוי וואָס פּאַר אַ געשריי עס איז אַרויף צו גאָט. דריי גע־שעענישן דערציילט דער מדרש האָבן פאַרפילט די מאָס פון סדום און עמורהס זינד. ס׳איז קענטיק, אַז די מעשיות זענען אפשר אַזוי אַלט ווי די פסוקים פון חומש.

די דריי מעשיות זענען באמת איין מעשה אין דריי וואַריאַציעס. און די עצם וואַריאַציע איז אַ סימן פון אַלטקייט און פאַרשפּרייטקייט פון דער מעשה.

די ערשטע מעשה:

צוויי מיידלעך זענען אַראָפּ צום ברונעם צו שעפּן וואַסער, האָט איינע געזאָגט צו דער אַנדערער:

— פאַרוואָס ביסטו אַזוי בלייך?

האָט די אַנדערע געענטפערט:

— ס׳איז שוין דריי טעג, אַז ביי אונדז אין שטוב איז נישטאָ קיין ברויט און ס׳איז צוויי טעג, אַז איך האָב נישט געגעסן.

האָט דאָס ערשטע מיידל געזאָגט:

— וואַרט דאָ ביז איך וועל צוריקקומען.

אַ פּאָר רגעס זענען אַוועק און דאָס מיידל האָט זיך צוריקגעקערט און געזאָגט צו איר חברטע:

— לאָמיר זיך בייטן מיט די וואַסער־קרוגן.

דאָס הונגעריקע מיידל האָט געפאָלגט. ווען זי איז געקומען אַהיים — ערשט איר קרוג איז פול מיט מעל. ווען די מענטשן פון סדום האָבן זיך דערוווּסט דערפון, האָבן זיי אַרויסגענומען דאָס מיידל וואָס האָט

רחמנות געהאַט אויף איר אָרעמער חברטע און זי פאַרברענט. (מדרש רבה, פרשה וירא, מט, י).

די צווייטע מעשה:

פלוטית, די טאָכטער פון לוט, האָט געזען ווי אַן אָרעמאַן גייט־אויס פון הונגער אינמיטן גאַס, האָט זי רחמנות געהאַט אויף אים. וואָס האָט זי געטון? יעדן טאָג ווען זי איז געגאַנגען צום ברונעם צו שעפּן וואַסער האָט זי אַריינגעלייגט אין קרוג אַ שטיקל ברויט און עס שטילערהייט געגעבן דעם אָרעמאַן. ווען די סדומים האָבן דערזען אַז דער אָרעמאַן לעבט עפּעס צו לאַנג, האָבן זיי אָנגעהויבן נאָכזוכן און נאָכפאָרשן און זיי האָבן אויסגעפונען אַז פלוטית שפּייזט דעם אָרעמאַן. זיי האָבן זי אַרויס־גענומען און זי פאַרברענט (פרקי דרבי אליעזר כ״ה).

די דריטע מעשה:

עס איז געווען אַ מיידל וואָס האָט אַרויסגעטראָגן אַ שטיקל ברויט צו אַן אָרעמאַן אין אַ קרוג. האָט מען זי אויסגעפונען, מען האָט זי אויס־געטון נאַקעט און זי אויסגעשמירט מיט האָניק און זי אַוועקגעשטעלט אויף אַ דאַך פון אַ מויער, זענען געקומען די בינען און זי אויפגעגעסן (סנהדרין קט, עמוד ב).

און נאָך און נאָך מעשיות ווערן דערציילט וועגן סדום און עמורה. ס'איז קלאָר, אַז אין די צוויי שטעט איז געווען אַזאַ נידעריקע עטישע ניוואָ אַז עס האָבן נישט געקענט געמאָלט זיין קיין עפּנטלעכע צדיקים. קלאָר מאַכט עס דער מדרש: „ואנשי העיר אנשי סדום נסבו על הבית (בראשית יט, ד), און די מענטשן פון שטאָט, די מענטשן פון סדום, האָבן אַרומגע־רינגלט דאָס הויז, דאָס מיינט, אַז קיין איינער איז נישט געווען וואָס האָט זיי צוריקגעהאַלטן" (מדרש רבה, סדרה וירא, פרשה נ׳, ט).

אַזאַ געזעלשאַפט האָבן מיר געזען מיט אונדזערע אויגן אין נאַצי־דייטשלאַנד. עס זענען נישט געווען קיין צדיקים אונטער היטלערס ממשלה. עס האָבן נישט געקענט זיין קיין צדיקים, ווייל דאָס דייטשע פאָלק האָט אָנגענומען רשעות ווי אַ פאָרמע פון לעבן. די וואָס האָבן נישט געוואָלט אָננעמען דעם רשעות זענען אונטערגעגאַנגען. די וואָס האָבן געהאַט בלויז פונקען פון מענטשלעכקייט האָבן זיי עס דערשטיקט אין זיך. אָפּט האָט זיך ביי אַ דייטש דערוועקט עפּעס אַ זכר פון רחמנות און ער האָט אַרויס־געהאָלפן אַ ייִדן אין געהיים, ווי עס האָבן מיר דערציילט אַ סך פון די

גערעטעוועטע ייִדן. אָבער דאָס מענטשלעכקייט האָט נישט געקענט געטון ווערן עפּנטלעך. עס האָט געמוזט זיין איינגעוויקלט אין רשעות.

מרדכי שטריגלער באַשרייבט אַזעלכע דייטשן אין זיין דערציילונג „ווער זענען זיי געווען״ (זאַמלביכער רעדאַקטירט פון יוסף אָפּאַטאָשו און ה. לייוויק, ניו־יאָרק, 1948). ער דערציילט אַז עס זענען געווען דייטשן וואָס האָבן אים געטון טובות, אָדער טובהלעך, אים און אַנדערע ייִדן. אָבער זייערע טובות זענען געווען איינגעוויקלט אין אַזויפיל רשעות, אַז מען קען עס גאָרנישט פאַרשטיין פון וואַנען עס האָט זיך צו זיי גענומען דאָס פּיצעלע מענטשלעכקייט. ער דערקלערט די רעטעניש מיט דעם וואָס ער איז זיך משער אַז די „גוטע״ דייטשן האָבן געשטאַמט פון ייִדן און זיי האָבן בעל כרחם נישט געקענט דערשטיקן דאָס מענטשלעכע אין זיך.

— ווער זענען עס אָט די סאַדיסטן, מיט אַזאַ אומעטיקן ייִדישן אויסזען און נישט אויסגעלאָשענער אויגן־מעלאַנכאָליע? און ווער האָט אים אַראָפּגעבויגן אַזוי פּלוצעם איבער אונדז? (דאָרט, ז׳ 195).

ער מעדיטירט:

— אפשר זענען זיי געווען פון יענע וואָס האָבן געקרייציקט זייער ייִדיש בלוט, אָפּגעווישט דעם שטאַם זייערן פון דער מעטריקאַציע... אומבאַוווסטזיניק פאַר זיך אַליין האָבן זיי עס געוואָלט פאַרשרייען, פאַרטויבן עס מיט איבערגעטריבענעם סאַדיזם. פּונקט ווי זיי וואָלטן מיט זייער צאָרן זיך אויך פאַרמאָסטן אויף דעם ייִד אין זיך אַליין (דאָרט, 208).

אפשר איז עס אַ דערקלערונג און אפשר נישט. ס׳קען דאָך פּשוטער זיין. אין די צען יאָרן פון היטלעריזם איז געווען אוממעגלעך אָפּצווווישן די גאַנצע מענטשלעכקייט פון מיליאָנען מענטשן. ערגעץ ווו האָט נאָך געגליט אַ פּונק מענטשלעכקייט ביי אַ דייטש. די אַטמאָספערע אָבער איז געווען אַזאַ, וואָס דער פּונק האָט זיך נישט געקענט צעברענען. געווען מסתמא דייטשן וואָס האָבן געוואָלט פאַרשרייען זייער מענטשלעכקייט. און אפשר האָבן זיי מיט זייער סאַדיזם געוואָלט צודעקן פאַר זייערע חברימס אויגן די מענטשלעכקייט אין זיך. ווייל עפּנטלעכע רחמנות האָט געשמעקט מיט טויט. דאָס איז די גרעסטע פאַרדאַמונג פון היטלעריזם: דאָס דייטשע פאָלק האָט זיך געשאַפן אַזאַ רשעותדיקע אַטמאָספערע, אַז עס האָבן נישט געקענט געדייען אין היטלער־לאַנד קיין מענטשן מיט אַ ניצוץ מענטשלעכקייט.

ייִדן האָבן געהאַלטן, אַז אַ געזעלשאַפט ווו עס איז נישט מעגלעך קיין עפנטלעכע צדקות מוז אונטערגיין. גאָר באַלערנדיק איז אַבֿרהמס איינטענהן זיך מיט גאָט:

— ווערסטו אויך אומברענגען דעם צדיק מיט דעם רשע? טאָמער זענען פֿאַראַן פופציק צדיקים אין שטאָט, ווערסטו אויך אומברענגען און וועסט נישט מוחל זיין צוליב די פופציק צדיקים, וואָס זענען אין איר? חלילה, אַז דו זאָלסט טון אַזאַ זאַך צו טויטן דעם צדיק מיט דעם רשע און דער צדיק וועט זיין ווי דער רשע. חלילה, אַז דער וואָס משפט די גאַנצע וועלט זאָל נישט טון קיין גערעכטיקייט. און גאָט האָט געזאָגט: אויב איך וועל געפינען פופציק צדיקים אין שטאָט וועל איך מוחל זיין די גאַנצע שטאָט צוליב זיי (בראשית י״ח, כ״ג־כ״ו).

אַבֿרהם האָט, מיין איך, נישט געטענהט אַז צוליב די צדיקים דאַרף מען מוחל זיין די גאַנצע שטאָט, ווייל אַז נישט וועלן די צדיקים געטויט ווערן אינאיינעם מיט די רשעים. גאָט האָט דאָך אים געקענט באַרואיקן, אַז אַזאַ זאַך וועט נישט געשען ווייל ער וועט אַרויסנעמען די צדיקים פון שטאָט, אָט ווי ער האָט שפּעטער אַרויסגענומען לוטן און זיינע טעכ־טער. אַבֿרהם האָט אָבער געמיינט, אַז אויב עס זענען דאָ אַפילו צען עפנט־לעכע צדיקים אין סדום קען די שטאָט נישט זיין אַזוי רשעותדיק ווי דער קלאַנג וואָס האָט זיך דערטראָגן צו גאָט. אָבער גאָט פאַרזיכערט אַבֿרהמען אַז די ירידה אין סדום און עמורה איז אַזוי טיף אַז עס זענען דאָרט נישטאָ קיין עפנטלעכע צדיקים. ווי אַ באַווייז קומט נאָך גאָטס געשפרעך דער אינצידענט מיט די מלאכים אין לוטס הויז. גאַנץ סדום יונג און אַלט האָבן אַרומגערינגלט דאָס הויז פון לוט אים צו באַשטראָפן פאַר זיין גאַסט־פריינטלעכקייט און דער מדרש גיט צו: „און עס איז נישט געווען קיין איינער וואָס האָט זיי צוריקגעהאַלטן״.

ווי עס ווייזט אויס, האָט דער ענין טאָטאַלע רשעות שטאַרק באַאומ־רואיקט דעם ייִדישן געדאַנק. די מעשה־סדום ווערט איבערגעחזרט אין שופטים. די פלגש בגבעה. דאָרט איז פאַראַן אַ פסוק פון גרויס באַדייט. אויף דער מלחמה אויף די בני בנימין צו באַשטראָפן זיי פאַר דעם מיאוסן פאַרברעכן זאָגט דאָר פסוק: „און אַלע מענער פון ישראל האָבן זיך איינ־געזאַמלט אויף דער שטאָט פאַראייניקט ווי איין מענטש״ (שופטים כ׳, יא). אין אַלע מלחמות, וואָס ווערן באַשריבן אין שופטים, איז אין קיין איינער נישט פאַרצייכנט אַז אַלע ייִדן האָבן זיך פאַראייניקט קעגן שונא.

אַפילו אין דער גרעסטער מלחמה מיט די כנענים, דערמאָנט נישט דבורה הנביאה די שבטים יהודה און שמעון. ראובן, גד, דן און אשר ווערן פון איר געטאַדלט וואָס זיי זענען נישט געקומען. אָבער אין דעם פּלגש בגבעה פאַל האָבן זיך אַלע פאַראייניקט אויסצוראָטן די רשעות.

עס איז ווערט צו באַמערקן, אַז די זינד פון סדום און עמורה און אויך די נבלה אין גבעה איז אַ זינד, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן פון מענטש צו מענטש, בין אָדם לחברו, נישט קיין ריטואַלע אָדער צערע־מאָניאַלע זינד — בין אָדם למקום. ס'איז אַ סאָציאַלער פאַרברעכן נישט קיין טעאָלאָגישער אָפּנייג.

ייִדן האָבן אויך געספּעקולירט, אַז עס קען געמאָלט זיין אַ שטאָט וואָס קען אויך באַגיין אַ טאָטאַלן ריטואַלן פאַרברעכן. זינדיקן קעגן גאָט. דאָס איז דער ענין פון אַן עיר הנדחת, אַ פאַרפירטע שטאָט (דברים י״ג ביז י״ט), אַ שטאָט וואָס וועט אָנהייבן דינען צו אַ געץ. אַזאַ שטאָט דאַרף מען אויך פאַרוויסטן. אָבער עס ווערט נישט דערציילט אין תנ״ך אַז אַזאַ שטאָט איז געווען און לויט די חומרות פון גמרא האָט אַזאַ שטאָט כמעט נישט געקענט זיין, אָט ווי עס האָט נישט געקענט זיין קיין בן סורר ומורה. אָבער שטעט פון טאָטאַלער סאָציאַלער רשעות דאָס איז נישט נאָר קיין ווארשיינלעכקייט, נאָר דער תנ״ך דערציילט אַז אַזאַ זאַך האָט פּאַ־סירט צוויי מאָל; און איין מאָל האָט גאָט פאַרוויסט די שטאָט און דעם צווייטן מאָל האָבן ייִדן אַליין אויסגעראָטן דאָס בייז פון צווישן זיך.

ג.

די נביאים, וואָס האָבן אָוועקגעלייגט זייער שטעמפּל אויף דעם גאַנצן ייִדישן לעבן, האָבן זיך נישט נאָר געשראָקן פאַר סדום און עמורהס טאָ־טאַלער רשעות, נאָר זיי האָבן בכלל מורא געהאַט פאַר אַן איינגעשטעלטער פאַרגליווערטער געזעלשאַפט. זיי האָבן אַלעמאָל באַקעמפט דאָס אָנגענו־מענע, דאָס פאַרגליווערטע. דער נביא איז אַלעמאָל געווען אַ צאָם־ברע־כער, אַ צעשטערער, פון נוסח. ער האָט געהאַט גאָטס וואָרט אין מויל, וואָס קען ברעכן און בויען, צעשטערן און שאַפן. דער נביא איז נישט געווען געבונדן מיט שטריק פון טראַדיציע, ווייל ער איז געשטאַנען אי־בער טראַדיציע, ער איז געווען אין דירעקטער פאַרבינדונג, קאָמוניקאַציע, מיט דעם שעפער פון אַלע וועלטן, וואָס שטעלט איין די נאָרמע פאַר דער ערד און אַלע פעלקער.

די אויפהאַלטער און אָפּהיטער פון ייִדישער אינסטיטוציע־ייִדישקייט זענען געווען די כּוהנים און די חכמים (חכמים מיין איך די שעפּער פון דער חכמה־ליטעראַטור, וואָס פון זיי זענען געבליבן אין תּנ״ך די דריי ספרים: משלי, קהלת און איוב און אַ סך קאַפּיטלעך אין תּהילים). די כּוהנים און חכמים האָבן געצויגן זייער חיונה פון זייער פּירערשאַפט. כּהונה איז אַלעמאָל אַריבער בירושה, און חכמה, פּירערשאַפט, איז אויך טיילווייז געווען אַ משפּחה ענין. אָבער די נביאים האָבן בדרך כּלל נישט געצויגן קיין חיונה פון זייער נביאות זאָגן. זיי זענען נישט געווען פאַרבונדן מיט קיין אינסטיטוציע, דערפאַר האָבן זיי געקענט זיין זעלבסטשטענדיק. זיי זענען אַלעמאָל געווען אין אָפּאָזיציע צו אַלץ און צו אַלעמען.

ס׳איז אַ גרויסער ספק צי דער נביא האָט פאַר זיך געהאַט אַ גאַנצן, אויסגערונדעטן, דעטאַליזירטן טאָג־טעגלעכן לעבנס־וועג פאַרן פאָלק. עס איז אַ גרויסע פראַגע נאָך צי זיי זענען געווען קעגנער פון קרבנות, תּפילות, מצוות און סיגים צו מצוות. זיי זענען בכלל נישט געווען קיין פּראַקטישע וועג־ווייזערס. זייער וויכטיקייט ליגט אין דעם, וואָס זיי זענען געווען שטענדיקע אָפּאָזיציאָנערן. זאָגט אחד־העם:

„דער נביא איז אַן „איינזייטיקער״. דער עטישער געדאַנק פילט אויס זיין גאַנץ האַרץ און שלינגט איין זיינע חושים און עמאָציעס, אַזוי אַז ער קען זיך נישט אָפּקערן פון אים אַפילו אויף אַ רגע. ער קען זען די וועלט נאָר דורך דער אָפּשפּיגלונג פון זיין געדאַנק; און זיין גאַנצער ווילן און מי זענען נאָר צו פאַרקערפּערן זיין געדאַנק אין זיין גאַנצער שלימות און אין אַלע דערשיינונגען פון לעבן. ווי באַלד אַז ער קען קיינמאָל נישט דער־גרייכן זיין ציל בשלימות, איז ער שטענדיק פול מיט ווייטיק און צאָרן. ער בלייבט אַ גאַנץ לעבן אַ מאַן פון קריג און שטרייט צום גאַנצן לאַנד״ (אחד העם, „כּהן ונביא״, על פּרשת דרכים, חלק ראשון, ז׳ קפ״א).

דער נביא איז קיינמאָל נישט געווען צופרידן. ער האָט נישט אָנגעגעבן קיין נאָרמע, קיין צאָל דינים און חוקים, וואָס אַז ווען מען פאָלגט זיי אויס פילט דער מענטש אויס גאָטס רצון און איז דעמאָלט אַ גערעכ־טער און פרומער און גאָט איז אים מחויב צו העלפן, צו באַגליקן. ניין, דער נביא האָט קיינמאָל נישט געקענט קומען מיט טענות צו גאָט. ביי אים, ביים נביא, איז געווען אַ פריאָרי, אַז ווי באַלד עס קומט אַן אומגליק אויף דער וועלט, ווי באַלד אַז אַ מענטש ליידט — מסתּמא איז דאָ אַ סיבה דערפאַר. גאָט, דער מקור פון גוטסקייט און דער איינשטעלער פון דעם סדר פון דער וועלט, וועט נישט באַגיין קיין עוולה. דערפאַר האָט קיין

נביא נישט געהאַט די רעזיגנאַציע פון קהלת אָדער די ביטערקייט קעגן השגחה פון איובן. דאָס שטאַרקסטע וואָס דער נביא האָט געקענט זאָגן זענען ירמיהוס רייד:

— גערעכט ועסטו בלייבן, גאָט, ווען איך וועל זיך קריגן מיט דיר. אָבער וועגן משפּטן זיך וועל איך ריידן צו דיר: פאַרוואָס איז דער וועג פון רשעים מצליח? פאַרוואָס לעבן רואיק אַלע פעלשער? (ירמיהו י״ב, א).

דער נביא האָט פאַר זיך געהאַט אַן אַבסטראַקטע גערעכטיקייט וואָס קיינער קען קיינמאָל נישט רעאַליזירן. אין נאָמען פון דעם גערעכטן גאָט האָט ער געשטראָפט, געפאָדערט פון מענטשן אַז ער, דער מענטש, זאָל דערגרייכן די מדרגה פון דעם גערעכטן גאָט. מיט דעם לעבן אָרום האָט דער נביא זיך נישט גערעכנט, ווייל אַלץ איז געווען אַ טפל צו גאָט.

ד.

ווען נבואה איז געשלאָסן געוואָרן זענען די „חסידים און די אנשי מעשה״ געווען די יורשים פון נביאים. די חסידים זענען געווען דווקא פאַרזיכטיקע אָפּהיטער פון ריטואַל. אָבער דאָס איז נישט געווען קיין אָפּנייג פון נבואה, ווייל:

„ביי די נביאים פון די ערשטע דורות ביזן סוף פון ערשטן בית־המקדש איז געווען אַן אַנדער צוגאַנג ווי עס איז געווען פון דער צייט (פון סוף בית ראשון) און ווייטער. אין דער צייט פון גלות האָט מען אָנ־געהויבן צו זיין מער פאַרזיכטיק אין אָפּהיטן מצוות, דאָס איז געווען אַן איבערגאַנג־צייט. און פון נאָך דער צייט האָט זיך דערהויבן די פאַרשונג פון דער תורה צו אַ נייער מדרגה און דאָס פאָרשן פון די פּרטים פון די מצוות און דאָס נאָכזוכן האָבן זיך פאַרמערט פון טאָג צו טאָג און אין יעדן דור. דער נייער צוגאַנג האָט זיך אָנגעהויבן פון ווען זיי האָבן זיך אומ־געקערט פון גלות צו זייער רו און נחלה״ („דור דור ודורשיו״, אייזיק הערש ווייס, חלק ראשון, ז׳ 48).

אויך האָבן די חסידים נישט אָפּגעהיט בלויז ריטואַל, ביי זיי איז געווען דער ריטואַל פאַרבונדן מיט אַ וועג פון סאָציאַלער גערעכטיקייט. און אַזוי ווי די נביאים אַזוי האָבן זיי אויך נישט געהאַלטן פון פּשרות. פאַר זיי איז געווען קלאָר אַז דאָס פאַרזיכטיקע אָפּהיטן פון ריטואַל אינאיי־נעם מיט סאָציאַלער גערעכטיקייט איז דער וועג צו גאָט און צו אַ גע־רעכטן ערלעכן לעבן אויף דער וועלט.

מיר האָבן נישט קיין אויספירלעכע ידיעות וועגן די חסידים. אָבער פון די אָרעמע ידיעות, וואָס מיר האָבן וועגן זיי און פון דעם אויפפיר פון די אסיים, ווייסן מיר אַז זיי האָבן געמיינט צו ברענגען גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד דורך מעשים. אַן אָפּקלאַנג פון זייער וועלט־באַנעם האָבן מיר אין חשמונאים א׳. דאָרט ווערט דערציילט ווי אַ קהל חסידים האָט זיך באַהאַלטן אין אַ הייל. די זעלנער פון אַנטיוכוס עפּיפאַנאָס זענען זיי באַפאַלן אום שבת. די חסידים האָבן זיך נישט געשטעלט אַנטקעגן ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט מחלל שבת זיין. וויכטיק איז זייער אויפרוף צו די אָנפאַלער: „מיר ווילן שטאַרבן אין אונדזער אומשולד. הימל און ערד זענען עדות אַז איר הרגעט אונדז אויס אָן אַ משפט!״ דורך אימפּליקאַציע קענען מיר זען, וואָס עס האָט געמיינט ביי זיי גערעכטיקייט און ווי זיי האָבן געקוקט אויף שפיכת דמים און ווי שרעקלעך עס איז ביי זיי געווען צו טויטן אָן אַ משפט אַפילו צוליב מיליטערישע צוועקן.

נאָך די חסידים זענען אויפגעקומען צוויי נייע פּאַרטייען, אָדער חברותות: די אסיים און די פּרושים.ביידע זענען געווען כשרע יורשים פון די חסידים, וואָס זענען געווען די יורשים פון די נביאים.

די אסיים האָבן איבערגענומען די עקסטרעמקייט און אומקאָמפּראָמיסלעכקייט פון נבואה און זייער באַגריף פון סאָציאַלן יושר. צוליב דעם האָבן די אסיים פּאַקטיש זיך צוריקגעצויגן פון אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. כדי צו לעבן אַ הייליק לעבן האָבן זיי געגרינדעט אייגענע קהילות, וווּ זיי האָבן געלעבט אַ בשותפותדיקן, אַ קאָמונאַלן לעבן. עס זענען געווען ספּעציעלע גבאים וואָס האָבן אַכטונג געגעבן אויף דעם געזעלשאַפטלעכן פאַרמעגן. קיינער האָט נישט געהאַט האָבן קיין פּריוואַטן אייגנטום. נישט נאָר האָבן זיי געגעסן ביי אַ בשותפותדיקן טיש, נאָר אַפילו זייערע קליידער האָבן זיי געהאַט בשותפות און זיך געביטן מיט זיי. געוויינלעך האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט, אָבער זיי האָבן געהאַט צווישן זיך אויך בעלי־מלאכות, אָבער זיי האָבן זיך נישט באַשעפטיקט מיט פּראָדוצירן געווער. זיי האָבן נישט געהאַט קיין קנעכט און קיינמאָל אַליין נישט געווען קיין קנעכט. זיי האָבן קיינמאָל נישט גענומען קיין שבועה. ווייניק פון זיי האָבן חתונה געהאַט. די וואָס האָבן חתונה געהאַט האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין געשלעכטלעכן פאַרקער מיט זייערע פרויען, ווען זיי זענען געווען טראָגעדיק, ווייל זיי האָבן נישט חתונה געהאַט צו צופרידנשטעלן זייער געשלעכט־באַגער, נאָר בלויז צוליב אויפשטעלן אַ נייעם דור. אַזוי

ווי די מיינסטע פון זיי זענען נישט געווען פאַרהייראַט, פלעגן זיי האָדעווען אַ סך יתומים און זיי דערציִען ווי אסיים. קיין „בלוט קרבנות", חיות און עופות, האָבן זיי נישט געבראַכט. זיי פלעגן ברענגען מנחות — קרבנות פון זעמל־מעל געמישט מיט בוימל.

זייער עקסטרעמקייט איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז שבת האָבן זיי נישט געטון קיין „מענטשלעכע באַדערפעניש", ווייל זיי האָבן נישט געקענט נאָכקומען דעם געבאָט פון דער תורה צו צודעקן די צואה ווי עס איז אָנגעזאָגט אין ספר דברים: „און אַ פלעקל זאָלסטו האָבן ביי דיין וואָפן; און עס וועט זיין, אַז דו זיצסט אין דרויסן (פאַר דיינע באַדערפעניש), זאָלסטו דערמיט אויפגראָבן און פאַרדעקן דיין צואה" (דברים כ״ג, יג, יד).

פאַרן עסן פלעגן זיי זיך טובלען בציבור. נאָכן טובל־זיין פלעגן זיי האָבן אַ בשותפותדיקע סעודה, וואָס פלעגט צוגעגרייט ווערן דורך אויסגעקליבענע כוהנים. קיין פרעמדער האָט קיינמאָל נישט אָנטייל גענומען אין זייערע מאָלצייטן. דער כוהן פלעגט מאַכן אַ ברכה אויפן ברויט. פאַר יעדן אסיי איז געלעגן אַ קליין ברויטל און איין וואַרעם געקעכץ. דאָס עסן פלעגט אָנגיין שווייגנדיק. נאָכן עסן פלעגט דער כוהן בענטשן און די אסיים פלעגן אַוועקגיין צו דער אַרבעט. אין אָוונט האָבן זיי געגעסן דעם צווייטן מאָלצייט. מער ווי צוויי מאָלצייטן אַ טאָג האָבן זיי נישט געגעסן (לויט פראָפ׳ יוסף קלויזנערס היסטוריה של הבית השני, חלק ג׳, זז׳ 110 ביז 118. דאָס איז די בעסטע זאַמלונג פון מאַטעריאַלן וועגן די אסיים).

זייער באַציאונג צום אַלגעמיינעם ייִדישן לעבן בכלל און צו דער ייִדישער מלוכה בפרט איז געווען אַ נעגאַטיווע, אָדער אפשר בעסער עס אָנרופן — אַ פּאַסיווע. זיי האָבן גאָר ווייניק זיך געמישט אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן און כמעט גאָרנישט קאָאָפּערירט מיט דער מלוכה. ווי עס ווייזט אויס האָבן זיי נישט אָנטייל גענומען אין דער מלחמה קעגן די רוימער. אמת, איינער פון די הויפּט־קאָמאַנדירן פון דער ייִדישער אַרמיי, וואָס האָט געקעמפט קעגן די רוימער, איז געווען אַן אסיי. יוחנן דער אסיי איז געווען דער קאָמאַנדיר וואָס האָט באַשיצט די שליסל־שטעט וואָס האָבן געפירט צו ירושלים. אָבער דאָס מיינט נישט „אַפילו צו פאַרגיסן בלוט אין מלחמה זענען די אסיים געווען גרייט פאַר זייער פאָלק, לאַנד און אמונה, ווען די צייט האָט געפאָדערט" ווי יוסף קלויזנער האַלט

(היסטוריה של הבית השני, כרך ג׳, ז׳ 117, 118). יוסף קלויזנער טייטשט אויס די גאַנצע געשיכטע פון דער תקופה פון צווייטן בית־המקדש פון נאַציאָנאַלן און מלוכה שטאַנדפּונקט און ווו ער געפינט אַ רמז פון נאַציאָנאַליזם צעבלאָזט ער עס און פאַרגרעסערט עס. עס איז קיין ראיה נישט פון איין איסייִשן חייל־פירער, אַז די איסיים האָבן אָנטיילגענומען אין דער מלחמה. וואַרשיינלעך איז יוחנן דער איסיי געווען אַן אויסנאַם. איך מיין, אַז גערעכט איז אחד העם, וואָס זאָגט:

„די איסיים האָבן געזען ווי די יידישע מדינה ווערט אַלץ מער און מער פאַרדאָרבן; זיי האָבן געזען ווי אירע הערשער, פּונקט ווי אין די צייטן פון ערשטן בית־המקדש, פאַרשטאַרקן די הערשאַפט פון חומר און האָבן אין זינען נאָר די מאַכט פון פויסט — זיי האָבן דאָס אַלץ געזען און אין זייער האַרצן האָט זיך פאַרשטאַרקט דער יאוש און זיי האָבן זיך אָפּגעקערט אינגאַנצן פון מדינהשן לעבן. זיי זענען אַוועק אין די מדבריות דאָרט זיך אויסצולעבן אין קדושה און טהרה. זיי האָבן זיך אָפּגעטיילט פון דער גאַנצער פאַרדאָרבענער געזעלשאַפט, וואָס מען קען שוין מער נישט אויסבעסערן. אין זייער איינזאַמקייט, ווייט פון קאָכעדיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָט זיך אין זייער האַרצן נאָך מער צעפלאַקערט די שנאה צו דער מדינה, אַזוי אַז אין די לעצטע מינוטן אירע, ווען זי האָט זיך געראַנגלט צווישן לעבן און טויט, האָבן אַ סך צווישן די איסיים נישט פאַרבאָרגן זייער פרייד, וואָס זי גייט אונטער" (אחד העם: „על פרשת דרכים", חלק ג׳, בשר ורוח, ר"ל און רל"א).

אַזאַ גרופּע האָט נישט געקענט קאָנקרעטיזירן די נביאישע ייִדישקייט און זי פאַרווירקלעכן אַזוי, אַז ייִדישקייט זאָל זיין פאַסיק אויפגענומען צו ווערן פון די ברייטע פאָלקס־שיכטן. אַזאַ גרופּע איז פאַרמשפּט צו בלייבן בלויז אַ סעקטע, אָדער צו ווערן די פאָרלויפערן פון אַ נייער באַוועגונג, וואָס וועט אויסנוצן בלויז איר פילאָסאָפיע פאַר דער גרינדונג פון אַ רעליגיע, וואָס זאָל, אין אַבסטראַקציע, האָבן הויכע אידעאַלן און אין דער ווירקלעכקייט לאָזן דאָס לעבן מיט אַלע מיאוסקייטן. אַזוי איז טאַקע געווען. די איסיים זענען די פאָרלויפער פון קריסטנטום.

די יורשים, וואָס האָבן קאָנקרעטיזירט די נביאישע ייִדישקייט פאַרן פאָלק, זענען געווען די פּרושים. זיי האָבן איבערגענומען פון די „חסידים ואנשי מעשה" די אָפּשיידונג פון דער אַרומיקער נישט־ייִדישער באַפעלקערונג. צו זיין פּרושים, אָפּגעטיילטע, אָפּגעזונדערטע פון דער אַרומיקער נישט־ייִדישער וועלט, איז געווען זייער הויפּט־פּרינציפּ. ווי די איסיים זענען אויך די פּרושים געווען איבערגעגעבן צו אַלע פאָלקס־הייליקטימער.

אָבער זיי האָבן נישט איבערגעכאַפּט די מאָס. זיי האָבן אַפּילו אונטערגע־שטיצט די חשמונאים לאַנג נאָכדעם ווי עס איז אויסגעקעמפּט געוואָרן פרייהייט פון גלויבן. און אַזוי אפילו, ווען די חשמונאים האָבן געמאַכט דת, אמונה, טפל צו מלוכה און די פּרושים פאַרקערט (האָבן געהאַלטן מדינה טפל צו אמונה), דאָך האָבן זיי געקענט גיין אויף דעם זעלביקן וועג אויף אַ געוויסער ווייטקייט" (יוסף קלויזנער, "היסטוריה הבית השני", כרך ג׳, ז׳ 118).

ה.

די פּרושים האָבן אָנגענומען דעם קוק פון די נביאים אויף מלוכה. די נביאים האָבן נישט פאַרלייקנט מדינה און מלוכה. זיי האָבן זיך אַלעמאָל געמישט אין די ענינים פון מלוכה. אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט קיין סעקולאַרע מלוכה, מלוכה לשם מאַכט, מדינה ווי אַ צוועק פאַר זיך. זיי האָבן געוואָלט מלוכה און נאָך עפּעס: גאָטס קעניגרייך, אַבסטראַקטן יושר און אומקאָמפּראָמיסלעכן צדק, גערעכטיקייט. דאָס האָט סוף־כל־סוף אונ־טערגעגראָבן די מלוכה, ווייל מלוכה האָט אירע אייגענע אינטערעסן, וואָס גאָר אָפט האָבן זיי ווייניק וואָס צו טון מיט יושר און צדק.

די פּרושים זענען נישט געווען באַגייסטערט ווען ינאי המלך, דער אייניקל פון מתתיהו, איז געוואָרן אַ קעניג אַ זיגער און האָט פאַרברייטערט די גרענעצן פון יהודה. זיי האָבן זיך געשטעלט אַנטקעגן אים. זיי האָבן נישט געוואָלט קיין קעניג, וואָס זיינע הענט זענען אויסגעשמירט פון בלוט, זאָל זיין אַ כוהן גדול. זיי האָבן בכלל פיינט געהאַט די רעליגיעזע מדיניש־קייט (זע קלויזנער, דאָרט, ז׳ 152). שוין אין ינאי המלכס צייטן האָבן די פּרושים זיך געווענדט צו אַ גוייִשן מלך, ער זאָל זיי אַרויסהעלפן קעגן זייער אייגענעם ייִדישן מלך. יוסף קלויזנער דער נאַציאָנאַליסט זאָגט מיט כעס: "כשרע ייִדן רופן איינעם פון די אור יורשים פון אַנטייוכוס עפּאַ־פאַנוס צו הילף קעגן איינעם פון די אייניקלעך פון דעם חשמונאי. דאָס איז דאָך פעלשונג און פאַרראַט קעגן אייגענעם פאָטערלאַנד!" (דאָרט).

דאָס האָבן די פּרושים געטון אין יאָר 88 פאַר אונדזער צייט־רעכע־נונג. אַ צווייטן מאָל האָבן זיי עס געטון זיבן און צוואַנציק יאָר שפּעטער. דעמאָלט האָבן זיי זיך געווענדט צו פּאָמפּיי פון רוים און אים פאָרגעשלאָגן "צו בטל מאַכן די מלוכה און אומקערן (צו יהודה) איר אינערלעכע

אויטאָנאָמיע, וואָס זי האָט געהאַט אין די צייטן פון דער פּטאָלאָמייער דינאַסטיע און אין די צייטן פון די סעלוקוסן" (דאָרט).

פּאמפּיי האָט זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן. צוליב די קריגערייען פון די ברידער אַריסטובלוס און הורקנוס און דעם פּאַציפיזם פון די פּרושים, האָט פּאַמפּיי איינגענומען גרינג גאַנץ יהודה. יוסף קלויזנער, ווי אויך האָב פריִער באַמערקט, טייטשט אויס אַלע געשעענישן לטובת די חשמונאים און זוכט אַפילו נאַציאָנאַלן מלוכהשן הינטערגרונט אין אַלע האַנדלונגען פון די פּרושים, גיט דאָך צו, אַז די פּרושים האָבן געהאַט אַ חלק אין גרינגן און גרינטלעכן, טאָטאַלן, זיג פון פּאמפּיי. זאָגט יוסף קלויזנער:

„נישט הורקנוס און אַריסטובול, אויך נישט די פּרושים זענען שולדיק אין דעם וואָס ארץ־ישראל איז איינגענומען געוואָרן פון רוים. אָבער שולדיק זענען די צוויי ברידער און שולדיק זענען די פּרושים און אַנטיפּאָטער, וואָס איז געשטאַנען הינטער הורקנוסן, וואָס דער כּיבוש האָט געבראַכט צו אַזאַ טרויעריקן מצב. (אָן זיי) איז גאַנץ מעגלעך אַז די רוימער וואָלטן איבערגעלאָזט ארץ־ישראל ווי זי איז: איבערגעלאָזט די מלוכה און אירע פּראָווינצן וואָס זי האָט באַזיגט און בלויז געפאָדערט אַ בונד וואָס זאָל זי, יהודה, מחייב זיין צו צושטעלן זעלנער און שפּייז אין אירע (רוימישע) מלחמות מיט די פּערסער. אַזעלכע מדינות, דאָס מיינט פרייע מער ווייניקער און נאָר געבונדן צו איר אין מיליטערישן זין, האָט רוים געהאַט אין די צענדליקער" (דאָרט, ז' 227).

די פּרושים איז נישט אָנגעגאַנגען צו שטאַרק דאָס מלוכהשע לעבן, אָבער זיי האָבן איבערגענומען דעם גאַנצן אינערלעכן ייִדישן לעבן. זיי האָבן געוואָלט רעאַליזירן אַ הייליק לעבן דורך דער הייליקייט פון דער אמונה. קלויזנער וויל האָבן, ווי אַ סך וואָס ווילן אויסטייטשן ייִדישע געשיכטע לויט מאַטעריאַליסטישן קוק, אַז ווייל די שעפער פון פאָלק זענען אָפּגעריסן געוואָרן פון מלוכה־לעבן מיט געוואַלד, האָבן זיי אַריינגעטון זייערע גרויסע פעאיקייטן אין דעם איין און איינציקן געביט וואָס איז זיי דערלויבט געוואָרן (דאָרט, כרך ד', ז' 112).

שווימט דאָך אַרויף די אַלטע פראַגע: ייִדן זענען נישט געווען דאָס איינציקע פאָלק וואָס האָט פאַרלאָרן זיין פּאָליטישע פרייהייט און זיינע שעפער האָבן זיך נישט געקענט אָפּגעבן מיט מלוכה־לעבן, איז פאַרוואָס האָבן אַנדערע פעלקער נישט געשאַפן אַזאַ אייגנאַרטיקן וועלט־קוק ווי די ייִדן? אָבער וואָס די סיבה איז געווען, די פּרושים האָבן שוין אין זייער אייגן לאַנד אַנטוויקלט אַ „מלוכה אין אַ מלוכה. פרעמדע — די רוימער, און פרעמדע־אייגענע — הורדוס מיט זיין קליקע זענען געווען די פּאָלי־

טישע הערשער און עקאָנאָמישע באַלעבאַטים פון לאַנד און די פּרושים זענען געווען די גייסטיקע באַלעבאַטים. דאָס איז געווען אַ מין צוגרייטונג פאַר גלות.

הייליקן דאָס לעבן דורך דער הייליקייט פון אמונה אַזוי אַז יעדע וואָכעדיקע עובדא, וואָס דער ייִד טוט, זאָל געהייליקט ווערן מיט דער קדושה פון דינען גאָט, דאָס איז געווען דער ציל פון די פּרושים. אָבער דאָס איז נישט געווען מעגלעך איינצופירן דורך דעם טויטן בוכשטאַב פון ספר. די תורה איז טאַקע געבליבן הייליק, אָבער עס האָט געדאַרפט איינ־געשטעלט ווערן אַ פּרינציפּ פון אַנטוויקלונג אַזוי, אַז מען זאָל די תורה קענען צופּאַסן לויט דער פאָדערונג פון צייט און אָרט און דאָך בלייבן די זעלבע אין תוך.

סיי ביי די פּרושים און סיי ביי די צדוקים איז די תורה געווען הייליק, און אַלע ענינים פון טאָג־טעגלעכן לעבן האָבן געמוזט באַשטימט ווערן דורך איר, דורך דער תורה. אָבער בעת די צדוקים האָבן זיך געהאַלטן אָן דער תורה, ווערטלעך, האָבן די פּרושים זיך דערלויבט צו דרשהנען די תורה, צו פאַרטייטשן זי און אויסטייטשן זי לויט דער פאָדערונג פון דער צייט. זיי האָבן דאָס געטון נישט ווייל זיי האָבן געמיינט צו זיין רעפאָר־מאַטאָרן, נאָר ווייל זיי האָבן געגלייבט מיט אַ טיפן הייליקן גלויבן, אַז עס איז אוממעגלעך פאַר גאָט, וואָס איז דער קוואַל פון גוטס, צו געבן אַ תורה, צו פאַרשרייבן אין געטלעכער אַנטפּלעקונג, עפּעס וואָס, וואָס איז נישט גוט און נישט לאָגיש און וואָס עס איז נישט צוגעפּאַסט צו דער צייט און צו די תנאים פון דער תקופה. מיט דעם האָבן די פּרושים געהאַט די אויבערהאַנט איבער די צדוקים, וואָס זיי, די פּרושים, האָבן אַריינגע־בראַכט נישט ווילנדיק אַ גייסט פון אַנטוויקלונג אין דער ייִדישער רעליגיע (דאָרט, כרך ג׳, ז׳ 136).

פון דעם גייסט האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט אַ ייִדישקייט, וואָס איז אָן אינסטיטוציע ייִדישקייט אָן אינסטיטוציע אויטאָריטעט. מיט דעם חורבן פון בית שני און שפּעטערדיקער צעשפּרייטונג איז דער אַמאָליקער סנהדר־רין, ווי די העכסטע אויטאָריטעטישע אינסטיטוציע פאַרשוווּנדן געוואָרן טום. עס איז געבליבן די אויטאָריטעט פון דין, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן פון דער מערהייט פון די חכמים. דער דין ווערט ברייט און גרינטלעך דיסקוטירט און יעדע מיינונג ווערט פאַרנאָטירט. עס ווערט נישט אונ־טערגעדריקט קיין מינאָריטעט־מיינונג, נישט נאָר ווען דער דין איז דיס־

קוטירט געוואָרן נאָר אויך נאָכדעם ווען ער איז פאַרשריבן געוואָרן. נאָך דער דיסקוסיע בלייבט ווי די מערהייט פון די חכמים האָבן באַשטימט און אַלע פאָלגן אויס פרייווויליק די באַשטימונג פון דער מערהייט.

ו.

די גרויסע מעלה פון אַזאַ פרייווויליקן אָננעם איז וואָס ס'איז נישטאָ קיין פאָרמעלע אינסטיטוציע און במילא איז נישטאָ קיין פאָרמעלע סעקור־לאַרע מאַכט, וואָס צווינגט אָנצונעמען די אינסטיטוציע רעליגיע (וועגן דער ענין באריכות זע, אין ענגליש, „די פרושים פון פינקלשטיין, באַנד 2, זז' 623־622).

ביי יידן איז דאָ דער אויטאָריטעט פון דין, נישט פון דעם גייסטלעכן פירער. דער יידישער רב איז נישט מער ווי אַ מומחה, אַ ייד אַ תלמיד־חכם, וואָס קען לערנען און איז באַהאַוונט אין דין. ער האָט נישט קיין ספּעציעלע אויטאָריטעט ווי להבדיל דער גלח אין דער קאַטוילישער קירך. מען דאַרף נישט קיין רב דורכצופירן אַ ברית, אַ חתונה, אַ גט אָדער זאָגן ווידוי מיט אַ קראַנקן. יעדער ייד קען דורכפירן די ריטואַלן, אויב ער ווייסט ווי אַזוי, ער דאַרף נאָר האָבן עדות, ווי למשל בעת געבן חופה־וקידושין אָדער גט.

נאָך מער, אַפילו די אויטאָריטעט פון די רבנים איז דעצענטראַליזירט. יעדער רב איז אויטאָריטעט בלויז אין זיין קהילה. יעדע קהילה איז באַלע־באָס איבער זיך. נישטאָ קיין העכערע אויטאָריטעט וואָס זאָל אָריינשיקן אַ רב אין אַ קהילה. נאָך מער, יעדער מנין יידן מעג מאַכן אַ קהילה פאַר זיך מיט איר אייגענעם רב, וואָס זי קלייבט אויס.

אָט דאָס וואָס יידישקייט איז דורך דער גאַנצער צייט פון גלות נישט געבליבן קיין פאַרגליווערטער ריטואַל און פאַרשטיינערטע פאָרמאַליטעט, נאָר האָט געשאַפן אַ רייכן, טיפן שיינעם עטיש־רעליגיעז לעבן איז דאָס געווען ווייל לויט דער תלמודישער טראַדיציע איז שטענדיק געווען אַן אָפּאָזיציע. מער נאָך — געהאַלטן, אַז אַן אָפּאָזיציע איז אַ מעלה.

„דער פאַקט, אינאיינעם מיט דעם איינשטעל פון אַ צוויי גרופּיקע קאָנטראָל, וואָס איז געווען די טראַדיציע ביי די פרושים פון אָנהייב אָן, האָט עווענטועל געפירט צו פונאַנדערטיילונג אין דער חברותא. די פּראָוויני־ציעלע גרופּע און אירע חכמים־פאָרשטייער זענען געוואָרן די בית שמאיס; די שטאָטישע גרופּע און אירע פאָרשטייער זענען געוואָרן די בית הללס.

אָבער נישט געקוקט, וואָס די קעגנערשאַפט פון די גרופּעס איז געווען אַ פּערמאַנענטע, אַ שטענדיקע, און גאַנץ אָפט אַ ביטערע, האָט עס נישט געפירט צו סעקטאַנטיזם. הלל און שמאי ווי זייערע תּלמידים, גמליאל דער ערשטער און עקביה בן מהלל, רבי שמעון בן גמליאל און רבי יוחנן בן זכאי, רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנינה, רבי ישמעאל און רבי עקיבא, אַלע האָבן איינער דעם אַנדערן באַטראַכט ייי אמתע פּרושים, איבערגעגעבן צו די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן פון דער הברה:א און אינגאַנצן לאָיאַל צו איר" (דאָרט, ז' 620).

"דער אויפטו אויפצוהאַלטן אייניקייט אין דער צייט, וואָס ס'איז דאָ אַזאַ פאַרשיידנקייט פון פערזענלעכע מיינונגען און לאָקאַלע אומשטענדן, איז דורכגעפירט געוואָרן דורך עטאַבלירן אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט פאַר־נומען דעם אָרט פון דעם סנהדרין: אַ צושטימונג צו דער אויטאָריטעט פון געלערנטקייט. עס זענען דורך אַזאַ וועג פון אַלגעמיינער צושטימונג נישט דורך אַ פאָרמעלן שטימען אָדער פּלעביסציט, נאָר בלויז דורך אַלגעמיינער צושטימונג זענען אויפגעקומען אויטאָריטעטן. אַזוי איז פאַרשפּרייט גע־וואָרן צווישן די יידישע חכמים און צווישן יידישן פאָלק בכלל, וואָס דער תּלמוד בבלי איז אָנגענומען געוואָרן ווי אַ גרעסערער אויטאָריטעט ווי דער תּלמוד ירושלמי און אַז אַזעלכע רבנים ווי רבי גרשם, רש"י, אלפס, רמב"ם, יוסף קארו, זענען געוואָרן די אויטאָריטעטן פון אויסטייטשן די רבנישע יידישקייט" (דאָרט, 622—623).

ייִדישקייט איז נישט געבליבן אינגאַנצן מעור אחד. ייִדישקייט האָט אָנגעהאַלטן אַ געוויסע וואַריאַציע צווישן פאַרשיידענע וועלט־טיילן. עס זענען דאָ אַרום צוואָנציקערליי נוסחאות פון דאַוונען. פאַראַן נאָך מער פונדאַמענטאַלע אונטערשיידן ווי נוסחאות פון דאַוונען, למשל די איינוווי־נער פון ארץ־ישראל האַלטן נאָר איין טאָג יום־טוב, די אין גלות — צוויי טעג. אויך וועגן פּסחדיקע מאכלים, וועגן מילכיק און פליישיק זענען דאָ אונטערשיידן. אַפילו שבת ווערט אומעטום נישט אָפּגעהיט גלייך. די אַלע אונטערשיידן זענען על פּי דין. קיינער פּרעגט זיי נישט אָפּ און איין גרופּע ווערט נישט אָפּגעטיילט פון דער אַנדערער. (דאָרט).

ייִדישקייט האָט אויפגעהאַלטן דאָס לעבעדיקע וואָרט פון די נביאים דורך אָפּהיטן פאַר דעם אייגענעם קרייז, גאָר אַ היבכע מאָס פון דער טאָ־לעראַנץ פון די פּרושים. דערפאַר, נישט געקוקט וואָס ייִדישקייט איז רע־גולירט געוואָרן פון אַ שטרענגן קאָדעקס, איז עס דאָך נישט געוואָרן פאַרגליווערט און פאַרשטיינערט. ייִדישקייט איז געבליבן שעפעריש, און צו אַ געוויסער מאָס וואַריאירט, ווייל דאָס לערנען פון דער תּורה מיט די פאַרשיידענע מינאָריטעטן־מיינונגען האָבן דערלויבט מיינונגס־פאַר־

שיידנקייט: בלינדער גלויבן און פילאָסאָפישע באַגרינדונגען, קבלה און נסתר, שטרענגע פרומקייט און פרישות, מחמירים, און שטרענגע פרומקייט בין אדם למקום און מקילים בין אדם לחברו.

דערפאַר האָבן אין די שטעט און שטעטלעך געקענט זיין אַזוי פיל שיינע ייִדן. שיינע ייִדן מיינט, ווי אברהם יהושע העשעלעס זאָגט: ייִדן פון גרויסע עטישע מידות און זהירות פון בין אדם לחברו און בין אדם למקום. עס זענען געווען ייִדן וואָס האָבן געשטעלט גאָר אַ סך אויף גמילת חסדים, אויף צדקה, אויף ליבשאַפט צו דער תורה, אויף יושר צום געדריקטן, אויף הכנסת כלה, אויף לערנען אָרעמע קינדער, אויף אָפּהיטן שבת, אויף פדיון שבויים און בכלל טון טובות צו ייִדן.

עס איז געווען גרינג צו זיין אַ צדיק אין אַ ייִדיש שטעטל. מען קען זאָגן, אַז דאָס איז געווען די נאָרמע. אַלע האָבן עס אָנגענומען ווי אַ פאַרשטענדלעכע זאַך און מען האָט מקנא געווען דעם צדיק, וואָס האָט כוח געהאַט דורך זיינע מעשים טובים זיך צו דערנענטערן צו גאָט.

עס גייט אין לעבן אַ סך פון אונדזערע שרייבער צו באַווייזן אַז אין די פרומע שטעטלעך זענען געווען געמיינע און רשעותדיקע ייִדן ווי אין דער גאַנצער נישט־ייִדישער וועלט. ווען מען קומט און מען ווייזט זיי אָן אויף דער גרויסער צאָל ערלעכע, פרומע עטישע פערזענלעכקייטן, וואָס זענען געווען אין שטעטל, נישט נאָר צווישן די למדנים און וויל־קענער נאָר אויך צווישן פּראָסטן פאָלק, דערציילן זיי אייך פון קלאַסן־צעטיילונג, פון עוולות, רשעות פון יחידים און פון כלל.

אָבער די מרשיעים באַנעמען נישט, אַז דאָס וואָס ייִדן זענען, ביז אַ געוויסער מאָס, געווען ווי אַלע מענטשן איז אַ גאַנץ פאַרשטענדלעכע זאַך. ס'איז גאָר קיין וווּנדער נישט. ייִדן עסן, שלאָפן און פאַרמערן זיך ווי אַלע מענטשן. די וויכטיקייט איז מיט וויפל איז דאָס ייִדיש שטעטל געווען אַנדערש פון די אַרומיקע נישט־ייִדישע ישובים. קיינער, דאַכט זיך מיר, וועט נישט אָפּלייקענען אַז די ייִדישע קהילות פון פּוילן, ליטע, רייסין און גאַליציע זענען געשטאַנען אַפילו נאָך אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אויף אַ סך גרעסערער עטישער הויך פון די נישט־ייִדישע ישובים אַרום זיי.

שלום אַשס „שטעטל", פּרצס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" און זיינע חסידישע דערציילונגען, יהודה שטיינבערגס „חסידישע מעשיות", מענדעלעס „שלמה רב חיימס", אברהם יהושע העשלס „דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִד", גיבן אַ בעסער בילד און מער אינערלעכן אמת פון שטעטל

פון אַלע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, וואָס דערציילן כלומרשט דעם אמתן אמת פון דעם לעבן פון די ייִדישע קהילות.

ייִדן זענען טאַקע ווי אַלע מענטשן. אַוודאַי. אָבער אַ מנין ייִדן, אַפילו איצט, איז מער ווי אַ גרופּע פון בלויז צען מענטשן. אַ מנין האָט אַ ניצוץ אין זיך פון דער אידייע צו ווערן אַ הייליק פאָלק און פירן אַ הייליק לעבן. אַמווייניקסטן אַזוי איז עס געווען ביז נישט־לאַנג צוריק. דאָס וואָס עס זענען געווען אַזויפיל עפּנטלעכע צדיקים אין די ייִדישע קהילות איז דער בעסטער באַווייז פאַר דער הויכער עטישער ניוואָ פון דער תפוצות יש־ראל — די ווירקזאַמקייט פון אַ מנין!

פאַר אונדז איצט מיינט עס — אַז אויב מיר ווילן פאַרוואַנדלען אונ־דזער מאַטעריאַליסטישן סעקולאַרן לעבן צוריק אין אַ ייִדיש הייליק לעבן, דאַרפן מיר זיך גריבלען מער און מער אין די מעלות טובות פון אַמאָליקער ייִדישקייט. מיר דאַרפן זען אַרויסברענגען דעם גאַנצן מאור היהדות. דאָס מיינט נישט אַז צוליב דעם דאַרפן מיר פאַרלייקענען און פאַרטושן די שלעכטע זאַכן וואָס זענען געווען אין ייִדישן לעבן. עס מיינט נאָר אַז מיר דאַרפן האָבן געענוג אהבת ישראל און אהבת היהדות אָנצוגעמען אַז דאָס מענטשלעכע ביי ייִדן, דער „אוצר לב האדם רע מנעוריו", איז אַ גאַנץ פאַרשטענדלעכע זאַך. אָבער דאָס וואָס ייִדן האָבן געהאַט אַזויפיל „ותחסרהו מעט מאלהים" איז פאַר אונדז גאָרנישט אַזוי פאַרשטענדלעך. דאָס דאַרף אונדז סטימולירן און טרייבן צוריק אויפבויען אַ גאַנץ ייִדיש לעבן.

# פאַרוואָס און צוליב וואָס יידישקייט

### א.

עס זענען דאָ יידישע היסטאָריקער, וואָס האַלטן אַז צוליב דער ספּעציפישער גלות־לאַגע האָבן יידן אויסגעקליבן פאַר זיך בלויז איין פּאַזע פון דער וועלט־ציוויליזאַציע — פאַרווירקלעכן די געטלעך־עטישע געבאָטן אין טאָג־טעגלעכן לעבן. אָבער אמתער זענען די וואָס האַלטן, אַז ווייל יידן האָבן אַוועקגעשטעלט די מצוות בין אדם לחברו און די מצוות בין אדם למקום אין צענטער פון לעבן, האָבן זיי דערפאַר אויסגעקליבן גלות, אָדער האָבן שלום געמאַכט מיט גלות און עס האָט זיי נישט געאַרט צו פירן אַ נאַציאָנאַל לעבן, וואָס ביי אַן אַנדער פאָלק וואָלט עס פאַררעכנט געוואָרן ווי אַן אוממעגלעכקייט, אַן אומזין.

יידן האָבן איבערגעלאָזט צו זייערע שכנים אַלע אַנדערע פּאַזן פון מענטשלעכער קולטור, אָדער ציוויליזאַציע: וויסנשאַפט, אַדמיניסטראַטיווע ענינים, אינדוסטריעלע פּראָבלעמען, מיליטערישע לימודים און קרימינאָלאָגיע. יידן, ווי אַ פאָלק, האָבן זיך נישט פאַרנומען מיטן גאַנצן קאָמפּלעקס פון שטאַט־געבוי און פירערשאַפט, מוניציפּאַלע אַדמיניסטראַציע, דיפּלאָמאַטישע חכמה און קאַמף קעגן דער פיזישער אכזריות פון דער נאַטור — נאַוויגאַציע, טראַנספּאָרטאַציע, אַגריקולטור און ענלעכע ענינים.

יידן האָבן פּאַקטיש געזאָגט צו זייערע שכנים: מיר פאַרלאָזן זיך אויף אייך אַז איר זאָלט אונדז באַשיצן לויט דער איצטיקער איינגעשטעלטער רשעותדיקער מאָראַל. לויט דעם מצב פון מאָראַל אין דער איצטיקער וועלט קענען מיר נישט איינשטעלן אַ נאַציאָנאַל לעבן וואָס אונדז זאָל געפעלן. מיר וועלן זיך, ווי אַ פאָלק, צוריקהאַלטן פון דער וועלט. מיר לאָזן אויס

פון אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן די גאַנצע חומרישע מלוכה. אַוודאי ווייסן מיר אַז אָן דער מורא פון מלכות וואָלט איין מענטש איינגעשלונגען דעם אַנדערן לעבעדיקערהייט. נאָר מיר ווילן מלכות איבערלאָזן פאַר אייך, מיר ווילן זיך מאַטערן און פירן מיט אייער חסד אַ באַגרענעצטן און איינגעשרומפּטן נאַציאָנאַלן לעבן! *)

היסטאָריש קען מען זאָגן, אַז די ייִדישע ישובים אין די תפוצות האָבן נאָכן חורבן בית שני איבערגענומען פון די איסיים די אידייע צו איגנאָרירן מדינה און דערווייטערן זיך פון איר און נעמען וואָס ווייניקער אָן אָנטייל אין דער חומרישער וועלט, אָדער ווי מיר וואָלטן איצט געזאָגט, איגנאָרירן ביז אַ געוויסער מאָס די וועלט־ציוויליזאַציע. די ייִדן אין גלות זענען נישט אַוועק אַזוי עקסטרעם ווי צו גרינדן קאָמונאַלע קהילות. אָבער אין תוך איז דער גאַנג פון איסיים, צו איגנאָרירן דעם אַלגעמיינעם נישט ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, געוואָרן דער דרך פון די תפוצות. די איסיים האָבן זיך פאַרלאָזט אויף די פּרושים און צדוקים זיי זאָלן אָנפירן מיט דעם דעמאָלטיקן מלוכה־לעבן און אויפהאַלטן די דעמאָלטיקע ציוויליזאַציע — בויען וועגן, אויסהאַלטן דעם בית־המקדש, אָנפירן מיט די געריכט־הייזער, באַשטראָפן די זינדיקע. אויך די ייִדן אין די גלות־לענדער האָבן איבערגעלאָזט דעם אָנפיר פון מלוכה און אויפהאַלטן די חומרישע ציוויליזאַציע, ביז אַ באַשטימטן פּונקט, צו די נישט־ייִדישע שכנים.

דער איסור, וואָס ייִדן האָבן אַרויפגעלייגט אויפן לימוד פון ספרים חיצונים, האָט אויטאָמאַטיש געמאַכט דאָס ייִדישע פאָלק אַנדערש פון אַנ־דערע פעלקער. מען קען זאָגן אַז דער איסור האָט אוממעגלעך געמאַכט אַז ייִדן זאָלן פירן אַ מלוכה־לעבן און אָנטיילנעמען אין דער גאַנצער וועלט — ציוויליזאַציע. צוליב דעם איסור אויף חכמת יונית איז תורה־לערנען גע־וואָרן דער עיקר פון לעבן, און דער פּסוק: „און דער ספר פון דער תורה זאָל זיך נישט אָפּטון פון דיין מויל, און דו זאָלסט טראַכטן דערפון טאָג און נאַכט“ (יהושע א, ח) איז געוואָרן דער וועג־ווייזער פון ייִדן.

אַוודאי קען מען ברענגען מאמרי חז״ל און אויפווייזן אַז על פּי דין

---

*) טרעוועריס ר. הערפאָרד מיינט אַז דער מאמר אין אָבות „שאלמלא מוראה של מלכות איש את רעהו חיים בלעו“ איז אָנגעווענדט געוואָרן אויף די רוימער. ס׳מיינט: אַז די חז״ל האָבן געהאַלטן אַז אַפילו די רשעותדיקע מלכות פון רוים איז אין דער ווירקלעכקייט אַ נויטווענדיקייט.

מעגן יידן לערנען וויסנשאַפטן און אַ סך גדולי־הדור זענען געווען אויך גרויסע פילאָסאָפן, מאַטעמאַטיקער, און עטלעכע געציילטע וויסנשאַפטלע־כע פאָרשער. אָבער דער אמת איז, אַז אין פּראַקטישן טאָג־טעגלעכן פאָלקס לעבן איז דער איסור אויף חכמה חיצונית אויסגעפאָלגט געוואָרן אָן רע־זערוואַציעס. ס'איז פאַררעכנט געוואָרן ווי ביטול תורה.

די מאמרים וועגן חכמה חיצונית, וואָס זענען לכתחילה אפשר נישט געווען קיין פאַרפיקסירטע דינים, זענען געוואָרן די מושלים אין יידישן לעבן.

„דער וואָס ברענגט אַריין אין זיין הויז מער ווי די פיר און צוואַנציק ספרים, ברענגט אַריין אַ צעטומלעניש אין זיין שטוב" (קהלת רבה יב, יג).

„האָט מען געלערנט אין נאָמען פון רבי אליעזר: דער ספר און די שווערד זענען געגעבן געוואָרן פון הימל צוזאַמענגעוויקלט. האָט ער געזאָגט צו זיי: אויב איר וועט אָפּהיטן וואָס עס איז פאַרשריבן אין דעם ספר, וועט איר געראַטעוועט ווערן פון דער שווערד, אויב נישט, וועט די שווערד אייך הרגענען" (מדרש רבה, ויקרא, פרשה ל"ה, ה).

אויף חכמה יונית און די ספרים פון האָמער איז טאַקע נישטאָ קיין פאַרבאָט, אָבער להגיון נתנו — זיי זענען געגעבן געוואָרן בלויז אויף אַריינקוקן אין זיי, נישט צום לערנען (ירושלמי סנהדרין, פּרק א). צו לער־נען חכמה חיצונית דאַרף מען געפינען אַ שעה, וואָס איז נישט טאָג און נישט נאַכט (מנחות צט).

יידישע יחידים האָבן אַ סך אויפגעטון אויף די געביטן פון וויסנשאַפט, מלוכה־אַדמיניסטראַציע און אַוודאי אין אינדוסטריע און פינאַנץ. אָבער די אַלע וויסנשאַפטלער זענען דערצויגן געוואָרן אין דער נישט־יידישער וויסנשאַפטלעכער וועלט. דער יידישער שול־וועזן האָט זיי נישט דערצויגן. ברוך שפינאָזאַ און אַלבערט איינשטיין וואָלטן נישט געקענט אויפבויען זייערע שיטות אָן מאַטעמאַטיק, אַ וויסנשאַפט וואָס די יידן ווי אַ פאָלק האָבן זיך מיט איר נישט פאַרנומען. מען האָט נישט געלערנט קיין מאַטע־מאַטיק אין די יידישע העכערע אַקאַדעמיעס — ישיבות. אויך אָן סאָציאָלאָ־גיע און קולטור היסטאָרישן קוק אויף דער מענטשלעכער געשיכטע, וואָס מען האָט נישט געלערנט אין די יידישע ישיבות, וואָלט קאַרל מאַרקס נישט געקענט פאָרמולירן זיין היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. דאָס זעלביקע קען אָנגעוויזן ווערן אויף אַלע יידישע מוזיקערס, מאָלערס און דערציי־לערס. קיינער פון זיי האָט נישט געקראָגן זיין קינסטלערישע אויסבילדונג אין חדר אָדער ישיבה. לייענען נאָטן, דאָס געבוי פון ליד, מישן פאַרבן,

דאָס האָבן די קינסטלער געלערנט אין די נישט־ייִדישע אַקאַדעמיעס. מען קען בלויז זאָגן וועגן אַ סך ייִדישע וועלט־באַרימטקייטן, אַז זייער כאַראַקטער האָט זיך פאָרמירט אין חדר אָדער ישיבה, אָדער אין דער ייִדישער שטוב־סביבה. זייער סעקולאַרן וויסן האָבן זיי געקראָגן אין דער נישט־ייִדישער וועלט.

דער חדר האָט זיך נישט געשטעלט פאַר אַ ציל צו צוגרייטן דאָס ייִדישע קינד פאַר וועלכער ס׳איז קאַריערע אין לעבן, אָדער מאַכן אים פאַר אַ פונקציאָנער אין מלוכה־לעבן, אָדער אַפילו אין ייִדישן קהילה־לעבן. דער חדר האָט געהאַט איין צוועק — געבן ייִדישע קינדער אַזעלכע ידיעות, אַז זיי זאָלן קענען זיין אַקטיווע ייִדן. אַ ייִדיש קינד האָט געדאַרפט קענען דאַווענען, וויסן דעם סדר התפילות פון וואָך, פון שבת און פון יום־טובים. אַ ייִדיש קינד האָט געדאַרפט קענען מאַכן אַ ברכה אויף אַלץ פון וואָס ער האָט געגעסן. ער האָט געמוזט זיין באַקאַנט מיט דער מעכאַניק פון די מצוות: לייגן תפילין, שפּעטער ווי אָנצוטון אַ טלית, ווען צו קושן ציצות, ווי אַזוי צו שטיין שמונה עשרה, ווען מען מעג עסן מילכיקס, מעביר זיין די סדרה, אאַז״וו. נישט געקוקט אויף אַלע פרימיטיווע מעטאָדעס און נישט קיין אַקאַדעמיש־צוגעגרייטע מלמדים, האָט דער חדר בכלל דורכגעפירט זיין שליחות בשלימות.

די ישיבה איז געווען אַ העכערע דערציאונגס־אינסטיטוציע — אָבער אַלץ אין די ראַמען פון ספּעציפישע ייִדישע לימודים. די ישיבות זענען אַפילו נישט געווען קיין סעמינאַרן וווּ מען האָט צוגעגרייט רבנים. מען האָט נישט געלערנט קיין באַשטימטע קורסן כדי צו ווערן אַ רב. מען איז געוואָרן אַ למדן און די וואָס האָבן געוואָלט האָבן געקראָגן סמיכה. אָבער דער עיקר איז די ישיבה געווען אַ מקום־תורה — מען האָט געלערנט לשמה.

אין פלוג זענען אויך ביי די אומות העולם, ביז נישט לאַנג צוריק, געווען די געציילטע העכערע לערן־אינסטיטוציעס רייך טעאָלאָגישע. אָבער חוץ טעאָלאָגיע האָט מען אויך געלערנט (אמת, טעאָלאָגיש באַפאַרבט) פילאָסאָפיע, רעטאָריק, לאָגיק, מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, מוזיק און פיזישע וויסנשאַפט. צי די קירך האָט געוואָלט, צי נישט, צי זי האָט לכתחילה דערלויבט, צי נישט, האָבן אָט די טעאָלאָגישע אוניווערסיטעטן געדאַרפט צושטעלן אַדמיניסטראַטאָרן, מעדיקער, מיליטער־לייט, וויסנשאַפטלער, פּערסאָנאַל פאַר דער אינדוסטריע און מלוכה־אַפּאַראַט. ביס־

לעכווייז, ביסלעכווייז האָבן די טעאָלאָגישע אינסטיטוציעס אַנטוויקלט וויסנשאַפטלעכע סקעפּטיקער, וואָס האָבן איבערגענומען די אַדמיניסטראַציע פון די אינסטיטוציעס און זיי געמאַכט פאַר סעקולאַרע דערציאונג־אַנשטאַלטן ווו מען לערנט אויך טעאָלאָגיע. גוטע ביישפּילן זענען געווען די אוניווערסיטעטן אָקספאָרד און קעמברידזש אין ענגלאַנד און טיילווייז האַרוואָרד און קאָרנעל ביי אונדז אין אַמעריקע. מיט די ישיבות האָט אַזוינס נישט פּאַסירט. אויך אין זיי זענען אויפגעקומען סקעפּטיקערס און אַפּיקורסים, אָבער זיי האָבן נישט פאַרוואַנדלט די ישיבות אין סעקולאַרע אינסטיטוציעס. די סעקולאַרע לימודים זענען קיינמאָל נישט געוואָרן קיין אינטעגראַלער טייל פון ייִדישע לימודים. די סקעפּטיקערס האָבן פאַרלאָזט די ישיבות און זענען אַוועק אין דער נישט־ייִדישער וועלט. די ישיבות פון ראַדון, סלאָבאָדקע, טעלז און די אַנדערע אין פּוילן, ליטע און רייסן מיט פופציק יאָר צוריק, זענען געווען די זעלביקע ווי די ישיבות פון נהרדעא פון פומפּדיתא מיט אַנדערהאַלבן טויזנט יאָר צוריק.

ייִדן האָבן אָנגענומען זייער אַנדערשקייט, אָדער בעסער אפשר, זייער ספּעציפישן אָרט אין דער וועלט, ווי אַ נאַטירלעכע דערשיינונג. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דאָס ייִדישע פאָלק איז דער הויפּט־צוועק פון דער יצירה. אָט דער באַגריף איז געווען אַ המשך פון דעם נביאישן וועלט־באַנעם. די נביאים האָבן געהאַלטן אַז די גאַנצע וועלט דרייט זיך אַרום דער ייִדישער וועלט. אַזוי האָבן אויך געהאַלטן די חכמי התלמוד. דער ייִדישער מענטש, ביז נישט־לאַנג צוריק, האָט אָנגענומען ווי אַ נישט־אָפּגעפרעגטן פאַקט וואָס די גמרא זאָגט: אַזוי ווי עס קען נישט זיין קיין וועלט אָן פיר זייטן, אַזוי קען נישט זיין קיין וועלט אָן ייִדן (עבודה זרה, י׳). דאָס ייִדישע ייִנגל אין שטעטל האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז עס קען זיין אַ וועלט בלויז מיט אַ ייִדיש פאָלק אָן גוייִשע פעלקער, אָבער ער האָט נישט געקענט משיג זיין, אַז עס קען זיין אַ וועלט אָן ייִדן. אַלץ איז דאָ צייטווייליק, אָבער נישט דאָס ייִדישע פאָלק: „אַ דור פאַרגייט און אַ דור קומט און די ערד איז אייביק" (קהלת א, ד).שלמה המלך האָט געזאָגט: אמת, אַ דור פאַרגייט און אַ דור קומט, אַ מלוכה פאַרגייט און אַן אַנדערע קומט אויף, אַ גזירה ווערט אָפּגעשאַפט און אַן אַנדערע קומט אָן, אָבער די ערד איז אייביק, אַזוי זענען אויך ייִדן אייביק. זיי זענען נישט פאַרלאָזט געוואָרן און וועלן נישט פאַרלאָזט ווערן. זיי זענען נישט פאַרלענדט געוואָרן און וועלן נישט פאַרלענדט ווערן. עס שטייט דאָך געשריבן: „ווייל איך, גאָט, ענדער זיך

נישט און איר, בני יעקב, וועלן נישט פאַרלענדט ווערן" (מלאכי ג, ו). אַזוי זי איך האָב זיך נישט געענדערט און וועל זיך נישט ענדערן אַזוי איר, בני יעקב, קענען נישט פאַרלענדט ווערן און וועלן נישט פאַרלענדט ווערן" (ברייתא דפרק השלום, לויט די אַגדות פון ביאַליק און רבניצקי, ספר שלישי, ז׳ 18).

די ייִדישע אוטאָפּיע איז געווען צו זיצן רואיק אויפן לאַנד, די שטעט נישט באַפעסטיקט, אָן אַ מויער אַרומגערינגלט, אָן טויער און ריגל. קיינער וועט נישט קומען צו רויבן און פּלינדערן. אַ רואיק פאָלק איינגעזאַמלט געוואָרן פון צווישן די פעלקער. אַ פאָלק וואָס האָדעוועט פי און שעפּסן און זיצט אין דער מיט פון דער וועלט (יחזקאל לח׳ יא־יג). ווי קען מען פירן אין איצטיקער רשעותדיקער וועלט אַזאַ מדינה? אָבער ייִדן האָבן נישט געהאָלט אָפּלייגן איינגאַנצן אָט די אוטאָפּיע אויף לעתיד לבוא. זיי האָבן געוווּסט אַז אויב „אויף דערווייל" וועלן זיי זיך אויפפירן ווי אַלע פעלקער, וועלן זיי קיינמאָל נישט ווערן ראוי אויסגעלייזט צו ווערן. האָבן זיי געזאָגט (ס׳איז נישט וויכטיק צי זיי האָבן עס געזאָגט בפה מלא צי נישט. זייערע מעשים האָבן עס געזאָגט), מיר וועלן דערווייל אויפגעבן איינגאַנצן דעם באַגריף פון מדינה. מיר וועלן ווערן אַזאַ פאָלק וואָס וועט קענען לעבן ווי אַ פאָלק אין אַ פאָלק. מיר וועלן זיך פאַרלאָזן אויף דעם יושר פון דער רשעותדיקער וועלט זי זאָל אונדז זאָל אונדז באַשיצן. אַוודאי וועלן מיר דאַרפן לעבן אַ נישט־נאָרמאַל לעבן. אָבער זייער נאָרמאַל לעבן איז נאָך ווייניקער נאָרמאַל פאַר אונדזער. ווייל ווי קען זיין רשעות נאָרמאַל? אַוודאי ווייסן מיר אויך אַז מיר וועלן דאַרפן צאָלן אַ הויכן מקח פאַר אונדזער שטעלן זיך קעגן דער וועלט. אָבער עס איז כדאי און מיר זענען גרייט אויף דעם.

דער חדר און די ישיבה האָבן צוגעגרייט בירגער פאַר אַזאַ ייִדן־לאַנד. דאָס לעבן איז געווען אַן אייגנאַרטיקער און די דערציאונג איז געווען אַן אייגנאַרטיקע. די אייגנאַרטיקייט איז אויפגעהאַלטן געוואָרן דורך דעם לימוד פון תורה. גאָר באַלערנט זענען די דריי מאמרים פון מדרש:

„איך וועל זיי נישט פאַרמיאוסן און נישט פאַראַכטן (ויקרא כ״ו, מד). וואָס איז איבערגעבליבן די ייִדן וואָס זיי זענען נישט פאַרמיאוסט געוואָרן? אַלע גוטע מתנות וואָס זענען געגעבן געוואָרן צו זיי, האָט מען פון זיי צוגענומען אין גלות. וואָס איז זיי איבערגעבליבן? דאָס איז די ספר תורה, ווען דאָס בלייבט נישט ביי ייִדן, וואָלטן זיי מיט גאָרנישט געווען אַנדערש פון אַנדערע אומות פון דער וועלט" („תורת כוהנים").

„אויב אַ מענטש וועט דיר זאָגן אַז עס איז פאַראַן חכמה ביי די גויים זאָלסטו גלייבן. אָבער אַז ס'איז פאַראַן תורה ביי די גויים זאָלסטו נישט גלייבן" („איכה רבתי").

„אלה הדברים — דאָס זענען די ווערטער (דברים א, א), אַזוי ווי די בין (דבורה) איר האָניק איז פאַר איר באַלעבאָס און איר שטאָך איז פאַרן פרעמדן, אַזוי זענען די רייד פון דער תורה (דברי תורה) אַ סם החיים (אַ געווירץ פון לעבן) פאַר ישראל און סם המות פאַר די אומות העולם" („דברים רבה", פרק א).

אין אונדזער היינטיקן לשון, אָן דעם רעליגיעזן לבוש, איז דער מיין פון די מאמרים אַזאַ:

א) ייִדישע אייגנאַרטיקייט קומט פון קאָנקרעטיזירן תורה אין טאָג־טעגלעכן לעבן. אָן תורה ווי די וועג־וויַיזערין זענען ייִדן אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער.

ב) גויים זענען פונקט אַזוי קלוג ווי ייִדן. חכמה האָבן זיי, תורה קענען זיי פאַרשטיין, אָבער אָננעמען דעם באַגריף תורה קענען זיי נישט. וואָלטן זיי אָנגענומען די תורה, וואָלטן זיי אויס גויים.

ג) דערפאַר איז תורה פאַר ייִדן אַ סם החיים — זי האַלט אויף זייער אייגנאַרטיקייט. פאַר אַ גוייִש פאָלק איז תורה סם המות — תורה וואָלט זיי געמאַכט אויס גוייִש פאָלק, אויס נאָרמאַל פאָלק. מיט דער תורה וואָלטן די גויים געוואָרן ייִדן.

ב.

דעם 27סטן סעפּטעמבער 1791 האָט זיך געווענדט דער פּרנס פון נאַנסי, פראַנקרייך, בער־יצחק בער, צו די אַשכנזישע ייִדן מיט אַן אויפרוף: ענד־לעך איז געקומען דער טאָג פון אונדזער באַפרייאונג און דערפאַר דאַרפן זיך ייִדן אָפּזאָגן „פונעם גייסט פון אָפּגעשלאָסנקייט, ווערן פראַנצויזן און דערביי בלייבן ייִדן" (ייִדן פון פראַנקרייך, אונטער דער רעדאַקציע פון א. טשעריקאָווער, ניו־יאָרק, 1942, זייט 63). פון יענעם טאָג אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה אין ייִדישן וועלט־באַנעם — „שאַפן אַ נייעם ייִדישן לעבנס־שטייגער לויט דעם נוסח פון די מערב־אייראָפּעאישע פעל־קער, כדי צו באַהעפטן זיך מיט זיי און זייער קולטור" (זע: צבי שאַרפ־שטיין, תולדות החנוך בישראל בדורות האחרונים, כרך א, זייט ו). די תקופה האָט זיך איצט געשלאָסן מיט דער עטאַבלירונג פון מדינת ישראל.

בער־יצחק בער איז נישט געווען קיין אַסימילאַטאָר, פּאַרקערט, ער איז געווען אַ טיף־פּאַרוואָרצלטער ייִד, וואָס האָט געקענט גוט העברעאיש. ער, איניינעם מיט ישעיה־בער־בינג, האָבן לכתחילה געקעמפּט קעגן דער פּאָדערונג, אַז ייִדן זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייערע אויטאָנאָמישע קהילות און זיך אונטערוואַרפן אינגאַנצן דעם בירגערלעכן מלוכה־געזעץ. אָבער נאָך דעם עמאַנציפּאַציע־אַקט, איז ער אַרויס מיטן רוף צו די אַשכנזישע ייִדן פון עלזאַס לאָטרינגען.

ווען מען זאָל געווען זאָגן צו אָט דעם מעסיקן משכיל, וואָס האָט געזוכט אַ וועג צווישן וועלטלעכקייט און טראַדיציאָנעלער ייִדישקייט, אַז ער איז דער אָנהייבער, דער ערשטער פון אַ שיטה, וואָס וועט ענדערן דעם גאַנצן פּנים פון ייִדישקייט, און תורה וועט נישט זיין דער הויפּט־פּאַקטאָר אין ייִדישן לעבן, און סוף־כל־סוף וועלן ייִדן אָריענטירן זיך אויף לאַנד, ווי אַלע אומות פון דער וועלט, וואָלט ער מסתמא זיך אויסגעלאַכט. ער וואָלט אָנגעוויזן אַז ער איז אַ זהיר במצוות און ער גלייבט אין תורה מן השמים און זיין פּאָדערונג איז נישט קעגן דעם ייִדישן גייסט.

גערעכט איז א. טשעריקאָווער, וואָס ער פרעגט דאָרט: „איז די ייִדישע מאַסע אין פראַנקרייך (וואָס עס מיינט — די ייִדישע באַפעלקערונג אין עלזאַס לאָטרינגען) אויך געווען גרייט בשכר פון עמאַנציפּאַציע זיך אָפּזאָגן פון איר אָפּגעשלאָסנקייט „פּאַרדאָרבענער שפּראַך", פון איר קהילה שטייגער און אַלטן שטייגער לעבן בכלל? מסתמא נישט. אָבער מיט הונדערט און זעכציק יאָר שפּעטער, איז שוין די גאַנצע ייִדישע מאַסע אין אַמעריקע געווען גרייט אויף דעם. אין 1950 אין וויליאַמסבורג, ברוקלין, האָבן זיך געפונען צוויי ייִדן (געדענקט, בלויז צוויי ייִדן אין אַ ייִדישער קהילה פון ניו־יאָרק פון איבער צוויי מיליאָן ייִדן), וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו לערנען מיט זייערע קינדער סעקולאַרע לימודים. די צוויי האָבן געהאַלטן, אַז אַפילו לערנען ענגליש איז ביטול תורה. די רעגירונג האָט זיי פאַר־פּאָלגט אין געריכט. די גאַנצע ייִדישע פּרעסע, אַריינגערעכנט די אָרטאָ־דאָקסישע, האָט זיי אויסגעלאַכט. עס האָט זיך נישט געפונען קיין איין רב, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פאַר זיי. די אָרטאָדאָקסיע האַלט איצט, אַז דער צוואַנג־לימוד פון סעקולאַרע לימודים איז אַ בירגערלעך געזעץ און נישט קיין גזירה פון מלכות: דינא דמלכותא דינא. מען טאָר זיך נישט שטעלן אַנטקעגן דעם.

די ייִדישע משכּילים, וואָס האָבן געפּאָדערט רעפאָרמעס אין ייִדישן לעבן און ייִדישער דערציאונג, זענען נישט געווען קיין אַסימילאַטאָרן. אַ סך פון זיי זענען געווען פרום און אַלע, כּמעט אָן אַ יוצא מן הכּלל, זענען געווען טראַדיציאָנעלע ייִדן. אין אונדזער צייט וואָלטן זיי מסתּמא פאַר־רעכנט געוואָרן ווי אמתע יראי־שמים. ס׳איז דאָ אַ סך אמת אין אַברהם מאַפּוס אַ ווערטל: „ס׳וועט נאָך קומען אַ צייט ווען מען וועט אָנווייזן אויף מיין קבר און זאָגן: דאָ ליגט באַהאַלטן דער צדיק אַברהם מאַפּו״. דאָך זענען די מעסיקסטע רעפאָרמערס פון די משכּילים געווען אין תּוך טיף רעוואָלוציאָנערע. למשל, די חינוך־פּראָגראַם וואָס ריב״ל — יצחק בער לעווינזאָן — האָט אויסגעשטעלט, וואָלט געווען פּאַסיק אין אונדזער דור פאַר דער פּרומסטער ישיבה. אָבער ווי באַלד אַז ריב״ל האַלט אַז „די שפּראַך פון דער מדינה איז אַ גרויסע נויטווענדיקייט און אַן אַבסאָלוטער חוב צו קענען זי גרינטלעך״. אויך דאַרף מען לערנען די נויטיקע חכמות — נאַטור־וויסנשאַפט, אַסטראָנאָמיע, מאַטעמאַטיק און פילאָסאָפיע (זע: צבי שאַרפשטיין, תּולדות החינוך בישראל בדורות האחרונים, חלק א׳, זז׳ 225, 252), האָט ער אָפּגעלייקנט די הנחה, אַז ייִדישער חינוך האָט איין צוועק — צוגרייטן דאָס ייִדישע קינד בלויז צו זיין אַן אַקטיווער ייִד און תּורה איז דער הויפּט־תּכלית פון לעבן. ער האָט איבערגעשטעלט דעם צענטער פון געוויכט. דער טראָפּ איז מער נישט געשטעלט געוואָרן אויף ייִדישער אָפּגעזונדערטקייט און נישט צוגעבונדנקייט צו מלוכה, נאָר אויף בשותּפותדיקייט פון ייִדן מיטן הערשנדיקן פאָלק, און צובונד פון פאָלקס־לעבן צו לאַנד און מלוכה. די תּיקונים פון מהרי״ל און גר״א זענען געווען ריין מעטאָדישע. אָבער די תּיקונים, וואָס די משכּילים האָבן גע־פּרעדיקט, זענען געווען רעוואָלוציאָנערע פאָדערונגען. ווי נאָר איין פּונקט איז נאָכגעגעבן געוואָרן, האָבן זיי אַרויסגעשטעלט נאָך אַ וויטערגייענדיקן פּונקט. זיי האָבן דאָך אָפּגעלייקנט ייִדישע אַנדערשקייט, האָבן זיי זיך נישט געקענט צופרידנשטעלן ביז דער גאַנצער ייִדישער חינוך און מיט אים ייִדיש לעבן האָבן זיך סעקולאַריזירט.

לויט די משכּילים האָבן אי דער חדר, אי די ישיבה פאַרלוירן זייערע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס. איןביידע איז דער לימוד פון תּורה געווען דער עיקר. ביידע האָבן נעגירט מלוכה־לעבן און עקאָנאָמישע פאַקטאָרן. ביידע האָבן נישט געהאַט קיין אוטיליטאַרישן ציל.

וואָס איז געווען דער ענדציל פון חדר און ישיבה?

„איין שטרעבונג, אַן איינציקע, איז ביי זיי (ביי יידן) געווען אין דער דערציאונג פון זייערע קינדער — מאַכן זיי פאַר כשרע יידן, קענער פון דער תורה און יראי שמים, אָפּגעהיטענע אין מצוות — אין די קלענסטע ווי אין די גרעסטע, באַליבט צו מאַכן ביי זיי גאָטס נאָמען אויף אַזוי פיל, אַז ווען מען וועט באַדאַרפן, זאָלן זיי זיין גרייט צו גיין אויף קידוש־השם״ (ש. אסף, „מקורות לתולדות החינוך בישראל״, כרך ראשון, תל־אביב, תרפ״ח, ז׳ 8, אַריינפיר).

„די ראָלע פון דער ישיבה אין דעם לעבן פון אונדזער פאָלק איז געווען איבערוויגנדיק. זי איז געווען די שאַפונגס־הויז (בית היוצר), פאַר די גייסטיקע אַריסטאָקראַטן פון ישראל, פאַר אונדזערע אַלע גדולים און גאונים, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער חומרישער וועלט און אויך געגעבן, געהייליקט און געווידמעט זייער גאַנצן לעבן צו שטאַרקן און פאַר־גרעסערן די תורה״ („תולדות החינוך בישראל בדורות האחרונים״ מאת צבי שאַרפשטיין, כרך א, ז׳ 323).

די משכילים האָבן אין תוך נישט געדאַרפט קיין חדרים, און זיך נישט געניטיקט אין ישיבות. די משכילים, די טאַטעס פון איצטיקע סעקולאַריסטן, האָבן זיך געניטיקט אין מאָדערנע שולעס, ווו יידישקייט, תורה, זאָל אויך זיין אַ לימוד. זיי האָבן אויך געדאַרפט ענדערן דעם כאַראַקטער פון די ישיבות: פאַרוואַנדלען זיי אין ראַבינער־סעמינאַרן, אינסטיטוציעס ווו עס ווערן צוגעגרייט פונקציאָנאַרן. לויט די השגות פון די סעקולאַריסטן האָט דאָס פאָלק זיך נישט געניטיקט אין אַזאַ אינטעליגענץ, וואָס די ישיבה האָט צוגעגרייט.

אין רעטראָספּעקטיוו קען מען באַהויפּטן: ביז דער עמאַנציפּאַציע האָבן יידן געהאַלטן אַז ס׳איז דאָ אַ מעגלעכקייט פאַר אַ פאָלק צו לעבן אין גלות. נאָך דער עמאַנציפּאַציע האָבן יידן געלייקנט די מעגלעכקייט פון דער עקזיסטענץ פון אַ פאָלק אין אַ כאָלק.

פאַרשטייט זיך אַז עס איז אין אָנהייב נישט געווען קיין קלאָרע פאָר־מולירונג. ערשט הונדערט און צוואַנציק יאָר נאָך דעם עמאַנציפּאַציע איז אויפגעקומען די טעאָריע פון שלילת הגלות — פאַרלייקענונג פון גלות. דורך דער צייט פון השכלה ביז אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן געווירקט אַ סך סטיכישע פאַקטאָרן: רעליגיעזע צופאַסונגען, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַגרענעצונגען, קולטורעלע איינפלוסן, לכתחילה אַן אָפּשוואַכונג פון אַנטיסעמיטיזם ביי דער גוייִשער אינטעליגענץ, דערנאָך די פאַרשטאַרקונג פון שנאה צו יידן. קולטורעלע השפעות פון דרויסנדיקן נאַציאָנאַליזם און אַ היפּשע מאָס פון קאַריעריזם. פון דער יוירונג

האָבן זיך סוף־כל־סוף אויסגעקריסטאַליזירט צוויי הויפּט־באַוועגונגען: טעריטאָריאַליזם און דאָאיקייט — ביידע אָריענטירט אויף מלוכה.

טעריטאָריאַליזם איז געווען צעטיילט אויף צוויי באַוועגונגען: ציוניזם און טעריטאָריאַליזם. ציוניזם האָט אויסגענוצט די רעליגיעז־מיסטישע בענקשאַפט צו ארץ־ישראל, און ייִדישע גלוסטעניש צו משיחן. די ציוניסטן האָבן געהאַלטן אַז בלויז אין איין טעריטאָריע קען דאָס ייִדישע פאָלק זיך נאָרמאַליזירן — ארץ־ישראל. די טעריטאָריאַליסטן האָבן געהאַלטן אַז אין וועלכן ס'איז לאַנד, ווו ייִדן וועלן זיך באַזעצן און ווערן דאָרטן די מער־הייט, קען זיך דאָס ייִדישע פאָלק נאָרמאַליזירן. ביידע — טעריטאָריאַ־ליסטן און ציוניסטן האָבן אָבער געהאַלטן, אַז דאָס ייִדישע פאָלק קען נישט עקזיסטירן ווי אַ פאָלק אין גלות, ווייל לעבנדיק ווי אַ פאָלק אין אַ פאָלק קען מען נישט אַנטוויקלען קיין נאָרמאַלע קולטור. נאָרמאַליטעט איז אַ נויטווענדיקייט.

דאָאיקייט. די אָנהענגער פון דאָאיקייט זענען געווען צעטיילט אויף דריי הויפּט־פּאַרטייען: א) קאָסמאָפּאָליטן, וואָס האָבן אינגאַנצן אָפּגעלייקנט די מעגלעכקייט און אויך די נויטווענדיקייט, אָדער ראַטזאַמקייט פון דער עקזיסטענץ פון אַ ייִדיש פאָלק. ייִדן האָבן נישט די סימנים פון אַ נאָרמאַל פאָלק. זיי האָבן געליטן צוליב זייער נאַרישקייט און איינגעשפּאַרטקייט און צוליב דער אומוויסנקייט און עקאָנאָמישע אונטערדריקונג פון דער אַרו־מיקער באַפעלקערונג. די דערלייזונג פון דעם ייִדישן פאָלק וועט קומען מיט דער רעאַליזירונג פון סאָציאַליזם, אָדער מיט דער פאַרשפּרייטונג פון אַלגעמיינער אויפקלערונג. ב) אַוטאָנאָמיזם: אָרטיקע טעריטאָריאַליסטן. די אויטאָנאָמיסטן האָבן געגלויבט, אַז דאָס הערשנדיקע פאָלק וועט מיט דעם אויפקום פון. דער נייער צייט דערלויבן ייִדן צו לעבן ווי אַ נאָרמאַל פאָלק אין אַ נאָרמאַל פאָלק. די ווינערטער זענען די טעריטאָריעס. ג) נאַ־ציאָנאַלע סאָציאַליסטן, בונדיזם. די בונדיסטן האָבן געמאַכט אַ מין קאָמ־פּראָמיס צווישן קאָסמאָפּאָליטיזם און אויטאָנאָמיזם. אין רעטראָספּעקט קען מען באַהויפּטן אַז די בונדיסטן זענען געווען קאָסמאָפּאָליטישע סאָציאַ־ליסטן, וואָס האָבן אָנגענומען דעם פאַקט פון עקזיסטירנדיקן ייִדישן פאָלק און אויסגענוצט די ייִדישע אייגנאַרטיקייט אי צו פאַרשפּרייטן סאָציאַליזם, אי פאַר אַ קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג, אי פאַר דער אידייע פון אויס־גלייכן דאָס ייִדישע פאָלק מיט דעם הערשנדיקן פאָלק. קיין פולע פּראָגראַם אויף דער צייט פון נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע האָט בונדיזם נישט

געהאַט. אָבער ס׳איז געווען אַ מין נעפלדיקע פאָרשטעלונג, אַז דעמאָלט וועלן ייִדן קריגן פולע טעריטאָריעלע רעכט, ווו מען וועט זיך בייטיקן אין דעם.

דער צד השוה פון די אַלע סעקולאַרע באַוועגונגען איז, וואָס זיי האָבן געלייקנט אַז אַ פאָלק קען לעבן אָן אַ באַשטימטער טעריטאָריע. זיי האָבן אויך אַלע געהאַלטן אַז דאָס לעבן וואָס ייִדן האָבן געפירט אין גלות איז אַ בזוי לעבן, ס׳איז נישט ווערט צו פירן אַזאַ באַגרענעצט לעבן. אַ פאָלק טאָר זיך נישט צופרידנשטעלן מיט פאַרנעמען זיך מיט איין אידייע בלויז, מיט איין טייל פון דער ציוויליזאַציע וואָס עס קלייבט אויס. אויך האָבן די סעקולאַריסטן אַקצעפּטירט די נאָרמאַליטעט פון די אַרומיקע פעלקער, ווי דער אידעאַל צו וועלכן דאָס ייִדישע פאָלק דאַרף שטרעבן. אין תוך האָבן די סעקולאַריסטן אָפּגעלייקנט נישט נאָר דעם ייִדישן אתה בחרתנו, נאָר אויך די ייִדישע ספּעציפישע אייגנאַרטיקייט. ייִדן זענען אַ פאָלק ווי אַלע אַנדערע פעלקער, אַפילו מיט זייער אַנדערשקייט.

די אויסקריסטאַליזירונג פון די ייִדישע וועלט־באַנעמען האָט זיך קלאָר אָפּגעשפּיגלט אין די פאַרשיידענע דערציאונג־סיסטעמען, אין דעם אומאָפּהענגיקן פוילן. אין פוילן פאַר דער לעצטער מלחמה איז געווען דער גרעסטער איינגעוואָרצלטער ייִדישער צענטער. די רעגירונג איז געווען אַ האַלב־פאַשיסטישע, די באַפעלקערונג אַן אַנטיסעמיטישע. ייִדן האָבן געליטן עקאָנאָמיש און קולטורעל, דאָך איז געווען אַ געוויסע מאָס פּאָליטישע פרייהייט און דערפאַר ביז אַ געוויסער מאָס אַ פרייע עפנטלעכע מיינונג, און ייִדן האָבן געקענט אָנפירן אַן עפנטלעכן קאַמף פאַר קולטור־רעלע, רעליגיעזע און עקאָנאָמישע רעכט*).

די דריי שול־וועזנס אין פוילן האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די דריי ייִדישע וועלט־באַנעמען: גלות־טעריטאָריאַליסטישער — די ציש״אָ־שולן; דער ציוניסטיש־טעריטאָריאַליסטישער — תרבות־שולן; דער אַלט אָרטאָ־דאָקסישער — די ישיבות, חדרים, חורב־שולן, בית־יעקב און יבנה־שולן.

---

*) די אינפאָרמאַציע וועגן דעם יידישן שול־וועזן אין אומאָפּהענגיקן פוילן האָב איך גענומען פון „די געשיכטע פון יידישן שול־וועזן אין אומאָפּהענגיקן פוילן״ פון ח. ש. קאַזדאַן, וואָס איז געווען איינער פון די בויער פון די ציש״אָ־שולן. דאָך איז עס באמת אַן אומפּאַרטייאישע און גרינטלעכע געשיכטע פון דעם גאַנצן שול־וועזן, אַריינגערעכנט דעם רעליגיעזן. קרוב אַ פערטל פונעם בוך ווערט אָוועקגעגעבן צו די אַנדערע ריכטונגען, אויסער די ציש״אָ־שולן.

די ציש״אָ־שולן זענען געווען אין תוך ייִדיש נאַציאָנאַל בלויז ווייל זיי האָבן זיך באַנוצט מיט דעם ייִדישן לשון. די טוער האָבן אָנגענומען אַז די ייִדן זענען אַ פֿאָלק ווי די אַלע פֿעלקער, וואָס וווינען אויף דער טעריטאָריע פֿון פּוילן. ייִדן זענען אַ טייל פֿון דער פּוילישער מלוכה. ייִדן דאַרפֿן נישט וואַרטן אויף גאולה — אויף אַ וועלט־גאולה, וואָס וועט מעג־לעך מאַכן אַ קיבוץ־גלויות און אַ ייִדישע מלוכה, וואָס וועט פֿאַרווירקלעכן מלכות שדי. אַ מלוכה, וואָס וועט זיך נישט נייטיקן אין דער רשעות פֿון דער וועלט. די פֿירער פֿון די ציש״אָ־שולן האָבן געהאַלטן אַז די פּאָליטישע און קולטורעלע האָפֿענונגען, פֿון די ייִדן אין פּוילן, זענען פֿאַרבונדן מיט דער צוקונפֿט פֿון דעם פּוילישן פֿאָלק:

„דאָס אָנווענדן די אַלגעמיינע פּרינציפּן פֿון מוטער־שפּראַך און אַרבעט־שול אויף דעם ייִדישן באָדן, דאָס פּראַקטישע צונויפֿבינדן זיי מיט די פּאָליטישע און קולטורעל־נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין פּוילן, האָט געפֿאָדערט אַן אייגענע אידעאָלאָגיע״ („די געשיכטע פֿון ייִדישן שולוועזן אין אומ־אומאָפּהענגיקן פּוילן״, ח. ש. קאַזדאַן, ז׳ 337).

„איז געקומען אַן ערשטער מאַי, אַן אַנדער אַרבעטער יום־טוב, וואַלן צום פּאַרלאַמענט וכד׳ — האָבן עס די קינדער אין סאַנאַטאָריע אַדורכגע־מאַכט אויף זייער אייגענעם אופֿן. איז געקומען אַ פּאָליטישער שטרייק קעגן דער רעגירונג, פֿאַר איר פּאָגראָם־פּאָליטיק לגבי דער ייִדישער באַ־פֿעלקערונג; איז אין שפּאַניע אָנגעגאַנגען אַ מלחמה פֿאַרן קיום פֿון דער רעפּובליק; אין אַ פּוילישן קוילן־ראַיאָן איז פֿאָרגעקומען אַ פֿאַרביטערטער קוילן־שטרייק — האָבן דאָס די קינדער פֿון סאַנאַטאָריע שאַרף איבערגע־לעבט, אַרויסגעוויזן צו דעם אַלעם אַ בלוטיקן אינטערעס, זיך „מיטבאַ־טייליקט״ (דאָרט, ז׳ 395).

„מען האָט נישט געהאַט קיין כשרות, מען האָט נישט געדאַוונט, מען האָט נישט אָפּגעהיט קיין ייִדישע יום־טובים און דאָך איז דער אַנשטאַלט געווען דורכויס ייִדיש״ (דאָרט, ז׳ 396 — מיין קורסיוו).

„דאָס איז אַלץ אויף אַ וווּנדערלעכן אופֿן באַהויכט געוואָרן מיטן גייסט פֿון אַרבעט און יראת הכבוד פֿאַר דער רויטער פֿאָן און אַרבעטער־קלאַס. דער רעזולטאַט איז געווען — סאָציאַלע קאָלעקטיווע דערציאונג, סאָ־ציאַליסטישע דערציאונג״ (דאָרט, ז׳ 362 — מיין קורסיוו).

„תורה, אַפֿילו אויף אַ באַגרענעצטן אופֿן, איז נישט געווען קיין טייל פֿון די לימודים. מען האָט אַפֿילו נישט געלערנט קיין תנ״ך. אָט זענען די ספּעציעלע ייִדישע קעגנשטאַנדן: ייִדישע שפּראַך, ליטעראַטור, געשיכטע, פֿאָלקס־קענטעניש און דעמאָגראַפֿיע, געשיכטע און קולטור״ (דאָרט, ז׳ 356).

אין דער האַלב־פֿאַשיסטישער פּוילן, אין די שרעקלעכע עקאָנאָמישע רעפּרעסיעס, האָט זיכער די שול „געשטאַרקט דעם גייסט פֿון דור און

אים פֿאַרהיט פֿון מינדערווערטיקייט־שטימונגען״, האָבן אים אָבער די לימודים „באַשיצט קעגן דער פּריוויליקער און צוואַנג אַסימילאַציע״, ווי די אידעאָלאָגן האָבן געמיינט? אין תּוך זענען די לימודים געווען בלויז איבערזעצונגען פֿון דער אַלגעמיינער פּוילישער קולטור. די וועלטלעכע קולטור אין אַלע פֿאָרמען איז אין איר עצם נישט ייִדיש. די ייִדישע שול האָט געקענט טראָגן אַ באַשטימטן ייִדישן קאָלאָריט און האָט געהאַט אַן עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג כּל־זמן די אַרומיקע סבֿיבֿה איז געווען אַ פֿיינט־לעכע און האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל „פּאָלאָניזירן די פֿרעמדע באַ־פֿעלקערונג נאָר ביז אַ געוויסן גראַד, אויף אַזוי פֿיל אַז די דאָזיקע פֿרעמדע מאַסע זאָל ווערן אַ געברויכער פֿון פּוילישע קולטור־ווערטן, אָבער נישט קענען אַקטיוו זיך באַטייליקן, דורך איר העכערער אינטעליגענץ, און שאַפֿן די דאָזיקע ווערטן״ (ז׳ 338). אָבער ווי אַזעלכע באַגרענעצונגען וואָלטן אַראָפּגענומען געוואָרן, ווי עס האָט פֿאַקטיש פּאַסירט ביי אונדז אין אַמע־ריקע? וואָס וואָלט געווען די באַרעכטיקונג פֿאַר אַזאַ ייִדישער שול? קיין אייגנאַרטיקע ייִדישע שול איז זי נישט געווען. איר סאָציאַליזם, דער הויפּט־יסוד פֿון שול, איז געווען אַ פֿרעמדער, נישט קיין ייִדישער. די גאַנצע שול־פּראָגראַם האָט געקענט איבערגעביטן ווערן אויף פּויליש און עס זאָל נישט בלייבן קיין ריס אין דעם קינדס נשמה. דער ציל פֿון די ציש״אָ־שולן איז דאָך געווען צו שאַפֿן אַ ייִדישן דור אין דעם געשטאַלט פֿון דעם דור פֿון אַלע אַנדערע פֿעלקער. אַזאַ דור קען נישט קריגן זיין גאַנצע באַפֿרידיקונג אין דעם לעבן פֿון אַ מינאָריטעט־פֿאָלק, וואָס מוז זיין אונטערגעוואָרפֿן דעם אַלגעמיינעם מלוכה־לעבן. סוף־כּל־סוף דאַרף דאָך זיין אַן אידייאישע באַרעכטיקונג פֿאַר זעלבסט־איזאָלאַציע אין אַן אייגענעם גאַנצן שול־וועזן, אַפֿילו ווען דאָס הערשנדיקע פֿאָלק זאָל עס טאָלערירן. פֿון דערפֿאַרונג ווייסן מיר אַז דאָס הערשנדיקע פֿאָלק טאָלערירט עס נישט, ווייל נאַציאָנאַליזם איז ענג־האַרציק, אייפֿערזיכטיק און דערלויבט נישט קיין פֿאָלק אין אַ פֿאָלק. דאַרף מען פֿאַר אַפֿילו אַ געוויסער מאָס אָפּ־געזונדערטקייט קעמפֿן. וואָס איז דער פֿאַרוואָס פֿאַר אַזאַ קאַמף? נאַציאָ־נאַליזם, וואָס איז בעצם פֿאַרהערלעכונג פֿון טעריטאָריע און מלוכה? שפּראַך? אין תּוך איז זי דער פּועל־יוצא פֿון אַ פֿאָלקס־לעבן און נישט דער גורם.

די פֿירער פֿון ציש״אָ, ווי דער בונד, האָבן אָנגענומען דעם פֿאַקט פֿון דער עקזיסטענץ פֿון אַ ייִדיש פֿאָלק, אָבער זיי האָבן נישט דערקענט זיין

ספּעציפֿישע אייגנאַרטיקייט און זיין אידיאָלאָגישן איינשטעל פֿון אַ פֿאָלק אין אַ פֿאָלק. זיי האָבן אָנגענומען די הנחה פֿון גויִישן נאַציאָנאַליזם. זייער געזעלשאַפֿטלעכער אידעאַל איז געווען דער מאַטעריאַליסטישער סאָציאַ־ליזם, וואָס איז נישט ספּעציפֿיש ייִדיש. אַלץ איז אין פֿלוג געווען בסדר: „אויפֿן פּעדאַגאָגישן געביט איז דער וועג געווען: פֿון אַבסטראַקטן אי־דעאַליזם און ראָמאַנטיק — צו פּראַקטיציזם און סאָציאַליסטישן רעאַליזם, פֿון סטיכישער עקספּערימענטירונג צו באַוווּסטזיניקער פּעדאַגאָגישער שאַ־פֿונג" (זייט 364). אָבער אויב מען נעמט אָן אַז ייִדן זענען נישט קיין נאָרמאַל פֿאָלק, אַ ספּעציפֿיש פֿאָלק, איז עיקר חסר מן הספר — אַ ספּע־ציעלער ייִדישער וועלט־באַנעם.

די ציש"אָ־שולן האָבן געקענט טראָגן אַ ייִדישן קאָלאָריט כל־זמן עס איז געווען אַן אַרומיקער רעליגיעזער לעבנס־שטייגער מיט באַשטימטע מנהגים. אָן אַן אַרומיקן ייִדיש לעבן וואָלטן די ציש"אָ־שולן אַפֿילו מיט זייער ייִדיש לשון אינגאַנצן פֿאַרגויִשט געוואָרן.

פֿון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט זענען די תרבות־שולן געווען מער אויס־געהאַלטן. נישט געקוקט וואָס די לימוד־שפּראַך איז געווען העברעאיש, און מען האָט געלערנט תנ"ך און אַפֿילו גמרא, זענען די שולן געווען כולו סעקולאַרע שולן, וואָס האָבן זיך אָריענטירט אויף נאַציאָנאַליזם. „ייִדן זע־נען אַ פֿאָלק ווי אַלע אַנדערע פֿעלקער און זיי דאַרפֿן שטרעבן צו אַריינ־קריגן אַן אייגן לאַנד, ווו זיי זאָלן זיין פֿולקאָמענע בעלי־בתים און נישט דאַרפֿן וווינען אין שכנות. די קאָמפּראָמיסן, וואָס זיי האָבן געמאַכט בנוגע טראַדיציע, זענען געווען טיילווייז, צוליב נאַציאָנאַלע טעבים, טאַקטישע, און אויך ווייל זייער אָריענטאַציע אויף העברעאיש האָט זיי צוגעבונדן צו פֿאָרמעלער טראַדיציע. אין תוך האָבן זיי אָפּגעלייקנט די קעגנוואַרט, גע־האַלטן זי פֿאַר שעדלעך און אָריענטירט זיך אויף די סעקולאַרע עלעמענטן אין ייִדישן וועלט־באַנעם". זייער גוט כאַראַקטעריזירט די שולן ח. קאַזדאַן, נאָר דאָס וואָס ער פֿאַררעכנט לגנאי קען פֿאַררעכנט ווערן לשבח — אויס־געהאַלטענער וועלטלעכער ייִדישער נאַציאָנאַליזם.

„עס איז אַ וועלטלעכע שול, אָבער מיט פּאַקטישע קאָמפּראָמיסן בנוגע טראַדיציע און רעליגיע: אַן אויסגעהאַלטענע העברעאישע שול מיט פֿול־שטענדיקער איגנאָרירונג און אַפֿילו קעגנשטעלן זיך קעגן ייִדישער שפּראַך און קולטור־שאַפֿונג. אַ פּאַרטייאישע שול מיט אָפֿענע טענדענצן צו דינען דער ציוניסטישער באַוועגונג און די ארץ־ישראל־אויפֿגאַבן; אַ מאָדערנע,

פרייע שול, אָבער אַן צוזאַמענבונד מיטן לעבנסשטייגער און קולטור פון אַ דאָאיק פאָלק. שפּראַכלעך, געזעלשאַפטלעך, אידעאָלאָגיש — איז פאַראַן אַן אָפּפרעמדונג פון דאָ, פון היינט, פון אַרום, פון פאָלק. עס איז געווען אַ שול פון דאָרט, פון אַבסטראַקט פאָלק" (דאָרט, ז' 426).

אפשר האָט מען געדאַרפט צוגעבן: אַ שול וואָס האָט געוואָלט אויס־פורעמען אַ ייִדיש פאָלק אין לאַנד פון די אָבות, אין דעם געשטאַלט פון די פעלקער אַרום.

ד"ר שטענדיקס כאַראַקטעריסטיק פון די תרבות־שולן איז אפשר נאָך בולטער, און אָפּנהאַרציקער פון ח. ש. קאַזדאַנס. עס קען זיין ווייל ד"ר שטענדיק איז אַ ציוניסט.

„עס איז אַן אויסדריקלעך וועלטלעכע שול, דערביי ווערן די רעלי־גיעזע טראַדיציעס און יסודות געפלעגט אין איר אַלס באַשטאַנדטייל פון דער נאַצ־אָנאַלער קולטור (מיין קורסיוו — ש. ס.). ענדלעך איז עס אַ שול־וועזן וועלכער באַטראַכט פאַר זיין אויפגאַבע צו דערציען די ייִדישע יוגנט אין גייסט פון הכשרה פאַרן אויפבוי פון לאַנד און אומשיכטונג פון ייִדישן פאָלק" (דאָרט, זז' 426, 427).

צי אַזאַ שול קען פאַרכאַפּן די ייִדישע מאַסן, ווען די גויִישע סביבה איז נישט קיין פיינטלעכע און די ייִדן פילן זיך נישט ווי אין גלות נאָר ווי אין אַ היים, אַט ווי ביי אונדז אין אַמעריקע, איז אַ באַזונדער ענין. דער עיקר אָבער איז וואָס דער תרבות־שול־וועזן איז געווען אידיאָלאָגיש אויס־געהאַלטן — האָט פאַרלייקנט דעם גלות, נישט באַרעכטיקט די עקזיס־טענץ פון אַ פאָלק אין אַ פאָלק, און ווי די רעפּרעזענטאַנטן פון ייִדישן נאַציאָנאַליזם, האָבן די טויער געפּאָדערט און געשטרעבט צו אַן אייגענער טעריטאָריע.

די רעליגיעזע ייִדן אין פּוילן זענען געווען קעגנער פון ביידע שול־וועזנס. די אָרטאָדאָקסיע האָט אָנגעהאַלטן דעם אַלטן ייִדישן אתה־בחרתנו און די אַלטע ייִדישע טראַדיציע, אַז ייִדן זענען אַן אייגנאַרטיק פאָלק, וואָס זיין עיקר קיום איז צוליב שאַפן אַ הייליק טאָג־טעגלעך לעבן, אין וועלכן תורה שפּילט די הויפּט־ראָלע.

די אָרטאָדאָקסן האָבן זייער טרעפלעך כאַראַקטעריזירט די תרבות־שולן און די ציש"אָ־שולן:

וועגן די תרבות־שולן.

„די רייד פון די הייליקע נביאים איז ביי די תרבות־לערער טרעפעריי, פּאָליטיק, אָדער אין בעסטן פאַל פּאָעזיע — — — פאַר אונדז רעליגיעזע

יידן איז די „תרבות" מער מסוכנדיקער ווי די אַנדערע פרייע שולן, טאַקע דערפאַר וואָס מען לערנט נאָך דעם תנ"ך, טאַקע דערפאַר, וואָס אין אַ טייל תרבות־שולן ווערט געלערנט אַפילו גמרא פערציק מינוט אַ טאָג. מחמת אַדאַנק דעם, פאַרבלענדן זיי די אויגן פון די פשוטע יידן און האָבן די מעגלעכקייט צו קאָרמען די קינדער מיט פרייעסטע אפיקורסישע דעות" (דאָרט, ז' 448).

וועגן די צישאָ־שולן.

„אונדזערע היגע יידישיסטישע שולן זענען אַ געמיש פון אַסימילאַציע און בונדיזם. עס הערשט דאָרט דער גייסט פון די לינקע פּאַרטייען און איר שול־פּאַן איז אַ רויטע. — — — די תרבות־שולן טרייבט אַסימילאַציע אויף העברעאיש, די צישאָ־שולן אויף יידיש און די פּאָווישעכנע, אַלגעמיינע שול, אויף פּויליש; און דער סך־הכל דערפון איז אַ טרויעריקער, זייער אַ טרויִעריקער" (דאָרט, ז' 449).

די רעליגיעזע ייִדן זענען געווען געצוווּנגען אַריינצונעמען סעקולאַרע לימודים אין דעם קוריקולום פון זייערע שולן. אָבער זיי האָבן עס נישט געטון ברצון. וואָס פאַר אַ האַפט די סעקולאַרע לימודים האָבן ביי זיי געהאַט ווערן מיר געוווּיר פון דעם חשובן ה. ש. קאַזדאַנס באַשרייבן די נעגאַטיווע זייט פון די שולן:

„די אַלגעמיינע לימודים וואָס זענען אַריינגענומען געוואָרן אין אַ נישטיקער מאָס אינעם לערן־פּראָגראַם נישט צוליב אינערלעכן באַוווּסטזיין, נאָר אונטערן דראַנג פון די פאָדערונגען פון דער מלוכה, זענען נישט געווען מסוגל אויסצוברייטערן דעם אידעאישן האָריזאָנט און דעם וויסן־אוצר פון קינד" (דאָרט, ז' 472).

די אָרטאָדאָקסיע האָט דאָך געהאַלטן אַז דער לימוד פון תורה איז גענוג פאַר ייִדן — והגית בה יומם ולילה. ייִדן ווי אַ פאָלק, דאַרפן נישט אַריינעמען די סעקולאַרע מלוכה. ווען אַ רשעותדיקע מלכות קומט און איז גוזר אַ גזירה, דאַרף מען זען גיין אַרום דער גזירה בעקיפין — אויספאָלגן זי, אָבער דאָך נישט אויספאָלגן זי.

די רעליגיעזע ייִדישע שול איז געווען טריי צו דער ייִדישער טראַדיציע, וואָס האָט געהאַלטן אַז לימוד־חול, אין וועלכער פאָרמע, איז קעגן גייסט פון ייִדישקייט:

„מען מוז דעריבער אָנהויבן אַן אויסראָטונג־אַקציע פון דער מאָדערנער עבודה־זרה. „הסירו אלהי הנכר מקרבכם" — מוז ווערן די לאָזונג פון אונדזערע חינוך־עסקנים. אין אונדזערע אגודיסטישע קרייזן קודם, מוז דערפילט ווערן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט די צוועקלאָזיקייט, שעדלעכקייט און פחיתות פון גימנאַזיע־בילדונג. ס'מוז צוגעגרייט ווערן די יידישע

היים אויפצונעמען דעם רוף פון אמתער יידישער דערציאונג, פון אמתער יידישער בילדונג" (ז' 490, 491).

ס'איז אַ קלאָרע חינוך־פּראָגראַם אויף די אַלטע ייִדישע יסודות.

אַ רעליגיעזע ייִדישקייט, וואָס האַלט זיך ביי דעם אַלטן ייִדישן וועלט־באַנעם פון עם לבדד ישכון, האָט געמוזט זיין אַנטי־ציוניסטיש, ווייל בעצם איז זי אַנטי־מלוכיש, פון פּראַקטישן שטאַנדפּונקט אַפילו. ווי קען מען פירן אַ מלוכה בלויז מיט תורה? ווי קען מען איינשטעלן און אויפהאַלטן אַ שטאַט אָן סעקולאַרע לימודים?

אָבער אַפילו אין פּוילן זענען די טרעגער פון אָט דעם אַלטן ייִדישן וועלט־באַנעם געווען בלויז אַ קליינע גרופּע אין פאַרגלייך מיטן גאַנצן פאָלק. דער גרעסטער טייל פון דער ייִדישער אָרטאָדאָקסיע האָט טיילווייז שלום געמאַכט מיט דער סעקולאַרער וועלט. וואָס מער סעקולאַר געוויגט די ייִדישע מאַסע איז געוואָרן, אַלץ מער ציוניסטיש־טעריטאָריאַליסטיש זענען די רעליגיעזע פירער געוואָרן. מיט דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת־ישראל האָבן די ייִדישע סעקולאַריסטן געקראָגן זייער תיקון — דאָס ייִדי־שע פאָלק קען זיין אַ פאָלק ווי אַלע אַנדערע פעלקער און דאָך פאַרמעל בלייבן ייִדיש. ייִדישער חינוך וועט זיך פולקאָם סעקולאַריזירן און נישט מורא האָבן פאַר ייִדישן קיום. די אָרטאָדאָקסיע, מיט גאָר קליינע אויס־נאַמען, האָט זיך אויך סעקולאַריזירט. דער ציקל פון סעקולאַריזאַציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער עמאַנציפּאַציע, האָט זיך איצט פאַרענדיקט. אַ נייע תקופה הויבט זיך אָן.

## ג.

די גרינדונג פון מדינת־ישראל האָט פּאָליטיש נאָרמאַליזירט דאָס ייִדישע פאָלק. דער חלום פון די סעקולאַריסטן איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. דוכט זיך אַז אַלץ דאַרף זיין בסדר, ווי די ישראלים זאָגן. אָבער ס'איז נישט אַזוי ווייל און ס'איז נישט אַזוי גוט, סיי אין די תפוצות און סיי אין מדינת־ישראל צוליב צוויי טעמים: א) ייִדישער עבר. די לאַנגע ייִדישע געשיכטע קען נישט אָפּגעמעקט ווערן אַזוי גרינג. ב) עס איז נישט געקו־מען צו קיין קיבוץ־גלויות.

א) ייִדישער עבר. עס רודערט זיך און עס קאָכט אין מדינת־ישראל. נישט נאָר זענען די אָרטאָדאָקסן נישט צופרידן מיטן איינשטעל פון ייִדי־שער מדינה און ייִדישן חינוך, נאָר אויך אַ סך סעקולאַריסטן.

איך וועל דאָ ברענגען בלויז אויסצוגן פון דריי מאמרים פון דריי גייסטיקע פאָרשטייער פון ישוב. די אויסצוגן וועלן אָנדייטן אויף די ראַנגלענישן וואָס גייען אָן אין מדינת־ישראל.

„אין דעם צוזאַמענגיסן זיך (בהתמזגות) מיט דער לערע פון תנ״ך און זיין גייסט איז אָפּהענגיק די גייסטיקע און עטישע צוקונפט פון אונ־דזער יוגנט. אין דעם סינטעז וועגדט זיך דער אויפקום פון דער אומה און איר צוזאַמענהעפטן זיך ווי אַ פאָלק. אַ פאָלק שטייט נישט אויף צום לעבן דורך אַ מדינה־דעקלאַראַציע און מיט אויפשטעלן רעגירונגס־אַנ־שטאַלטן. דאָס פאָלק בלייבט נאָך אַלץ צעזייט און צעשפּרייט, צעברעקלט און צעפּיצלט סיי אין לאַנד און סיי אין די תפוצות. אַזאַ אָנאָרמאַלער מצב איז געגנוג גוט געווען פאַרן פאָלק, אמת אין גרויסע שווערקייטן, צו עקזיס־טירן אין גלות, אַ מיאוסער קיום פון אַ לעבן אויף דערוויל, מיט אַ האָ־פענונג, אַז סוף־כל־סוף וועט קומען די גאולה. איצט, אַז די מדינישע גאולה איז געקומען איז ווייניק פאַרן פאָלק דער קרענקלעכער מצב פון גלות. — — — אין דער תקופה פון אַ נאַציאָנאַלער מדינה קען די מדינה נישט עקזיסטירן אויב זי איז נישט באַזירט אויף געזונטע גייסטיקע און מאַטעריעלע יסודות פון אַ געזונט צוזאַמענגעבונדענעם פאָלק. אַזאַ מין פאָלק קען נישט געשאַפן ווערן אויף אַ באַשטעלונג, אויף אַ געקינצלטן אופן דורך אַ רעגירונג־דעקלאַראַציע. — — — אין אונדזער נייער מדינה קענען מיר דאָך נישט אָנהויבן צו שאַפן אַ ניי פאָלק ווי מיר ווילן, נאָך דעם מוסטער וואָס געפעלט אונדז איצט. מיר קענען נישט אַראָפּוואַרפן פון אונדזערע אַקסלען די לאַסט פון אונדזער טויזנט־יאָריקע ירושה און אָנלאָדן אויף אונדזערע פּלייצעס אַ נייע קולטור פון ברעקלעך־ברעקלעך צוזאַמענ־געקליבענע פון אונטער די טישן פון די פעלקער, צווישן וועלכע מיר האָבן אין זייערע לענדער געוווינט. מיר קענען עס נישט טון, אַפילו מיר זאָלן וועלן זיך אָפּרייסן פון אונדזער לאַנגן עבר (און וואָס פאַר אַ הערלעכע און שיינע פאַרגאַנגענהייט) — און שאַפן אַ נייעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און אַ נייע נאַציאָנאַלע קולטור און אָנהויבן אַלץ פון דאַסניי, ווי מיר וואָלטן היינט געבוירן געוואָרן, און נישט מיט קיין נאַטירלעכן געבורט פון טאַטע־מאַמע, וואָס גיבן איבער בירושה, ווילנדיק צי נישט ווילנדיק, זייערע אייגנשאַפטן און כאַראַקטער, נאָר אַ געבורט ווי דורך אַ נס, געבוירן פון שטיינער. ווי עס ווערט דערציילט אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע״ (מ. צ. סגל, „שוב על לימוד המקרא״, הארץ יום ו, ג׳ אב תשי״ב).

מיר וועלן זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין אַ פּאָלעמיק און אָנווייזן ווי דער חשובער פּראָפעסאָר ווידערשפּרעכט זיך וועגן גלות. מיר וועלן ציטירן נאָך אַן אויסצוג פון אַן אַנדער מאמר, וואָס ווייזט אָן אויף דער ראַנגלע־ניש וואָס ייִדישע רעליגיע האָט מיטן שטאַט.

„צוויי טויזנט יאָר האָבן מיר געהאָפט אויף אַ יידישער מדינה. מיר זענען געווען זיכער, אַז עס וועלן מקוים ווערן אַלע הבטחות פון די נביאים און די חז״ל. פונדעסטוועגן איז דער אויפקום פון דער מדינה געקומען ווי אַן אמתע איבעררעשונג און מיר זענען נישט געווען גרייט זי אויפצו־נעמען. אין רעליגיעזן זין זענען מיר געווען אינגאַנצן פאַרלוירענע (במובן הדת היינו אובדי עצות). נישט נאָר דער אויפקום פון דער מדינה האָט גורם געווען און איז גורם דעם אויפקום פון נייע פּראָבלעמען, נאָר אויך דער וווּנדערבאַרער פּראָגרעס אין טעכניק, איבערהויפּט אין צוגרייטן שפּייז, און שאַפן פון פּלאַסטיקס, וואָס לעת־עתה שטייען מיר ערשט ביים אָנהויב פון זייער וויכטיקייט — די אַלע זאַכן ברענגען אַרויף רעליגיעזע פּראָב־לעמען, וואָס אַ שומר־תורה און־מצוות וועט זוכן אַ לייזונג צו זיי און פאַרשטייט זיך ער וועט עס נישט קענען געפינען אין דער ראָם פון איצטיקן רבנישן רעליגיעזן וועלט־באַנעם — — — אומזיסט וועט זיין דאָס ווענדן זיך צום הויפּט־ראַבינאַט — לויט זיין דערציאונג און וועלט־באַנעם איז ער נישט מסוגל צו לייזן די פּראָבלעמען״ (ד״ר יהושע בראַנד, „לבעית במדינה״, דאָרט, הארץ).

אין דעם זעלביקן נומער „הארץ״ איז דאָ אַ דריטער מאמר וואָס באַ־האַנדלט די זעלביקע פּראָבלעמען פון אַן אויסשליסלעכן סעקולאַרן שטאַנד־פּונקט:

„זאָל פּראָפעסאָר סגל און זיינע חברים, וואָס זענען מסכים מיט אים, נישט פאַרגעסן, אַז בעיקר די פרייגייסטער (החפשים), זיי זענען דאָס די וואָס האָבן רעאַליזירט די מדינה מיט דעם כוח פון זייער סעקולאַרן גלויבן דווקא, אין נצח ישראל, דעם וווּנדער פון דעם אויפלעב פון ישראל און זיין לאַנד. אַ גרויסע אמונה איז עס געווען, אַן אמונה, וואָס האָט געזיגט, להיפוך די אַן אַ צאָל שטרויכלונגען, וואָס זענען אויפגעקומען אין די לעצטע דורות צוליב די קרייזן, וואָס האָבן אָפּגעהיט די מסורה — — — אונדזער יוגנט, ווי עס קענען זי אַלע וואָס קומען מיט איר אין באַרירונג, איז בכלל נישט גענויגט צו אַ רעליגיעזן מסורה־צוגאַנג צום לעבן. נישט ביי אונדז און נישט ביי די אַנדערע ציוויליזירטע פעלקער. ביי אונדז אפשר נאָך מער, ווייל דאָס וואָס מיר רופן רעליגיעזע טראַדיציע איז פאַרבונדן מיט אַ באַשטימטער גלותיסטישער מענטאַליטעט״ („לאווירה ימי בניימית לא תחזירונו״ מתי מו״ש, דאָרט).

ב) קיבוץ־גלויות. ווען די גרעסטע מערהייט פון דעם יידישן פאָלק וואָלט איצט געוווינט אין מדינת־ישראל, וואָלטן די תפוצות נישט גע־האַט קיין פּראָבלעמען פון קיום. פּשוט יעדעס פאָלק זאָגט זיך אָפּ פון אירע בירגער וואָס עמיגרירן.

ווען אַ בירגער פון אַ נאָרמאַל פאָלק באַשטימט צו פאַרלאָזן זיין היים־לאַנד איז פאַר אים קלאָר, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון זיין אייגן פאָ־

טערלאַנד און זיין קולטור. אוודאי אַסימילירט זיך נישט אָט דער אימי־גראַנט באַלד ווי ער טרעט אַריבער די שוועל פון זיין אַדאָפּטירט לאַנד. עס איז אָפט אַ פּראָצעס פון דורות, אָבער ביז איצט האָט נאָך קיין מינ־דערהייט נישט באַוויזן אויפצוהאַלטן איר אידענטיטעט אין אַ פרעמד לאַנד. ייִדן האָבן אָבער יאָ אויפגעהאַלטן זייער פאָלקס־כאַראַקטער אין דער פרעמד אין משך פון טויזנטער יאָרן, ווייל זיי האָבן זיך געפונען אין אַן אַנדער לאַגע ווי אַלע אַנדערע פעלקער־אימיגראַנטן. ייִדן ווי אַ באַ־זונדער פאָלק זענען נישט געווען צוגעבונדן צו אַ פּאָליטישער מלוכה, צו אַ באַשטימט לאַנד, אָדער אַפילו שפּראַך. זייער לאַנד איז געווען ווי דער משכן, אַ הייליקטום, וואָס קען געטראָגן ווערן פון אָרט צו אָרט.

אָבער אַזוי באַלד ווי מען נעמט אָן דעם טעזיס, אַז ייִדישקייט און דאָס ייִדישע פאָלק איז צוגעבונדן צום לאַנד, זענען די תפוצות פאַרמשפּט צו אַסימילאַציע. פאַראַן אַזעלכע ייִדן אין די תפוצות, וואָס נעמען אויף דעם געדאַנק באהבה. די שוללי הגלות, די וואָס פאַרלייקענען דעם גלות, זענען בדרך כלל סעקולאַריסטן. די טבע איז מחייב אַז אַ סעקולאַריסט, ווי מיר האָבן פריִער באַוויזן, מוז פאַרלייקענען דעם גלות. די מערסטע טעאָרעטיקער פון מדינת־ישראל און אויך די פירער פון מדינת־ישראל זענען גלות־פאַרלייקענער, אַזוי ווי די גרינדער פון ציוניזם זענען עס געווען. אָט איז אַ קורצער אויסצוג פון אַ מאמר געשריבן פון איינעם פון די סעקולאַריסטן אין מדינת־ישראל. ער האַלט, אַז נישט נאָר קענען ייִדן נישט זיין קיין ייִדן אין גלות, נאָר אַ ייִדישער סאָציאַליסט קען זיך נישט רופן קיין ייִדישער סאָציאַליסט, סיידן ער איז פאַרבונדן מיט אַ ציוניס־טישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס איר ענדציל, פאַרשטייט זיך, איז עליה, אָדער ער איז פאַרבונדן מיט אַ ישראלישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

„דער אויפקום פון מדינת־ישראל האָט געשאַפן אַ גרונטלעכע איבער־קערונג אין דער לאַגע פון דעם ייִדישן פאָלק אין דער וועלט. דאָס איז מחייב אַן איבערקערעניש אין דעם קוק אויף דעם ייִדישן סאָציאַליזם. ייִדישע סאָציאַליסטן (לויט זייער אָפּשטאַם און לויט זייערע געפילן) אין חוץ־לארץ, וואָס זענען אַקטיוו אין פּאַרטייען און סאָציאַליסטישע באַוועגונגען, אָבער וואָס געהערן נישט צו קיין ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אָדער ישראלישע — קענען זיך זיין סאָציאַליסטן אָבער נישט קיין ייִדישע סאָציאַ־ליסטן. דאָס איז אַן אלף־בית, וואָס ציוניסטישע סאָציאַליסטן האָבן געדאַרפט וויסן און איבערחזרן עס פאַר זיך און פאַר אַנדערע" („שיחה על סוציאליזם יהודי" מאת דן פינס, דבר, יום ו׳, ג׳ אב תשי"ב, תל־אביב).

לאָגיש קענען די סעקולאַריסטן זיך נישט שטעלן קעגן אַזאַ געדאַנקען־גאַנג. זיי קענען נישט האַלטן, אַז טעאָרעטיש מוז אַ פאָלק זיין צוגעבונדן צו מלוכה און לאַנד און אין דער פּראַקטיק זיך אויפפירן ווי אַן אייגנאַרטיק פאָלק, וואָס איז צוגעבונדן צו אַן אידעע. אָבער יידן האָבן אַ לאַנגע דערפאַרונג פון לעבן אין עקזיסטירן און אויפהאַלטן זייער אייגנאַרטיקייט אין גלות. זיי ווילן נישט אָננעמען אַפילו קיין באַרעכטיקטן און לאָגישן טויט־אורטייל.

די אָרטאָדאָקסיע אין די תפוצות איז אין אַ בעסערער לאַגע ווי די סעקולאַריסטן. פרומע יידן האָבן אַן אויטאָריטעט, וואָס איז העכער פון מלוכה און לאַנד — דעם „שולחן ערוך". אין דער פּראַקטיק, אין די תפוצות, קענען זיי זיך שטעלן קעגן דער העגעמאָניע פון מלוכה און מדינה און אָנגיין מיט אַ לעבן וואָס איז צוגעבונדן צו אַן אַבסטראַקציע.

דאָך אַפילו די אָרטאָדאָקסיע וועט סוף־כל־סוף באַווירקט ווערן פון איר באַציאונג און צובונד צו מלוכה. אָרטאָדאָקסיע, ווי אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, נעמט איצט אַן אָנטייל נישט נאָר אין די וואַל־קאַמפּאַניעס אין מדינת־ישראל, נאָר זי האָט טאַקע מיטגלידער אין כנסת און איז אַ טייל פון דער מלוכה־פירונג — האַלט אָן קאַבינעט־אַמטן. דאָס איז אַ גרינגער אַפּנויג פון דעם ביז איצט איינגעשטעלטן רבנישן וועלט־באַנעם. די רעליגיעזע פירער פון די פעלקער אַרום אונדז האָבן שטענדיק שלום געמאַכט מיט דער רעאַלער פּאָליטישער וועלט. די אָפיציעלע קריסטלעכע קירך האָט קיינמאָל נישט גרינגעשעצט מאַכט. עס איז דאָ אַ געמעל ווי די שפּאַניער לאַנדן אויף דעם ניי אַנטדעקטן קאָנטינענט: שטייט אַ באַוואָפנטער ריטער אַרומגערינגלט מיט אַ מחנה זעלנער און לעבן דעם ריטער שטייט אַ גלח, וואָס גראָבט איין אַ צלם אין דער ערד. דעראָבערונג, מלחמה איז געגאַנגען אינאיינעם מיטן צלם. בישאָפן זענען נישט זעלטן געווען אויך פירער פון אַרמייען. אָבער שוין אין די חשמונאים־צייטן האָבן זיך די פּרושים געשטעלט קעגן דעם אומרעכט פון מלוכה און נישט געוואָלט אָנטייל נעמען אין איר און סוף־כל־סוף זי אומגעבראַכט. (זע יוסף קלויזנער, „היסטוריה של הבית השני", כרך שלישי, דאָס קאַפּיטל כיבוש פומפּיוס ואבדן חירות יהודה, איבערהויפּט זייט 227; אויך רב צעיר, „תולדות ההלכה", חלק רביעי, זייט 132). פון דעמאָלט אָן האָט יידישקייט, ווי אַן אמונה, נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט דער רעאַלער פּאָליטישער וועלט. אָבער אַ ראַבינאַט, וואָס איז אַ טייל פון אַ רעגירונג, איז שוין

אויף דעם וועג פון קאָמפּראָמיס. דאָס וואָס אַ רעליגיעזער מיניסטער איז מתּיר צו מחלל שבת זיין, צוליב פּאָליטישע טעמים, מוז סוף־כל־סוף פירן דערצו, אַז די יידישע אמונה זאָל ווערן בלויז אַ פאָרמעלע רעליגיע. דער טראָפּ ווערט שוין געשטעלט אויף דעם גליק פון שטאַט, נישט אויף דעם וועג צו גאָט. ווען עס וואָלט געווען אַ סנהדרין, וואָס דערקלערט אַז פאָרן אין טאַקסיס אום שבת איז נישט קיין מלאכה און ס׳איז נישט קיין חילול־שבת, וואָלט עס געמיינט אַ נייע אינטערפּרעטאַציע פון דין און ס׳וואָלט אפשר נישט פאַררעכנט געוואָרן ווי אַ קאָמפּראָמיס. אָבער דער־לויבן חילול־שבת און ווי מען ווילצלט זיך אין מדינת־ישראל, אַז אויף יעדער טאַקסי איז אַ שילדל „בעזרת השם״*), מען מעג שוין מחלל־שבת זיין, דאָס איז דער וועג פון אַלע רעליגיעס, וואָס זענען מבטל זייערע עיקרים ווען די מדינה־אינטערעסן פאָדערן עס. פון דער יידישער אמונה ווערט אַ רעגירונג־אמונה. יידישע אָרטאָדאָקסיע קען ווערן ווי די צדוקים־פאַרטיי אַמאָל — אַ פאַרטיי פון אַ פאָרמעלער אמונה. געשיכטע קען זיך איבערחזרן:

„אין גרונט איז דאָס געווען אַ צוזאַמענשטויס צווישן דער מלוכה־רעליגיע און דער פאָלקס־אמונה, אָדער צווישן דער רעליגיע־אמונה (דת האמונה) און נאַציאָנאַלע רעליגיע. די רעליגיע פון גלויבן איז געווען די אָפיציעלע רעליגיע, וואָס עס האָט געמיינט אָפּצוהיטן די חוקים, תורה־שבכתב און אירע מצוות. די נאַציאָנאַלע רעליגיע (פון די פּרושים — ש. ס.) איז געווען די רעליגיע פון האַרץ און ליבשאַפט. די העלעניסטן האָבן אָפּגעהיט אין זייער פּריוואַטן לעבן די אָפיציעלע רעליגיע, די רעלי־גיע פון דער תורה. אָבער אין זייער אַלגעמיינעם מדינה־לעבן זענען זיי געווען סעקולאַריסטן און געגאַנגען אין די וועגן פון אַלע פעלקער, וואָס עס מיינט אַסימילאַטאָרישע וועגן״ (מיין קורסיוו. רב צעיר, „תולדות ההלכה״, חלק רביעי, ז׳ 120).

ווען אַזאַ אָפיציעלע רעליגיע זאָל זיך שאַפן אין מדינת־ישראל, מוז זי באַווירקן די אָרטאָדאָקסיע, די תפוצות, אַז זי זאָל ווערן אָפּאָרטו־ניסטיש, פאָרמעל און פאַרלירן איר שעפערישקייט.

עס דאַרף זיין קלאָר, אַז עס מיינט נישט אַז ווען נישט דער אויפקום פון מדינת־ישראל וואָלט געווען אַלץ כשר וישר אין די תפוצות און דאָס

---

*) ב״ה, ס׳מיינט אַז די צווײ צוואַנג רו־טעג זענען מאַנטיק און דאָנערשטיק. שבת איז נישט קיין צוואַנג רו־טאָג. ב״ה קען אויך מיינען בעזרת־השם — מיט גאָטס הילף.

ייִדישע לעבן וואָלט געווען איצט אַזוי שעפעריש ווי אין די „אַמאָליקע גוטע צייטן". דער איבערבראַך האָט זיך אָנגעהויבן, ווי מיר האָבן פריִער געזען, מיט דער עמאַנציפּאַציע־דערקלערונג און נאָך פריִער. דער אויפקום פון מדינת־ישראל איז דער קולמינאַציע־פּונקט פון ייִדישן סעקולאַריזם. די צעפּאַלונג אין די תפוצות איז דער רעזולטאַט פון דער איבערגעוועלטיקונג פון סעקולאַריזם אין אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן. מען דאַרף נאָר באַטאָנען אַז די גרינדונג פון מדינת־ישראל קען גאַנץ גרייִלעך פאַרשנעלערן דעם פּראָצעס פון סעקולאַריזאַציע אין ייִדישן לעבן און צוײַלן די צעפּאַלונג. די סכנה איז דאָ. אָבער מען קען זי פאַרהיטן, אויב מען זעט זי.

ד.

די הויפּט־פּראָבלעם וואָס עס שטייט פאַר דעם מאָדערנעם ייִדן איז פאַרוואָס און צוליב וואָס ייִדישקייט אין די תפוצות? אויף דעם גיט נישט קיין ענטפער די אָרטאָדאָקסיע, אָדער רעפאָרם־ייִדישקייט און אַוודאי נישט די סעקולאַריסטן.

די אָרטאָדאָקסיע געפינט זיך טעאָרעטיש אין אַ שלעכטן מצב, ווײַל אין תוך האָט זי אויפגעהערט צו זײַן שעפעריש. זי ווענדט נישט אָן די שיטה פון די פּרושים און די טאַטעס פון די פּרושים — די סופרים, צופּאַסן ייִדישע הלכה צום לעבן. די היינטיקע פרומע גײַסטיקע פירער ווילן נישט מוותר זײַן אויף קיין קוצו של יוד, ווײַל זיי וואַגן נישט צו פּסקענען אַ דין לויט אַן אויסטײַטש פון אַ פּסוק. זיי באַנוצן נישט אַפילו די מדרשים און משנה ווי גרונט־פּרינציפּן פאַר נײַע הלכות. זיי פאַרלאָזן זיך אויף פאַרפּיקסירטע קאָדעקסן, וואָס האָבן פאַרגליווערט דעם עצם־הלכה. אין די לעצטע הונדערט יאָר האָט בלויז איינער געוואַגט צו זײַן אַן אינאָוואַטאָר אין הלכה, ר' ישראל סאַלאַנטער. אָבער זײַן מעטאָדע איז נישט אָנגענומען געוואָרן פון די רבנים.

זעען מיר איצט אַ צעטומלעניש אין די פרומע קרייזן. טעאָרעטיש זענען זיי פאַר אַלע תרי"ג מצוות. אָבער פּאַקטיש איגנאָרירן זיי אַ סך מנהגים, דינים און מצוות. למשל, שעטנז ווערט כמעט פון קיינעם נישט אָפּגעהיט. אַראָפּנעמען באָרד און פּיאות ווערט נישט פאַררעכנט פאַר אַ חטא. גויִיש ברויט ווערט געגעסן פון אַלעמען. אויך אַלע לערנען ספרים חיצונים. דאָס זעלביקע וועגן ענינים פון מלוכה. די אָרטאָדאָקסיע האָט נישט געמאַכט דעם קלענסטן פּרוּוו צוצופּאַסן הלכה צו מלוכה. אָרטאָ־

דאָקסיע איז איצט מיט קליינע אויסנאָמען פּאָרמאַליסטיש, נישט שעפע־ריש און קען בעצם נישט פאַרכאַפּן דאָס פאָלק. אַוודאי האָט נאָך די אַלטע טראַדיציע געגנוג כּוח צוצוציִען אַ טייל יוגנט און נאָך מער קען זי אָפּע־לירן פאַר שטיצע צו ראַנד־ייִדן. אָבער עס איז די ליכטיקייט פון בין־השמשות נישט פון פאַרטאָג.

רעפאָרם־ייִדישקייט האָט אויפגעטון גאָר אַ סך סיי טעאָרעטיש און סיי פּראַקטיש. דער ראַבינאַט פון רעכטן פליגל פון רעפאָרם־ייִדישקייט — די קאָנסערוואַטיוון — איז טעאָרעטיש באמת געוואַגט און שרעקט זיך נישט פאַר אינאָוואַציע. אָבער דער הויפּט־חסרון פון אַלע זייערע מינים רעפאָרמעס איז וואָס דער מקור, די טרייב־קראַפט, ביי די פירער איז נישט געווען, און איז איצט אויך נישט, קיין גאָט־זוכעניש, נאָר אַ פאַר־לאַנג צו פאַרגרינגערן דעם יאָך פון ייִדישקייט. די רעפאָרמעס ווילן ייִדישקייט מאַכן באַקוועם, לייטיש און אָננעמבאַר פאַר די נישט ייִדישע שכנים. ס׳איז נישט קיין צופאַל, וואָס עד־היום איז רעפאָרם־ייִדישקייט אין אַלע אירע שאַטירונגען געבליבן די רעליגיע פון די רייכע ייִדן, וואָס צוליב זייער שטעלונג אין דער געזעלשאַפט דאַרפן זיי האָבן אַ סטאַטעטשנע ייִדישקייט, וואָס זאָל זיי נישט שטערן אין טאָג־טעגלעכן לעבן.

די ייִדישיסטישע אינטעליגענץ איז אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון די נייע פּערספּעקטיוון און נייע פאָרמעס פון אויסדרוק, וואָס זי האָט אַנט־דעקט אין לבוש פון פאָלקס־לשון, אַז זי האָט לכתחילה נישט געהאַט קיין צייט צו טראַכטן וועגן תּוך־ייִדישקייט. חוץ דעם האָט זי געלעבט אין פאָלק ווי אַן אינטעגראַלער טייל פון אים, האָט זי אינסטינקטיוו גע־פילט, אַז איר אפּיקורסישקייט איז אַ קאָנסטרוקטיווע. די אַלע נישט־ייִדישע עלעמענטן, וואָס זי האָט זיך פון זיי באַגייסטערט, האָט זי אַריינ־געבראַכט אין פאָלק און ברייטער געמאַכט, שענער געמאַכט דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן.

די ייִדישיסטישע וועלטלעכע אינטעליגענץ פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז היינט האָט געמאַכט איין גרויסן טעות נאָכן אַנדערן: זי האָט זיך נישט פאַרמאָסטן איבערצונעמען גאַנץ ייִדישקייט, זי האָט זיך באַנוגנט מיט אַ צוגאָב־ייִדישקייט. זי האָט איגנאָרירט הלכה. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער סינאַגאָגע — די וויכטיקסטע אינסטיטוציע אין ייִדישן לעבן זינט גלות־בבל. זי האָט גענומען דעם סאָציאַלן קאַמף, ווי ער שטייט און גייט, פון דער פרעמד און נישט געמאַכט די קלענסטע

אָנשטרענגונג אים אַריינצופּאַסן אין ייִדישן וועלט־באַנעם, וואָס האָט זיך קאָנקרעטירט אין הלכה.

צו איר שבח — זי האָט געקעמפט פאַר דער רעכט פון אפּיקורסיש־קייט, זי האָט געקעמפט, אַז יחיד זאָל זאָל מעגן פאַרלייקענען גרונט־יסודות פון ייִדישקייט און דאָך בלייבן אַ ייִד. דער סאָציאַלער קאַמף און איר קאַמף פאַר אפּיקורסישקייט האָט געגעבן דער אינטעליגענץ קאָלאָריט און פּאַ־טאָס, שעפערישקייט, שווונג און דינאַמישקייט. דאָס ברעכן פון צאַמען און זיך שטעלן קעגן מסורה, נוצנדיק ייִדיש לשון, ווי אַן אינסטרומענט פאַר די אַלע טעטיקייטן, האָבן געבראַכט פרישקייט און באַנייאונג צו די ייִדישע פאָלקס־מאַסן.

אָבער דאָס האָט געקענט אָנהאַלטן כל־זמן עס האָט עקזיסטירט אַ גאַנץ ייִדיש פרום לעבן, וואָס איז געווען דער רעזערוואַר פאַר דער נייער אינטעליגענץ. ווי נאָר דער סעקולאַריזם האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן צווישן די ברייטע שיכטן פון פאָלק, האָט די ייִדישיסטישע אינטעליגענץ שוין פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה דערפילט אַז סעקולאַריזם פאָרט זיך נישט גוט מיט ייִדישקייט.

פרץ, אויב איך מאַך נישט קיין טעות, איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אָנגעהויבן זוכן אַ סינטעז צווישן הלכה און וועלטלעכקייט־סעקולאַ־ריזם. ער האָט געהאַלטן, אַז ייִדישער רענעסאַנס מיינט אויך אַ באַנייאונג און אַן איבערשאַפונג פון הלכה־ייִדישקייט. ער האָט עס נישט געטון אויף אַ פאָרשערישן אופן. ער איז בעצם געווען אַ בעלעטריסט־קינסטלער, אָבער ער האָט אינטואיטיוו דערפילט די גרויסע וויכטיקייט פון הלכה. זיינע קורצע עסייען פון „אין מיין ווינקל" קענען ווערן אַ וועג־ווייזער פאַר דעם איבערשאַץ פון הלכה־ייִדישקייט (זע „פרץ דער זוכער" פון שלמה סיימאָן, אין „קולטור און דערציאונג", נאָוועמבער 1951, ווו דער ענין ווערט באַ־האַנדלט באריכות). דוד איינהאָרנס און מנחמס רעליגיעז־בענקענדיקע לי־דער זענען געווען די אָנזאָגער פאַר די גאָט־זוכער צווישן די סעקולאַריסטן.

אָבער ערשט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן אין די ייִדישיסטישע סעקולאַרע קרייזן און צווישן ייִדישע סעקולאַ־ריסטן בכלל, פּרוּוון פון טעאָרעטישע באַגרינדונגען פאַר אַ נייעם צוגאַנג צו ייִדישקייט. ס'איז אוממעגלעך אויסצורעכענען אַלעמען. דער וויכטיק־סטער איז הרב פּראָפעסאָר ר' מרדכי קאַפּלאַן. זיין רעוויזיע איז אַ תּוכיקע. זיין הויפּט־פאַרדינסט איז, וואָס ער האָט אויסגעאַרבעט אַ גאַנצע סיסטעם

און געשאַפן אַ נייעם טערמין פאַר ייִדישקייט: „רעליגיעזע ציוויליזאַציע", אויך איז ער געבליבן אין דער סינאַגאָגע, אָדער בעסער קיינמאָל נישט אַוועק פון בית־מדרש, קען ער עקספּערימענטירן. אָבער די חסרונות זײַנען זענען גרעסער פון די מעלות. זײַן רעקאָנסטרוקציאָניזם איז נישט מער ווי אַ שטראָם אין רעפאָרם־ייִדישקייט. ער איז געבליבן מיט די רײַכע שיכטן; אין תוך שאַפט ער אויך נישט מער ווי אַ באַקוועמע ייִדישקייט פאַר דעם העכערן מיטל־קלאַס. נאָך אַ גרעסערן חסרון האָט ער, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען די עובדא צו באַווייזן אַז ייִדישקייט איז נישט בעסער פון אַלע אַנדערע אמונות און מיר ייִדן האָבן זיך נישט מיט וואָס איבערצונעמען. ייִדישקייט האָט נישט קיין ספּעציפישן וועג פון וועלט־דערלייזונג. לויט זײַן אויסטײַטשן די שיטה פון ייִדישקייט איז זי נישט בעסער און נישט ערגער פון אַלע אַנדערע שיטות פון אַנדערע אמונות. ער ציטערט אויך פאַר אַ געוויסער מאָס פון איזאָלאַציע. זײַן אידעאַל איז, ייִדן זאָלן זיך אויסגלייכן מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. אויך לייקנט ער די נויטווענדיקייט פון אַן אייגענעם טאָג־טעגלעכן לשון. דאָך איז זײַן צושטייער פון אויסטײַטשן הלכה פון גרויס ווירקזאַמקייט און מוז אויסגע־נוצט ווערן פון טעאָרעטיקער, וואָל ווילן איבערשאַצן ייִדישקייט.

אויף ייִדיש האָבן מיר אַ היפּשע צאָל פּובליציסטן וואָס זוכן אַ סינ־טעז צווישן ייִדישקייט און סעקולאַריזם: דוד איינהאָרן, י. באַבינסקי, אבא גאָרדין, ב. ריווקין, א. גאָלאָמב, חיים ליבערמאַן, לייבוש לעהרער, אברהם מענעס און ישראל עפּרויקין. אַלע פון זיי האָבן געטון ווירקזאַמע און נוצ־לעכע אַרבעט פון צוגרייטן דעם באָדן פאַר די וועלטלעכע ייִדן, אַז זיי זאָלן טיילווייז זײַן גרייט אויפצונעמען אַ טעאָרעטישע איבערשאַצונג פון ייִדישע ווערטן און איבערהויפּט זיי זאָלן זיך אויפהערן צו שרעקן פאַר דער ייִדישער טערמינאָלאָגיע און סימבאָליק.

חיים ליבערמאַן און ישראל עפּרויקין, און טיילווייז י. באַבינסקי בעמען אָן די אָרטאָדאָקסישע ייִדישקייט אָן רעזערוואַציעס. לויט זייער איצטיקן גלויבן איז נישט נויטיק קיין אויסטײַטשונג און צופּאַסונג פון וועלכע ס'איז ייִדישע באַגריפן און אמונה צום נייעם וועלט־באַנעם. און אַוודאי טאָר נישט זײַן קיין סעלעקציע פון מצוות־מעשיות. אַלץ איז הייי־ליק און אומבאַרירבאַר. חיים ליבערמאַן האָט באמת תשובה געטון און איז געוואָרן פרום און זיך צוגעטוליעט צו דער אָרטאָדאָקסיע.

אבא גאָרדין פאָדערט די באַטאָנונג פון ייִדישער עטיק אין טאָג־טעג־

לעד לעבן. אָבער לויט זיין שיטה זענען מצוות־מעשיות אַ שטער צו עטיק. טעאָרעטיש איז ער טיף ייִדיש. למעשה שטעקט אין זיין שיטה אַ גרויסע סכנה — זיינע פאָדערונגען און זיינע תביעות דערמאָנען גאָר שטאַרק דעם ברית החדשה.

א. גאָלאָמב באַטאָנט אינטעגראַלע ייִדישקייט. ביי אים ווי די אָר־טאָדאָקסן איז עס אַן אַפּריאָרי, אינטעגראַלע ייִדישקייט איז נישטאָ וואָס אָפּ־צופרעגן. ס׳איז נישט נויטיק קיין פאַרוואָס, אין תוך איז ער מסכים מיט די פרום־געוואָרענע סעקולאַריסטן, נאָר ער לאָזט אויס יראת־שמים.

לייבוש לעהרער ווייזט אָן אַז אויף ייִדישקייט איז בכלל נישט חל קיין סעקולאַריזם. ייִדישקייט שליסט נישט אויס קיין וועלטלעכקייט, וואָס איז נישט דאָס זעלביקע ווי סעקולאַריזם. ייִדישקייט איז געווען אייגנאַרטיק מיט דעם, וואָס עס האָט כולל געווען דאָס גאַנצע לעבן. די מאָטיווירונג דאַרף זיין טראַדיציע. אַזאַ מאָטיווירונג שליסט נישט אויס קיין סעלעקציע פון מצוות. אָבער אַז מיר וועלן האַלטן טראַדיציע ווי די וועג־וויַיזערין, וועט די סעלעקציע קיינמאָל נישט זיין קיין צו האַסטיקע און צו ראַדיקאַלע.

דוד איינהאָרן ווייזט אָן שטענדיק די סופּעריאָריטעט, דעם יתרון פון אַלטער ייִדישקייט איבער אַלע מאָדערנע באַוועגונגען און איינפירונגען. אָבער קיין אייגענע שיטה האָט ער נישט.

ב. ריווקין האָט געוואָלט אַז די ייִדישע ליטעראַטור, וואָס איז בעצם אגדה, בלויז פאַרוויילונג, זאָל ווערן די יורשטע פון הלכה־ייִדישקייט. ער האָט זיך געשראָקן ווי אַלע סעקולאַריסטן פאַר קאָנקרעטיזאַציע, פאַר מצוות־מעשיות.

דער צד־השוה פון אַלע חשובע מחברים איז, וואָס קיינער פון זיי, חוץ טיילווייז אברהם מענעס (זע זיין אַרבעט „ייִדישער גלויבן אין אונדזער צייט״, ייִדישער קעמפער, ראש־השנה־נומער, תשי״א) האָט נישט גענוג באַטאָנט אַז די שיטה פון די פרושים, וואָס האָט געלייגט דעם גאַנצן געוויכט פון ייִדישער אמונה אויף הלכה, איז פונקט אַזאַ גרויסער צושטייער צו דער וועלט־קולטור, און טראָגט אין זיך אייביקע ווערטן פאַר דער וועלט, ווי דער נביאישער מאָנאָטעאיזם און זיינע עטישע פאָדערונגען. קיין איינער פון זיי, און איך וויל באַטאָנען ווידער חוץ טיילווייז אברהם מענעס, האָט נישט געזעען אַז הלכה־ייִדישקייט קען אונדז געבן אויך היינט אַ פאַרוואָס פאַר ייִדישקייט און קען באַרעכטיקן פאַר אונדז אַ גע־וויסע מאָס פון סעפּעראַטיזם.

דער הויפּט־פּרינציפּ פון הלכה איז: אַבסטראַקטע עטישע פאָדערונגען אַליין פאַר זיך זענען נישט גורם צו קיין שינוי אין מענטשלעכן טאָג־טעגלעכן לעבן. יעדער עטישער געבאָט פאָדערט צוערשט דיסציפּלין, דערציאונג, און זעלבסט־קאָנטראָל, וואָס זאָלן דערוועקן אַ ווילן צו איינשטעלן אַ געוווינהייט דורכצופירן דעם געבאָט אין לעבן. אָן קאָנ־קרעטיזירונג בלייבן די געהויבנסטע עטישע פאָדערונגען נישט מער ווי שיין פאַרשריבענע שיינע רייד.

הלכה־ייִדישקייט קען מען זאָגן האָט צוויי פונקציעס פאַרן מענטשן: א) זעלבסט־דיסציפּלין, ב) אַ מעכאַניזם צו געפינען דעם וועג צו שלימות.

א) זעלבסט־דיסציפּלין. אָן אַנזאָג פאַרשריבן אין אַ געטלעך בוך איז נישט מער ווי אַ גוטער ווונטש. ס׳איז אַ טויטער פאַרשריפט אויב ער ווערט נישט קאָנקרעטיזירט אין מעשים. אויסצופאָלגן אַ געבאָט פאָדערט חוץ אמונה און איבערצייגונג אויך איבונג, רגילות און זעלבסט־דיסציפּלין.

„ס׳איז דאָ אַ טיפער זין אין דער מעשה־עגל. אָט זענען יידן גע־שטאַנען ביים באַרג סיני און געזען מיט די אייגענע אויגן די בליצן און דונערן, דעם רויך און דעם ציטער פון דעם באַרג און די פראַכט פון גאָט און געהערט מיט די אייגענע אויערן דאָס געבאָט: לא תעשה לך פסל — דו זאָלסט נישט מאַכן קיין אויסגעגאָסן בילד, קיין אָפּגאָט. פערציק טעג שפּעטער מאַכן זיי אָן אויסגעגאָסן קאַלב און בוקן זיך צו אים. ס׳איז גרינג צו דערהויבן זיך אויף געוויסע מאָמענטן. די שוועריקייט איז צו בלייבן אויף דעם זעלביקן הויך. דאָס איז די עובדה פון מצוות־מעשיות".

„מען דאַרף אונטערשטרייכן און באַטאָנען, אַז די ייִדישע תורה איז אַ תורה פון פּראַקטיק. געדאַנקען און גלאַט רעיונות זענען ביי איר נישט דער עיקר — — — דער גרונט־אונטערשייד צווישן דער ייִדישער תורה און אַנדערע תורות איז וואָס אַלע אַנדערע האָבן געשאַפן נאָר ווערטן און אידעאַלן, וואָס אַפילו ווען מיר זאָלן צוגעבן, אַז זיי זענען שיינע און דערהויבענע, זענען זיי אָפּגעריסן פון דער פּראַקטישער וועלט און זיי האָבן נישט קיין קאָנקרעטיזירונג אין לעבן. אָבער די ייִדישע תורה קאָנקרעטי־זירט יעדן רעיון און טאָט און קליידט אָן יעדן געדאַנק אין קלייד פון מעשים — — — דער צוועק פון מענטשנס לעבן — לויט דעם ייִדישן באַנעם — איז מענטשלעכע שלימות — — — די מעשים זענען אַ מיטל צו שלימות — — — די מעשים, צוליב דער ספּעציעלער אייגנשאַפט וואָס זיי באַזיצן, זענען די דערציערישע גורמים און די וואָרצלדיקייט וואָס שטעמפּלט אָפּ אין דעם מהות פון דעם מענטשן די מעלות און גייסטיקע מידות, וואָס שאַפן די שלימות. זייער שיין האָט זיך אויסגעדריקט איינער אַ דענקער: אַזוי ווי אייזן אָנגעברענט אין פייער ווערט פאַרהאַרטעוועט

אין קאַלט וואַסער, אַזוי איז דער טאָט צום געדאַנק. דורך טאַט, עצם טאָן, דרינגט דורך דער געדאַנק, אָדער די מיינונג, צום האַרצן און ווערט פאַרפּיק־סירט אין מענטשלעכן באַוווסטזיין. אָבער סוף־כל־סוף איז דער ענדציל פון די מעשים — שלימות" (הרב דב כ״ץ, „תנועת המוסר", חלק א, ז' 25).

אַט דער באַגריף פון מצוות־מעשיות, פון הלכה, איז דער אַלטער פּרושימשער טעם פאַר דער אַנטוויקלונג פון הלכה. נישט קיום פון אומה, ווייל ביי ייִדן איז שטענדיק געווען די פראַגע „וואָס פאַר אַן אומה". הלכה איז אַ וועג וואָס פירט צו גאָט, לייטערט דעם מענטשן און שאַפט אים איבער און די וועלט אַרום אים. אַט דער וועג שליסט נישט אויס קיין אָפּקלייב פון מצוות. אָבער ער פאַרהיט פון צו־האַסטיקער און ראַדיקאַלער ענדערונג. יעדע מצווה דאַרף געוויגן און געמאָסטן ווערן.

ב) מעכאַניזם פון מצוות־מעשיות: ס'איז אָנגענומען, אַז ביז איצט האָט די מענטשהייט אַנטוויקלט אַ גאַר הויכע חומרישע ציוויליזאַציע. אין דער נאַטור־וויסנשאַפט האָט דער מענטש דערגרייכט אַזאַ הויכע מדרגה אַז באַלד וועט זי איבגאַנצן איבערוועלטיקן די נאַטור. אָבער אין הומאַניזם, אין עטיק איז דער מענטש געבליבן הינטערשטעליק. מיר זענען נאָך אַפילו הינטערשטעליק לגבי די נביאישע פאָדערונגען. אָבער ס'איז נישט אמת. ווען מען זאָל צונויפנעמען אַלע סאָציאַל־עטישע טעאָריעס, אַלע פילאָסאָ־פיעס און די הויך־פונקטן פון אַלע רעליגיעס, וואָלטן מיר געזען אַז די עטיק פון דעם מענטשן האָט זיך פונקט אַזוי אַנטוויקלט ווי די מאַטעריעלע ציוויליזאַציע. דער חילוק איז נאָר וואָס די אינזשעניערן פון דער מעכאַ־נישער ציוויליזאַציע האָבן געפונען אַ מיטל ווי אַזוי צוטריטלעך צו מאַכן די קאָמפּליצירטסטע מאַשין פאַר דעם דורכשניטלעכן מענטשן. די פּרע־דיקער פון עטיק איז עס אָבער נישט געלונגען.

דער דורכשניטלעכער מענטש ווייסט נישט לויט וועלכער טעאָריע פון פיזיק אַ ראַדיאָ איז צונויפגעשטעלט. ער ווייסט נישט אַפילו די עלע־מענטאַרסטע מעכאַניק, ער זאָל זי קענען פאַרריכטן. נישט נאָר אַ ראַדיאָ נאָר אַלע מאַשינען, מיט וועלכע דער מענטש באַנוצט זיך, זענען פאַר דעם געברויכער אַ פאַרשלאָסן ווונדער־קעסטעלע. ער ווייסט נאָר אַז ווען ער טוט אַ קוועטש אַ קנעפּל, אָדער אַ דריי אַ רעדל, אַ שלעפּ אַ הענטל, אַ צי אַ קייטעלע, פאָלגט די מאַשין און ער, דער מענטש, האָט זיינע נוצן.

אַנדערש איז אָבער מיט עטישע געבאָטן אָדער מיט אידעען. דער מענטש דאַרף מער אָדער ווייניקער ווערן איבערצייגט, מוז זיך אַליין דער־

ווייזן, אַז די עטישע געבאָטן זענען נויטיק און וויכטיק. ער דאַרף ביז אַ געוויסער מאָס פאַר זיך אַליין זיי באַגרינדן. נאָכדעם ערשט דאַרף ער זיך איבערדערציִען. דער דורכשניטלעכער מענטש איז עס נישט ביכולת צו טון. ער קען זיך נישט פאַרטיפן טעאָרעטיש. ער וויל אַ גלויבן, אַ פאַר־טיקע פאָרמולע, וואָס זאָל האָבן אין זיך דעם אויסגעשריי פון דער פּרינ־ציפּיעלער באַגרינדונג. דער סלאָגאַן, דער גלויבן, זענען ביז צו אַ געוויסן גראַד דאָס קנעפּל, דאָס קייטעלע, דאָס הענטל, וואָס לאָזט די מאַשין גיין.

מצוות־מעשיות, הלכה־ייִדישקייט, זענען אין דעם פאַל פון גייסטיקע ווערטן דער מעכאַנישער מיטל פאַר דעם געוויינלעכן מענטשן צו דערנענ־טערן זיך צו גאָט. צו דערגרייכן שלימות. די מצוות זענען אַ גאַנג (סעט, אין ענגליש) פון נאָרמעס, כללים, פאַר דעם מענטשן, וואָס קען נישט נאָכזוכן, וואָס קען נישט אַליין אויספאָרשן, וואָס מוז נאָכפאָלגן אַנדערע, פריִערדיקע פון אים. ייִדישע תרי״ג מצוות האָבן באַוויזן, אַז אין משך פון טויזנטער יאָרן האָבן זיי געשאַפן אַ שיינעם מענטשן און אויפגעשטעלט קהילות וואָס האָבן געקענט זיין אַ מוסטער פאַר דער וועלט.

דערפאַר דאַרפן מיר האָבן פאַר אונדזערע אויגן צוויי צילן: א) הייליקן דאָס לעבן דורך קאָנקרעטיזירונג פון נביאימשע ייִדישקייט און הלכה, און ב) די זכיה אויסצופאָלגן די געבאָטן און טראָגן דעם יאָך פון ייִדיש־קייט.

א) הייליקן דאָס לעבן דורך קאָנקרעטיזירונג פון נביאימשער ייִדיש־קייט און הלכה. אַפילו יוסף קלויזנער, דער סעקולאַריסט, גיט צו, אַז הלכה איז נישט אויפגעקומען צוליב קיום־האומה, נאָר כדי צו הייליקן דאָס לעבן דורך דער הייליקייט פון דת („היסטוריה של הבית השני״, חלק ד׳, זייט 113). טראַווערס ר. הערפאַרד באַהויפּטעט: די פּרושימשע ייִדישקייט איז נישט קיין איבערבראָך פון נביאימשער ייִדישקייט נאָר אַ פאָרזעצונג, אַ קאָנטינואיטעט. דער צוועק פון דער פּרושימשער אויסטייטשונג פון דער תורה האָט געהאַט בעצם אַ פּראַקטישן צוועק, נעמלעך צו מאַכן די געטלעכע לערע, וואָס איז געגעבן געוואָרן צו ישראל אַזאַ, אַז ישראל זאָל זי קענען פאַרדייען („די פּרושים״, זייט 69, ענגליש). דאָס זענען דאָך כמעט ווערטלעך די זעלביקע רייד פון דעם מוסרניק הרב דב כץ. מצוות צוליב דער דערציאונג פון יחיד. מצוות וואָס גיבן אַן ענטפער

אויף די פראַגעס: וואָס איז גאָטס ווילן אין דעם מאָמענט? וואָס איז גאָטס רצון אין דעם פאַל?

די צדוקים האָבן אָנגענומען די אויסערלעכע פאָרמע פון דער מצווה, דעם ווערטלעכן מיין פון געבאָט, די פרושים האָבן אָבער געזוכט דעם גייסט פון דעם געבאָט, דעם אינערלעכן מיין פון וואָרט. שוין די סופרים, די פאָטערס פון די פרושים, האָבן זיך באַנוצט מיט דער שיטה פון דרשהנען אַ פסוק. דרשה נעמט זיך פון וואָרט דרוש, פאָרשן, זוכן; פאָרשן און זוכן וואָס פאָדערט דער פסוק, וואָס איז דער תכלית, וואָס דער פסוק פאַרלאַנגט? די סופרים זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געזוכט דעם טעם פון די מצוות. זיי האָבן געוואָלט וויסן, וואָס מיינט דער פסוק און ווי אַזוי דורכצופירן דעם פסוקס אָנזאָג. זיי האָבן נישט געוואָלט פרעגן, פאַרוואָס און צוליב וואָס איז געגעבן געוואָרן די מצווה. ביי זיי איז דאָס געווען אַ זעלבסט פאַרשטענדלעכע זאַך. זיי האָבן נאָר געזוכט דעם „וואָס" און דעם „ווי אַזוי" (זע רב צעיר, „תולדות ההלכה", חלק רביעי, זייט 54).

מיר אין אונדזער דור מעגן גיין ווייטער און שטעלן די פראַגעס, פאַרוואָס און צוליב וואָס דווקא די מצוות? די שיטה פון אויסטייטשן דעם זין פון פסוק, וואָס די סופרים און פרושים האָבן אָנגענומען להיפוך צו דער שיטה פון די צדוקים, האָט געעפנט נייע האָריזאָנטן פאַר ייִדיש־קייט און זי געמאַכט שעפעריש און דויערהאַפט און מעגלעך געמאַכט די צופּאַסונג פון הלכה צו נייע אומשטענדן. ווען מיר וועלן נאָכפאָלגן איצט דער זעלביקע שיטה און נאָך פאַרשטיין צוליב וואָס און פאַרוואָס, וועט עס אַריינבלאָזן אַ נייעם רוח־החיים אין אונדזער אָפּגעצערטער און פאַרגליווערטער ייִדישקייט.

ב) די זכיה פון אויסצופאָלגן די געבאָטן און טראָגן דעם יאָך פון ייִדישקייט.

די הויפּט קעגנערשאַפט צום מהות פון הלכה נעמט זיך דערפון, וואָס מען מיינט, אַז די הויפּט־קראַפט פון אמונה בכלל און פון אויספאָלגן די מצוות בפרט ליגט אין דער שרעק פאַר אַ בייזן, שטאַרקן אַלמעכטיקן גאָט, אין דעם אויסקוק פון שכר און מורא פאַר שטראָף. אַוודאי איז פאַראַן אַן אמת אין דער דאָזיקער הנחה, אָבער ס׳איז נישט דער גאַנ־צער אמת. די פאָלקס־רעליגיע איז טאָקע געבויט בעיקר אויף שרעק, אָבער די העכערע רעליגיע, די אמתע טרייב־קראַפט שטיצט זיך מער

אויף ליבשאַפט און זכיה ווי אויף שכר ועונש. אין פּרקי אבות ווערן אָנ־געצייכנט די דריי מדרגות פון דינען גאָט: שכר ועונש, ליבשאַפט און זכיה.

„אַנטיגנוס, דער מאַן פון דער שטאָט סוכו, האָט איבערגענומען פון שמעון הצדיק. אַנטיגנוס פלעגט זאָגן: איר זאָלט נישט זיין ווי די קנעכט וואָס באַדינען דעם באַלעבאָס כדי צו באַקומען אַ באַלוינונג, נאָר ווי קנעכט, וואָס באַדינען דעם באַלעבאָס נישט צו באַקומען קיין באַלוינונג, און גאָטס מורא זאָל זיין אויף אייך" (אבות א, ג). ליבשאַפט איז אַ גרע־סערע מדרגה ווי זוכן באַלוינונג, דאָך צו דער ליבשאַפט דאַרף אויך זיין מורא, האַלט נאָך אַנטיגנוס. אין געוויסע פאַלן ווירקט שרעק מער פון ליבשאַפט (זע דעם ברטנורה צו דער משנה). אָבער צו יעדן פּרק איז אין די סידורים צוגעשטעלט געוואָרן אַ מאמר פון עקביה, דעם זון פון מהלל: גאָט האָט געוואָלט מזכה זיין די ייִדן, דערפאַר האָט ער פאַרמערט די תורה און די מצוות. אין דער מדרגה איז כמעט נישטאָ קיין שמץ פון שרעק און קיין ברעקל דערוואַרטונג אויף שכר ועונש. ס'איז אַ זכיה צו זיין אַ ייִד. דאָס איז דער אַלטער באַגריף פון דעם אתה־בחרתנו — אויסדערוויילטקייט צו טראָגן אַ יאָך, וואָס איז דער אמתער זין פון דער גאַנצער ייִדישקייט.

אַוודאי קען מען אָנווייזן אַז אין פאָלקישער ייִדישקייט האָט שרעק, יראה געשפּילט גאָר אַ גרויסע ראָלע. אָבער דער רעליגיעזער באַנעם — ווי דער אויפנאַם פון אַן אידעאַל בכלל — איז קיינמאָל נישט מעור־אחד. עס זענען פאַראַן אַלערליי קאָנצעפּציעס פון רעליגיע אין אַ פאָלק. אמונות שטאַרבן קיינמאָל נישט אָפּ. די פּראָסטסטע גלויבנס לעבן זייט ביי זייט מיט די דערהויבנסטע. אָבער די טרייב־קראַפט, די שעפערישקייט פון אַ גלויבן, פון אַן אידעאַל קומט פון די העכערע מדרגות פון דער אמונה. דאָס פאָלק האָט זיינע אייגענע דרכים. טויזנטער יאָרן נאָכדעם ווי יחזקאל האָט איינגעשטעלט דעם פּרינציפּ, אַז קינדער ליידן נישט צוליב די זינד פון זייערע עלטערן, נאָר יעדער איינער שטאַרבט פאַר זיינע אייגענע זינד (יחזקאל יח), האָט מען נאָך אַלץ געגלויבט אין ייִדישע שטעטלעך, אַז קליינע קינדער שטאַרבן צוליב די זינד פון עפּעס אַ צעלאָזענער אשה. אין תנ"ך גופא זענען דאָ מדרגות און מדרגות. אָבער ווען מען רעדט וועגן דעם נביאישן וועלט־באַנעם און זיינע עטישע פאָדערונגען, איגנאָ־רירט מען, און מיט רעכט, די נביאימשע צייטלעכע און אָפט נישט דער־

הויבענע מעשים און רייד. אליהו הנביא איז נישט גרויס, ווייל ער האָט אויסגעהרגעט די נביאי הבעל, אָדער ווייל ער האָט לעבעדיק געמאַכט דער אלמנהס זון. אליהו הנביא איז דער גרויסער נביא, ווייל ער האָט אויסגעשריִען צו אחאבן: „הרצחת וגם ירשת?" האָסט געמאָרדעט און אויך געירשנט? נתן הנביאס שטראָף, וואָס ער האָט פאָרויסגעזאָגט דודן פאַר זיין זינדיקן מיט בת־שבען, איז נישט וויכטיק. אָבער וויכטיק איז נתן הנביאס משל מיטן אָרעמאַנס שעפּסעלע. און דעם נביאס אויסגעשריי אתה האיש — דו ביסט עס דער מענטש — קלינגט אָפּ ביז היינט. איז וויכ־טיק ישעיהו דער רופא און דער בעל־מופת וואָס האָט איבערגערוקט דעם זון־זייגער צען טרעפּ? ניין, דער ישעיה פון באחרית־הימים איז דער, וואָס האָט געווירקט.

די גרויסקייט פון ייִדישקייט ליגט אין אירע גרויסע אידעען און באַ־גריפן פון הייליקייט, וואָס האָבן באַרייכערט און באַפרוכפּערט ייִדיש לעבן און אים געמאַכט שעפעריש.

אָבער דאָ קומט ווידער אַ פּראָבלעם פאַר דעם מאָדערנעם מענטשן — דער ייִדישער אתה־בחרתנו־געדאַנק. די בעסטע פון אונדזערע סעקולאַ־ריסטן האַלטן, אַז עס איז אַ געדאַנקען־גאַנג, וואָס געהער צו דער פאַר־גאַנגענהייט. ס'איז אַ שעדלעכער געדאַנק — ס'איז רעליגיעזער אימפּע־ריאַליזם און פירט צו אומטאָלעראַנץ. (זע דאָס קאַפּיטל, „אַן אַנאַכראָניזם" אין „דחי פּיוטור אָוו אמעריקאַן דזשו", פון מרדכי קאַפּלאַן).

אָבער אָן דעם אתה־בחרתנו־געדאַנק קען נישט עקזיסטירן קיין ייִדי־שער מיעוט צווישן פעלקער. מרדכי מ. קאַפּלאַן מיינט, און ער שטרענגט זיך אָן עס צו באַווייזן אין אַלע זיינע ביכער, אַז ייִדישקייט טראָגט אין זיך נישט קיין העכערע אידעע ווי וועלכער ס'איז אַנדער גלויבן, און ער גלויבט נישט אין השגחה־פּרטית און התגלות. אויב אַזוי, איז צו וואָס דאַרף מען זיך צו מאַטערן זיך און צוליב וואָס זאָל דער אינטעלעקטואַל, וואָס האָט די מעגלעכקייט אַראָפּצוואַרפן פון זיך דעם יאָך, בלייבן אַ ייִד? אַנדערש איז ווען מען זעט אין ייִדישקייט דעם בעסטן וועג פאַר זעלבסט־דערלייזונג און וועלט־דערלייזונג, און ווען מען איז איבערצייגט, אַז די ווערטן פון ייִדישקייט זענען די איינציקע פּאַסיקע צו ברענגען די וועלט צו שלימות.

דעם טעות, וואָס אונדזערע אינטעלעקטואַלן מאַכן און פאַרגלייכן דעם ייִדישן אתה־בחרתנו מיט דעם אַגרעסיוון אתה־בחרתנו פון אַנדערע פעל־קער, איז וואָס זיי נעמען די האַמעטנע ייִדישע פאָלקס־רעליגיע און פאַר־

גלייכן זיי מיט דער העכסטער מדרגה פון אַנדערע אידייען. אָבער דאָס איז נישט קיין פאַרגלייכן גלייכס „מיט גלייך". דער איינציקער אמת זין פון ייִדישן אתה־בחרתנו איז אַלץ דער זעלביקער ווי עמוס האָט אים פאָרמו־לירט: „ווייל נאָרר אייך האָב איך דערקענט פון אַלע משפחות (פעלקער) פון דער ערד, דערפאַר וועל איך זיך אָפּרעכענען מיט אייך פאַר אַלע זינד" (עמוס, ג״ב). מרדכי מ. קאַפּלאַן האָט אַרויסגעוואָרפן פון פסחדיקן קידוש „אשר בחר בנו מכל עם ורוממנו מכל לשון", וואָס ער האָט אונדז אויסדערוויילט פון אַלע פעלקער און דערהויבן פון אַלע אומות. אָבער וואָס שטייט נאָך דעם? וקדשנו במצוותיו — און ער האָט אונדז געהייליקט מיט זיינע מצוות. האָט ער איבערגעלאָזן דעם וקדשנו במצוותיו — פאַרוואָס? וואָס עפּעס האָט ער בלויז אונדז געהייליקט מיט מצוות? דאָס איז דאָך ווידער אתה־בחרתנו.

ייִדישער אתה־בחרתנו און „ייִדישער פּאַרטיקולאַריזם" איז אַ סך אוני־ווערסאַלער ווי דער כלומרשט קריסטלעכער אוניווערסאַליזם. דער בייער טעסטאַמענט זאָגט טאַקע: „ס׳איז נישטאָ קיין חילוק צווישן ייִד און גריך" (רוימער י׳—יא). אָבער דאָס איז נישט מער ווי אַ האַלבער פּסוק אַרויס־גענומען פון אינהאַלט. מען דאַרף לייענען וואָס עס שטייט אַ פּאָר פּסוקים פריִער און דעם אַנדער האַלבן פּסוק נאָך דעם.

„וואָרום אויב דו וועסט מודה זיין מיט דיין מויל, אַז ישוע איז דער האַר און גלויבן אין דיין האַרצן, אַז גאָט האָט אים מחיה־מתים געווען, וועסטו געראַטעוועט ווערן. וואָרום מיט דעם האַרץ גלויבט מען. כדי גע־רעכט צו ווערן, און מיט דעם מויל איז מען מודה כדי געראַטעוועט צו ווערן. וואָרום דער פּסוק זאָגט: ווער עס גלויבט אין אים וועט נישט ווערן צו שאַנד (ישעיה כח׳—טז׳). וואָרום ס׳איז נישטאָ קיין חילוק צווישן ייד און גריך, ווייל דער זעלביקער האַר איז האַר פון אַלע, און איז רייך פאַר אַלע, וואָס רופן צו אים" (רוימער, ט, פּסוקים 10, 11, 12).

דאָס מיינט אַז מען קען נישט דערלייזט ווערן סיידן מען דערפילט דעם תנאי פון זאָגן אָפן, דערקלערן אַז מען גלויבט אין ישוע. ווו איז דאָ דער אוניווערסאַליזם? דאָס איז דאָך דער זעלביקער פּאַרטיקולאַריזם וואָס די ייִדישע אָפיציעלע אמונה — ווער עס וויל זיך מגייר זיין קען זיך מגייר זיין און ווערט באַלד פאַררעכנט פאַר אַ ייִד. ס׳איז קיין חילוק נישט פון וועמען ער שטאַמט.

אָבער אין תוך איז קריסטנטום אַ סך אַ נידעריקער מדרגה פון ייִדיש־קייט. קריסטנטום האַלט אַז אויסער דער קריסטלעכער אמונה איז נישטאָ

פאַר קיינעם קיין דערלייזונג. דער ערשטער תנאי איז גלויבן אין ישועה. אָבער ייִדישקייט האַלט אַז פאַר נישט־ייִדן איז יאָ דאָ דערלייזונג אַפילו ווען זיי ווערן נישט קיין ייִדן.

„די טויערן ווערן געעפנט יעדע שעה און ווער עס וויל קען אַריינגיין. אַזוי ווערט געזאָגט: עפנט די טויערן און זאָל אַריין דאָס גערעכטע פאָלק, וואָס היט אָפּ דעם אמת (ישעיה כו׳ ב). עס שטייט נישט געשריבן און זאָלן אַריין כוהנים, לוויים און ישראלים נאָר זאָל אַריין דאָס גערעכטע פאָלק" (שמות רבה, פרשה יז).

„איך נעם ווי עדות הימל און ערד אַז סיי אַ גוי, סיי אַ ייִד, סיי אַ מאַן, סיי אַ פרוי, סיי אַ קנעכט, סיי אַ דינסט, יעדער איינער לויט זיינע מעשים וואָס ער טוט אַזוי רוט אויף אים דער רוח הקודש" (תנא אליהו רבה).

ייִדן זענען טאַקע אויסדערוויילטע, אַן עם לבדד ישכון, אָבער זיי זענען געקניפּט און געבונדן מיט דער וועלט. עס קען נישט זיין בלויז אַ ייִדישע צרה. אויב די וועלט ווערט נישט אָנגערירט פון דער צרה איז עס קיין צרה נישט.

„יעדע צרה, יעדער אומגליק, וואָס די אומות העולם און די ייִדן זע־נען שותפים צו איר איז עס אַ צרה. אָבער אַ צרה פון וועלכער ייִדן אַליין ליידן איז קיין צרה נישט" (דברים רבה, פרשה ב).

אַזאַ אתה־בחרתנו איז נישט קיין אומגליק פאַר דער וועלט. אַזאַ אתה־בחרתנו האָט קיין אומה ולשון, און פאַר אַזאַ אתה־בחרתנו איז זיך נישטאָ וואָס צו שרעקן.

אַוודאי ווערט עס ביים פאָלק קיינמאָל נישט אָנגענומען אויף אַזאַ הויכער מדרגה. אָבער ווי מיר האָבן אויבן באַמערקט, זענען דאָ מדרגות נישט נאָר אין רעליגיעזן באַנעם, נאָר אין דעם אויפנעם פון אַלע אידעען. די עיקר־פראַגע איז צי הלכה האָט אין זיך געטראָגן אייביקע ווערטן און צי עס איז כדאי צו ליידן פאַר אַזאַ ייִדישקייט צי נישט. אויב הלכה איז נאָר געווען אַן ענין פון בלויז קיום און דאָס נאַרישע פאָלק איז אין תוך פאַרפירט געוואָרן מיט אַ גייסטיקער אונטערדריקונג־פּאָליציי און אין תוך איז נישטאָ קיין חילוק צווישן אַלע אמונות און רעליגיעס, איז די ביז איצטיקע ייִדישע געשיכטע געווען אַ פאַטאַלער טעות און די צוויי טויזנט־יאָריקע ליידן זענען געווען אַן אומזין. ס׳איז נישטאָ קיין זין אויפצוהאַלטן אַ מינאָריטעט אין די תפוצות אויב ייִדישקייט איז בלויז נאָך אַן אמונה מיט די דערהויבנקייטן און נאַרישקייטן פון אַלע אמונות און טראָגט אין זיך נישט די ספּעציפישע אייביקע ווערטן, וואָס קענען דער־לייזן דעם יחיד, דאָס פאָלק און די וועלט.

איך מיין אַז צוליב דער השפעה פון די קריסטלעכע טעאָלאָגן האָבן מיר ייִדן אויפגעהערט צו פאַרשטיין דעם זין פון הלכה. מיר דאַרפן איצט נאָך מער באַטאָנען אַז הלכה איז נישט קעגנעריש צו נביאישקייט, הלכה איז בעצם דער פּרוּוו איינצופירן די נביאימשע פאָדערונגען אין לעבן. הלכה איז די קאָנקרעטיזירונג און טיילווייז פאַרפיקסירונג פון די הויכע אַבסטראַקטע פאָדערונגען פון דער תורה. דער צוועק פון הלכה איז הייליקן דאָס טעגלעכע לעבן און צו רעאַליזירן גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד. דער גאַנצער ייִדישער גלות, די שיטה פון ייִדן צו גרינדן ישו־בים אין שכנות פון אַנדערע פעלקער, להיפּוך דעם גריכישן וועג פון קאָלאָניזאַציע, וואָס איז אין תוך געווען מלוכיש סעקולאַריסטיש, האָט געהאַט איין צוועק — רעאַליזירן גאָטס קעניגרייך אין טאָג־טעגלעך לעבן דורך דעם מיטל פון מצוות־מעשיות.

אין אונדזער הייַנטיקן לשון מיינט עס, אַז ייִדן האָבן אַן אַנדער באַגריף פון מענטשלעכער חשיבות און דערפאַר אַן אייגנאַרטיקן באַגריף וועגן די יסודות פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער ייִדישער ענדציל איז געווען פולע קאָאָפּעראַציע צווישן מענטשן און פעלקער, פולקאָמענע באַהערשונג פון דער נאַטור און אַבסאָלוטע הערשאַפט אויף זיך אַליין.

„פאַרגעסן וועלן ווערן אַלע פריערדיקע צרות — — — וואָרום איך וועל באַשאַפן נייע הימלען און אַ נייע ערד, און דאָס פריערדיקע וועט נישט דערמאָנט ווערן און נישט אויפקומען אויפן זינען“ (ישעיה ס״ה, טז—יז).

אָבער ייִדן האָבן אויך איינגעשטעלט דעם פעסטן כלל אַז די האָפענונג אויף דער ווייטער צוקונפט באַפרייט נישט דעם מענטשן פון איצט. יע־דער איינער דאַרף זען שוין באַלד, אין אייגענעם לעבן, רעאַליזירן די הויכע פאָדערונגען, וואָס גאָט האָט אַוועקגעשטעלט פאַרן מענטשן. דער־פאַר דאַרף דער מענטש זיך אַליין דיסציפּלינירן און דערציִען כדי ער זאָל קענען מיט זיינע אייגענע כוחות עפּעס צוטראָגן צום תיקון פון דער וועלט

ווען מיר נעמען אָן אָט דעם קוק אויף ייִדישער תורה, האָט דער לאַנגער גלות אַ זין און ער איז נישט געווען גלאַט קיין צופעליקער אומ־גליק פאַרן פאָלק. ס׳איז געווען אַ באַוווסטזיניקער יאָד, גענומען אויף זיך פרייוויליק צוליב אַן ענדציל. ווען ייִדן וואָלטן זיך געוווען אויך אָפּזאָגן פון אַ גלות־לעבן, ווי אַלע פעלקער האָבן עס געטון, דעמאָלט וואָלט געפעלט אין דער וועלט־ציוויליזאַציע דער עלעמענט פון קדושה.

ווען מיר נעמען אָן אָט די הנחה, איז פֿאַראַן אַ פּאַרוואָס און אַ צוליב־וואָס פֿאַר ייִדישקייט אין די תּפֿוצות. מיר קענען אויפֿהאַלטן ייִדישקייט, אַ פֿאָלקס־לעבן, אָן די אַטריבוטן, וואָס אַלע אַנדערע פֿעלקער האַלטן אַז זיי זענען אַ נויטווענדיקייט פֿאַר דעם לעבן פֿון פֿאָלק. מיר זענען אַן אויסנאָם. ייִדישקייט איז רעליגיע, פֿאָלק און פֿאָלקס־לעבן געקניפּט און געבונדן, נישט אָפּצוטיילן. דער באַגריף איז שוין אויפֿגעקומען אין דער צייט פֿון פֿאַר חורבן בית שני.

דער עיקר פֿון אַלע עיקרים דאַרף איצט זיין פֿאַר אונדז אַז ייִדישקייט איז אַ וועלט־באַנעם, וואָס אירע אַבסטראַקטע אידעען זענען טאַקע געוואָרן דער קנין פֿון דער גאַנצער וועלט, אָבער דער אייגנאַרטיקער וועג פֿון ייִדן איז וואָס די אַבסטראַקציע איז קאָנקרעטיזירט אין מצוות־מעשׂיות. דאָס איז דער קנין פֿון ייִדן בלויז. די קאָנקרעטיזירונג פֿון די אַבסטראַקטע אידעעס און מצוות־מעשׂיות האָט ייִדן געמאַכט פֿאַר אַן אייגנאַרטיק פֿאָלק. די הלכה האָט געמאַכט פֿון ייִדישקייט „אַ רעליגיעזע ציוויליזאַציע".

אָט דער געדאַנקען־גאַנג איז אונדז מחייב צו סובאָרדינירן, מאַכן אַ טפֿל פֿון אַלץ אין ייִדישן לעבן צוליב דער דערגרייכונג פֿון הויפּט־ציל — רעסטאַווירן צוריק אַ פֿול ייִדיש לעבן אין די תּפֿוצות.

פֿאַר יעדער ייִדישער גרופּע, פֿאַר יעדן ייִדישן יחיד איז איצט אַ צייט פֿון חשבון־הנפֿש: וואָס מיינט פֿאַר אונדז ייִדישקייט אין טאָג־טעגלעך לעבן? ווי אַזוי קען איך לעבן ווי אַ ייִד? וואָס זענען די וועגן צו מאַכן פֿון דער אַבסטראַקציע־ייִדישקייט אַ קאָנקרעטן יש?

ייִדיש לעבן איז צעבראָכן געוואָרן, צעפֿאַלן געוואָרן, ייִדישע אָנגעהעריקייט איז געוואָרן נישט מער ווי אַ באַוווסטזיין פֿון זיין אַ ייִד. אַמאָל נאָך ערגערס — מען איז ייִדן ווייל אַנדערע האַלטן אונדז פֿאַר ייִדן. מיר האָבן אין תּוך אָנגענומען דעם אַפּאָסטאָליש־פּאַולישן פּרינציפּ פֿון ביטול מצוות־מעשׂיות. מיר באַנוגענען זיך בלויז מיט אַבסטראַקטער אמונה, ווי ער האָט געפּרעדיקט:

„מיר רעכענען דעריבער, אַז דער מענטש ווערט גערעכטפֿאַרטיקט דורך אמונה אָן די מעשׂים פֿון דער תּורה" (רוימער, ג, 28).

מיר רעדן ווי ייִדן און לעבן ווי קריסטן, להיפּוך צו די אַמאָליקע משׂכּילים, וואָס האָבן גערעדט ווי נישט־ייִדן און געלעבט ווי ייִדן.

אָט ווי מיט דורות צוריק איז געווען אַ נויטווענדיקייט צו שטעלן זיך קעגן פֿאַרגליווערטער הלכה, אַזוי איז איצט געקומען די צייט זיך צוריק־

קערן צו הלכה. מיר דאַרפן זיך שטעלן קעגן אונדזער אויסגעליידיקט ייִדיש לעבן און זאָגן צו זיך און פרעגן זיך אַליין: מיט וואָס בין איך אַ ייִד? וואָס טיילט מיך אָפּ פון נישט־ייִדן? וואָס איז מיין ייִדישקייט מיך מחייב עקאָנאָמיש, סאָציאַל און אין די דלד אמות פון מיין שטוב?

מיר דאַרפן האָבן אַ קלאָרע פאַרשטעלונג, וואָס מיינט עס צו זיין אַ ייִד. אין דעם געשטאַלט פון דעם ייִד, וואָס מיר ווילן ווערן און זיין, דאַרפן מיר בויען אונדזערע אַנשטאַלטן. מיר דאַרפן שאַפן פּראָגראַמען פאַר אונדזערע שולן, אַז דער קומענדיקער דור זאָל האָבן אַ פּרצוף, אַ ייִדישן פּנים.

ייִדישע געלערנטע האָבן שוין לאַנג באַוויזן אַז הלכה איז נישט פאַר־מאַליזם, אַז דער ייִדישער ריטואַל און צערעמאָניאַל, די פּרושימשע ייִדיש־קייט איז נישט קיין איבערבראָך אין דער נביאישער ייִדישקייט נאָר אַ פאַר־זעצונג, אַ קאָנטינואיטעט, אַ רעליגיעזע דיסציפּלין צו דערפילן די פאָדע־רונגען פון די נביאים. הלכה, מצוות־מעשיות — איז דער מינימום פון דער קאָנקרעטיזירונג פון דעם מלכות שמים פון די נביאים. הלכה איז נישט קיין פאַרגליווערונג פון דער נביאישער ייִדישקייט, נאָר פאַרקערט, עס פאַרבייט דעם טויטן בוכשטאַב פון וואָרט אויף דער דערהויבענער תורה פון די נביאים.

דאָס קאָנצענטרירן זיך איצט אויף שאַפן אַ פולבלוטיק ייִדיש לעבן אין די ראַמען פון הלכה איז חל אויך אויף מדינת־ישראל. ס'איז דאָך קלאָר אַז מדינת־ישראל איז נישט אויפגעקומען בלויז צוליב דעם זכות פון דעם האַלבן מיליאָן ייִדן, וואָס האָבן דעמאָלט געלעבט אין לאַנד. מדינת־ישראל איז אויך אויפגעקומען צוליב אונדז, וואָס האָבן געטראָגן און טראָגן דעם טרוים פון ייִדישן עתיד. מדינת־ישראל איז נאָך אַלץ ארץ־ישראל. פאַרוואַנדלען ארץ־ישראל אין בלויז מדינת־ישראל איז אַן אומזין. אָבער ס'איז דאָרטן דאָ אַזאַ טענדענץ און גאָר אַ שטאַרקע. דערפאַר איז ביי זיי דאָרט די סכנה פון אַסימילאַציע אַזוי גרויס ווי ביי אונדז דאָ. ס'איז גאָרנישט אויסגעשלאָסן אַז דאָרטן זאָלן ייִדן פאַרגויישט ווערן נאָך שנעלער ווי מיר דאָ אין די תפוצות. זיי האָבן גינסטיקערע באַדינגונגען. אונדז וועלן אונדזערע שכנים נישט דערלאָזן דערצו. פאַר אַ פאַרגוייִשטער מדינת־ישראל ציטערן אַ סך ייִדן. ס'איז כדאי צו ציטירן וואָס אַן אַלטער ציוניסט און העברעער זאָגט וועגן דעם ענין:

„איך פערזענלעך בין זיך מודה, אַז איך געפין נישט קיין שום וווּנדער אין אַ קיבוץ פון אַ מיליאָן אָדער צוויי פון גלאַט מענטשן, וואָס

האָבן זיך אַריינגעקוועטשט אויף אַ שטיקל לאַנד ערגעץ דאָרטן אין נאָענטן מזרח, און וואָס זיי פלאַנצן פרדסים, בויען וועגן און שטימען פאַר אַ פּאַר־לאַמענט. דאָס פאַר זיך איז נישט קיין אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג אין דער וועלט און אין איר געשיכטע, הגם די בירגער פון דער מדינה וועלן רעדן אויף אַ לשון וואָס האָט אַ ביסל ענלעכקייט צום לשון פון ישעיהו און יהודה הלוי. אָבער ס׳איז שוין גאָר אַן אַנדער ענין אויב אָט דער מיליאָן אָדער צוויי מענטשן זענען אַ היסטאָרישע גרופּע, וואָס איז ממשיך נישט נאָר די שפּראַך, נאָר אויך די גייסטיקע ירושה אירע און קוקט אויף זיך — און אַזוי קוקט אויף איר די וועלט — ווי דאָס אויסדערוויילטע פאָלק, וואָס האָט געקראָגן די תורה אויפן סיני, און איז אויסגעקליבן געוואָרן צו טראָגן דעם פאַקל, וואָס זאָל באַלויכטן דעם וועג צו דער נבואה פון אחרית הימים״ (ספר היובל של הדואר, תשי״ב, „על הגאולה ועל התמורה״ ה. סקלר).

אָנווענדן הלכה איצט אין טאָג־טעגלעך לעבן מיינט אַ רעוואָלוציע אין יידישן לעבן און עס דאַרף קומען צו ערשט אַן איבערדערציאונג פון אונדזער אינטעליגענץ, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין אַ סעקולאַרער אַטמאָספערע. מען וועט דאַרפן אויך טון אַ סך פאָרשונגס־אַרבעט: אויפ־דעקן כללים, ספּעציפישע אָנווייזונגען וואָס געפינען זיך אין דער אַלטער יידישער גרויסער ליטעראַטור אויף העברעאיש און אַראַמעאיש. אויך דאַרף קומען אַן אויפקלערונג פון יידישן תוך וואָס איז פאַרהוילן אין יידישן ריטואַל.

דער וועג איז אַ לאַנגער, אַ שווערער און אַ פאַרפּלאָנטערטער. סכנות זענען דאָ גרויסע. די הויפּט־שוועריקייטן זענען: דער מאָדערנער מענטש וויל אויף זיך נישט נעמען קיין דיסציפּלין. צערעמאָניאַל בכלל, ווערט געוויינלעך אויסגעטייטשט, איז נישט מער ווי די שאָלעכץ און האָט נישט קיין תוכיקן אינהאַלט. אויך קענען ריטואַל און צערעמאָניאַל פאַרשטעלן דעם עיקר, דעם גייסטיקן און עטישן באַנעם פון יידישער תורה. אָבער קיין שום איבערבראָך קומט נישט אָן גרינג. ווען מיר דערזעען דעם אמת, טאָר אונדז נישט אָפּשרעקן דער קאַמף.

# אייגן לשון און רעדן יידיש

א.

פאַר אונדזערע אויגן ממש זעען מיר ווי דאָס ייִדיש לשון שטאַרבט אָפּ פון טאָג צו טאָג, ווי אַ געדעכטע שפּראַך. אמת, ווען מיר זאָלן מאַכן אַ חשבון פון אונדזער איצטיקער באַלעבאַטישקייט אויף ייִדיש, האָבן מיר נאָך אַלץ אַ גאַנץ היפּשן ייִדישן פאַרמעגן. בלויז אין די פאַראייניקטע שטאַטן זענען דאָ קרוב אַ פערטל מיליאָן ייִדן, וואָס קויפן, טאָג־איין טאָג־אויס, אַ ייִדישע צייטונג. איך וויל באַטאָנען, אַז עס איז דאָ ביי אונדז אין צפון־אַמעריקע קרוב אַ פערטל מיליאָן קויפער פון אַ ייִדישער צייטונג. לייענער מסתמא אַ סך מער. אויך אין קאַנאַדע גייט אַרויס אַ טאָג־צייטונג. די צאָל טאָג־צייטונגען אין דרום־אַמעריקע און די צאָל פון זייערע לייענער זענען מיר גענוי נישט באַקאַנט. נאָר מסתמא דערגרייכט זייערע צירקולאַציע אין די הויכע צען טויזנטער.

חוץ טאָג־צייטונגען דערשיינען ביי אונדז אין צפון־אַמעריקע צוויי חודש־זשורנאַלן, איין וואָכנבלאַט, וואָס קומט אַרויס רעגלמעסיק אַלע וואָך, און נאָך אַ וואָכנבלאַט, וואָס דערשיינט כמעט רעגלמעסיק. אויך האָבן מיר אַ צוויי־וואָכיק־בלאַט, דריי קינדער זשורנאַלן, צוויי פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן, איינער אַ חודשלעכער, דער צווייטער קומט אַרויס דריי מאָל אַ יאָר, אָבער דערפאַר אין מער ווי הונדערט זייטן. עס זענען דאָ אַ צאָל פּראַטערנאַלע זשורנאַלן און פאַך־שריפטן און פּעריאָדישע אויסגאַבעס.

עס ווערן אויך געדרוקט אַ יאָר אַ פּאָר הונדערט ביכער אויף ייִדיש. פון זיי אַ סך וויכטיקע ביכער. מיר האָבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן הונדערטער ייִדישע שרייבער. איבער צען טויזנט קינדער באַזוכן די

ייִדישיסטישע שולן: פֿאָלק־שולן, מיטל־שולן און העכערע קורסן. עס זענען דאָ דריי פּראָטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס מיט אַ הונדערט און פֿופֿציק טויזנט מיטגלידער, און אפשר נאָך מער, וואָס לפּנים איז זייער אָפֿיציעלע שפּראַך ייִדיש.

ווער וואָלט געחלומט מיט פֿופֿציק יאָר צוריק פֿון אַזאַ רײַכקייט און אַזאַ פֿאַרמעגן?

דאָך, דער וואָס וויל זיך נישט נאַרן, זעט ממש ווי פֿאַר זײַנע אויגן שטאַרבט אָפּ ייִדיש, ווי אַ געריידטע שפּראַך. די ליכטיקייט, וואָס ער זעט, איז דאָס ליכט פֿון בין־השמשות, נישט דאָס טונקעלע ליכט פֿון פֿאַרטאָג.

איינער פֿון די הויפּט־סימנים פֿון אונטערגאַנג פֿון ייִדיש, איז די שטומקייט פֿון יונגן דור און זײַן גלײַכגילטיקייט צו שעפֿערישער ייִדיש־קייט. עס זענען דאָ צענדליקער טויזנטער ייִדישע קינדער, וואָס קענען ריידן, שרײַבן און לייענען ייִדיש. עס זענען דאָ הונדערטער טויזנטער פֿון דער ייִדישער יוגנט, וואָס פֿאַרשטייען ייִדיש גאָר נישט שלעכט. דאָך איז דער יונגער דור, כמעט אָן אַ יוצא מן הכלל, נישט קיין קאָנסומענט פֿון ייִדיש: ער קויפֿט נישט קיין צײַטונג, קיין בוך, נוצט נישט קיין ייִדיש, ווי זײַן אומגאַנג־שפּראַך, אַפֿילו נישט אין דעם ענגן קרייז פֿון זײַן משפּחה; און נאָך עפּעס ערגערס — אים איז אינגאַנצן פֿרעמד אָט דער קאָמפּלעקס, וואָס מיר רופֿן ייִדישקייט: די ייִדן־פֿראַגע, ייִדישקייט־פּראָגע, ייִדישע פּראָבלעמאַטיק און ייִדיש פֿרייד און ייִדיש וויי. מאָדנע איז, וואָס מיט זײַן גאַנצער אָפּגעפֿרעמדקייט, פֿאַרלייקנט נישט דער יונגער דור זײַן ייִדישקייט.

דער ייִדישער שרײַבער, דער ייִדישער לעקטאָר שרײַבט און רעדט בלויז פֿאַר און צו אַ מיטליאָריקן עולם. על־פּי־רוב האָט ער פֿאַר זיך אַן עלטערן עולם: מענטשן אין די הויכע פֿופֿציקער אָדער זעכציקער. אַזאַ עולם איז נישט מסוגל אויפֿצונעמען נײַע געדאַנקען און אַוודאי איז ער נישט בכוח איבערצוברעכן זײַן לעבן. ער קען זיך אַפֿילו נישט פֿאַרטיפֿן אין אַ בוך. ער איז דאָך דערצויגן געוואָרן נישט אויף תּורה, נאָר אויף ליטעראַטור, וואָס איז אין תּוך נישט מער ווי אַ צײַט־פֿאַרטרײַב, נישט קיין לעבנס־נויטווענדיקייט. לייענט ער לײַכטע ליטעראַטור. אַן עלטערער מענטש קען דאָך נישט פֿאַרדייען קיין שווערע זאַכן. אָט דער קרייז לייע־נער, ווי בײַ אַלע פֿעלקער, שטעלט זיך צופֿרידן מיט זײַן טאָג־צײַטונג, וווּ עס ווערן פֿאַרהאַנדלט פּראָבלעמען צײַטונג־מעסיק. זעלטן ווען ער

פּאַרטיפּט זיך אין אַ זשורנאַל אַפּילו. אַ בוך איז, געוויינלעך, אַ צו שווע־
רער ענין פֿאַר אים.

דער ייִדישער שרייבער איז על־פּי־רוב שוין אין דעם עלטער פֿון איבער פֿופֿציק, און ווי אַ כלל אַן אימיגראַנט, וואָס האָט געקראָגן זיין דערציאונג אין מזרח־אייראָפּע. ייִדישע שרייבער, וואָס זענען געבוירן גע־וואָרן אין אַמעריקע, אָדער וואָס זענען געקומען אַהער, ווי קינדער ייִנגער פֿון צען יאָר, גילט אויף זיי דאָס אַלטע מליצה־ווערטל, וואָס איז צום באַדויערן דער ריינער אמת אין דעם פֿאַל, „מען קען זיי אויסרעכענען אויף די פֿינגער פֿון איין האַנט און עס וועלן נאָך איבערבלייבן פֿינגער".

נאָר סימפּטאָמאַטיש איז, וואָס אי דער ייִדישער שרייבער, אי זיין מיטליאָריקער עולם, וואָס בעצם, איז ייִדיש זייער לעבעדיק לשון, זענען אויך אַ היפּש ביסל שפּראַכלעך אַסימילירט. ס'איז גאָר נישט קיין זעלטנ־קייט, אַז אַ ייִדישער לעקטאָר זאָל האַלטן אַ רעפֿעראַט אויף אַ פֿיינעם ליטעראַרישן קאָרעקטן ייִדיש, און ווען ער גייט אַראָפּ פֿון דער פּלאַט־פֿאָרמע זאָל ער זיך אַ ווענד טון צו זיין באַגלייטער אָדער באַגלייטערין אויף אַ נישט־ייִדישער שפּראַך: ענגליש, רוסיש, פּויליש אָדער רומעניש. ייִדישע טעאַטער־אַרטיסטן און קינסטלער מכל המינים ריידן צווישן זיך זעלטן ייִדיש, גאָר זעלטן. דער עולם, וואָס קומט צו ייִדישע לעקציעס, אויף ייִדישע אסיפֿות, אין ייִדישן טעאַטער, רעדט צווישן זיך על־פּי־רוב ענגליש. ייִדישע טאַטע־מאַמע, וואָס געוויינלעך ריידן זיי צווישן זיך ייִדיש — ווענדן זיי זיך צו אַ קינד אַלעמאָל אויף ענגליש. אַפּילו צו די עופּהלעך־אייניקלעך, וואָס קענען נאָך נישט קיין ייִדיש און נישט קיין ענגליש, קענען נאָך נישט ריידן בכלל, ריידן צו זיי ייִדישע באָבע־זיידע נאָר ענגליש.

עס גייט ביי אונדז אָן אַ ריב־הלשונות, אַ שפּראַך שטרייטעריי, צווישן ייִדיש און העברעאיש. באמת איז עס די אומזיניקסטע מלחמה. ייִדן אין תפֿוצות־ישראל בייטן נישט אויס ייִדיש אויף העברעאיש, אָדער העברעאיש אויף ייִדיש. זיי בייטן זייער אייגן לשון אויף דעם לשון פֿון דער לאַנד. עס איז שוין אַ פֿאַרענדיקטער פּראָצעס ביי די ייִדישע תושבים אין פֿראַנק־רייך, ענגלאַנד און איטאַליע. קענטיק אַז עס איז שוין לאחר המעשה, אין ענין שפּראַך, אין סאָוויעט־רוסלאַנד. גאַנץ קענטיקע שפּורן פֿון איבערגיין פֿון ייִדיש אויף דעם לאַנד־שפּראַך האָבן זיך באַוויזן אין פּוילן, פֿאַר דעם חורבן־היטלער, ימח שמו וזכרו. מיר דוכט זיך, אַז אַפּילו לויט די אָפּטי־מיסטישסטע באַריכטן פֿון דרום־אַמעריקע, גייט אויך אָן דאָרטן דער

פּראָצעס פון שפּראַך־אַסימילאַציע. עס קען זיין, אַז דער באַרג אַראָפּ איז לאַנגזאַמער אין אַרגענטינע ווי דאָ ביי אונדז אין צפון־אַמעריקע, אָבער לויט אונדזערע הנחות וועגן סעקולאַרן יידיש לעבן קען קיין יידישער ישוב נישט זיין קיין אויסנאַם.

נאָך איין דערשיינונג איז בולט אין דעם יידיש־סעקולאַרן לעבן: אַלע אַקטיוויטעטן לטובת יידיש זענען אויפגעקומען סטיכיש. עס איז קיינמאָל נישט געווען קיין גרופּע אַפילו, וואָס האָט געהאַט אַ נאַציאָנאַלן פּלאַן און געהאַט די אַמביציע אַרומנעמען אָדער איבערנעמען דאָס גאַנצע יידישע לעבן, אין אַלע זיינע פּאַזן.

יידן האָבן זייער פּלאַנמעסיק אָרגאַניזירט די צדקה־אינסטיטוציע, זיי האָבן דערפאָלגרייך אָרגאַניזירט הילף פאַר ארץ־ישראל. אַלערליי שאַטי־רונגען פון רעפאָרם־יידישקייט און אָרטאָדאָקסיע מכל המינים האָבן געשאַפן צענטראַלע לערן־אינסטיטוציעס פאַר זיך, אָרגאַניזירט זייערע קהילות און פאַרזאָרגט זייערע גייסטיקע נויטן. אַפילו אויפן עקאָנאָמישן געביט האָבן יידן זיך אָרגאַניזירט זייער גוט. זיי האָבן געשאַפן פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט די ספּעציפישע נויטן פון די פאַראיינען. אָבער יידן, אין צפון־אַמעריקע, האָבן נישט געשאַפן קיין צענטראַלע יידישיסטישע שול־אָרגאַניזאַציע, אַ צענטראַלן פאַרלאַג אָדער אַ צענטראַלע קולטור־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיך האָבן פאַרמאָסטן צו פאַרנעמען די יידישע קהילות אָדער שאַפן קאָנקורענץ־קהילות, וואָס זאָלן כולל זיין דאָס גאַנצע יידיש לעבן.

דאָך איז דער יידישיזם געווען דער שעפערישסטער כוח אין יידישן לעבן, אַפילו ווען ער האָט נישט געמאַכט דעם מינדסטן פּרווו צו פאַרזאָרגן דעם מאָרגן. דער יידישיזם איז געווען שעפעריש, ווייל ער האָט געצויגן זיין יניקה פון פאָלקס לעבן, וואָס האָט זיך געפאָרמירט אין שטעטל. אַ מטמון מיט גייסטיקע און קולטורעלע ווערטן האָט זיך אָנגעקליבן אין שטעטל. יידישיזם האָט זיך געשפּייזט פון דער עשירות און האָט נישט געדאגהט פאַרן מאָרגן. די יידישיסטן האָבן געמיינט אַז דער רעזערוו וועט געדויערן אייביק.

עס וועט זיין גענוג בלויז צוויי ביישפּילן, ווי די יידישיסטן האָבן געלעבט פון גרייטן: די פּרעסע און די שול־באַוועגונג.

די יידישע פּרעסע האָט קיינמאָל נישט געזאָרגט פאַר דעם יונגן לייענער. אַלע אַמעריקאַנער צייטונגען מיט איין אויסנאַם, „דהי ניו־יאָרק

טײַמס״, האָבן אָפּטײלונגען פֿאַר קינדער און יוגנט. אײנע פֿון די גרעסטע און װיכטיקסטע און ערנסטע צײַטונגען אין ניו־יאָרק, „דהי העראַלד טריביון״, האָט אַ טאָגלעכן עמוד פֿאַר נאָר יונגע קינדער, אַ חוץ די „פֿאַננים״ און זונטיק־פּיטשורס פֿאַר יוגנטלעכע. אין מדינת־ישׂראל האָבן אַלע צײַטונגען, אָן אויסנאַם, װעכנטלעכע בײַלאַגעס, גאַנצע קינדער־זשורנאַלן. דער חשבון איז אַ פּשוטער, װען טאַטע־מאַמע ברענגען אַרײַן די צײַטונג אין שטוב װעט אויך דאָס קינד זיך צוגעװוינען צו דער צײַטונג. די ייִדישע פּרעסע האָט נישט געטראַכט װעגן אַ יוגנט־לײענער. עס איז דאָך געװען אַ צײַט װען די ייִדישע יוגנטלעכע האָבן גערעדט ייִדיש װי װאַסער. איצט איז דאָ אין אויסנאַם: דער „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״ האָט אַלע פֿרײַטיק אַ קאָרגע זײַט פֿאַר יוגנטלעכע לײענער, אָבער ס׳איז מער פֿאַר דערװאַקסענע לײענער װי פֿאַר דער יוגנט.

די ייִדישע פּרעסע האָט אויך נישט געזאָרגט פֿאַר די ייִדישע שולן. די פּרעסע האָט דאָך געדאַרפֿט זײַן די פֿאַראינטערעסירטסטע אין דער שול. די ייִדישע שולן זענען דאָך אַמװײַניקסטן טעאָרעטיש — דער קװאַל פֿון צוקונפֿטיקן לײענער.

גאָר װײניק, כמעט גאָרנישט, האָט די פּרעסע געזאָרגט פֿאַר נײַע פּובליציסטן, דערצײלער, אַנטװיקלען נײַע טאַלאַנטן אין דער ייִדישער ליטעראַטור. גאָר װײניק ייִדישע רעדאַקטאָרן האָבן דערמוטיקט נײַע שרײַ־בער, זײ דערצויגן און געלערנט. פֿאַרקערט, אַפֿילו אַמאָליקע יונגע טאַ־לאַנטן דערצײלן װי די רעדאַקטאָרן האָבן זײ געעצהט נישט צו שרײַבן אויף ייִדיש, לערנען זיך אַ בכבודיקע פּראָפֿעסיע און נישט פּטרן קײן צײַט אויף נאַרישקײטן.

די װאָס זענען געשטאַנען אין דער שפּיץ פֿון דער ייִדישער פּרעסע האָבן נישט געגלויבט אין דער צוקונפֿט פֿון ייִדיש, האָבן נישט געגלויבט אין דער צוקונפֿט פֿון פֿאָלק. זײ האָבן גענוצט די פּרעסע און דעם ייִדישן לשון בלויז װי מיטלען צו פֿרעדיקן איזמען. דאָס, װאָס עס זענען אויפֿ־געקומען, אין די לעצטע פֿופֿציק יאָר, גוטע פּובליציסטן, דערצײלער און בכלל שרײַבער פֿון אַלע זשאַנערס איז געװען אַ סטיכישער פּראָצעס, װאָס קײנער האָט נישט געהאָלפֿן און סטימולירט. עס האָט זיך אַנגעקליבן אַ גרויסע גײַסטיקע רײַכקײט אין די ישיבֿות און די בתּי־מדרשים. די פֿאָלקס־אינטעליגענץ האָט געמוזט קומען צום אויסדרוק, האָט די אינטע־ליגענץ געבראָכן צאַמען און געשאַפֿן פֿאַר זיך װי עס איז אַן אָרט. אָבער

קיין יורשים נאָך זיך לאָזט מען נישט איבער. שוין איצט, ווען די פּרעסע איז נאָך אַ חי הנושא את עצמו, איז קענטיק די גרויסע ירידה. היינט, אין 1950 למנין העמים און אין יאָר תש״י לבריאת העולם, איז אין גאַנץ צפון־אַמעריקע נישטאָ קיין ייִדישער אָרגאַן, אין וועלכן אַ שרייבער קען פאַרעפנטלעכן אַ וויכטיקע, לענגערע אַרבעט, וואָס איז נישט אין הסכם מיט דער הערשנדיקער שטימונג פון דער ייִדישער גאַס. די „אינעווייניקסטע״ שרייבער האָבן נאָך אַ געוויסע מאָס פרייהייט, דער זייטיקער שרייבער האָט בכלל נישט ווו צו שרייבן. ס׳איז אין אַלגעמיין געוואָרן אַזאַ לאַגע אַז דער שרייבער האָט נישט ווו צו עקספּערימענטירן און וואַקסן. די צייטונגען זענען פאַרנומען מיט „הענט״, וואָס זענען אייפערזיכטיק אויף זייער רום און פרנסה. די געציילטע זשורנאַלן דינען פּאַרטייען. דער לייענער איז אַלט געוואָרן און וויל נישט באַאומרואיקט ווערן; און די אינטעליגענץ איז געבליבן אָן אַ פאָלק.

די רייכע ירושה, וואָס איז געבליבן פון שטעטל ווערט ביסלעכווייז אויפגעגעסן און מיר ווערן וויסטע קבצנים.

דאָס זעלביקע עסן פון גרייטן איז אָנגעגאַנגען אויף דעם פעלד פון ייִדישער דערציאונג אין אַמעריקע.

אין אָנהויב איז גלאַט גאָרנישט געווען. ייִדישע ראַדיקאַלן, וואָס האָבן גערעדט ייִדיש, האָבן נישט געהאַלטן פון אַ ייִדישער דערציאונג פאַר זייערע קינדער:

„די מזרח־אייראָפּעאישע משכילים, די, וועלכע האָבן געשפּילט אַ ראָלע אינעם אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן, זענען צום גרעסטן טייל געווען סאָציאַליסטן אָדער אַנאַרכיסטן, און זיי איז אין אָנהויב גאָרנישט איינגעפאַלן אַפילו צו טראַכטן וועגן אַזאַ זאַך, ווי ייִדישע שולן״ (מיין קורסיוו — ש. ס.). (שמואל ניגער, „אין קאַמף פאַר אַ נייער דערציאונג״, ניו־יאָרק, 1940, ז׳ 23).

ס׳איז אוממעגלעך זיך צו פאָרשטעלן, אַז דער דינאַמישסטער און שעפערישסטער טייל פון ייִדישן פאָלק האָט בכלל נישט געפילט די נויטווענדיקייט פון ייִדישער דערציאונג. דער דור, וואָס האָט גערעדט ייִדיש, געלעבט ייִדיש און געקראָגן זיין גאַנצע יניקה פון ייִדישע מקורות, האָט נישט געגלויבט אין צוקונפט פון פאָלק.

פאַנטאַסטיש? אָבער אַזוי איז עס געווען.

אָבער סטיכיש האָט די פאָלקס־אינטעליגענץ דערפילט דעם אומזין פון דער לאַגע און אָנגעהויבן בויען אַ שול־וועזן.

אָבער וואָס פאַר אַ פּנים האָט דער שול־וועזן געהאַט! דער אַלטער חדר, וואָס האָט געהאַט נאָר איין מלמד, איז צוריק אויפגעשטאַנען תחית־המתים. און די פיזישע אומגעבונג איז נישט געווען בעסער. מען האָט געעפנט שולן אין קראָמען, אין קעלערס און אויבערשטיבלעך.

און די העכערע אינטעליגענץ ווי אַ כלל האָט געוויכט און ווייכט נאָך איצט פון די שולן. אמת, „צווישן די אַקטיווע טוערס (פון דער ער־שטער נאַציאָנאַלער ראַדיקאַלער שול) זענען געווען ברוך צוקערמאַן, ה. עהרנרייך, ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, ד״ר גלאַבוס און ד״ר ש. עלסבערג. איר דירעקטאָר איז געווען פּרינער ד״ר גלאַבוס און דערנאָך יואל ענטין״ (ש. ניגער, „אין קאַמף פאַר אַ נייער דערציאונג״, זייט 39). אָבער פון די אַלע אויסגערעכנטע נעמען איז בלויז יואל ענטין געבליבן טיילווייז מיט די שולן, די איבעריקע זענען אַוועק אויף „ברייטערע פעלדער פון אַרבעט״.

אָבער די פיזישע אָרעמקייט פון די שולן וואָלט נישט געווען דאָס ערנסטע. אָפּט איז אין אָרעמקייט פאַראַן מער שיינקייט, מער אינער־לעכער אינהאַלט ווי אין רחבות, רייכקייט און פּוץ. זיכער איז געווען אַ סך מער אינהאַלט אין די ישיבות פון ראדון, לידע, טעלז און סלאָ־באָדקע, ווי אין אַ סך פון די „טעמפּלען פון ייִדישער וויסנשאַפט״ אין אַמעריקע. אָבער דאָס איז נישט געווען דער פאַל מיט די ייִדישיסטישע שולן. די שולן האָבן נישט געהאַט קיין נאַציאָנאַלן פּלאַן, קיין צוקונפט וויזיע. די טוער אַרום די שולן האָבן נישט געהאַט אין זינען איבערצו־בויען ייִדיש לעבן און געבן אים אַ גייסטיקן אינהאַלט. די שול־טוער האָבן פאַר זיך נישט געשטעלט דעם ציל פון פאַרזיכערן נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ אין די ניי־געשאַפענע אומשטענדן. מען האָט בלויז געוואָלט איבערגעבן די קינדער דאָס ביסל לחלוחית פון ייִדישקייט וואָס מען האָט געהאַט. מען האָט געוואָלט דאָס קינד זאָל קענען לייענען און שרייבן ייִדיש (ריידן האָט נאָך דעמאָלט דאָס קינד גערעדט דאָס אייגענע לשון). אָרעם איז געווען די וויזיע פון דער אינטעליגענץ:

> „מיר מוזן לערנען מיט אונדזערע קינדער יידישע געשיכטע, יידישע ליטעראַטור, דאַן וועלן מיר האָבן פאַרפלאַנצט אין זייערע יונגע נשמות עפּעס פון אונדזער אייגענער נשמה, דאַן וועלן זיי בלייבן יידן, וועלן פילן אַלס יידן און וועלן אַפילו זיך אינטערעסירן מיט אַ יידישער טעריטאָריע אויך״...

> „איך גלויב אין דער מעגלעכקייט פון אַ יידישער קולטור אין גלות־לענדער — האָט זיך רייכמאַן אָנגערופן און איך בין איבערצייגט, אַז עס

איז יאָ מעגלעך — האָט מאַיסעי זיך געהיצט — און נישט נאָר מעגלעך, ער איז אַפילו שוין דאָ אויך! די אַלע יידישע צייטונגען מיט זייער גוואַלדי־קער צאַל לעזער... די יידישע טעאַטערס — דאָס אַלעס איז יידישע קול־טורן" (ש. ניגער, דאָרט, ז' 36).

אברהם ליעסין האָט געוואָלט אַ יידישע דערציאונג ווייל:

„און ווי וווּנדערבאַר דאָס זאָל נישט קלינגען — עס איז אָבער אַזוי: ווען אונדזערע קינדער וואָלטן באַקומען אַ גוטע יידישע דערציאונג, דאַן וואָלט אויך די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, אַפילו די יידישע סאָציאַליסטי־שע באַוועגונג, נישט געפילט אַזאַ ברענעדיקן הונגער אין אינטעליגענטע קרעפטן" (דאָרט, ז' 37).

די עלטערן פון די קינדער האָבן געהאַט דעם זעלביקן באַגרענעצטן קוק אויף יידישער דערציאונג ווי די פירער. אַלע, אין די יידיש־וועלטלעכע קרייזן, האָבן געהאַלטן, אַז עס איז אוממעגלעך אויפצושטעלן אַן אמתן יידישן דור אין אַמעריקע. מען האָט זיך פּאַקטיש באַנוגנט מיט דעם, וואָס דאָס קינד האָט זיך אויסגעלערנט אָנצושרייבן אַ בריוול צו דער באָבען אָדער זיידן אויף יענער זייט ים. עס האָבן נאָך דעמאָלט געלעבט זיידעס און באָבעס אויף יענער זייט ים.

דאָס איז נישט קיין סימפּליפיצירונג פון דער יידישער וועלטלעכער דערציאונג, אין תוך איז אַלץ, וואָס עס איז דאָ געזאָגט געוואָרן אמת. דער יידיש־וועלטלעכער ייד האָט זיך גענויטיקט בלויז אין צוגאָב־שולן. ער האָט נישט געהאַט קיין קהילה־לעבן, ער האָט נישט אויפגעבויט קיין סינאַגאָגע לויט זיין גוסט, ער האָט נישט געגלויבט אין אויפשטעלן אַ לעבנס־שטייגער ביי זיך אין דער היים און ער האָט געלייקנט אין טראַ־דיציעס. בעצם האָט ער נישט געהאַט קיין יידיש לעבן, צו וועלכן ער האָט געדאַרפט צוגרייטן דאָס קינד ווי אַ מיטגליד. די יידישע שול האָט גע־וואָלט, ווי לעאָן קאָברין האָט זיך אויסגעדריקט אין זיין ראָמאַן „אימי־גראַנטן", וואָס ש. ניגער האָט פריִער ציטירט:

„דאַן וועלן מיר האָבן פאַרפלאַנצט אין זייערע יונגע נשמות עפּעס פון אונדזער אייגענער נשמה, דאַן וועלן זיי בלייבן יידן, וועלן פילן אַלס יידן און וועלן זיך אַפילו אינטערעסירן מיט אַ יידישער טעריטאָריע אויך".

פאַר איבערגעבן עפּעס פון אונדזער אייגענער נשמה און לערנען אַ ביסעלע געשיכטע און יידישע ליטעראַטור איז גענוג אַ צוגאָב־שול.

אין פּראַקטיק האָבן די וועלטלעכע יידן געלעבט פון שיריים פון יידישקייט און אויף שיריים פון יידישן לעבן. אַלע זייערע רעליגיעז־סאָציאַלע הצטרכותן ווי בריתן, חתונות, גטן, לוויות און שמחות, יום־

טובים און טרויער־טעג, האָבן זיי געפּראַוועט אין שכנות: ביי די אָרטאָ־דאָקסן אָדער רעפאָרמער־ייִדן. אין זעלטענע פאַלן האָבן זיי זיך טאָטאַל אָפּגעזאָגט פון ייִדישן צערעמאָניאַל. קיינער פון די וועלטלעכע ייִדן האָט קיין טראַכט נישט געטון, וואָס פאַר אַ פּנים ייִדישקייט וואָלט געהאַט, ווען די ייִדיש־ריידנדיקע סעקולאַרע ייִדן וואָלטן געוואָרן די איינציקע יורשים פון ייִדנטום.

ייִדיש־וועלטלעכע ייִדן האָבן איינגעשטעלט צוויי נייע עיקרים אין ייִדיש לעבן: ייִדיש לשון און ייִדישע ליטעראַטור. אָבער זיי האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין קנאות און עקשנות אָנצוהאַלטן אָט די צוויי מצוות.

פאַרוואָס איז אַזוינס געשען? פאַרוואָס האָט אָט דער טייל ייִדן, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר דעם אמתן יורש פון ייִדישקייט, געוואָלט האָבן אַ גרינגע ייִדישקייט, וואָס זאָל נישט שטערן זיין טאָג־טעגלעך לעבן?

דער אמת איז אַז דער גאַנג פון די ייִדיש־ריידנדיקע וועלטלעכע ייִדן איז געווען נישט מער ווי די עקסטרעמע קאָנקרעטיזירונג פון ייִדישער סעקולאַריזאַציע. אַלע שיכטן פון ייִדישן פאָלק האָבן אָנגעהויבן צו זוכן אַ גרינגע ייִדישקייט. ייִדיש לעבן האָט זיך אָנגעהויבן צו צעפאַלן. אַפילו ביי די ייִדן, וואָס האָבן לפנים פּראַקטיצירט ייִדישע אמונה, האָט ייִדישקייט אָנגעהויבן קריגן די פאָרמע פון בלויז רעליגיע. ייִדישקייט האָט אויפ־געהערט צו זיין אַ לעבנס־שטייגער, וואָס נעמט אַרום אַלע פאַזן פון טאָג־טעגלעך לעבן. ייִדישע אמונה איז, אין פּראַקטיק, געוואָרן בלויז אַ רעלי־גיע ווי אַלע אַנדערע רעליגיעס, וואָס פאָדערט נאָר געוויסע באַשטימטע שעהן פון קדושה, און די איבעריקע צייט פון טאָג לאָזט זי איבער פאַר דעם סעקולאַרן לעבן. אין תּוך האָבן ייִדן אויפגעהערט צו זיין אַ פאָלק און געוואָרן אַ רעליגיעזע געמיינדע, וואָס נויטיקט זיך נישט אין אַן אייגענעם לשון, דאַרף נישט קיין אייגענעם לעבנס־שטייגער און קען דער־פאַר נישט האָבן קיין אייגענע ליטעראַטור, וואָס נעמט אַרום דאָס גאַנצע לעבן, וואָס איז בעצם נישט אייגנס.

ב.

לעצטנס איז זייער אַ סך געשריבן געוואָרן וועגן דעם מהות פון ייִדישקייט, ווי אַ ציוויליזאַציע. מיר דוכט זיך אַז די בעסטע, קורצע כאַ־ראַקטעריזאַציע פון ייִדישקייט אין קאָנטראַסט צום קריסטנטום, האָט

געגעבן ר׳ חסדאי בן יהודה קרקש אין אָנהויב דעם פופצנסטן יאָרהונדערט, און זאָל מיר דער לייענער עס דערלויבן צו ציטירן נאָך אַמאָל:

„יידישקייט נעמט אַרום אַלע אַקטיוויטעטן פון דעם מענטשן און זיינע אויפפירעכצן אין לעבן. נישט נאָר אין שול, נאָר אויך ווען ער לייגט זיך, ווען ער שטייט אויף, ווען ער איז אין דער היים, ווען ער איז אויף וועגנס, ווען ער עסט און ווען ער פירט געשעפט. בקיצור, אַ ייד לעבט מיט זיין אמונה. נישט אַזוי איז מיט דעם קריסטנטום, וואָס פאַרנעמט זיך בלויז מיט גלויבן אין גאָטס זון, מיט טבילה (באַפּטיזם) און מתוודה זיין זיך פאַרן גלח פאַרן טויט און מער נישט. אַפילו דער פרומער קריסט איז בלויז אַ קריסט אין זיין קלויסטער, חוץ דעם לעבט ער ווי איינער אָן דת, אָן אַ רעליגיע, ווייל ביי אים אין שטוב און אויסערן שטוב און אין אַלע זיינע מעשים און אין אַלע זיינע אַקטיוויטעטן איז נישטאָ קיין זכר פון קריסטלעכקייט, און עס איז גאָר נישט קענטיק אַז ער איז אַ קריסט, און זיין גאַנצער געזעלשאַפטלעכער לעבן איז אויסער דעם תחום פון זיין אמונה. און אויב ער איז אַפילו אַ גנב, אַ גזלן, און אַלץ וואָס עס איז פאַרדאָרבן איז אין אים, און ער איז אַ פגע־רע פאַר לייטן, אויב נאָר ער האָט זיך טובל געווען אין נאָמען פון יעזוסן און ער גלויבט אַז ער, יעזוס, איז אַ גאָט און ער איז געקרייצט געוואָרן כדי די זינד פון דער וועלט זאָלן פאַרגעבן ווערן, און ער האָט זיך מתוודה געווען פאַרן טויט, גייט ער אַרויף אין גן־עדן און קיינער שטערט אים נישט" („בטול עקרי דת הנוצרים" מאת ר׳ חסדאי בן יהודה קרקש, לויט דעם „אוצר וויכוחים" פון יהודה דוד אייזנשטיין, ז׳ 310, ניו־יאָרק, תרפ"ח).

ר׳ חסדאי איז געווען אומגערעכט צו געוויסע קריסטלעכע יחידים. זיכער זענען געווען אַ סך יחידים קריסטן, וואָס האָבן געלעבט ווי קריסטן פולע פיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת. און עס זענען געווען יידן, וואָס האָבן אויסגעפירט זייער יידישקייט בלויז פאָרמעל. אָבער ער איז זיכער געווען גערעכט וועגן יידישן כלל און וועגן קריסטלעכן כלל. דער קריסטלעכער כלל האָט געהאַט אַ סעקולאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן, וואָס האָט ווייניק געהאַט צו טון מיט דער קירך. דער יידישער כלל האָט געלעבט כמעט אויסשליסלעך מיט זיין אמונה און זיין גאָט. דער ייד האָט געדינט גאָט, און דאָס דינען גאָט האָט ביי אים פאַרנומען אַלע וואָכיקע שעהן. דערצו, ווי אַ טפל, האָט ער אויך געדאַרפט פאַרדינען אויף חיונה.

יידישקייט איז נישט געווען קיין צוגאָב צום טאָג־טעגלעכן לעבן. די יידישע אמונה האָט אַלץ כולל געווען.

איצט, דאָ אין אַמעריקע, קענען ייִדן נישט זאָגן, ווי אַ כלל (פאַר־שטייט זיך, אַז עס זענען דאָ אויסנאַמען), אַז ייִדישקייט נעמט אַרום אַלע אַקטיוויטעטן פון זייער לעבן. ייִדישקייט איז געוואָרן אַ צוגאָב, אָפט זייער אַ קליינער צוגאָב צום טאָג־טעגלעכן לעבן. זעלטן ווען אַ ייִד לאָזט צו, אַז זיין ייִדישקייט זאָל אים שטערן די געוויינלעכע באַקוועמלעכקייטן זיינע. די וועלטלעכע ייִדן, די רעפאָרמער ייִדן, פון אַלע שאַטירונגען, האָבן עס געטון, באַוווּסטזיניק, די אָרטאָדאָקסיע גיט עס נישט צו. די אָרטאָדאָקסיע האַלט זיך דאָך אָפיציעל ביי אַלע דינים פון „שולחן ערוך״, אָבער פּאַקטיש פירן זיך אויף די אָרטאָדאָקסישע ייִדן פונקט ווי די נישט פרומע. פאַרשטייט זיך, דער יוצא־מן־הכלל זענען וואָס מיר רופן די פרומאַקעס, וואָס זייער צאָל איז נישטיק.

זעען מיר אַז סיי די ייִדישע וועלטלעכע ייִדן, סיי די אָרטאָדאָקסן האָבן זיך אָנגעהויבן נוצן מער און מער מיט ענגליש. אַלע הייזער אָן אויסנאַם זענען ענגליש־ריידנדיקע און עפּנטלעך פאַרנעמט ענגליש מער און מער ייִדישע קרייזן. די „יאַנג איזראַעל״ נוצט העברעאיש אין אירע תפילות, אָבער אַלע אירע איבעריקע אַקטיוויטעטן ווערן אָנגעפירט אויף ענגליש.

דער אויבערפלעכלעכער אָנגענומענער תירוץ פאַרוואָס די ייִדן נוצן נישט קיין אייגן לשון איז ווייל די ענגלישע קולטור איז אַזוי שטאַרק, אַז עס איז שווער צו קעמפן קעגן איר. דאָס וואָלט געווען אַ גוטער תירוץ ווען אַלע ייִדן וואָלטן צוגעגעבן, אַז עס איז נישט כדאי צו זיין ייִדן און די ענגלישע קולטור איז שענער, עטישער און גרעסער פון ייִדישן וועלט־באַנעם. אָבער ס׳איז דאָך נישט אַזוי. די גרעסטע טייל פון די ייִדן האַלטן אַז ייִדישקייט האָט ווערטן, וואָס איז ווערט זיי אָנצוהאַלטן. חוץ דעם ריידן ענגליש אַפילו די ייִדן, וואָס קענען ייִדיש בעסער ווי ענגליש.

דער אמת איז, אַז ייִדיש ווערט אויס גערעדטע שפּראַך, ווייל ייִדן בויטיקן זיך מער נישט אין קיין אייגן לשון פאַר זייער אויסגעצערטן ייִדיש לעבן. ווען ייִדן האָבן געלעבט אַן אייגענעם פולן ייִדישן לעבן, האָבן זיי נישט געקענט אויסקומען אָן אייגענעם לשון. זיי האָבן, ווי פאַרשער זאָגן, פאַרייִדישט אַכצן פרעמדע שפּראַכן, אָבער איצט איז דער זאַפּטיקער, רייַ־כער, שיינער ייִדיש געוואָרן איבעריק.

ווען ייִדן האָבן געלעבט אַן אינטענסיוון ייִדיש לעבן, האָבן זיי נישט געקענט אויסקומען אָן אַן אייגן לשון, ווייל קיין פרעמדע שפּראַך האָט

נישט געקענט שאַפֿן די אויסדרוקן פֿאַר די ייִדישע גייסטיקע באַדערפֿע־נישן, וואָס זענען געווען דאָס טעגלעכע ברויט פֿון ייִדישן פֿאָלק.

ייִדן האָבן געהאַט אַן עקס־טעריטאָריאַלע טעריטאָריע, וואָס איז געווען ייִדן־לאַנד. ייִדן האָבן געהאַט נישט נאָר אַן אַנדער צייט־רעכענונג, נאָר אַפֿילו די סעזאָנען פֿון יאָר זענען ביי זיי געווען אַנדערע ווי ביי די שכנים. ייִדן האָבן געלעבט אין צפֿון־לענדער און געבענטשט גשם ווען די קעלטן און שנייען האָבן זיך אָנגעהויבן. זיי האָבן געשניטן די תבואה, אין סידור, אין אָנהויב פֿרילינג, ווען מען האָט ערשט אָנגעהויבן פֿאַרזייען די פֿעל־דער. זיי האָבן געהאַרבסט ווינטערוויבן אין לענדער, ווו בלויז עפּל האָבן געקענט וואַקסן. די אַרומיקע שפּראַך האָט געהאַט אַן אַנדער לאַנדשאַפֿט, אַנדערע גאָט־באַגריפֿן און אַנדערע קדושה־השגות. ייִדן האָבן גענומען פֿריי, מיט דער פֿולער האַנט, ווערטער, אויסדרוקן, גאַנצע זאַצן פֿאַר טאָג־טעגלעכע באַגריפֿן, אָדער פֿאַר שטוביקע נוץ־אַרטיקלען. אָבער זייער אי־נערלעכע וועלט האָט זיך געניוטיקט אין אַן אייגענעם לשון.

אַ ייִד איז געגאַנגען זאָגן תהילים, אויפֿגעשטאַנען צו חצות, גערעדט אין לערנען, געזאָגט אַ פּילפּול, געהערט אַ מגיד, געשיקט די קינדער אין חדר, שבת געמאַכט אַ ברכה אויף אַ גלעזל בראָנפֿן. פֿאַר די אַלע באַגריפֿן האָט ער געדאַרפֿט האָבן אַן אייגן לשון. די שכנים אַרום האָבן נישט גע־זאָגט קיין תהילים. אַוודאי, אין זייערע געבעט־הייזער האָבן זיי געזונגען פּסאַלמען, אָבער נישט געזאָגט קיין תהילים. זיי האָבן אָפֿט געהאַט אַ „מיד־נאַכטיקע״ מעסע, אָבער זיי זענען נישט אויפֿגעשטאַנען צו חצות; זיי האָבן אָפֿט געהאַט טעאָלאָגישע דיסקוסיעס, אָבער נישט גערעדט אין לערנען אָדער געזאָגט אַ פּילפּול. זיי האָבן זונטיק נישט געמאַכט אַ ברכה אויף אַ גלעזל בראָנפֿן. זיי האָבן געטרונקען בראָנפֿן און פֿאַרן טרינקען האָבן זיי זיך איבערגעצלמט.

וואָס אינטענסיווער ייִדן האָבן געלעבט ייִדיש לעבן, אַלץ מער ייִדיש איז געוואָרן זייער איבערגענומענע שפּראַך.

און ס'איז נישט געווען בלויז אַ פֿראַגע פֿון העברעאישע עלעמענטן אין פֿרעמדן לשון. עס קען זיין אַז לכתחילה האָט זיך אָנגעהויבן די פֿאַר־ייִדישונג פֿון דער שפּראַך מיט אַריינגעמען העברעאישע, רעליגיעזע ווער־טער. אָבער שפּעטער איז די אַדאָפּטירטע שפּראַך געוואָרן ייִדיש, ווייל נישט געקוקט וואָס ייִדן האָבן געלעבט אין דער פֿרעמד, האָבן זיי דאָך

געהאַט אַן אייגן לאַנד מיט אַן אייגענער טאָפּאָגראַפיע און אייגענער פאַונאַ. אַ טל־מטרל אין אַ קליין סידורל איז אַ טאָפּאָגראַפישער באַגריף. אַ שוועלבל, אַ פּיפּערנאָטער, לויתן, שור־הבר, ר׳ וועלוול, ר׳ בערל, משה־רבינוס בהמלע; דאָס זענען חיות, פייגל און אינזעקטן פון ייִדן־לאַנד — אַ ייִדן־לאַנד פאַונאַ.

מען קען ברענגען אַ סך ווערטלעך און אויסדרוקן, וואָס באַצייכענען די זעלביקע סיטואַציעס, ביי ייִדן און נישט־ייִדן, און עס ליגט ממש אַ תהום צווישן די גייסטיקע באַגריפן פון די ייִדן און פון די שכנישע פעלקער, מיט וועלכע מען האָט געלעבט אַ גאַס לעבן אַ גאַס, איבער טויזנטער יאָר. דער ייִד נוצט נישט נאָר אַן אַנדער ווערטער־שאַץ, נאָר ער שעפּט זיין בילדלעכקייט נישט פון דער אַרומיקער סביבה און לאַנדשאַפט, נאָר פון זיין אַבסטראַקטער היים־לאַנד. אָט זענען בלויז דריי אַזוינע ווערטלעך: „אים האָט געפעלט צרות, האָט ער זיך געקויפט מפטיר יונה", „עס גייט ביי אים ווי אַ מזמור", „מען קען זיך דערוואַרטן אויף אים ווי אויף משיחן".

דאָס שטעטל איז געווען די ייִדישע טעריטאָריע, די ייִדישע מלוכה אַן דערלויבעניש פון מלוכות, אָן דעם חסד פון גויים. ייִדן האָבן געהאַט אַן אינערלעכע גאַנצע גייסטיקע וועלט, האָבן זיי פאַר איר געשאַפן אַ טערי־טאָריע, טאַקע נישט מער ווי דלד על דלד, אָבער אין אָט דער אייגענער היים איז ער געווען דער אייגענער באַלעבאָס. קיינער האָט זיי ביי אים נישט געקענט צונעמען. זי האָט געקענט שטיין אייביק, אָבער ער אַליין האָט זי חרוב געמאַכט, ווייל ער האָט פאַרלוירן דעם רצון צו זיין אַ ייִד.

אין אַן אייגן לאַנד, אין אַן אייגענער היים מיט אַ באַזונדער לעבנס־שטייגער דאַרף מען האָבן אַן אייגן לשון, מען קען נישט אויסקומען מיט אַ פרעמדער שפּראַך. און אויב, צוליב עקאָנאָמישע און געאָגראַפישע סי־בות, נעמט מען איבער אַ פרעמדע שפּראַך, מאַכט מען זי פאַר אַן אייגן לשון.

גאָר אינטערעסאַנט איז וואָס אַ מאָדערנער שרייבער דערציילט, אַז אַ חסידישער ייִד האָט זיך געפילט אויסער זיין שטעטל ווי אין אויסלאַנד. דאָרט האָט ער זיך אויפגעפירט ווי די אויסלענדער. אָבער ווי ער איז געקומען צוריק אין שטעטל, קומט ער צוריק אין ייִדן־לאַנד און נישט

נאָר רעדט ער צוריק ייִדיש, נאָר ער קערט זיך אום צו זיין ייִדישער הלבשה:

„אַז שבתי נחומס קומט אַהיים, משוט בארץ, פון זיינע ווייטע רייזע מסחרים (אין טיף רוסלאַנד — ש. ס.), פון זיין נישט קענען תמיד דאַוונען בציבור, פון נישט קענען אָפּהיטן יידישקייט כנהוג, פון זיין אין גויאישער וואָכעדיקייט — אַזוי באַלד ווי ער טרעט נאָר איבער דעם גבול פון מיעכאָוו, פירט ער זיך ווידער ווי אַ יידישער ייד, מיט יידישער הלבשה, יידישע רייד. תיכף־ומיד וואַרפט ער פון זיך אַראָפּ דעם גויאישן נאָמען: מאַנדלבוים — דער מסחר־נאָמען. דער ריכטיקער נאָמען איז דעם טאַטנס ע״ה, שבתי נחומס מיט דער זיידענער זשיפּיצע, מיט די זיידענע מחשבות״ (פנחס ביזבערג, „שבת יום־טובדיקע יידן״, ז׳ 95).

אָבער ווען דאָס פרעמד ווערט בלויז אַ געוויסע פיזישע אומבאַ־קוועמלעכקייטן און גייסטיק ווערט עס היים, און מען נעמט איבער דעם גאַנצן וועלט־באַגריף פון דער אַרומיקער סביבה, איז נישט נויטיק קיין אייגן לשון. וואָס מער אויסגעליידיקט עס ווערט דאָס אייגענע לעבן, אַלץ ווייניקער נויטיקט מען זיך אין אַן אייגענער שפּראַך. אַ סך פון אונדזערע ייִדישע שרייבער זענען בלויז שפּראַכלעך נישט אַסימילירט, אָבער לעבן לעבן זיי אַ נישט־ייִדיש לעבן. ווען זיי שרייבן איז דער ייִדיש טאַקע אַ קאָ־רעקטער, אַ רייכער, אָבער נישט מיט ייִדישער בילדלעכקייט און פאַרגליי־כונגען. מעכאַניש דאַרף אַזאַ שרייבער האָבן ייִדיש, אָבער אינערלעך נישט. זיין לאַנדשאַפט איז נישט קיין ייִדישע. ער האָט נישט קיין ייִדישע פאונאַ און קיין ייִדן־לאַנד טאָפּאָגראַפיע און אים פעלט ייִדישער דענקען און אַ ייִדישער וועלט־באַנעם.

דאָ איז נישט די פראַגע וועגן ייִדישע טעמעס און נישט ייִדישע־טעמעס. אַ ייִד, וואָס זיין מיליע, זיין אופן טראַכטן און אויפנעמען זאַכן איז ייִדיש קען שרייבן וועגן נישט־ייִדישע ענינים, אָדער וועגן נייטראַלע זאַכן, און דאָך וועט אין זיין שרייבן זיין קענטיק זיין ייִדישקייט. דער משורר פון תהילים אין קאַפּיטל ק״ד. ברכי נפשי, באַשרייבט די נאַטור. אָבער אין יעדן בילד, אין יעדער פאַרגלייכונג איז קענטיק זיין טיפער גלויבן אין איין גאָט, און אין יעדער מחשבה און יעדן אימאַזש איז קלאָר זיין טיפע אמונה אין גערעכטן איינשטעל פון דער וועלט.

מען דאַרף נישט גיין אַזוי ווייט ווי צום משורר פון תהילים. מענ־דעלע באַשרייבט די נאַטור אויף אַן עכט ייִדישן אופן:

„אויף אַ צווייגל אין דער הויך וויגט זיך אַ סאָראָקע, אויסזעענדיק פונדערווייטנס ווי אָנגעטון אין אַ קליין טליתל, מיט פּאַסן תכלת פון

פּאַרנט, און דאַוונט שאָקלענדיק זיך. זי בוקט זיך, פּאַלט תחנון מיטן קעפּל, שפּרינגט אַ ביסל אונטער, אַ קליין קראָקעלע געבנדיק אַ פּאָר מאָל... מען זאָל דאָס זעען פליענדיק ערגעץ אַ פויגל, נאָר קאָמאַרן, מוקן טראָגן ווי די רוחות זיך אין דער לופט אַרום" („פּישקע דער קרומער", ז' 17, פאַרלאַג מענדעלע, וואַרשע, 1928).

ביאַליק אין זיינע „ווינטער־לידער" נוצט אַ בילדלעכקייט פון ייִדיש לעבן. אין ערשטן פערז האָט ער דעם אויסדרוק: „און איך ווייס נישט פאַרוואָס פלוצלינג אַזאַ יום־טובדיקע פרייד איז אויף מיר אַרויפגעקומען". אין דריטן פערז: „זע, מיין שויב ווי פאַרענדערט, האָט זיך צעבליט איבער נאַכט ווי אהרנס שטעקן". אין פינפטן פערז זאָגט ער: „ווי איבער נאַכט, לכבוד יום־טוב, איז אַראָפּ אַ מלאך און עס אויסגעקאַלכט, אָדער אויסגעווייסט".

גאָר טשיקאַווע און באַלערנט איז די ייִדישע איבערזעצונג פון דעם ליד. ווען עס וואָלט נישט געווען אָנגעשריבן שוואַרץ אויף ווייס ווער די איבערזעצער זענען, וואָלט מען געזאָגט: נו, דער איבערזעצער האָט נישט פאַרשטאַנען דעם העברעאישן טעקסט. אָבער דאָס ליד האָבן איבערגעזעצט י. י. שוואַרץ און זלמן שניאור; צוויי גרויסע דיכטער און גרויסע קענער פון העברעאיש. אין דעם פאַל קענען מיר נישט זאָגן, אַז זיי קענען נישט קיין העברעאיש אָדער זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען די אימאַזשן. מען מוז גיין טיפער: די איבערזעצער זענען אַזוי סעקולאַריזירט, אַז זיי האָבן אין זייער איבערשאַפונג פון ליד נישט געדאַרפט אָנקומען צו ייִדישע אימאַזשן. פון „שמחת חג עלי קפצה" — אַ „פרייד פון יום־טוב איז אויף מיר אַראָפּ אָדער אַרויפגעשפּרונגען", איז געוואָרן דער וואָכעדיקער אויסדרוק „אַזאַ פרייד איז אויף מיר אַראָפּ"; „ציץ בין לילה כמטה אהרן" — „האָט איבערנאַכט אויפגעבליט ווי אהרנס שטעקן", ווערט פון דעם „אויפגעבליט ווי דורך אַ כישוף". פון „כאלו לילה, לכבוד יום־טוב, ירד מלאך ויסידהו" — „ווי דורך דער נאַכט, לכבוד יום־טוב, איז אַראָפּ אַ מלאך און עס אויסגעווייסט, אָדער אויסגעקאַלכט", איז געוואָרן „ווי עס וואָלט אַראָפּ אַ מלאך און עס אויסגעווייסט די נאַכט". פון טיפּיש ייִדישע אימאַזשן זענען געוואָרן „קאָסמאָפּאָליטישע" אימאַזשן.

אַזעלכע ביישפּילן קען מען ברענגען פון דער ייִדישער און העברעאישער ליטעראַטור אין די צענדליקער. איך וויל דאָ דערמאָנען איין דערציילונג פון אַ ייִדישן שרייבער. דער שרייבער איז אַן ערשטראַנגיקער קינסטלער און מען קען נישט צושרייבן זיין נישט־ייִדישן צוגאַנג און זיין

אויסגעלייזדיקטקייט פון ייִדישן אימאַזש, צו זיין שלעכט שרייבן. די דער־ציילונג איז אויסערגעוויינלעך גוט געשריבן און איז באמת אַ קונסטווערק.

די דערציילונג איז פון לאַמעד שאַפּיראָ: „ניו־יאָרקיש". ס'איז די ערשטע דערציילונג פון זיין בוך מיט דעם זעלביקן נאָמען, געדרוקט אין 1931. קיינער וואָלט נישט דערקענט, אַז דער העלד פון דער דער־ציילונג איז אַ ייִד, ווען נישט די עטלעכע צופעליקע באַמערקונגען, ווי למשל: „זי איז געגאַנגען סטאַטעטשנע, לייטיש און אויפן ערשטן קוק האָט מען זי געקענט אָננעמען פאַר אַ ייִדיש ווייבעלע פון פּאַראָרעמט־באַלעבאַטישן גראַד". „מיין נאָמען וועסטו נישט קענען נאָכזאָגן, אַזוי זאָג: לאַקריצפּלעצל". „מאַני האָט אַריינגענומען די מילך פון קאָרידאָר, און דער ריח פון אַ גויאישן אָנבייסן האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דער וווינונג".

און נישט נאָר האָט נישט די דערציילונג קיין ייִדישע בילדלעכקייט און פאַרגלייכונגען. זי איז אינגאַנצן אַמאָראַליש. דער שרייבער נעמט אָן די אַמאָראַלישקייט ווי אַ טייל פון זיך. ער איז מזנה, ער עסט טריפה ער פּאַסמאַקעוועט זיך מיט דער זונה און מיט דעם חזיר און נישט נאָר איז ער נישט אויפגעבראַכט אויף זיין העלד, נאָר דער שרייבער שאַ־פּיראָ אידענטיפיצירט זיך אינגאַנצן מיט זיין העלד, אַזוי אַז די דערציי־לונג קלינגט אויטאָביאָגראַפיש.

אָוודאי, ווען לאַמעד שאַפּיראָ שרייבט פון שטעטלשן לעבן, טאַקע אין זעלבן בוך, איז זיין לשון גאָר אַנדערש: טיף ייִדיש און פול מיט ייִדישן אינהאַלט. אָבער דאָס איז דאָך די טעמע מחייב. נישט שאַפּיראָס טאָג־טעגלעכער לעבן גיט די בילדלעכקייט און פאַרגלייכונגען, נאָר זיין זכרון.

ז.

נאָך וויניקער פון דער אינטעליגענץ דאַרף דאָס פּראָסטע פאָלק האָבן אַן אייגן ייִדישן לשון. דאָס פאָלק, נאָך מער פון דער אינטעליגענץ, איז אונטערגעוואָרפן אונטערן פרעמדן איינפלוס פון טאָג־טעגלעכער קולטור און ציוויליזאַציע. עס זענען געקומען ייִדן קיין אַמעריקע פון היינטער־לאַנד פון ייִדן־לאַנד, וווּ עס איז געווען גאָר וויניק איינפלוס פון דער אַרומיקער קולטור. זייער גייסטיק לעבן איז דאָרט געווען קאָנצענטרירט אַרום בית־מדרש, און דאָס טעגלעכע אַרום וואַרשטאַט און קרעמל, וואָס

זענען געווען אַ טייל פון ייִדישער עקאָנאָמיק; זענען דערפאַר ייִדן געקו־מען אַהער מיט אַ ייִדיש לשון און אַ ייִדיש ליד. אָבער דער בית־המדרש, דאָ, פאַרנעמט גאָר אַ קנאַפּן אָרט אין ייִדישן לעבן. דער געשעפט אָדער שאָפּ איז נישט אַריינגעוועבט אין ייִדישער עקאָנאָמיק. די קינדער פון די ייִדישע אימיגראַנטן זענען אינגאַנצן אין אַ פרעמדער וועלט. זיצן ייִדן און ריידן וועגן געשעפט, וועגן שאָפּ, וועגן שטוב־ענינים, וועגן קינ־דער, וועגן פאַרוויילונג און וועגן אייניקלעך. די אַלע ענינים פאָדערן נישט נאָר נייע ווערטער, נאָר אויך אַ נייע טערמינאָלאָגיע און גאָר אַנדערע אופנים פון אויסדרוק ווי זייער אייגן ייִדיש לשון האָט. אָפט שטערט זיי דאָס ייִדיש לשון זיך אויסצודריקן פּינקטלעך, ווייל זייערע ניי־צוגעקראָ־גענע שטוביקע באַקוועמלעכקייטן, זייער אופן פון פאַרדינען דאָס טעגלעכע ברויט, זייערע פאַרוויילונגען זענען אַמעריקאַניש נישט ייִדיש, און האָבן נישט קיין וואָרצלען אין זייער פריִערדיק לעבן. זייער ייִדישע וועלט, זייער אינערלעך לעבן, איז אַן אָפּגעצערטער, אַן אָרעמער און דאַרף נישט קיין ייִדישן ווערטער־שאַץ. דערפאַר רעדט אפילו דער פּראָסטסטער ייִד ענגליש, נישט ווייל ער איז שפּראַכלעך אַסימילירט, זיין שפּראַך־אַסימילאַציע קען זיין אַ גאַנץ באַגרענעצטע. אָבער די אינערלעכע גייסטיקע און דרויסנדיקע עקאָנאָמישע אַסימילאַציע זענען טיף און ווייטגייענדיק. דערפאַר איז אָפט באַקוועמער פאַר דעם ייִדן צו ריידן אויף דעם פרעמדן, שווערן לשון ווי אויף זיין אייגענער גרינגער שפּראַך — ייִדיש.

עס גייט אָן אַ פאַרקערטער פּראָצעס פון דעם אַמאָל, ווען ייִדן האָבן פאַרייִדישט פרעמדע שפּראַכן. דעמאָלט איז זייער לעבן געווען אַזוי גאַנץ און אַלץ אַרומנעמענדיק, אַז זיי האָבן נישט געקענט אויסקומען אָן אַן אייגן לשון. די פרעמדע שפּראַך האָט געמוזט איבערגעשאַפט ווערן אויף אייגנס. איצט איז דאָס לעבן, ביים ייִדן, אַזוי אויסגעלײדיקט געוואָרן, אַז דאָס ייִדיש לשון איז געוואָרן אַ שווערער איבעריקער באַלאַסט.

דער היוצא מדברינו איז: אויב ייִדיש לעבן זאָל גיין אויף איצטיקן דרך, זיך אָריענטירן אויפן סעקולאַרן נאַציאָנאַליזם, אַרויפקוקן צום ייִדיש לשון ווי דער אינסטרומענט פאַר קיום־האומה און האַלטן אַז ייִדישע לי־טעראַטור איז די סיבה פאַר קיום־האומה — מיינט עס דער סוף פון אַ גאַנצן ייִדיש לעבן אין תפוצות־ישראל און במילא דער סוף פון ייִדיש ווי אַ גערעדטע שפּראַך. דאָס מיינט נישט, אַז מאָרגן, איבערמאָרגן, אין אַ יאָר אַרום, אין צען יאָר אַרום אָדער אַפילו אין פופציק יאָר אַרום

װעט נישט בלײַבן קײן זכר פֿון ייִדיש. נײן. עס קענען נאָך געדײען, גאָר לאַנגע יאָרן, גרופּעס אין פֿאָלק, װאָס װעלן זיך האַלטן אָן ייִדיש לשון. בײַ געצײלטע גרופּעס פֿון חובבי־שפֿת־ייִדיש קען זײַן ייִדיש אַ גערעדטע שפּראַך אַפֿילו הונדערטער יאָרן שפּעטער. אַ סך ביכער און גוטע ביכער װעלן געדרוקט װערן אויף ייִדיש נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן. אָבער ייִדיש װי אַ פֿאָלקס־שפּראַך, װי אַ לעבעדיק לשון פֿון גרויסע מאַסן, װאָס באַ־רײַכערן די שפּראַך מיט אידיאָמאַטישע אויסדרוקן און נײַע ניואַנסן און פֿאָלקס־חכמה, קען לאַנג נישט געדײען אונטער איצטיקע אומשטענדן. װײַל געדענקען דאַרף מען געדענקען, אַז אַ שפּראַך איז אַ רעזולטאַט פֿון אַ לעבנס־שטײגער, אַן אויסדרוק־אינסטרומענט פֿון אַן אופֿן לעבן, אָדער פֿון אַ קיבוץ, װאָס איז קאָנצענטרירט אויף אַ באַשטימטן געאָגראַפֿישן שטח. פֿאַרשװינדן די פֿאַקטאָרן, גײט אונטער די שפּראַך. דער כּוח פֿון אַ לשון אויפֿצוהאַלטן אַ לעבנס־שטײגער אָדער אַ גרופּע, איז זײער און זײער אַ באַגרענעצטער.

אָבער מיר דאַרפֿן פֿאַרשטײן, אַז דאָס אונטערגײן פֿון ייִדיש װי אַ גע־רעדטע שפּראַך אין תּפֿוצות־ישׂראל מײנט דאָס אָפּלײקענען פֿון ייִדישן װעלט־באַנעם. עס מײנט אַז ייִדן נעמען אָן די הנחה אַז זײ זענען איצט, נאָך דער אָפּשװאַכונג פֿון ייִדישער אמונה, אַ פֿאָלק װי אַלע אַנדערע פֿעל־קער, װאָס זײער קיום איז פֿאַרבונדן מיט לאַנד, שפּראַך און פֿאָן. אויב מען זאָל צוגעבן אַז אין תּפֿוצות־ישׂראל איז איצט נישט מעגלעך קײן גאַנץ־ייִדיש לעבן, װאָס פֿאָדערט אַן אײגן לשון, מײנט עס, אַז די פּרושימ־שע ייִדישקײט האָט פֿאַרלוירן נישט נאָר איר גײַסטיקן צופּאַסונג־כּוח נאָר אויך אירע עטישע און געזעלשאַפֿטלעכע װערטן פֿאַר דער װעלט, און עס איז מער נישט מעגלעך, און אין טיפֿערן זין, מער נישט נויטיק, קײן קאָנקרעטיזירונג פֿון ייִדישן װעלט־באַנעם, װײַל עס איז געװאָרן דער קנין פֿון דער גאַנצער װעלט. װען מיר מאַכן שלום מיטן געדאַנק, אַז ייִדן אין תּפֿוצות־ישׂראל קענען נישט שאַפֿן קײן גאַנץ ייִדיש לעבן און דערפֿאַר נויטיקן זײ זיך נישט אין קײן אײגענער שפּראַך, גיבן מיר צו, אַז ייִדן זענען נישט מער װי אַ נאַציע, װאָס מוז האָבן לאַנד און מלוכה כּדי צו עקזיסטירן װי אַ פֿאָלק. אויך מײנט עס אָנצונעמען די הנחה אַז ייִדישקײט איז בלויז אַ רעליגיע, װאָס איז נישט מחייב צו קײן פֿאָלקס־לעבן און ייִדן װי אַלע פֿעלקער דאַרפֿן זײַן מחטיבה אחת, פֿון אײן גוף, אַנישט איז מען נישט קײן ייִד.

דאָס איז איצט כמעט די אָנגענומענע מיינונג. נישט נאָר ציוניסטן־סעקולאַריסטן האַלטן אַזוי, נאָר אַפילו אַ סך טיף־רעליגיעזע דענקער, ווי למשל הרב צבי פעדערבוש מיינט, אַז איצט דאַרפן ייִדן אויס־שמידן פון אַלע באַזונדערע ייִדישע שבטים איין פאָלק מיט איין שפּראַך, מיט איין לאָיאַליטעט — מדינת־ישראל. (זע זיין מאמר „המפגן והפעל״, הדואר, א׳ מנחם אב, תש״י).

אָבער איך מיין, אַז דער סך־הכל פון ייִדישקייט איז נאָך נישט אונ־טערגעצויגן געוואָרן. נישט אַלע ייִדן זענען מסכים אַז ייִדן זענען אַ נאַציע, ווי אַלע אַנדערע נאַציעס, וואָס קען עקזיסטירן בלויז אין ראַם פון לאַנד, שפּראַך און פאַן. אויך זענען דאָ נאָך אַ סך ייִדן, וואָס גלויבן נישט, אַז די ייִדישקייט האָט פאַרלוירן איר עטישע עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג און די פּרושימשע ייִדישקייט האָט פאַרלוירן איר שאַפונג־כוח און צופּאַסונג־פעאיקייט.

די איצטיקע צעטומלעניש איז אַ צייטווייליקע. עס וועט קומען די אויסניכטערונג. עס וועט אויפקומען אַ רייכער אַלך־כוללדיקער ייִדיש לעבן, נישט נאָר אין אַמעריקע נאָר איבער גאָר דער וועלט. אַן עכטע ייִדישקייט, וואָס לויט דער כאַראַקטעריזירונג פון ר׳ חסדאי בן יהודה קרקוש, נעמט אַרום „אַלע אַקטיוויטעטן פון דעם מענטשן און זיינע אויפפירעכצן אין לעבן. נישט נאָר אין שול, נאָר אויך ווען ער לייגט זיך, ווען ער שטייט אויף, ווען ער איז אינדערהיים, ווען ער איז אויף וועגנס, ווען ער עסט און ווען ער פירט געשעפט״. אַזאַ ייִדישקייט מוז האָבן אַן אייגן לשון, און אויב נויטיק שאַפט ער אַן אייגן לשון.

***

וועט ייִדיש בלייבן די גערעדטע שפּראַך פון תפוצות־ישראל? אויב די צעטומלעניש פון איצטיקער איבערגאַנגס־צייט, סיי בנוגע באַגריף פון פאָלק, סיי בנוגע מהות פון ייִדישקייט, וועט נישט געדויערן קיין דורות, האָט ייִדיש די בעסטע שאַנסן צו בלייבן אַ גערעדטע שפּראַך. אויב די צעטומלעניש זאָל אָנהאַלטן עטלעכע דורות און דאָס ייִדיש פאָלק זאָל צעדריבלט ווערן און בלויז אַ קליינער טייל פון דער אומה זאָל בלייבן, וואָס וועט האָבן די גייסטיקע גבורה אויסצופירן דעם ייִדישן רענעסאַנס, קען מעגלעך זיין אַז אינאיינעם מיט ייִדישן אויפלעב וועט אויך אויפקו־

מען אַ ניי ייִדיש לשון. די שפּראַך וואָס וועט אויפקומען וועט האָבן איר יסוד אין דעם לשון פון דער מדינה, ווו דער ייִדישער שעפערישער קיבוץ וועט זיך געפינען.

איין זאַך, דוכט זיך מיר, איז קלאָר: העברעאיש וועט נישט ווערן די גערעדטע שפּראַך פון תפוצות־ישראל. ערשטנס צוליב די צוויי סיבות, וואָס איך גיב אָן אין דער אַרבעט „מדינת ישראל און תפוצות ישראל" (זע ווייטער, זייט 205), נעמלעך: אָננעמען העברעאיש ווי אַ גערעדט לשון מיינט אָריענטירן זיך אויף דעם נאַציאָנאַליזם פון מדינת־ישראל. און נאַציאָנאַליזם אין תוך לייקנט אָפּ די עקזיסטענץ פון אַ פאָלק אויסער לאַנד און מדינה. און אויך אויב העברעאיש זאָל ווערן אַ גערעדטע שפּראַך אומעטום, סיי אין מדינת־ישראל און סיי אין תפוצות־ישראל, וועט זי זיך אַזוי ענדערן, אַז זי וועט האָבן גאָר אַ קנאַפּע שייכות מיט דעם לשון־קודש פון תנ"ך און משנה, די מקורות פון וועלכע ייִדן וועלן דאַרפן ציִען זייערע גייסטיקע יניקה אין תפוצות־ישראל. חוץ דעם מוז ווערן העברעאיש ,און עס ווערט שוין איצט, אַ סעקולאַרע שפּראַך אויסגעליידיקט פון ייִדישן אינהאַלט. ס'איז אַ באַדייטנדיקער סימפּטאָם, וואָס אין תש"ח שוין, איז דערשינען אין פאַרלאַג „עם עובד", אַ בוך מיטן נאָמען „תבת הים", איבערזעצט פון ייִדיש, דער אָריגינאַל געשריבן פון ש. אייזנפעלד. אין יענעם בוך ווערן פאַרטייטשט אַלע אויסדרוקן פון ייִדישן לעבנס־שטייגער, אין ספּעציעלע באַמערקונגען אונטער יעדן בלעטל פון בוך. דאָס מיינט אַז שוין איצט איז אין מדינת־ישראל פאַראַן אַ שיכט אין פאָלק, וואָס זיין לשון איז העברעאיש, און פאַרשטייט נישט וואָס עס מיינט „יעלות", „נעילה", „מוסף", „שחרית" און צענדליקער אַנדערע אויסדרוקן. אַזאַ שפּראַך איז נישט צוגעפּאַסט צו אַ קיבוץ אין תפוצות־ישראל, וואָס לעבט אַ גאַנץ ייִדיש לעבן, ער וועט דאַרפן זי צוריק פאַרייִדישן.

ווען איך בין געווען אין מדינת־ישראל אין יאָר תש"ט האָב איך זיך דאָרט באַגעגנט מיט שמחה פּיעטרושקאַ ע"ה, דעם איבערזעצער פון משניות אויף ייִדיש. ער האָט מיר דערציילט אַז ער גרייט צו אַן איבערזעצונג פון משניות אויף ענגליש. אָבער די איבערזעצונג מאַכט ער אויף אַ גאָר אַנדער אופן ווי מען האָט ביז איצט איבערגעזעצט ייִדישע ספרים. ער לאָזט איבער הונדערטער אויסדרוקן און טערמינען אויף העברעאיש, ווי ער האָט געטון אין זיין ייִדישער איבערזעצונג. און ער האָט מיר געגעבן אַ ביישפּיל:

— „אָט זעט ווי איך זעץ איבער די ערשטע משנה פון פּאה אין פּרק ח: מאימתי, פון ווען אָן מעג יעדער מענטש קלויבן לקט, משילכו, פון דער צייט ווען די טאָפּערס זענען שוין אַוועקגעגאַנגען. בּפּרט און עוללות? פון דער צייט נאָכדעם ווי די אָרעמע לייט זענען געגאַנגען אין ווייַנגאָרטן און זענען געקומען. ובזיתים, און אייל־בירט ביימער? פון דער צייט ווען עס הויבט אָן צו גיין דער רעגן פון דער צווייטער רביעה“.

— זעט נאָר, האָט ער ווייטער גערעדט, וואָס מיין מעטאָדע איז. איך לאָז איבער אַפילו שווערע העברעאישע ווערטער. נישט נאָר פאַרטייטש איך נישט „לקט“, נאָר אַפילו די ווערטער „פּרט“ און „עוללות“ לאָז איך איבער, ווייל זיי זענען שוין אויסגעטייטשט געוואָרן אין אַ פריִערדיקער משנה. איך לאָז איבער אַפילו „רביעה“, איך טייטש עס אויס אַ פּאָר שורות שפּעטער. ווען דער לייענער ווייסט פון פריִער אַז פּרט איז אַראָפּגעפאַלענע טרויבן, עוללות איבערגעבליבענע טרויבן אויפן ווייבשטאָק און רביעה, ווועט ער אויסגעפינען מיינט רעגן־צייט, דאַרף מען עס אים נישט צעקייען אַלעמאָל. די ווערטער זענען אַ טייל פון לומדישן ייִדיש, וואָס אַ ייִד, וואָס לערנט משניות דאַרף קענען. איך האָב דאָך נישט איבערגעזעצט קיין טויטן טעקסט פאַר פרעמדע. איך האָב איבערגעזעצט דעם לעבעדיקן משניות פאַר אַ לעבעדיק ייִדיש־ריידנדיק פאָלק. די אַלע טערמינען דאַרטן ווערן אַ טייל פון ייִדיש און אַ סך פון זיי זענען אַ טייל פון ייִדישן לשון. פאַר אַן עם־הארץ גמור איז משניות אַ צו שווערער ענין און ער דאַרף נישט לערנען אַליין נאָר מיט אַ רבין. ווען איך בין צוגעטראָטן צו איבערזעצן משניות אויף ענגליש, האָב איך אין זינען געהאַט אויך אַ לעבעדיק ייִדיש פאָלק, וואָס רעדט טאַקע ענגליש, אָבער זיין ענגליש לשון האָט שוין אַ ייִדישן טעם. פאַר אַ קיבוץ, וואָס רעדט אַזאַ מין ענגליש אָדער וועט ריידן אַזאַ מין ענגליש, ווייל ער וועט לעבן אַ ייִדיש לעבן, איז כדאי איבערצוזעצן משניות. אָבער צו איבערזעצן משניות פאַר פיינטלעכע, אָדער פריינטלעכע נישט־ייִדן, אָדער אָפּגעפרעמדטע ייִדן איז נישט כדאי. פאַר די עלעמענטן איז משניות אַ טויטער טעקסט פון אַ טויט פאָלק. צו וואָס זיך ראָיען אין שמות?

און ער האָט צוגעגעבן שפּאַסיק, און מיין איינדרוק איז געווען, אַז ער מיינט עס טיף ערנסט, נאָר ער האָט געשפּאַסט צוליב ענווות:

— איך האָב זיך פאַרזאָרגט מיט אומשטערבלעכקייט מיט מיינע איבערזעצונגען פון משניות אויף ייִדיש און ענגליש, ווייל איינע פון די

צוויי שפּראַכן וועט בלייבן דאָס לשון פון ייִדן אין אַמעריקע. אָדער ייִדיש ווי עס איז, אָדער ענגליש וועט פאַרייִדישט ווערן אין דעם מויל פון ייִדן. אַ פאָלק קען נישט לעבן אָן אַן אייגן לשון.

איך גלויב, אַז אָט דער געשפּרעך גיט אַ געוויסן שליסל צו דער שפּראַך־פּראַגע.

אונדז דאַרף זיין קלאָר: דער קאַמף פאַר ייִדיש דאַרף אָנגעפירט ווערן אינגאַנצן מיט אַנדערע מיטלען ווי מיר טוען עס איצט, און אונדזער אידעאָלאָגישער צוגאַנג דאַרף זיין אינגאַנצן אַן אַנדערער. מיט אַגיטירן ייִדיש לשם ייִדיש, ייִדיש לשם עקזיסטענץ פון פאָלק וועלן מיר ווייט נישט אַוועקגיין. שפּראַך לשם נאַציאָנאַליזם מיינט האַלטן, אַז ייִדיש פאָלק איז אַ נאַציע ווי אַלע אַנדערע נאַציעס, וואָס איז מחייב לאַנד, מדינה און פאָן און צוליב דעם איז נישט כדאי צו מקריב זיין זיך ווייל ס׳איז דאָ אַ ייִדי־שע מדינה, ווו אַ פאָלק פון דעם גוסט איז פאַרזיכערט מיט זיין עקסיסטענץ ווי ווייט קליינע פעלקער זענען פאַרזיכערט מיט זייער מלוכה. מיר דאַרפן אָנהויבן זיך פאַרטיפן אין אַלט־ייִדישקייט, עס איבערשאַצן, אָנהויבן אי־בערבויען ייִדיש לעבן אויף יסודות פון עטישע ווערטן און ייִדישער קאָנ־צעפּציע פון אומה, וואָס איז אינגאַנצן אַן אַנדער באַגריף פון נאַציע. וועט אונדז געלינגען אויפבויען אַ ייִדיש לעבן אין תפוצות־ישראל, וועט ייִדיש בלייבן אַ לעבעדיקע שפּראַך. די וואָס זענען מודה אין דער הנחה, אַז עס וועט אַלעמאָל זיין אַ תפוצות־ישראל מוזן באַנעמען, אַז די הנחה איז מחייב אַ גייסטיקן וועלט־באַנעם, וואָס שאַפט אַן אייגנאַרטיקן לעבנס־שטייגער. שפּראַך און ליטעראַטור איז דער נאַטירלעכער פּועל־יוצא פון אַן אייגע־נעם לעבן. די עקזיסטענץ פון ייִדיש, ווי אַ גערעדטער לשון איז פאַרבונדן מיטן רענעסאַנס פון ייִדיש לעבן און ייִדישקייט אין תפוצות־ישראל.

# דער נייער געראַנגל

## א.

▮▮דן און ייִדישקייט האָבן אין משך פון זייער לאַנגער געשיכטע גע־קעמפט מיט דער אידייִאישער וועלט צוויי רונדעס. איצט שטייען מיר ביי דער דריטער רונדע.

דער ערשטער קאַמף איז געווען מיטן פּאַגאַניזם. ייִדישקייט האָט עס אײַנגאַנצן באַזיגט מיט דער הילף פון קריסטנטום און איסלאַם, וואָס זענען אויפגעקומען פון דעם ייִדישן וועלט־מהות.

נאָך דעם אונטערגאַנג פון פּאַגאַניזם האָט ייִדישקייט געדאַרפט קעמפן מיטן קריסטנטום און איסלאַם פאַר איר עצם־עקזיסטענץ. נישט געקוקט אויף די גרויזאַמסטע פאַרפאָלגונגען און אונטערדריקונגען האָט ייִדישקייט אַרויסגעוויזן אַ מערקווירדיקע לעבנס־פעאיקייט און וויטאַליטעט. די ייִדן, די טרעגער פון ייִדישקייט, זענען געבליבן לעבן ווי אַן אייגנאַרטיק שעפע־ריש פאָלק, נישט עפּעס ווי אַן אָפּגעשטאַנענער שבט, אַ פאַרזעענער רעשטל, אַ זכר פון אַמאָליקער גדולה. אין משך פון כמעט צוויי טויזנט יאָר צעשפּרייטקייט און אָפּגעזונדערטקייט, און פירן אַ באַגרענעצט נאַ־ציאָנאַל לעבן, האָט דאָס ייִדישע פאָלק געהאַט גענוג חיות און כוחות צו שאַפן, וווינענדיק אין שכנות פון אַנדערע פעלקער, אייגענע עטנישע גרופּעס מיט אַ בולטן אייגנאַרטיקן לעבנס־שטייגער. זיי האָבן געשאַפן אייגענע לשונות און אויפגעהאַלטן ווי אַ שריפט־לשון זייער אַלטע אַמאָ־ליקע שפּראַך. זיי איז געלונגען צו שאַפן אַן אייגענעם נוסח פון לעבן, וואָס איז געווען אײַנהייטלעך אין אַלע זייערע ישובים, וואָס זענען געווען צע־שפּרייט אין אַלע עקן פון דער וועלט. מען דאַרף אויך געדענקען אַז דער

נוסח, דער שטייגער־לעבן, איז נישט אַרויסגעצווונגען געוואָרן דורך פּאָלי־צייאישער מאַכט. אין אַ סך תקופות האָבן זיי אויך גענומען אַ וויכטיקן אַנטייל אין דער אַלגעמיינער קולטור פון דער ציוויליזירטער וועלט.

נאָך אַ גרעסערן וווּנדער האָבן זיי באַוויזן: נאָך כמעט אַכצן הונדערט יאָר פון איינשליסן זיך אין אַ רעליגיעזער וועלט, האָבן זיי אין משך פון די לעצטע קאַרגע הונדערט און פופציק יאָר באַוויזן צו שאַפן צוויי סעקולאַרע מאָדערנע ליטעראַטורן: איין ליטעראַטור אין אַ פרעמדן דיאַ־לעקט, וואָס זיי האָבן איבערגעשאַפט און דערהויבן צו אַ טיף ייִדיש לשון — ייִדיש, און די אַנדער ליטעראַטור אין דער אַלטער שפּראַך — לשון־קודש, וואָס זיי האָבן זי פאַרוואַנדלט אין אַ סעקולאַרן לשון — העברעאיש.

און צום לעצט האָבן זיי באַוויזן אַ גבורה, וואָס איז נישט געזען געוואָרן ביי קיין אומה ולשון: נאָך דער גרעסטער קאַטאַסטראָפע אין זייער געשיכטע האָבן ייִדן פאַרנומען מיט דער שווערד זייער אַמאָליק צוגעזאָגט ווין־לאַנד, פון וועלכן זיי זענען אַוועק מיט וואָסערע זיבעצן, אַכצן הונדערט יאָר צוריק, באַזיגט די פעלקער, וואָס האָבן זיך געשטעלט אַנטקעגן דעם כיבוש; געקראָגן געניג מיליטערישן כוח נישט אַריינצו־לאָזן צוריק די אַלטע באַפעלקערונג, וואָס איז צוליב אַ סך סיבות אַנט־לאָפן, און אויפגעשטעלט אַ מלוכה לויט דעם אייראָפּעאיש־אַמעריקאַנעם מוסטער.

די וויטאַלע קראַפט, דער רוח־החיים אין ייִדישקייט איז געווען דער פּרושימשער גאַנג פון הלכה. אַ רעליגיעזער סיסטעם, וואָס איז געגאַנ־גען גאָר אויף אַן אַנדער וועג ווי די רעליגיעס פון דער וועלט. די שיטה קען איבערגעגעבן ווערן אין געציילטע ווערטער: נישט אמונה איז דער עיקר, נישט חכמה, נאָר די קאָנקרעטיזאַציע — די מעשים. דאָס וואָס אַ מענטש טוט ווערט גערעכנט, נישט דאָס וואָס ער גלויבט אָדער פּרע־דיקט. ולא המדרש הוא העיקר, אלא המעשה — און נישט דאָס דרשהנען איז דער עיקר, נאָר דאָס טון.

איצט געוועלטיקט אין דער וועלט דער ראַציאָנאַלער מאַטעריאַליס־טישער וועלט־באַנעם, וואָס לייקנט אָפּ אַלע רעליגיעזע שיטות. ייִדיש־קייט ווי אַלע אַנדערע רעליגיעס שטייט פאַר אַ נייעם געראַנגל; פאַר אונדז, די יורשים פון דער אמונה, וואָס די נביאים האָבן פּראָקלאַמירט און די פּרושים האָבן זי קאָנקרעטיזירט, איז עס די דריטע רונדע.

דער איצטיקער קאַמף איז אַ שווערער און גאָר אַן אַנדערער ווי די ער־

שטיִ צוויי קאַמפן. אין די ערשטע אַרויסרופן האָט ייִדישקייט זיך פאַרמאָסטן מיט וועלט־באַנעמען, וואָס זייער טרייבנדיקער כוח איז געווען פון דעם זעלביקן כאַראַקטער, וואָס האָט באַווירקט ייִדישקייט. סיי פּאַגאַניזם און סיי קריסטנטום און איסלאַם האָבן צוגעגעבן, אַז די וועלט ווערט געפירט פון אַ געטלעכן כוח, אָדער געטלעכע כוחות, וואָס עקזיסטירן אויסער דעם מענטשן און אויסער דער וועלט. נאָך אַ גינסטיקער פּונקט איז געווען וואָס דער קאַמף איז בעצם געווען אַן אינטערפעלקעריש, אָדער אַ אינטער־גרופּן קאַמף. ווען אַ ייִד האָט אויפגעהערט צו גלויבן אין מסורת־אבות, איז ער אַריבער צו פּאַגאַניזם אָדער צו קריסטנטום. ייִדישער פאָלקס־גוף איז איינגעשרומפּן צוליב די אַנטרונענע אָבער איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

אָבער זינט דעם אויפשטייג פון השכלה קעמפט ייִדישקייט מיט דער סעקולאַרער מאַטעריאַליסטישער ציוויליזאַציע, אָדער אפשר ווי אַנדערע באַצייכענען די שיטה: די וויסנשאַפטלעכע וועלט־קאָנצעפּציע, וואָס לייקנט אָפּ דעם גאַנצן רעליגיעזן וועלט־באַנעם, וואָס גלויבט אין אַ פירנדיקן, אָדער ווירקנדיקן כוח, וואָס עקזיסטירט אויסער דעם מענטשן און אויסער דער וועלט. דערפאַר בלייבן אין פאָלק די ייִדן, וואָס זענען געוואָרן אויס גלויביקע. דער פאָלקישער גוף ווערט נישט איינגעשרומפּט צוליב די אַנטרונענע, אָבער ער ווערט גייסטיק אָפּגעשוואַכט.

ס׳האָט זיך איצט געשאַפן אַ מאָדנע לאַגע. כלפּי־חוץ איז דאָס ייִדישע פאָלק אַ קאָמפּאַקטער און באַצייכנטער איינס. אינערלעך אָבער איז אַזוי: אַ גאָר קליינע מינאָריטעט, כמעט בלויז שיריים, היט אָפּ דעם אַלטן גלויבן און האַלט אויף די אַלטע פאָרמעס און האָט אַן אייגענעם נוסח, אַ לעבנס־שטייגער. די גאָר גרויסע מאַיאָריטעט איז אינגאַנצן נישט גלויביק. אַ גרויסע מינאָריטעט האַלט אַז עס איז כדאי אויסצופאָלגן אַלע דינים און געבאָטן, אָבער זי האָט נישט קיין כוח, קיין וויטאַליטעט אויסצופאָלגן געבוג געבאָטן און מצוות, אַז זי זאָל האָבן אַן אייגענעם לעבנס־שטייגער, אַ נוסח. אויך איז פאַראַן אַ היפּשע מינאָריטעט וואָס מען וועט ביי איר פועלן צו האַלטן זיך ביים אַבסטראַקטן ייִדישן גלויבן (וואָס באמת איז עס איצט נישט אויסשליסלעך, כאַראַקטעריסטיש ייִדיש), אָבער אָט די מאמינים האַלטן, אַז הלכה איז נישט מער ווי אַ דרויסנדיקער לבוש, אַ טפל, אַ האַרטע שאָלעכץ, וואָס איז אַלעמאָל געווען אַ שטער צו דערגרייכן אמתע אמונה־שבלב, פאַר זיי איז הלכה אינגאַנצן אומזין און נאַריש.

שטייט איצט פאַר דעם מאָדערנעם ייִדן אין גרויסע קאַרדינאַלע פראַגע: האָט ייִדישקייט בכלל און פרושימשע הלכה־ייִדישקייט בפרט וועלכן ס׳איז עטישן ווערט פאַר אונדז אין איצטיקער צייט? קען זיך הלכה־ייִדישקייט פאַרמעסטן אין אַן אידייען־קאַמף מיט דער סעקולאַרער מאַטעריאַליסטישער ראַציאָנעלער ציוויליזאַציע?

אָט דער פּראָבלעם שטייט נישט נאָר פאַר דעם אומגלויביקן ייִדן, וואָס האַלט פון וויסנשאַפטלעכער וועלט־קאָנצעפּציע און וויל בלייבן ייִד און זוכט אַ זין פאַר זיין ייִדישקייט, נאָר אויך פאַר דעם גלויביקן ייִדן, וואָס האַלט אַז ס׳איז דאָ אַ קראַפט אויסער דעם מענטשן און אויסער דער וועלט, וואָס באַווירקט די וועלט און מענטשן — אין פשוטע ווערטער, אַ ייִד וואָס גלויבט אין גאָט, אָבער זעט נישט קיין זין אין ייִדישער הלכה, ווייל ער מיינט, אַז עס איז נישט מער ווי אַ שאַבלאָן.

דער פּראָבלעם פאַר אונדז איז נישט קיין ריין אַקאַדעמישער, גלאַט אַן אַבסטראַקטע ספּעקולאַציע. דער באַשייד פון דעם פּראָבלעם וועט באַשטימען די צוקונפט פון ייִדישקייט און ייִדן אין די תפוצות. עס וועט געבן אָדער נישט געבן, קיין זין צו זייער קיום. עס וועט באַשטימען דעם כאַראַקטער און פאָרמע פון ייִדישן לעבן. דער אופן פון לייזונג פון אָט דעם פּראָבלעם וועט אויך באַשטימען די פאָרמע פון דער מלוכה און דעם אינהאַלט פון טאָג־טעגלעכן לעבן אין מדינת־ישראל. געבן אַן ענטפער אויף דער פראַגע צי וועט דער קיבוץ־גלויות אין מדינת־ישראל זיין אַ קאָנטינואיטעט, אַ המשך צום ייִדישן פאָלק, אָדער עס וועט געשאַפן ווערן דאָרטן אַ ייִדיש פאָלק וואָס וועט זיין ככל הגוים. אַ ניי ייִדיש פאָלק וואָס וועט זיין אין געשטאַלט פון די אייראָפּעאישע פעלקער און וועט מיט ייִדישקייט האָבן אַ קנאַפּע שייכות.

דאָס שטייט אין קאָן.

## ב.

דער ערשטער אַרויסרוף (טשאַלענדש) פון פאַגאַניזם קעגן ייִדישקייט איז אויפגעקומען אין בבל, באַלד נאָכן גלות יהויכין. אין דעם מלוכה־פעריאָד, ביזן חורבן בית־ראשון, איז יהוה געווען דער נאַטירלעכער גאָט פון די ייִדן. זייער קלאָר און שכלדיק טייטשט אויס דעם ענין יחזקאל קויפמאַן. אין דער צייט פון פאַרן חורבן בית־ראשון זענען ייִדן נישט געווען קיין געצנדינעריש פאָלק, ווי אַ סך פאָרשער מיינען, און ווי דער אויבער־

פלעכלעכער איינדרוק איז פון די שריפט־נביאים. ערשטנס, איז די גאַנצע זינדיקייט פון ייִדן אַן איבערגעטריבענע. מוכיחים טרייבן אַלעמאָל איבער. צווייטנס, איז געווען אַ טענדענץ ביי די נביאים צו באַשולדיקן דאָס גאַנצע פאָלק פאַר די זינד פון געוויסע קרייזן. דריטנס, דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז די זינדיקייט פון די ייִדן איז געווען דער פאָסטולאַט (די פאָרויס אָנגענומענע הנחה) פון דעם תנ״כישן וועלט־קוק. אָן דער הנחה אַז ייִדן זענען אַ זינדיק פאָלק האָבן די נביאים נישט געקענט דערקלערן דיווירקלעכקייט: די אומגליקן און צרות, וואָס זענען געקומען אויפן ייִדישן פאָלק, די אויסדערוויילטע קינדער פון גאָט. אויב עס זענען נישט געווען קיין שווערע חטאים האָט מען זיי געדאַרפט צוטראַכטן. ישראלס זינד איז געווען די טראַדיציע — די באַרעכטיקונג פון גאָט, אַז זיין הייליקייט און גערעכטיקייט ווערן נישט געמינערט, וואָס ייִדיש לעבן איז פול מיט צרות און אומגליקן.

די גרונט־אידייע פון גאָטהייט איז ביי ייִדן מקדמונים אַן געווען אַ מאָנאָטעאיסטישע. זייער גלויבן אַז יהוה איז זייער גאָט, איז שוין געווען איינגעוואָרצלט נאָך פאַרן ערשטן חורבן. אָבער דער ריטואַל און צערע־מאָניאַל און דאָס עטישע טאָג־טעגלעך לעבן זענען געווען פאַגאַניסטישע, ווייל לויט דער טראַדיציע האָבן זיי נישט געשטימט נישט מיט תורת־משה, וואָס איז געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני, און נישט מיט די נביי־אישע באַגריפן פון מאָנאָטעאיזם. באַנוצנדיק זיך מיט אַ מאָדערנער טער־מינאָלאָגיע, לויט אַ קולטור־היסטאָרישער פאָרשונג, זאָגן מיר: תורת־משה און דער גאָט־באַגריף פון די נביאים זענען נאָך נישט געווען איינגעשטעלט. יעדער אויפקום פון אַ העכערער תורה און געהויבענעם געדאַנק אין נבואה האָט געמאַכט ייִדן זינדיק.

יחזקאל קויפמאַן גיט אַ שיינעם משל, וואָס וואַרפט אַ ליכט אויף דעם אינערלעכן זין פון די נביאימשע שטראָף־רייד: אין דער קריסטלעכער קירך איז אָנגעגאַנגען אַ שקלאַ־וטריא וועגן איקאָנעס (הייליקע בילדער). די קירך האָט מתיר געווען איקאָנעס און געהאַלטן, אַז עס איז נישט קיין געצנדינעריי נאָר אַ סימבאָלישע אויפפאַסונג. אָבער די קעגנער פון איקאָ־נעס האָבן געהאַלטן דאָס פאַרקערטע, אַז עס איז יאָ געצנדינעריי, און אָנגעווענדט אויף די איקאָנעס דעם גייסט פון פסוק און דערקלערט, אַז איקאָנעס אין קירך איז פעטעשיזם און פאַגאַניזם. אָט אַזוי דאַרף מען אויך זיך נישט איילן און דערקלערן, אַז די באַשולדיקונג, וואָס די נביאים

האָבן באַשולדיקט ישראל אין געצנדינערייִ איז געווען פּאַגאַניזם. (באריכות וועגן דעם ענין אין „תולדות האמונה הישראלית״ מאת יחזקאל קויפמן, כרך ג׳, קאַפּיטל ט״ו, זז׳ 659—685).

דאָס איז געווען אין ארץ־ישראל, ווען ייִדן זענען געזעסן אויף זייער לאַנד. אָבער באַלד נאָך גלות יהויכין זענען די גולים געקומען פּנים אל פּנים מיט דעם פּאַגאַניסטישן וועלט־באַנעם, וואָס האָט אינגאַנצן אָפּגע־פּרעגט דעם ייִדישן מאָנאָטעאיסטישן וועלט־געדאַנק. ייִדישקייט האָט גע־דאַרפט געפינען ענטפערס אויף זייער האַרבע פראַגעס.

דאָס הויפּט־פּראָבלעם ביי די גולים איז געווען צו קריגן אַ קלאָרן ענטפער אויף דער פראַגע: פאַרוואָס איז דער בית־המקדש חרוב געוואָרן און נבוכדנצר האָט באַזיגט ירושלים, גאָטס שטאָט? איז עס נישט קיין סימן און ראיה אַז מרדוך, דער באַבילאָנישער נאַציאָנאַלער גאָט איז שטאַרקער און מעכטיקער פון ייִדישן גאָט?

די פראַגע האָט צו ערשט פאַרענטפערט ישעיה מיט קרוב הונדערט און פערציק יאָר פאַר גלות־יהויכין. ווען סנחרב איז באַפאַלן יהודה און האָט אָנגעבאָטן נישט חרוב צו מאַכן ירושלים מיט אַ תנאי, אַז ייִדן זאָלן זיך אונטערגעבן און מסכים זיין צו לאָזן זיך דעפּאָרטירן אין אַן אַנדער לאַנד, האָט ישעיה געהייסן די ייִדן זיך שטעלן אַנטקעגן אשור. ער האָט געזאָגט אַז ס׳איז נישטאָ וואָס צו שרעקן זיך פאַרן שונא. ס׳איז דאָ אַן איינגעשטעלטער סדר, אַן אָרדענונג, אין דער וועלט. אשור איז נישט מער ווי דער שטעקן אין גאָטס האַנט, די רוט פון גאָטס צאָרן און כעס. גאָט באַפעלט אים איינצונעמען די לענדער וועלכע דאַרפן באַשטראָפט ווערן. אָבער ווען אשור האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן ירושלים — הר ציון — איז עס נישט אין גאָטס פּלאַן, ס׳איז חוצפּה פון דעם שונא און אשור וועט דורכפאַלן. (ישעיה י׳, ה—יט און נאָך).

ירמיהו וואריאירט דעם זעלביקן געדאַנק: עס וועלן קומען חורבן און גלות, ווייל דאָס איז דער רצון פון גאָט. ער, דער כביכול, האָט באַשטימט נבוכדנצרן צו געוועלטיקן אויף אַ באַשטימטער צייט — זיבעציק יאָר (ירמיהו כה, כז, כח און נאָך).

ייִדן האָבן געקראָגן אַן ענטפער אויף דער האַרבער פראַגע פון חורבן: דער זיג פון דעם שונא קומט נישט פון דעם כוח פון זיינע געטער, נאָר ס׳איז נישט מער ווי אַ כוח־הרשאה פון דעם ייִדישן גאָט. דאָס איז זיין פּלאַן. קיין זאַך ווערט נישט געטון אָן זיין השגחה.

אָבער שאַרפערע און אַקטועלערע פּראָבלעמען זענען אויפגעקומען ביי די גולים: די פּראַכט און גלאַנץ פון פּאַגאַניסטישן קולט, דאָס גלויבן אין שטערנזעערייַ און אין דער מאַגישער ווירקונג פון די אָפּגעטער. ייִדן זענען געקומען אין טאָג־טעגלעכער באַרירונג מיט די שכנים אַרום, וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן לויט אָט די אמונות. אַ פּאָר יאָר נאָכן גלות־יהויכין שיקט ירמיהו אַ בריוו צו די גולים. ס'זענען נישטאָ אין בריוו קיין דראָאונגען און שטראָף־רייד, ווי עס איז פאַראַן אין זיינע רייד שפּעטער צו די גולים אין מצרים, וואָס האָבן טאַקע ממש געדינט צו דער אישטאַר (אשתורת). ס'איז ווי מיר וואָלטן געזאָגט איצט אַן אידעאָלאָגישע אויפקלערונג.

אין קאַפּיטל צען פון ירמיהו איז דאָ דער טעקסט פון אַ בריוו, אָדער אפשר נאָר אַ טייל פון בריוו, אין וועלכן דער נביא קלערט אויף די גולים וועגן די דריי פּאַזעס פון געצנדינערייַ.

א) שרעקט זיך נישט פאַר דער אמונה פון שטערנזעערייַ — אַסטראָ־לאָגיע. לערנט זיך נישט אָפּ פון די פעלקער; פאַר די צייכנס פון הימל זאָלט איר זיך נישט שרעקן, ווייל די פעלקער שרעקן זיך פאַר זיי. די מנהגים פון די אומות זענען נישטיקייטן, נאַרישקייטן. דער גאָט פון ישראל איז דער וואָס פירט די וועלט און נישט די שטערן, די לבנה און די זון.

ב) אין דעם גלאַנץ און פּראַכט פון די געצן איז נישטאָ קיין שיינ־קייט. אמת, דער געץ איז באַפּוצט מיט גאָלד און זילבער, גאָר מיט פיינעם גאָלד און זילבער. דער זעלבערבלעך קומט אַזש פון תרשיש און דאָס גאָלד פון אופז. אויך זענען די געצן באַקליידט מיט בלוי און פּורפּור. אָבער איז וואָס? דאָס גיט זיי נישט קיין געטלעכע שיינקייט, ווייל ס'איז דאָך די אַרבעט פון מענטשן, בעלי־מלאכות. דער געץ איז אַלץ נישט מער ווי אַ גולם, אָט ווי אַ סטראַשידלע אין אַ פעלד פון גרינס.

ג) דערפאַר איז נישטאָ וואָס צו מורא האָבן פאַר זיי, ווייל נישט זיי קענען בייז טון און נישט זיי קענען גוטס טון. זיי זענען נישטיקייטן און נאַרישקייטן. שטיקער האָלץ, געמאַכט מיט מענטשלעכע הענט.

און ירמיהו רופט אויס: „וואָס פאַר אַ פאַרגלייך זענען זיי צו גאָט, וואָס ער איז דער אמתער גאָט, דער לעבעדיקער גאָט, וואָס פון זיין כעס ציטערט די ערד און די פעלקער קענען נישט אויסהאַלטן זיין צאָרן?״

און ירמיהו זאָגט צו די גולים: זאָגט צו אייערע שכנים אין זייער לשון, אין אַרמייאיש, קורץ און שאַרף: „די געטער וואָס האָבן די הימלען

און די ערד נישט געמאַכט וועלן אונטערגיין סוף־כל־סוף, פון דער ערד און פון אונטער די הימלען״*)

דווקא אין דער פרעמד, אין גלות־בבל, האָבן ייִדן, דאָס גאַנצע פאָלק, אַלע גרופּן און קלאַסן זיך אויסגעהיילט פון פּאַגאַניסטישן קולט און בכלל פון דער מחלה פון געצנדינעריי. „ערשט איצט, אין גלות־בבל, האָט דער ייִדישער מאָנאָטעאיזם זיך עמאַנציפּירט פון זיין לאָקאַלער געבונדקייט און דער ייִד אין דער פרעמד איז מער נישט געווען געצוווּנגען צו דינען די „געטער פון לאַנד — אלהי הארץ״. (א. מענעס).

מיט גלות־בבל איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן די תקופה פון ייִדישע בלאָנדזשענישן נאָך פרעמדע קולטן. די גאַנצע וועלט איז געווען געצנדינעריש און ביי די ייִדן האָט זיך שוין פאַרענדיקט די תקופה פון אָננעמען דעם אַבסטראַקטן מאָנאָטעאיזם. עס האָט זיך ביי זיי אָנגעהויבן די תקופה פון קאָנקרעטיזירן, פאַרווירקלעכן מלכות־שמים — פאַרוואַנדלען די אַבסטראַקציע פון דער תורה און פון די נביאים אין טאָג־טעגלעכע מעשים. ס׳איז אויפגעקומען די תקופה פון פאַרטייטשן און אויסטייטשן די תורה אַזוי, אַז ייִדן זאָלן טאַקע קענען גרינדן „אַ מלוכה פון כוהנים און אַ הייליק פאָלק״.

ג.

די פּערסישע תקופה, פון דער ערשטער עליה אונטער ששבצר ביז דעם אָנקומען פון אלקסנדר מוקדון אין ארץ־ישראל, איז געווען די אַנטשיידנסטע צייט אין דער ייִדישער געשיכטע. אין אָט דעם צייט־אָפּשניט האָבן ייִדן אָנגעהויבן צו עקספּערימענטירן ווי אַזוי צו פאַרווירקלעכן, ווי אַזוי צו איינפירן, אין טאָג־טעגלעך לעבן די געבאָטן פון דער תורה און

*) אַ סך פאָרשער האַלטן אַז ווי באַלד ירמיהוס סאַטירע איז ענלעך אויף ישעיהס בייסנדיקער סאַטירע וועגן געצן (ישעיה מ׳מד) איז עס אַ סימן, אַז דאָס קאַפּיטל איז נישט געשריבן געוואָרן פון ירמיהו, נאָר פון אַ נאָך־גלות נביא. אָבער תרגום יונתן זאָגט אויף פּסוק י״א, קאַפּיטל י׳ „דאָס איז אַן אָפּשריפט פון אַ בריוו, וואָס ירמיהו האָט געשיקט צו די זקנים פון גלות״. עס קען מעגלעך זיין אַז אין צייט פון בעל־תרגום איז געווען אַ מינדלעכע טראַדיציע וועגן קאַפּיטל. און אויב אַפילו נישט איז עס אַן אויסטייטשונג, וואָס לייגט זיך אויפן שכל און דאָס קאַפּיטל איז טאַקע פון ירמיהו ווי לויט דער מסורה (זע אויך יחזקאל קויפמאַן, „תולדות האמונה בישראל״, ספר ז׳, ז׳ 464).

די אָנזאָגונגען פון די נביאים. אין משך פון יענער תקופה, אַן אָפּשניט צייט פון איבער צוויי הונדערט יאָר, איז די אַבסטראַקטע ייִדישע רעליגיע געוואָרן אַ קאָנקרעטע אמונה, וואָס האָט באַווירקט יעדן איינציקן ייִדן.

שוין גאָר אין אָנהויב פון איר אויפקום איז די ייִדישע רעליגיע נישט געווען קיין אויסשפּראָץ פון בלויז אַ דערהויבענערער אידייע ביי יחידי־סגולה, ווי געוויסע פאָרמעס פון מאָנאָטעאיזם און עטישע סיס־טעמען זענען אויפגעקומען ביי מאַנכע הויפּט פּריסטער, אָדער מלכים פון בבל און מצרים און פילאָסאָפן און זייערע געציילטע תלמידים אין גריכנלאַנד; אויך ביי געוויסע פּאָעטן, ווי נעפּלדיקע וויזיעס, וואָס זענען צו גאָרנישט נישט מחייב. עסאָטערישע אמונות און בּיאוּתן זענען נישט געווען קיין זעלטנקייט. די ייִדישע אמונה אָבער איז אין איר אָנהויב שוין געווען ביז אַ געוויסער מאָס די גרונט־אידייע פון אַ פאָלקס־קולטור, אַ גאַנצער וועלט־געפיל פון אַן אומה (יחזקאל קויפמאַן).

אָבער אַן אידייע קומט נישט אויף אַ פאַרפולקאָמטע, אַ גאַנצע. ס׳מוז זיין אַ צייט פון וואַקסן, פון אַנטוויקלען זיך. קען מען זאָגן, אַז ביז חורבן־בית־ראשון איז אָנגעגאַנגען דער פּראָצעס פון וואַקסן פון דער אידייע פון מאָנאָטעאיזם און אין דער זעלביקער צייט איז אָנגעגאַנגען אַ שטענדיקע ראַנגלעניש אין פאָלק: יעדער אַרויסשפּראָץ פון אַ העכערער אידייע ביי די נביאים האָט געשטעלט נייע פאָדערונגען צום פאָלק. יעדע אָקצעפּטי־רונג פון אַ נייעם געדאַנק האָט געגעבן אַ שטויס פאַר נייע מער דער־הויבענע פאָדערונגען. די פריִער אָקצעפּטירטע אידעאַלן האָבן שוין קיינעם נישט צופרידן געשטעלט. דאָס האָט זיך געצויגן ביז חורבן־בית־ראשון. באַלד נאָכן חורבן, נאָך עטלעכע יאָר פריִער, האָט זיך אָנגעהויבן די תקופה פון פאַרווירקלעכן די אַבסטראַקטע אידעאַלן און קאָנצעפּציעס פון די נביאים. באַלד ווי די ייִדן פון יהודה זענען געוואָרן גולים, איז אויפגע־קומען ביי זיי די פראַגע: וואָס מיינען די רייד פון די נביאים אין טאָג־טעגלעכן לעבן, אָט דאָ, אין דער פרעמדער סביבה?

ס׳איז נישט קיין צופאַל, וואָס נבואה האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ קורצע צייט נאָך דער לעצטער עליה. ייִדן האָבן זיך שוין מער נישט גענויטיקט אין דער נביאותדיקער שליחות. די פונקציע, וואָס נבואה האָט זיך גע־שטעלט, בלאי־יודעים, איז געווען דאָס אָננעמען פון אַבסאָלוטן מאָנאָטע־איזם און נעמען אויף זיך עול־שדי — דער יאָך פון גאָט. ייִדן האָבן מסכים געווען דערצו. איצט איז געקומען די צייט פון אויסטייטשן דעם

מיין פון די רייד פון דער תורה און פון די נביאים. ס׳איז געקומען די תקופה פון פאַרוואַנדלען אַבסטראַקטע אידייעס אין מעשים. נבואה, וואָס האָט געפאָדערט דעם מאַקסימום, אַבסאָלוטע גערעכטיקייט, אַבסאָלוטן יושר, אַבסאָלוטע הייליקייט, וואָלט נישט געהאַט די געדולד און דעם איינזען פאַר דער איבערגאַנג צייט פון פאַרווירקלעכונג. נבואה וואָלט געווען אַ שטער, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט. איר פונקציע האָט איבערגענומען אגדה, וואָס בויט אויך אַלעמאָל אויף דברים־שבלב און שטעלט אַוועק דעם לפנים־משורת־הדין העכער ווי די נאָרמע. אָבער ביי די בעלי־אגדה האָט מען צוגענומען דאָס רעכט פון אסרן און דאָס רעכט פון מתיר מאַכן. דאָס האָט מען איבערגעגעבן צו די בעלי־הלכה.

דער פרושימשער וועג אין הלכה איז געווען גאָר אַ נייער אויפטו און אַ נייער וועגווייזער פאַר דער מענטשהייט. די שיטה פון די פרושים איז, אַז אַבסטראַקטע אמונה אַליין קען נישט ווירקן אויף דעם מענטשן, סיידן זי ווערט פאַרוואַנדלט אין קאָנקרעטע מעשים, מצוות. דאָס געטלעכע און חומרישע זענען אין שטענדיקן גערעַנגל אין דעם מענטשן. מצוות האָבן דעם כוח צו מאַכן דעם מענטשלעכן גייסט הערשער און דאָך נישט אונטערדריקן דעם גוף.

נאָך אַ וויכטיקן פרינציפּ האָבן זיי איינגעשטעלט: דער יחיד איז דער וויכטיקסטער באַשטאַנדטייל פון דער געזעלשאַפט. אין זיינע הענט ליגט זיין אייגענער גורל און די גאולה פון דער וועלט. דער יחיד איז דער יש, נישט די מלוכה אָדער ציבור. ער דאַרף און מוז זיך אויפפירן לויט דער אָנגענומענער תורה און ער אַליין איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים. נישט דער קאָלעקטיוו און נישט דער מלך קען אים באַפוילן עובר צו זיין אויף אַ דין פון דער תורה. און אויב זיי באַפעלן אים דאָס צו טון, דאַרף ער נישט פאָלגן. אויב ער פאָלגט און איז עובר די עבירה, זינדיקט ער און ער וועט באַשטראָפט ווערן. ער אַליין איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים, נישט דער וואָס באַפעלט אים.

די פרושימשע הלכה איז נישט געווען קיין אָפּנויג פון נבואה, נאָר אַ ווייטערדיקע אַנטוויקלונג. די פרושים האָבן זיך געשטעלט אפשר נאָך אַ העכערן ציל פון די נביאים. זיי, די נביאים, האָבן געקענט אָפּקומען מיט אַבסטראַקציע. זיי האָבן קיינמאָל נישט געהאַט פאַר זיך קיין קלאָרן לעבנס־שטייגער, קיין קאָנקרעטע מצוות עשהס אָדער לא־תעשהס. למשל,

ווען מיכה זאָגט: „גאָט האָט דיר, מענטש, אָנגעזאָגט וואָס איז גוט. און וואָס פאָדערט גאָט? נאָר צו טון משפט און ליב האָבן גנאָד און גיין שטיל באַשיידן מיט דיין גאָט" (מיכה ו׳ח), קען עס ווערן אַפילו דער יסוד פון אַן אכזריותדיקע תורה. ווי עס האָט טאַקע פּאַסירט אין מיטלאַלטער: „צו טון משפּט" — אויספאָרשן די עדות פון דער אינקוויזיציע אַז זיי זאָלן דערציילן דעם אמת. ווען זיי זאָגן עפּעס, נישט גלויבן זיי ביז מען מאַ־טערט זיי. „ליב האָבן גנאָד" — זען מזכה זיין דעם אומגלויביקן מיט דער אמתער אמונה. נו, איז וואָס אַז דו וועסט אים פאַרברענען לעבע־דיקערהייט? ווי באַלד אַז ער וועט ירשנען אייביקן לעבן טוסטו מיט אים אַ חסד. „גיין שטיל באַשיידן מיט דיין גאָט" — אויב דו ביסט אַ העכערער פּריסטער אין דער רעגירונג דאַרפסטו דאָך גיין אָנגעטון אין רייכע קליידער, אָבער אונטער די קליידער טראָג אַ זאַק. דעם נביאס אָנזאָג איז אַן אַבסטראַקציע, וואָס מען קען אויסטייטשן אויף אַ סך אופנים. אָבער דער אויסטייטש צו די פּסוקים פון די פּרושים איז קאָנקרעט: „עשות משפּט — טון גערעכטיקייט" — דו זאָלסט נישט באַוואָלען דיין חבר סיי אין געלט־זאַכן און סיי אין רייד. „והצנע לכת עם אלהיך — זאָלסט זיין שטיל באַשיידן מיט דיין גאָט" — דו זאָלסט טון מצוות בצנעה: העלפן אַן אָרעמער כלה, ברענגען אַ מת צו קבורה. דאָס זאָלסטו טון שטיל, פאַרבאָרגענערהייט, קיינער זאָל נישט וויסן. (זע אבן עזרא און רד״ק אויף מיכה ו׳ח). אָט די אַלע „קלייניקייטן" האָבן נישט דעם שווונג און פאַרנעם פון נביא. אָבער אָט די ממשותדיקע מעשים זענען אַ סך שווערער איינצופירן אין לעבן ווי צו צוהערן זיך צום נביא און צושאָק־לען מיטן קאָפּ: מסכים! די אידעאַלן פון די נביאים זענען גרויסע ליכ־טער אין הימל, אָבער נעמען פון זיי ליכט און וואַרעמקייט פאַרן מענטשן אויף דער ערד איז אַ סך אַ גרעסערער אויפטו ווי בלויז צו קוקן אויף די ליכטער אין הימל און אַזוי האַלטנדיק פאַרריסן דעם קאָפּ גיין און אַריינפאַלן אין אַ גרוב.

אָבער דער וועג צו שלימות דורך קאָנקרעטיזירונג פון הלכה איז געווען אַ שווערער. ביי ייִדן זענען געווען עליות און ירידות. די רע־לאַטיווע שלימות פון דעם ייִדן איז ערשט דערגרייכט געוואָרן אין גלות, נאָך קרוב צוויי טויזנט יאָר ראַנגלעניש (רעכענען פון דער צייט פון שיבת־ציון), איבערהויפּט ביים אשכנזישן ייִדנטום. די אשכנזישע קהילות פון פּוילן, רייסן, ליטע און גאַליציע האָבן זיך פאַרמאָסטן מיט דער

וועלט, מבטל געמאַכט אַ גרויסן טייל פון דער וועלט־קולטור און גע־זיגט אויפן עטישן און געזעלשאַפטלעכן געביט. זיי האָבן געוויזן דער וועלט ווי אַזוי אַ פאָלק דאַרף לעבן ווען מלכות־שדי וועט זיגן. אַלע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס זענען אויסגעפירט געוואָרן פריווילעגיק און פּאַציפיזם האָבן זיי דערפירט צו הילפלאָזיקייט אָדער ווי שונאים זאָגן צו פּחדנות.

ייִדן איז נישט אָנגעקומען גרינג צו דערגרייכן זייער שלימות אין זייערע שטעטלעך, „די קרוין פון ייִדישער געשיכטע״:

„אין די תנ״ך־צייטן איז נאָך דער יידישער מענטש נישט געווען דאָס אות פון דער יידישער וועלט־תורה. עס האָט דערצו געמוזט נעמען טויזנטער יאָרן. די יידישע געשיכטע האָט געמוזט מאַכן אַ סך עקספּערי־מענטן, און זיך אויסשטעלן אויף די ביטערסטע און בלוטיקסטע נסיונות, ביז די יידישע מחשבה האָט, ווי אַ ליכטיק פיבער, אַדורכגעדרונגען דאָס בלוט און דאָס פלייש פון יידישן מענטשן. ביז זי איז נישט געווען בלויז דער נביאישער אידעאַל, נייערט די טאָג־טעגלעכע טבע פון יידישן מענטש. ביז זי איז געוואָרן זיין טאָג און נאַכט, זיין האָפענונג און טרויער — — — ביז די יידישע מחשבה איז געוואָרן די אינערלעכע לופט, אין וועלכער ער האָט געלעבט. טויזנטער יאָרן, זאָג איך, האָט עס געמוזט געדויערן. דער מענטש, וואָס הויבט זיך אַרויס פון אַלע „דזשונגל־מאַכטן״ און פון אַלע גרענעצן פון די אורהיילן, וואָס אויף דער מאָדערנער שפּראַך הייסן זיי שטאַטן און פּאַטערלענדער — ביז דער מאַכטלאָזער מענטש האָט באַקומען פאָרעם און געשטאַלט״ (י. י. טרונק, פאָרוואָרט צו „פּוילן״, „אונדזער צייט״, פעברואַר—מערץ 1953).

אייראָפּע, אַ קעסל־גרוב פון פעלקער, וואָס יעדעס פון זיי האָט געדורשט נאָך מאַכט און געגלוסט צו באַזיגן לענדער און אַריינכאַפּן וואָס מער שטח; יעדעס פאָלק האָט געהאַט איין מאַניע, משוגעת — „צו מאַכן אַ נאָמען״ — די אַלטע אַמביציע פון די וואָס ווידערשפּעניקן קעגן גאָט (דור־הפלגה). אין מיטן פון אָט דער אייראָפּע איז געלונגען איין פאָלק — דעם ייִדישן פאָלק — צו שאַפן אַ פאָלקס־לעבן געבויט אויף מלכות־שדי. די לאָיאַליטעט פון ייִדישן יחיד איז נישט געווען צו קיין שטאַט, אָדער צו אַן אינסטיטוציאָנעלער רעליגיע — אַן אָפיציעלע קירך — נאָר צו גאָטס וואָרט, צום דין. אין זייער אָפּגעזונדערטקייט האָבן ייִדן געשאַפן אַ מדינה אין אַ מדינה. אָבער אַזאַ מדינה האָבן זיי געשאַפן, וואָס איז געשטאַנען אויסער דעם מהות און דעם באַגריף וואָס געוויינלעך ווערט דאָס וואָרט פאַרשטאַנען.

די געזעצן פון דער „שטעטל־מדינה" זענען נישט דורכגעפירט געוואָרן מיט פּאָליציי־צוואַנג, נאָר פון אַ גייסטיקער אויטאָריטעט, וואָס האָט זיך נישט געשטיצט אויף קיין שום מאַכט. ס'האָט געקענט זיין אַ פּלוגתא וואָס עס איז טריף און וואָס עס איז כשר, אָבער אויב דער פּסק איז געקומען פון דעם אָנערקענטן אויטאָריטעט, האָבן אַלע אויסגעפאָלגט.

אין דער „שטעטל־מדינה" איז מקוים געוואָרן דער ווונטש פון די נביאים, וואָס האָבן געהאַלטן אַז שכר ועונש ליגט אין האַנט פון גאָט און נישט אין דער האַנט פון מענטשן*).

שוין אין די ציטן פון חשמונאים־אויפשטאַנד (168 פאַר דער איצטיקער צייט־רעכענונג) איז דאָס ייִדישע פאָלק געווען רייף גענוג, גייסטיק און עמאָציאָנעל, אָנצופירן מיט אַ שטאַט אָן שום תאווה צו מלוכה־רום און גיריקייט פון עקספּאַנסיע. דאָס פאָלק איז געווען גרייט איינצושטעלן אַ טאָג־טעגלעך לעבן פון קדושה. אָבער די אַרומיקע וועלט איז נאָך נישט געווען גרייט צו דערלאָזן די עקזיסטענץ פון אַזאַ מלוכה. אין דער דעמאָלטיקער וועלט (איצט נאָך אויך) איז געווען אוממעגלעך די עקזיסטענץ פון פולע אויטאָנאָמיע פאַר אַ פאָלק אָן פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט און מיליטערישער מאַכט אויפצוהאַלטן די פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט. דאָס האָט געפירט צום אויסברוך פון חשמונאים־אויפשטאַנד. אין אָנהויב האָט דער אויפשטאַנד געשטעלט פאַר זיך גאָר אַ באַשיידענעם ציל — געווינען פולע אויטאָנאָמיע פאַרן פאָלקס־לעבן. ווען די פּאָליטישע פרייהייט איז אויסגעקעמפט געוואָרן, האָבן געקראָגן די אויבערהאַנט די עלעמענטן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז פאַר פולער אויטאָנאָמיע מוז מען האָבן נישט נאָר פולע פּאָליטישע פרייהייט און מיליטערישע מאַכט אויפצוהאַלטן די פרייהייט, נאָר ס'איז אויך מחייב עקספּאַנסיע. די חשמונאים האָבן זיך באַלד געשטעלט אין דער שפּיץ פון די וואָס האָבן געהאַלטן

---

*) ביי קיינעם פון די נביאים איז נישטאָ קיין אָנזאָג, אַז פאַר וועלכע עס איז זינד הייסט גאָט די הערשנדיקע מאַכט צו באַשטראָפן. די נביאים זאָגן אַלעמאָל פאָרויס שטראָף און אומגליק, וואָס וועט קומען דורך גאָטס האַנט. נישטאָ קיין זכר פון אַ קאָדעקס, וואָס די נביאים האָבן איינגעשטעלט, פאַר וועלכע דער מענטש איז מחויב צו באַשטראָפן זיינע מיטמענטשן. די דראָאונג פון שטראָף איז אויך געווען מיט אַ תנאי — אויב מען וועט נישט תשובה טון. תשובה אַנולירט דעם עונש, וואָס וועט קומען פון גאָט.

פון דער שיטה, אַז פולע פרייהייט איז אוממעגלעך אָן פּאָליטישער זעלבסט־שטענדיקייט און עקספּאַנסיע.

אָבער ייִדן זענען נישט געווען גרייט צו לאָזן דעם שטאַט צו קריגן די אויבערהאַנט אין זייער לעבן. זיי האָבן געזען אַז אַ זעלבסטשטענדיקע מלוכה אין די רשעותדיקע תנאים פון דער וועלט איז מחייב קאָמפּראָמיסן. די קדושה איינגעפּירט אין טאָג־טעגלעך לעבן מוז מאַכן גרונט־פּשרות מיט שפיכת־דמים, טומאה און רשעות בכלל. די פּרושים האָבן זיך גע־שטעלט אַנטקעגן דער גרופּע, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט דאָס גליק פון פאָלק אויף דעם דערפאָלג פון דער מלוכה. נאָך לאַנגער ראַנגלעניש מיט די פירער פון דער מלוכה האָבן די פּרושים סוף־כל־סוף אומגעבראַכט דעם שטאַט*).

אין יענער צייט זענען ייִדן שוין געווען אין דער תקופה פון קאָנ־קרעטיזירונג פון נביאימשער ייִדישקייט. די גאַנצע איבעריקע וועלט איז געווען איינגעטונקט אין געצנדינערײַ. זנות, שפיכת־דמים, מלחמות, שקלאַ־פערײַ איז געווען די נאָרמע פון דער וועלט. נאָר איין פּינטעלע, יהודה, האָט אַוועקגעשטעלט גאָט אין צענטער פון לעבן. ייִדן האָבן זיך פּאַרמאָסטן צו ווערן גלײַך צו אים, צום כביכול.

אָבער שוין מיט הונדערט און פופציק יאָר פאַרן חורבן בית שני, האָט די ציוויליזירטע וועלט אונטער דער רוימישער הערשאַפט און גרי־כישער קולטור פאַרלוירן איר גלויבן אין די אַלטע געטער. זי איז געווען גרייט אָנצונעמען מאָנאָטעאיזם און אַבסטראַקציע. אָבער זי איז נאָך נישט ראוי געווען אָנצונעמען מצוות־מעשיות. די וועלט איז נאָך נישט געווען

---

*) וועגן דער ראָלע, וואָס די פּרושים האָבן געשפּילט אין פאַרלירן פון ייִדישער זעלבסטשטענדיקייט, גיט יוסף קלויזנער אַ קלאָר בילד אין „היסטוריה של הבית השני״, חלק ג׳, זז׳ 152 און 227. יוסף קלויזנער רופט די האַנדלונג פון די פּרושים, וואָס האָבן זיך געווענדט נאָך הילף צו דמיטרוסן דעם דריטן קעגן ינאי המלך אין 88 פ.א.צ.ר.: „פאַרראַט קעגן פאָטערלאַנד״ — זהו בגד ומעל במולדת. וועגן דער ייִדישער דעלעגאַציע צו פּאָמפּיי, וואָס האָט צו אים גע־טענהט, אַז ייִדן זענען נישט להוט נאָך זעלבסטשטענדיקייט און די הילף וואָס די פּרושים האָבן געגעבן צום רוימישן קייסער זאָגט קלויזנער: „אין דעם נאַציאָנאַלן אומגליק באַשולדיקן ייִדישע און נישט־ייִדישע היסטאָריקער די פּרושים״. וועגן דער ראָלע פון ר׳ יוחנן בן זכאי אין צייט פון חורבן בית שני און אויף וויפל ער האָט געהאָלפן די רוימער מיט זיין בקשה וועגן יבנה. זע וועגן די פּרטים אין „היסטארי אָוו די דזשוס״, סאַלאָמאָן גרייזעל, ז׳ 195.

דערוואַקסן פאַר אָט דער פאַזע פון ייִדישקייט, וואָס האָט געוואָלט דורך מעשים קאָנקרעטיזירן די אידעאַלן פון די נביאים.

„צווישן די פעלקער, איבערהויפּט צווישן דער אינטעליגענץ איז אָנ־געגאַנגען אַ גרויסער רעליגיעזער אויפריר. דאָס אַלגעמיינע געפיל צווישן די געלערנטע ביי די פעלקער איז געוואָרן, אַז פּאַגאַניזם האָט שוין אָפּגע־לעבט זיין צייט. מען האָט געפרווט אויסטייטשן דעם פּאַגאַניזם און אַריינ־טייטשן אין אים עטישע און פילאָסאָפישע כוונות און געדאַנקען — אָבער דאָס איז דאָך דער אָנהויב פון סוף פון יעדער אוממיטלבאַרער אמונה. די נייע פילאָסאָפיע, נישט געקוקט אויף דעם אויפבלי פון די סטאָאיקער מיט פּעסידאָניום אין דער שפּיץ, איז געוואָרן סאָפיסטיק און רעטאָריק אין די מיילער פון די „פּאָלקס־פילאָסאָפן" פון יענער תקופה. נישט געקוקט אויף דער אַלגעמיינער בליענדיקער עקאָנאָמישער לאַגע און דעם שטאָט־פרידן פון דער „אווגאָסטוס תקופה" און אין דער צייט פון די שפּעטערדיקע צעזאַרן, האָט זיך דאָך געפילט אין דער גאַנצער רוימישער אימפּעריע אַ זעלישע דערדריקונג, וואָס האָט זיך געריסן צו אַ גייסטיקער דערלייזונג". (יוסף קלויזנער, „מישו עד פאולוס", חלק שני, ז' 140).

ייִדישקייט איז געווען גרייט צו געבן דער וועלט די נייע אמונה. אָבער ייִדן זענען געקומען צו דער פּרושימשער קאָנקרעטיזאַציע פון די נביאים דורך ענוים, פיין, זעלישע מאַטערנישן און ראַנגלענישן. דאָס קען מען נישט נעמען פון גרייטן. די פּאַגאַניסטישע וועלט איז געווען גייסטיק גרייט בלויז אָנצונעמען די נביאימשע אַבסטראַקציע, די נישט קאָנקרעטיזירטע פאָרמע פון ייִדישקייט, דעם אַבסטראַקטן געדאַנק פון מאָנאָטעאיזם, וואָס האָט נישט קיין פיקסירטע תורה.

אין פּשוטערע רייד, דער פּאַגאַניזם איז געווען גרייט אָנצונעמען אַ גרינגע ייִדישקייט, אַ ייִדישקייט, ווי מיר האָבן עס פריִער דעפינירט: לויט דער טראַדיציע, אַ ייִדישקייט פון פאַר מתן־תורה און לויט דעם קולטור־היסטאָרישן בליק; אַ ייִדישקייט, וואָס איז נאָך נישט געווען איינגעשטעלט. ס'איז אפשר נישט קיין צופאַל, וואָס קריסטנטום האָט זיך צוערשט פאַר־שפּרייט צווישן פּרויען. חוץ, וואָס אויף זיי קען נישט חל זיין די מצווה פון מילה, זענען זיי על־פּי־תורה פּטור פון דעם גרעסטן טייל מצוות־מעשיות.

„דער פּרושי, שאול פון תרשיש, וואָס איז באַקאַנט ווי פּאול, איז געווען דער אמתער גרינדער און שאַפער פון קריסטנטום ווי אַ נייע אמונה און אַ קירך, נאָכדעם ווי זי האָט עקזיסטירט אַ צאָל יאָרן ווי אַ יידישע סעקטע, כיתה, און אויסשליסלעך ווי אַ יידישע געמיינדע בלויז". (יוסף קלויזנער).

דער אַפּאָסטאָל פּאול האָט פאַרוואַנדלט די אמונה פון דער אומבאַקאַנטער נישט וויכטיקער ייִדישער סעקטע אין אַ וועלט־רעליגיע דורך פאַרלייקענען הלכה. ער האָט פאַרניינט דעם גאַנצן פּרושימשן וועג, פאַרוואַנדלט די ייִדישע פאַרצווייגטע אמונה אין דער אַבסטראַקטער רעליגיע, וואָס זי איז געווען אין איר יוגנט „ווען ישראל איז נאָך אַ ייִנגל געווען״. ער האָט געגעבן דער וועלט אַ גרינג ייִדיש גלויבן וואָס האָט מחייב געווען בלויז צוויי מצוות: טבילה — באַפּטיזם, און די בשותפותדיקע סעודה (האָסטיע), ביידע פון ייִדישן מקור.

במקום מצוות־מעשיות האָט פּאול אַוועקגעשטעלט דערלייזונג דורך אמונה און חסד פון גאָט. אין אָנהויב האָט ער נאָך נישט געוואַגט גיין צו ווייט. ער האָט אַוועקגעשטעלט אמונה און חסד אויף דער זעלביקער מדרגה ווי מעשים־טובים. אָבער ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָט ער באַפרייט די נייע אמונה אינגאַנצן פון פּרושימשן קאָמפּלעקס און דערקלערט, אַז מצוות־מעשיות זענען אַ שטער צו דערלייזונג, די תורה איז אַ שטער. זי ברענגט גרימצאָרן*).

אַוודאי האָט די קירך שפּעטער אַנטוויקלט אַ קאָדעקס פון מצוות־מעשיות און אַנטוויקלט אַן אייגענעם ריטואַל און צערעמאָניאַל. אָבער דער טראָפּ איז אַלעמאָל געשטעלט געוואָרן מער אויף אמונה ווי אויף מעשים־טובים. מיט רעכט באַמערקט ר. טרעוואַרס הערפאָרד: „די קירך האָט גאַנץ אָפט פאַרברענט פאַר נישט ריכטיקן גלויבן, אָבער קיינמאָל נישט פאַר אויפפירן זיך זינדיק — פאַר נישט אָפּהיטן קיין מצוות״. דערפאַר האָט אויך קריסטנטום זיך געקענט פאַרשפּרייטן דורך אָפּשמדן גאַנצע פעלקער און אַלעמאָל אויסגענוצט מלוכה־מאַכט צו פאַרשטאַרקן דעם גלויבן. אמונה אַליין איז געווען דער וויכטיקסטער עלעמענט פון דער קירך.

ייִדישקייט האָט נישט פאַרניינט אמונה, אָבער דעם טראָפּ האָט זי געשטעלט אויף מעשים־טובים. דערפאַר האָט ייִדישקייט אין תוך זיך נישט געיאָגט צו מגייר זיין גאַנצע פעלקער.

די וויכוחים וואָס זענען אָנגעגאַנגען אין מיטלאַלטער צווישן די גלחים און רבנים, אָדער צווישן משומדים און רבנים קענען אויבנאויפיק אויס־

---

*) ר:ימער בריוו ג׳ כא, כב, כח; ד׳ טו, טז; יא׳ ה, ו; גאלאטער־בריוו ג׳ יא, יב; עפענזער־בריוו ב׳ ח, ט און נאָך.

קוקן פאַרן מאָדערנעם מענטשן ווי טעאָלאָגישע סאָפּיסטיק. די אַלע ראיות, וואָס די קריסטן ברענגען פון תנ״ך צו רעכטפאַרטיקן זייער אמונה און זייערע טענות קעגן תלמודישער ייִדישקייט, זענען דוכט זיך נישט מער ווי נאַרישער דרוש און אָפּט פשוטע עם־הארצות. מען קען אויך זאָגן אַז די ענטפערס פון די רבנים זענען אויך נישט קיין קליגערע. לויט אונדזער קולטור־היסטאָרישן קוק פאַרשטייען נישט בײדע צדדים, אַז בעצם זענען די קשיות קיין קשיות נישט און דער פּרווו אויסצוגלייכן די ווידערשפּרעכנדיקע פסוקים איז נישט נויטיק, ווייל נישט דער תנ״ך און נישט דער תלמוד זענען פון איין גוס — מעור אחד; נישט געשריבן פון איין מענטשן און נישט אין איין תקופה. ווי מיר פאַרשטייען איצט אַלטע טעקסטן, דאַרף מען זיי קענען אָװעקשטעלן אין דער ריכטיקער צייט און אין אַ קולטור־היסטאָרישער פּערספּעקטיוו.

אָבער דאָס איז נישט מער ווי אַן אויבנאויפיקער בליק. די טעאָלאָגישע באַפאַרבונג פון די וויכוחים איז געווען נישט מער ווי צייט־ציינז. אויך קען מען נישט דערוואַרטן פון גלויביקע מענטשן וואָס האָבן געלעבט אין מיטלאַלטער, אַז זיי זאָלן האָבן אַ קולטור־היסטאָרישן קוק אויף הייליקע שריפטן, וואָס לויט זייער אויפפאַסונג זענען זיי געגעבן געוואָרן מפּי הגבורה — פון גאָטס מויל. די וויכוחים זענען בעצם געווען וועגן תוך־זאַכן: קען דער מענטש דערלייזן זיך און די וועלט בלויז מיט אמונה, צי נישט? אויב יאָ, קען די וועלט דערגרייכן שלימות דורך שטאַטמאַכט, דורך אַרויפצווינגען אַ געוויסע פאָרמולע, אַ דעקלאַראַציע, אַן אמונה און דאָס זאָל זיין גענוג צו ברענגען די גאולה פאַר דער מענטשהייט און במילא וועט דער יחיד באַגליקט ווערן? אויב אָבער אמונה אַליין איז ווייניק, קען די גאולה פון דער מענטשהייט קומען נאָר ווען דער יחד זאָל זיך ענדערן, פאַרבעסערן זיך, אויסגעלייטערט ווערן דורך מעשים־טובים און דיסציפּלינירט ווערן דורך מצוות. אין אַזאַ שיטה איז צוואַנג נוצלאָז. די גאולה הייבט זיך אָן פון יחיד און ס׳איז אַ פּאַמעלעכער, לאַנגזאַמער פּראָצעס פון דערציאונג, פון לערנען, פון איינזאַפּן תורה, פון איבערקאָכן אַ וועלט־באַנעם און מאַכן אים אייגנס.

דאָס געראַנגל צווישן ייִדישקייט און זיינע צוויי אַרויסשפּראָצונגען: קריסטנטום און מאַכמעדאַניזם איז נישט געווען בלויז אַ טעאָלאָגישער געראַנגל. טעאָלאָגיש קענען רעליגיעס דורכקומען. ייִדישקייט האָט אין קבלה און דערנאָך אין חסידיזם אַריינגענומען גאָר אַ סך נישט קיין ייִדישע

עלעמענטן. אָבער די בעלי־קבלה און די חסידים זענען געבליבן אין ראַם פון ייִדישקייט, ווייל זיי האָבן נישט פאַרלייקנט דעם „שולחן ערוך״. פאַר־קערט, די חסידים האָבן געטראָגן גרעסערע און גרעבערע פיאות, לענגערע ארבע־כנפותן, געדיכטערע בערד און געדאַווענט נאָך פרומער פון די מתנג־דים און נישט געבראָכן קיין איין מצווה. די אַלטע פרעמדע עלעמענטן זענען געווען ביי זיי בלויז אַ מיטל צו פאַרשטאַרקן די פרושימשע שיטה פון מצוות־מעשיות.

אין דעם געראַנגל צווישן ייִדישקייט און די צוויי אמונות זענען געלעגן פאַרשיידענע גרונט־געדאַנקען, פאַרשיידענע וועלט־באַנעמונגען, אַנדערע גייסטיקע ווערטן, וואָס האָבן דירעקט און אומדירעקט מחייב געווען פאַרשיידענע לעבן־שטייגערס. שטאַט, חשיבות פון יחיד, צוואַנג און התחייבות פון יחיד, באַציאונג צו אַנדערע פעלקער, די אַלע לעבנס־עיקרים, זענען אויפגענומען געוואָרן אַנדערש פון די דריי רעליגיעס.

דאָס וואָס קריסטנטום און איסלאַם האָבן געשטעלט דעם טראָפּ אויף דערלייזונג דורך חסד און אמונה אין די ראַמען פון קירך און אויסגע־שלאָסן מעשים־טובים ווי דעם עיקר פון דערלייזונג, האָט מעגלעך גע־מאַכט פאַרביידע אמונות צו פאַרשפרייטן זייער ממשלה אויך מיט דער שווערד*).

אָבער מען דאַרף צוגעבן אַז ייִדן האָבן געקענט אַנטוויקלען „אַ ייִדיש־קייט, וואָס נעמט אַרום אַלע אַקטיוויטעטן פון מענטשן און זיין אויפפירעכץ אין לעבן״, ווייל זיי האָבן זיך נישט נאָר אָפּגעזונדערט פון דער אַרומ־יקער באַפעלקערונג, נאָר זיי האָבן אויך פאַרניינט, צוליב זייער אָננעמען דעם גלות, דעם שטאַט, אָפּגעזאָגט זיך ווי אַ פאָלק ווי ווייסנשאַפט און אָפּגעוואָרפן ווי אַ פאָלק די פאַרטיידיקונג פון אייגנטום און בלויז אין

---

*) אויסער דער קירך און חסד פון גאָט איז נישטאָ קיין דערלייזונג, איז די דאָגמע פון מאַכמעדאַניזם און דער קריסטלעכער קירך. פאַר מעשים־טובים אָן אָנגעהעריקייט צו דער קירך ווערט מען נישט באַלוינט — לויט ביידע רעלי־גיעס. אַנדערש איז דער ייִדישער קוק. גאָט באַלוינט לויט די מעשים. (דזשאָרדזש רוט מור, „מאַכמעדאַניזם״, ז' 489). דער רמב״ם פסקנט נישט אַזוי, וואָס איז לאַוו־דווקא געדרונגען פון דעם טעקסט פון דער גמרא („יד החזקה״, הלכות מלכים, כרך ח' יא, זע דעם כסף משנה אויף דעם סעיף). מורס אויסטייטש איז נענטער צום טעקסט פון דער גמרא.

אויסנאָם פאַלן זיך געשטעלט אַנטקעגן אַ שונא, ווי אַ גרופּע, מיט געווער אין האַנט, צו פאַרטיידיקן דעם נפש.

קריסטנטום האָט אויך ביסלעכווייז, ביסלעכווייז אָנגעהויבן אָננעמען דעם זין פון מצוות־מעשיות, געפּרעדיקט מעשים־טובים און איינגעפירט אַ ריטואַל און צערעמאָניאַל פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן. די רעפאָרמאַציע אין קריסטנטום האָט אָפּגעוואָרפן אַ סך פּאַגאַניסטישע דאָגמעס און אַ סך סעקטעס האָבן אויפגעהערט צו פאַרלאָזן זיך אויפן שטאָט צו שטיצן זייערע דאָגמעס. עס זענען אויך אויפגעקומען סעקטעס אין קריסטנטום, וואָס האָבן באמת געשטרעבט צו קאָנקרעטיזירן מלכות־שדי אין טאָג־טעגלעך לעבן. אָבער קריסטנטום האָט קיין צייט נישט געהאַט צו דערגרייכן צו דער צווייטער פאַזע פון ייִדישקייט — דעם פּרושימשן וועג, ווייל נאָך פאַר דער רעפאָרמאַציע איז אויפגעקומען דער רענעסאַנס, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט דעם וויסנשאַפטלעכן קוק אויף דער וועלט, וואָס האָט אינגאַנצן אָפּגעפרעגט דעם רעליגיעזן וועלט־באַנעם. אַ צאָל רעגירער און פירער און טאָן־געבער פון דער קריסטלעכער וועלט זענען געוואָרן כופרים — זיך אָפּגעזאָגט פון דעם געדאַנק, אַז עס איז דאָ אַ געטלעכער כוח אויסער דעם מענטשן און אויסער דער וועלט, וואָס האָט השגחה אויף דעם מענטשן און זיינע אַקטיוויטעטן. אַפילו די רעליגיעזע קריסטלעכע פירער זענען נישט געווען ריין פון דעם זינד*).

פאַר קריסטנטום האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער געראַנגל און פאַר ייִדישקייט די דריטע רונדע — דער געראַנגל מיט דעם ראַציאָנאַליסטיש־מאַטעריאַליסטישן וועלט־באַנעם.

### ה.

רעליגיע ווערט אָפּגעפרעגט אויף פאַרשיידענע אופנים פון סעקולאַרע היסטאָריקער און וויסנשאַפטלער. סאַלאָמאָן רענאַק, דער ייִדיש־פראַנצויזישער היסטאָריקער איז דער מילדסטער פון זיי:

„די געשיכטע פון דער מענטשהייט איז אַ פּראָגרעסיווע סעקולאַריזאַציע. דער פּראָצעס האָט זיך נאָך נישט פאַרענדיקט. רעליגיע איז היסטאָ־

*) „אָרפעאוס" פון סאַלאָמאָן רענאַק, זז' 9, 10, וועגן דעם גייסטיקן צו־שטאַנד פון קריסטנטום אין אַכצנטן יאָרהונדערט. וועגן דעם גייסטיקן צושטאַנד פון דער קאַטוילישער קירך אין צייט פון דער רעפאָרמאַציע זע גיבאָנס „דעקליין ענד פאָל אוו ראָם" — קאַפּיטלעך 15 ביז 17. די רבנים פון אַמאָל און הייַנטיקע פרומע רבנים האָט קיינער קיינמאָל נישט באַשולדיקט אין כפירה.

ריש געווען אַ באַפרייאונגס־כוח און געבראַכט דער מענטשהייט אַ סך גוטס, ווייל זי האָט צום ערשטן אָפּגעקליבן טאַבוס און דערנאָך געצווימט, געהאַמעוועט דעם אַנאַמיזם (דאָס גלויבן אַז יעדע טויטע זאַך איז באַזעצט מיט אַ רוח, אַ שד, אַ גייסט). כדי צו מאַכן אונטערטעניק די טויזנטער גייסטער, שדים און רוחות, מיט וועלכע דער מענטש האָט געגלויבט אַז ער איז אַרומגערינגלט, האָט ער זיך אויפגעזוכט אַ העלפער — די מאַגיק. כישוף, די מאַמע פון אַלע וויסנשאַפטן. דער אָנהייב פון רעליגיע איז אויפגעקומען מיט דעם אָנהויב פון מענטשלעכער אינטעלעקטועלער אַקטיוויטעט. אין משך פון צייט האָט רעליגיע דערפירט צו דער עקזאַקטער וויסנשאַפט, עטיק און געזעץ".

„רעליגיע, האַלט רענאַק, וועט קיינמאָל נישט פאַרשווינדן, ווייל דאָס מיסטישע, דאָס אומבאַקאַנטע אין נאַטור וועט אַלע מאָל בלייבן, און די וויסנשאַפט קען נישט לייזן אַלע פּראָבלעמען און קען נישט געבן קיין ענטפער אויף אַלע פראַגעס. דערצו וועט אין מענטשן בלייבן אויף אַלעמאָל עפּעס פון זיינע אורעלטערנס אַנאַמיזם. אָבער, טרייסט רענאַק, רעליגיעס אַליין האָבן די טענדענציע צו סעקולאַריזירט ווערן" („ארפעאוס", ענגליש־אויסצוגן פון די זז׳ 23 ביז 25).

נישט געקוקט וואָס סאַלאָמאָן רענאַק גיט צו די וויכטיקע ראָלע, וואָס רעליגיע האָט געשפּילט אין דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע, לייקנט ער אָפּ דעם תוך פון רעליגיעזן וועלט־באַנעם. ס'האָט געשפּילט אַ ראָלע און וועט אַזוי גיך נישט בטל ווערן, ווייל דער מענטש איז נאָך אַלץ הילפלאָז אָבער לעתיד־לבוא, ווען דער מענטש וועט „קלוגער" ווערן, וועט נישט זיין קיין אָרט פאַר אמונות.

אַנדערע היסטאָריקער האַלטן אַז רעליגיע האָט געהאַט אַ שעדלעכע ווירקונג אויף דער מענטשהייט. רעליגיע האָט פאַרטומלט די מענטשן מיט פאַרטעמפּטן אינפאַנטאַליזם.

„וואָס האָט קריסטנטום באַזיגט? דעם קולט פון דער אומזיגבאַרער זון? קיין ווונדער נישט, וואָס די וועלט איז געוואָרן פינצטער".

„די ערשטע נאָכפאָלגער פון קריסטנטום זענען געווען פון דעם מין מענטשן, וואָס ווען זיי באַזוכן ניו־יאָרק, איז באַלד אין ערשטן טאָג קויפן זיי אָפּ דעם ברוקלין־בריק. די וואָלוואַרט־געביידע אָדער דעם האַדסאָן־טונעל. די ווייבער אין דער היים אַבאַנירן זיך אויף גאַנצע גאַנגס (סעטס) ביכער אויף אויסצאָלן, פּאַקן אָן גאַנצע אַלמערס מיט פּאַטענטירטע מעדיצינען; אַנישט גייען זיי צו טרעפערקעס, וואָרזאָגערינס אויסצוגעפינען די צוקונפט. דאָס זענען מענטשן וואָס ווילן אויף גיך רייך ווערן און שנעל זיך אויסהיילן פון אַלערליי חולאתן. זיי זוכן אַלעמאָל צו פאַרגיטיקן אַן אָרעם, פאַראומערט צעדריבלט לעבן מיט אַ נאַרישן, פאַרטעמפּטן נאַרקאָטישן חלום. די מענטשן פאַרלאָזן זיך שטענדיק אויף אָבערגלויבן און האָבן נישט קיין

שום נוצן פֿאַרן מוח; אָט דער מין מענטש קען אַפֿילו נישט טראַכטן ווי עס באַדאַרף צו זיין: קנעכט, פּויערים, דלפֿנים, קבצנים, פּעדלערס, גאַסן־קערערס, שנאָרערס, קליינע געמבלערס, קאַליקעס, איגוואַלידן, אידיאָטן, אַלמנות, נישט קיין דערפֿאָרענע מוידן און אַלטע צעדרייטע ווייבער״.

„רעליגיע קען נישט מאַכן קיין סוף צו מלחמות, קען נישט אָפּשאַפֿן קיין הונגער און מגפֿות אָדער חולאתן, קען נישט ברענגען קיין גליק צו דער וועלט אָדער אָפּשאַפֿן מענטשלעכע ליידן בכלל. בלויז דער מענטש קען עס טון. ער קען עס אָבער דורכפֿירן איבער דעם טויטן קערפּער פֿון רעליגיע״.

„דער אָנהויב איז שוין געמאַכט געוואָרן. נאָר, איך בעט אייך, צו געדענקען, אַז די אויסערגעוויינלעכע אינדוסטריעלע תקופֿה האָט עס מעגלעך געמאַכט להיפּוך דער קירך, אויסער דער קירך, און די מענטשן, וואָס האָבן געמאַכט אָט דעם פּרווו אויסצובעסערן די וועלט זענען פֿאַרפֿאָלגט געוואָרן פֿון דער קירך״ („מענס אאון שאו — סיוויליזיישן״, ביי דזשאָדאָזש א. דארסי. זז׳ 539, 542, 543 און 624 — אויסצוגן).

וועגן יִדישקייט רעדט זיך אַרויס ד״ר אברהם קאָראַלניק אויך אַזוי שאַרף:

„אַ שטאַרקער גלויבן, וואָס ענדערט זיך נישט איז מער געפֿערלעך און שעדלעך ווי אַ סקעפּטיציזם וואָס זוכט. גלויבן באַרואיקט און פֿאַרוויגט, אָבער סקעפּטיציזם איז פּראָגרעס, פּערפֿעקציע, דערוועקט כוחות, זוכט אַ נייעם אמת, איז אומרואיקייט און איז נישט צופֿרידן מיטן אַלטן. דער גלויביקער וויל גאָרנישט נישט וויסן — — — אַזוי ווי דער יידישער גאָט ענדערט זיך נישט און בייט זיך נישט, אַזוי איז אויך זיין תורה — זי איז איינגעשטעלט און ענדערט זיך נישט, קיינמאָל נישט״.

„לעבט נאָך יידישקייט בכלל? ווען ס׳איז געשטאָרבן די אַלטע גריכי־שע קולטור און אירע געטער איז אויפֿגעקומען קריסטנטום אויף דער וועלט. קריסטנטום האָט געלעבט, צייטיק געוואָרן כדי אויך סוף־כל־סוף זיך צו בייגן פֿאַרן גרויזאַמען גורל — אָפּשטאַרבן און אַוועק פֿון דער וועלט. קריסטנטום איז געשטאָרבן. געשטאָרבן אויף אייביק נישט צוריקקערן זיך, נישט געקוקט אויף אַלע סימנים פֿון האָפֿענונגען פֿון די גלויביקע קריסטן אָדער פֿון די וואָס ווילן פֿאַרשטאַרקן זייער אמונה — — — און אַז אַלץ איז צעטרייסלט קען יידישקייט געדייען? ווען די גאַנצע וועלט ווערט באַנייט, האָט יידישקייט גענוג כוח און גענוג יוגנטזאַפֿט צו דערפֿילן אַלע פֿאָדערונגען פֿון לעבן?״

ד״ר אברהם קאָראַלניק האַלט, אַז יִדישע עטיק איז נידעריקער פֿון דער עטיק פֿון די אייראָפּעער. למשל, די עטיק, וואָס דער סאָציאַליזם האָט איינגעשטעלט. יִדישע עטיק האָט נישט קיין האָפֿט, ווייל אין תוך

איז זי אונטערטעניק צו אַ האַר, צום רבונו־של־עולם. אָבער די אייראָפּע־אישע עטיק שטיצט זיך אויפן מענטשן.

וועגן יִדישן וועג פון הלכה פון די פּרושים ציטירט ד״ר קאַראַלניק מענדלסאָנען, וואָס האָט געזאָגט קלאָר, אַז יִדישע אמונה באַפעלט אים נישט צו גלויבן אין אייביקע אמתן, נאָר אין געוויסע געבאָטן און אָננעמען אַ געוויסן לעבנס־שטייגער און אַ צערעמאָניאַל און ריטואַל און באַשטימטע דינים. ד״ר קאַראַלניק איראָניזירט: „זעט וויפל מענדלסאָן האָט דערגרייכט מיט אָט דעם אויפפאַסונג פון יִדישקייט!״

קאַראַלניק רעדט באריכות וועגן ענין מצוות־מעשׂיות און מאַכט קלאָר אַז לויט דעם מאָדערנעם וועלט־באַנעם איז דער גאַנצער קאָמפּלעקס פון הלכה „אַ טויטער אינוועגטאַר (רכוש מת)״. ער זאָגט:

„איך וויל דאָ נישט קריטיקירן די רעליגיעזע מנהגים, דאָס לאָז איך איבער צו די רעפאָרמערס און צו די אָנפירערס פון דער ליבעראַלער יידישקייט. זאָלן זיי באַשטימען וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, וואָס איז פּאַסיק און וואָס איז נישט פּאַסיק, וואָס מען קען יאָ אָננעמען פון הלכה און וואָס מען קען נישט. איך וויל זיך מיט דעם נישט פאַרנעמען. איך וויל דאָ נאָר פאַרצייכענען דעם פאַקט, אַז אונדזערע רעליגיעזע מינהגים זענען אַ טויטער אינוועגטאַר, אין וועלכן מען קען נישט אַריינבלאָזן קיין רוח־חיים״.

„דאָס איז דער מאָדערנער וועלט־בליק. אָט דער געדאַנקען־גאַנג איז אויך אַריינגעדרונגען אין די מאַסן. די מאַסן גלויבן מער נישט אין גאָט און משיחן. זיי זינגען איצט גאָר אַן אַנדער שבועה ווי אַמאָל: „משיח און יידישקייט זענען געשטאָרבן, אַ נייער משיח קומט אָן״.

„די אַלטע לוחות זענען צעבראָכן, מען קען זיי מער נישט פאַרריכטן. אמת, מיר ווילן אַזוי גיך נישט אונטערגיין. די געזעצן פון געשיכטע זענען פוילער און אַרבעטן לאַנגזאַם. אָבער אַ לעבן, וואָס ציט זיך צוליב דער נאַכלעסיקייט פון דער געשיכטע איז אַ געמיין לעבן, און איז גאַרנישט נישט ווערט״. (ד״ר אברהם קאַראַלניק, „שאלתנו המרכזית״ — העתיד ב בערלין, הוצאה שניה, תרפ״ג) *).

---

*) ס'איז נישט מיין עובדא צו פּאָלעמעזירן מיט דזשאָרדזש דאַרסי אָדער מיט א. קאַראַלניקן. אָבער ס'איז כדאַי אָנצוווייזן אויף עטלעכע טשיקאַווע פּונקטן. למשל, אברהם קאַראַלניק באַהויפּט אַז ניטשעס מאָראַל איז אַ העכערע אין תוך ווי די נביאימס, ווייל ניטשעס מאָראַל איז אַן אויטאָנאָמישע — דו זאָלסט לעבן שיין נאָך די געזעצן פון דיין איך, כדי דו זאָלסט זיך און די גאַנצע מענטש־הייט דערהויבן. דער נביאימשער כדי איז משועבד צו עפּעס „כדי דו זאָלסט געפינען חן אין די אויגן פון גאָט, אָדער ווייל ס'איז גאָטס געבאָט״. יידן זענען,

„די אַלטע לוחות זענען צעבראָכן״ — זענען נייע לוחות אַראָפּגע־בראַכט געוואָרן צום פֿאָלק? רענאַק מיינט, אַז עס זענען נישט נויטיק קיין נייע לוחות, „די רעליגיע פֿון סאָציאַלע פֿליכטן באַפּרידיקט דעם מאָדער־נעם מענטשן״. אָבער ס׳איז נישט אמת.

מען קען מיט רעכט זאָגן, אַז דער גייסטיקער צושטאַנד פֿון דער וועלט איז איצט דער זעלביקער ווי אין די ערשטע צוויי, דריי הונדערט יאָר פֿון דער קריסטלעכער ערא. די מאַסע איז נאָך טיילווייז רעליגיעז. זי איז ביז אַ געוויסן גראַד טאָלעראַנט צו די אַנדערע רעליגיעס, נישט ווייל זי פֿאַרשטייט און באַנעמט די אינערלעכע אמתן פֿון אַלע רעליגיעס, נאָר ווייל אמונה איז ביז אַ געוויסער מאָס אָפּגעשוואַכט געוואָרן ביי דעם דורכשניטלעכן מענטשן. אויך גלויבט די גרעסטע צאָל מענטשן, אַז אין די אַנדערע רעליגיעס זענען דאָ אויך געוויסע כוחות, געטלעכע אָדער דעמאָנישע, וואָס קענען שלעכטס טון אָדער גוטס טון זייערע נאָכפֿאָלגער. די רעגירער און אינטעלעקטואַלן האַלטן אַז אַלע רעליגיעס זענען נאַריש און אָבערגלויבעריש, אַן איבערבלייב פֿון מענטשנס אינפֿאַנטאַליזם און פֿון דערפֿאַרונג ווייסן זיי, אַז כדי אָנצוהאַלטן וועלכן ס׳איז אינטערגרופּן פֿרידן אין דער מדינה, מוזן זיי זען אַז אַלע רעליגיעס זאָלן זיך טאָלערירן.

די געזעלשאַפֿטלעכע פֿירער, די טאָן־געבער פֿון אונדזער לעבן, די אינטעלעקטואַלן זענען על־פּי־רוב כופרים, אָבער זיי ווייסן אַז רעליגיע שפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דיסציפּלינירן דעם געוויינלעכן מענטשן, דאַרף מען זען אונטערשטיצן רעליגיעזע אינסטיטוציעס און אַרויסווייזן צו זיי אַ יראת־הכבוד. ס׳זענען דאָ איצט גאָר וויניק מענטשן אַפֿילו צווישן די אינטעלעקטואַלן וואָס האָבן נישט קיין „קאָרעקטע״ באַציאונג צו רע־ליגיע.

אָבער סקעפּטיציזם און אומגלויבן זענען אַריינגעדרונגען אין די

---

הייסט עס, קנעכט צו גאָט, נישט קיין פֿרייע מענטשן. דאַרסי זאָגט, אַז אין גאַנצן חומש איז נישטאָ קיין וואָרט וועגן ליבשאַפֿט פֿון מאַן צו פֿרוי. ער פֿאַרגעסט די וווּנדערבאַרע מעשה פֿון יעקב און רחל און דעם פּסוק „האָט יצחק זי געבראַכט אין געצעלט פֿון זיין מאַמען, שרה. און ער האָט גענומען רבקהן, און זי איז געוואָרן זיין ווייב און ער האָט זי ליב געקראָגן און ער האָט זיך געטרייסט נאָך זיין מוטער״ (בראשית כ״ד—ס״ז). אָבער דער צוועק פֿון די גע־בראַכטע אויסצוגן פֿון די צוויי מחברים איז געווען בלויז צו ווייזן דעם סעקו־לאַרן קוק אויף יידישקייט און אמונה בכלל.

מאַסן, אָן קיין שום פילאָסאָפישער באַגרינדונג, ווי עס איז דער פאַל ביי די דענקער און פילאָסאָפן. דער איינפאַכער מענטש דערפילט אַז הינטער דער מאַסקע פון ווירדיקער און מוסטערהאַפטער באַציאונג צו רעליגיע ביי די העכערע קלאַסן, איז דאָ אין תוך פאַראַכטונג. דערפאַר פאַרלירט אויך דער איינפאַכער מענטש זיין גלויבן אין די כוחות פאַר וועלכע ער האָט מורא. ער זעט, אַז די, פאַר וועמען ער האָט דרך־ארץ, האַלטן נישט פון די נאַרישקייטן. ער הויבט אָן נאָכמאַכן די קליגערע, געלערנטערע און גרע־סערע פון אים. האָט זיך געשאַפן אין דער וועלט אַן אַטמאָספערע פון אומגלויבן אָן אַ פילאָסאָפישער באַגרינדונג.

אָבער דער מענטש קען נישט לעבן אָן אַ גלויבן. אַ געוויסע צאָל אינ־טעלעקטואַלן און אַ קלענערע צאָל קינסטלער מכל־המינים קענען סובלי־מירן דאָס גלויבן אין אַ העכערן און אַ פירנדיקן כוח אין דעם וואָס זיי פאַרנעמען זיך מיט זייערע ספּעציפישע געביטן. אָבער דער דורכשניט־לעכער מענטש און אויך די גרעסטע צאָל אינטעלעקטואַלן און ספּעציאַ־ליסטן אויף זייערע געביטן, מוזן האָבן אַ גלויבן, אַ רעליגיע, וואָס זאָל געבן זייער לעבן אַ זין און אינהאַלט, אַנישט ווערן זיי אַרומשווימענדיקער אָפּפאַל, אין שטראָם פון געשעענישן, און ווערן מיטגעטראָגן מיט יעדער כוואַליע. זייער פּערזענלעכער לעבן ווערט נודנע און ציללאָז. ווען מען כפלט אַזעלכע לעבנס אויף מיליאָנען, ווערן זיי אַ צעשטערנדיקער כוח אין דער געזעלשאַפט.

ווען פּאַגאַניזם האָט אָנגעהויבן אָפּשטאַרבן, האָט אַן אַנדער, מער ראַ־ציאָנאַלע און מער עמאָציאָנעלע רעליגיע אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין דער רוימישער אימפּעריע — קריסטנטום. די נייע רעליגיע האָט געזיגט צוליב אַ סך סיבות, אָבער די הויפּט־סיבה איז געווען ווייל עס איז אויפ־געקומען אַ טיף גלויביקע גרופּע, וואָס איז געווען גרייט צו שטאַרבן פאַר איר אמונה. די נייע אמונה, וואָס האָט געגעבן אירע נאָכפאָלגער אַ זין אין לעבן און געהאַט אַ באַוווסטזיניקן ציל — אָפּשאַפן פּאַגאַניזם, האָט געמוזט זיגן. „אַ קליינע צאָל, אַן אמת דיסציפּלינירטע באַוווסטזיניקע און ציל־באַוווסטע גרופּע קען אַלעמאָל באַזיגן און אונטערטעניק מאַכן אַ נישט דיסציפּלינירטע, אומוויסנדיקע, סקעפּטישע גרויסע צאָל מענטשן, און אַרויפצווינגען אויף זיי איר ווילן“.

אויך איצט, אין אַ צייט פון רעליגיעלאָזיקייט, ווייזן זיך סימנים פון דעם אויפקום פאַר אַ נייער רעליגיע — אַ ראַציאָנעל־מאַטעריאַליסטישע

פסעוודאָ־וויסנשאַפטלעכע אמונה — מאַרקסיזם. די דריי אַרויסשפּראָצונגען פון מאַרקסיזם: פאַשיזם, נאַציזם און קאָמוניזם, נישט געקוקט אויף זייער ראַציאָנאַליסטיש־מאַטעריאַליסטישער באַגרינדונג און זייער פאַרלייקענען פון דער עקזיסטענץ אַ מאַכט פון אויסער דער וועלט און אויסער דעם מענטשן, האָבן אָנגענומען די אַלע בולטע פאַרמעס פון אַ פּרימיטיווער רעליגיע: בלינדער גלויבן, אַ צוזאָג פון עולם־הבא פאַרן קאָלעקטיוו, נישטאָ קיין דערלייזונג אויסער דער פאַרטיי (פאַרטייטש קירך), איקאָנען, הייליקע צו וועלכע מען גייט אויף קבר־אבות, אָדער מען רופט אַרויס זייער גייסט אין צייט פון אַ פּייערונג, אַ גלויבן אַז עס זענען דאָ צוויי כוחות אין דער וועלט (גאָט און שטן־טייוול) וואָס זענען אין שטענדיקן געראַנגל, פאַרפאָלגונגען אויף אַפּיקורסים — די קלענסטע אָפּנויגונג פירט צו זינקען אין טומאה. אַ פאַרגעטערונג פון דעם פירער — אים דערהייבן צו אַ גאָטהייט. און דער הויפּט־סימן איז, וואָס די נייע אמונה האָט זיך אונטערגענומען צו געבן אַן ענטפער אויף אַלע פראַגעס און אַלץ מוז קאָנפאָרמירט ווערן צו דער נייער רעליגיע. סקעפּטעציזם, זעלבסטשטענדיקע פאָרשונג, וועלכע ס׳איז גייסטיקע טעטיקייט אויסער די ראַמען פון דער נייער רעליגיע איז פאַרבאָטן — אַפילו די אַבסטראַקציעס, וואָס האָבן אין פלוג גאָרנישט נישט וואָס צו טון מיט דעם נייעם קליזיארך — די שטאַט־פאַרטיי, וואָס איז דער מקור פון וויסן און חכמה קען קיינמאָל קיין טעות נישט מאַכן.

קריסטנטום און יידישקייט און אַלע אַנדערע רעליגיעס שטייען פּנים־אל פּנים מיט אַ טאָפּלטן שונא: א) די מאַטעריאַליסטישע ציוויליזאַציע, וואָס פאַרלייקנט בעצם רעליגיע און גיט דעם מענטשן אַזוי פיל באַקוועמלעכקייט און פסעוודאָ־גייסטיקייט, אַז עס בלייבט אים נישט קיין צייט פאַר קאָנטעמפּלאַציע און וווּנדערן זיך אויף דעם וועלט־באַשאַף, וואָס פירט צו אמונה. ב) „די נייע רעליגיע״, וואָס פאַרמעסט זיך פאַרנעמען איצט דעם חלל, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון דער כפירה. די מאַטעריאַליסטישע ציוויליזאַציע איז נישט פאַנאַטיש קעמפעריש, זי באַהערשט און באַצווינגט דעם מענטשן און דערשטיקט זיין גייסטיקייט. זי האָט די טענדענץ צו מאַכן די געזעלשאַפט קאָנפאָרמיסטיש, מיט איר גרויסער שפע פון גופישע באַקוועמלעכקייט און גייסטיקע ערזאַצן. ס׳איז אַ סכנה קעגן וועלכער די מענטשהייט האָט צייט צוצוגרייטן נייע ווערטן. „די נייע רעליגיע״ איז אָבער אַגרעסיוו, פאַרמעסט זיך צו פאַרנעמען

די וועלט, ווייל אַרויפצווינגען איר וועלט־באַנעם מיט גוואַלד און איז אַ סך אַ גרעסערע און באַלדיקע, תיכפדיקע, סכנה פאַר אונדז.

קריסטנטום איז אין אַ בעסערער לאַגע ווי ייִדישקייט צו איבערלעבן די איבערגאַנג־צייט און סוף־כל־סוף זיך אַריינפּאַסן אין די נייע אומ־שטענדן און שפּעטער ווערן ווידער אַווירקנדיקער פאַקטאָר אין דער וועלט־ציוויליזאַציע. קריסטנטום האָט אין זיין אורשפּרונג פאַרלייקנט נישט נאָר דעם שטאַט, נאָר אויך דעם עצם לעבן גופא — די מענטשלעכע אינסטינקטן. קריסטן האָבן איגנאָרירט קאָמערץ, אייגנטום און נישט גע־פונען פאַר נויטיק אָנטייל צו נעמען בכלל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיי האָבן חתונה געהאַט בלויז ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט אָפּשטעלן די עקזיסטענץ פון דעם מין, אָבער נישט־חתונה־האָבן איז געווען אַ גרויסע מדרגה. זיי האָבן געהאַלטן אַז דער גאַנצער צוזאַמענשטעל פון אונדזער געזעלשאַפט האָט נישט קיין האַפט, ווייל איידער וואָס ווען, וועט ישוע ווידער דערשיינען און דער איינשטעל פון דער וועלט וועט געענדערט ווערן. דאָס פאַרלייקענען פון מענטשלעכן לעבן איז געווען אַ טייל פון דער גרונט־דאָגמע פון קריסטנטום. ביז איצט האָט זיך נאָך קריסטנטום אינגאַנצן נישט באַפרייט פון אָט דער גרונט־אידייע.

דער פּאַראַדאָקס איז, ווייל קריסטן האָבן געהאַט אַ נעגאַטיווע שטע־לונג צו דער וועלט, האָבן זיי געקענט שלום מאַכן מיט איר. וויבאַלד אַז קיין מצוות־מעשיות זענען נישט נויטיק צו דערלייזן דעם מענטשן און די מענטשהייט, נאָר בלויז אמונה און דער חסד פון גאָט, האָבן זיי נישט געדאַרפט לייגן קיין געוויכט אויסצובעסערן די עקזיסטירנדיקע עוולות. אויך האָבן זיי געקענט אָננעמען אַזאַ מאָראַל וואָס זאָל נישט האָבן קיין עצם־באַרירונג מיטן טאָג־טעגלעכן לעבן. דער אמת איז אַז דער מאָראַל־קאָ־דעקס איז געווען אומאָנווענדבאַר און איז לכתחילה אויסגערעכנט געוואָרן ווי אַן אידעאַל, אַ ווונטש פאַר אַ נישט ערדישן לעבן.

דערפאַר האָט זיך אַנטוויקלט אַ טאָפּלטקייט אין דער קריסט־לעכער ציוויליזאַציע: גלויבן באַזונדער און לעבן באַזונדער. די רעליגיע איז געווען פאַר באַשטימטע שעהן און ספּעציפישע צוועקן. אָפט זענען דאָס געווען טיף־רעליגיעזע דורכגעלעבטע שעהן. אָבער די זעלביקע מענטשן האָבן געקענט, באַלד נאָך די שעהן פון זייער רעליגיעזן עקסטאַז, איבערגיין צום פּראָפאַנעם לעבן: יאַגד, מלחמה, פאַרמעסט צווישן ריטער, גלאָריע אויפן שלאַכט־פעלד, שכרות, נישט־געזעצלעכע ליבעס און אי־

בערהויפּט האָט די רעליגיע זיך נישט געמישט אין דער תאווה פון שטאַט, גלאָריע און עקספּאַנסיע.

דער פּרימיטיווער קריסטנטום און אויך די אָפיציעלע קירך האָט נישט אָנגעווענדט די קריסטלעכע מאָראַל אויפן ווירטשאַפטלעכן לעבן, אויף די מוניציפּאַלן, אויף דער אַרמיי — דאָס אַלץ האָט דאָך קריסטנטום פאַרלייקנט, געהאַלטן פאַר צייטווייליק און פּראָפאַן.

יחידים, וואָס האָבן געוואָלט פירן אַ גאַנצן קריסטלעכן לעבן, אַ לעבן אָן פּגימות, האָבן זיך דערווייטערט פון ציוויליזאַציע. ס׳איז נישט קיין צופאַל, וואָס די אינסטיטוציע פון נזירים און נזירות — מאָנאַסטירן — האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט אין דער קריסטלעכער וועלט און איז געוואָרן אַ וויכטיקער באַשטאַנד פון דער קירך.

דער אָנהויב פון קריסטנטום איז געווען אַ טאָטאַלע פאַרלייקענונג פון מצוות־מעשיות און זיך פאַרלאָזן בלויז אויף אמונה און חסד פון גאָט, וואָס אין תוך איז נישט מחייב צו שטעלן זיך קעגן דער וועלט — „גיב צעזאַרן וואָס איז צעזאַרס״. וויבאַלד אַזוי, אויב נויטיק, קען קריסטנטום צוריק איינשרומפּן צו דער פּרימיטיווער פאָרמולירונג און ווערן אַ גרינגע ייִדישקייט, וואָס איז צו גאָרנישט נישט מחייב און גרינג איבער־לעבן די נישט־גינסטיקע אומשטענדן, ביז עס וועלן אָנקומען מער פּאַסי־קע צייטן פאַר אַ רעליגיעזן אויפשטייג.

גאָר אַ בלי־ערך גרעסערע סכנה שטייט איצט פאַר ייִדישקייט. מירן אויסלאָזן פון חשבון, וואָס ייִדישקייט האָט נישט קיין גרויסע צאָל נאָכ־פאָלגער און איז פּשוט אָרעמער אין גייסטיקע כוחות און מאַטעריעלע רעסורסן. מירן דאָ באַטראַכטן בלויז איר אידעאָלאָגיע.

ייִדישקייט האָט קיינמאָל נישט פאַרלייקנט דאָס לעבן, זי האָט אויפגע־נומען די וועלט ווי אַ טייל פון מענטשן. די וועלט, האָט ייִדישקייט גע־האַלטן, איז געשאַפן געוואָרן צו געניסן פון איר, צו באַוווינען זי, באַהערשן די נאַטור און זי מאַכן אַן אינסטרומענט אין מענטשלעכע הענט און זי דערפירן צו שלימות.

די וועלט קען אויסגעבעסערט ווערן נאָר דורך מעשים־טובים. דערליי־זונג פון יחיד, די גאולה פון דער וועלט און די מענטשהייט וועלן קומען דורך מעשים־טובים. דערלייזונג קומט נישט אויטאָמאַטיש דורך דעם חסד פון גאָט און אמונה, נאָר דורך דעם זכות פון מעשים־טובים.

די תורה איז די וועג־וויזערן. זי באַשטימט וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט. נישט דער קאַפּריז אָדער גוטסקייט פון דער מאַכט אויסער דעם מענטשן און אויסער דער וועלט. דער כביכול אַליין „פאַרברענגט מיט דעם וווּנדערבאַרן אוצר יעדן טאָג", „ער באַצירט די אותיות פון דער תורה מיט קריינדלעך". ווען עס קומט צו פּסקענען אַ דין, קען זיך דער כביכול נישט אַריינמישן, ווייל „די תורה איז נישט אין הימל" (דברים, יב). אַפילו ווען אַ בת־קול נעמט זיך די מי און ווייזט אָן אַז דער דין איז נישט ווי די מערהייט האָט געפּסקנט, פאָלגט מען נישט די שטים פון הימל, ווייל ס'איז קעגן וואָס עס איז געשריבן אין דער תורה „אחרי רבים להטות" — מען דאַרף גיין נאָך דער מערהייט. און דער אויבערשטער, ווען ער הערט אַזוינע רייד פון זיינע קינדער שמייכלט ער און זאָגט: נצחוני בני — מיינע קינדער האָבן מיך באַזיגט (בבא מציעא כ, וועגן דער פּלוגתא פון תנור עכנאי — אַ שטאַנגען אויווועלע).

יידן האָבן אָפּגעוואָרפן אַסקעטיזם. אוודאי זענען געווען אַסקעטן ביי יידן, אָבער קיינמאָל האָט עס זיך נישט גערעכנט ווי אַן עיקר אין יידישקייט. יידן האָבן אפילו געקוקט קרום אויף נזירות:

„מיר האָבן געלערנט: ר' אליעזר פון קאַפּאַר זאָגט אין רבים נאָמען: עס שטייט אין דער תורה און ער (דער קרבן) וועט פאַרגעבן אויף אים וואָס ער האָט געזינדיקט מיט זיין נפש" (במדבר ו', יא), וועגן וועלכן נפש האָט ער, דער נזיר, געזינדיקט? ער האָט געזינדיקט, ווייל דער נזיר האָט זיך מצער געווען און ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן פון ויין. איז עס דאָך אַ קל־וחומר: מה דאָך, אַז דער וואָס האָט זיך צוריקגעהאַלטן פון וויין ווערט אָנגערופן זינדיקער, איז דאָך פון דעם געדרונגען, אַז דער וואָס זיצט אין אַ תענית איז אַוודאי און אַוודאי אַ זינדיקער" (נדרים מ', עמוד א).

דער פּסוק „לא לתהו בראה — לשבת יצרה" (ישעיה מ"ה, יח). ער האָט זי נישט באַשאַפן צו זיין וויסט, נאָר צו וווינען אין איר האָט ער זי געפורעמט, איז כולל דעם גאַנצן יידישן קוק אויף דעם צוועק פון דער וועלט־יצירה.

די טיפע אמונה פון שכר פאַר מצוות אויף יענער וועלט האָט ביי יידן נישט פאַרקלענערט דעם ווערט פון לעבן אויף דער וועלט. ווייל בעצם איז לויטן יידישן באַנעם פון מצוות נישט דער עיקר דער שכר, נאָר דאָס שטייגן פון מענטשן, צו זיין גאַרן און דערגרייכן פון שלימות. דאָס קען אויסגעפירט ווערן נאָר אויף דער וועלט, ווו אַ מענטש האָט בחירה און

ברירה. אויף יענער וועלט דאַרף מען לעבן פון גרייטן, איז וואָס איז עס פאַר אַ מדרגה? עס שטייט געשריבן: „ווייל אַ לעבעדיקער הונט איז בעסער פון אַ טויטן לייב״ (קהלת ט׳—ד). פאַרוואָס? ווייל אויף דער וועלט קען אַ הונט ווערן אַ לייב און אַ לייב קען ווערן אַ הונט. אָבער לעתיד־לבוא, ווער עס איז אַ הונט קען נישט ווערן קיין לייב, און ווער עס איז אַ לייב קען נישט ווערן קיין הונט. („ילקוט שמעוני״, קהלת ט׳).

אָבער דווקא צוליב דעם פּרינציפּ פון כולל זיין די גאַנצע וועלט אין די ראַמען פון הלכה, קען עס ווערן אַ שטער פאַרן ווייטערדיקן קיום פון ייִדישקייט.

קריסטנטום האָט צעשפּאָלטן דאָס לעבן, ייִדישקייט האָט אָנגענומען אַן אַנדער מעטאָד: זי האָט ייִדן, ווי אַ פאָלק, אָפּגעזונדערט פון דעם הויפּט־שליאַך פון דער וועלט־ציוויליזאַציע. ייִדן האָבן נישט אַריינגענו־מען אין זייער סכום ייִדישקייט אַ גרויסן טייל פון טאָג־טעגלעכן לעבן, — קיין וויסנשאַפטן, קיין קונסט מיט פּראָפעסיאָנעלע קינסטלער, קיין פירן פון מלוכה, קיין תכסיסי־מלחמה, קיין אַדמיניסטראַציע. די אַלטע חוקים וועגן די ענינים זענען געבליבן פאַרפיקסירט אין קאָדעקס און די פּראַק־טישע אָנווענדונג פון די אַלע זאַכן איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף לעתיד־לבוא, ווען ייִדישקייט וועט נישט געשטערט ווערן פון אַ רשעותדיקער וועלט.

אין זייער באַשטימטער סביבה און אָפּגעגרענעצט לעבן האָבן ייִדן אַנטוויקלט אַן עטישן מענטשן, וואָס האָט געהאַט אַ פּשוטן פיזישן עקל צו שפיכת־דמים, אַ פאָלקס־בירגער אָן קיין שום לוסט צו זיג און עקס־פּאַנסיע. נאָך מער, דאָס ייִדישע פאָלק האָט דערווייטערט זיינע מיטגלידער פון וועלכער ס׳איז געזעצלעכע רשעות: פּאָליציי, טורמע־אויפזעער, ציינזן־מאָנער, זעלנער, פּראָקוראָרן און סתם רעגירער, וואָס דאַרפן באַשטראָפן און באַצווינגען. דער גאַנצער זין פון מאַכט און רציחה איז געוואָרן פרעמד פאַר ייִדן.

י. ל. פּרץ אין זיין משכיליש טענדענציעזער דערציילונג „דער שבת־גוי״, לאַכט אָפּ פון ייִדישער הילפלאָזיקייט און נאַאיוויטעט. דער רב פון דער עדה סימבאָליזירט די ייִדישע בטלנות און נישט וועלטלעכקייט. אָבער „מתוך גנותו בא לידי שבחו״ — פון דער פאַראַכטונג וואָס פּרץ ווייזט אַרויס צו די מידות פון דעם רב, קענען מיר זעען די גרויסקייט פון מנהיג. ער סימבאָליזירט דעם ייִדישן וועלט־באַנעם. ער האַלט אַז „מענטשן

זענען דווקא פיינע ברואימלעך, אי ייִדעלעך און להבדיל אַנדערע״. מען טאָר אפילו נישט זאָגן אויף דעם מענטשן אַז ער איז אַ רוצח״, ווייל אויף אַ באַשעפעניש רוצח? — זאָגט דער רב — נישטאָ קיין רוצחים. עס זאָלן זיין רוצחים אויף דער וועלט, וואָלט די וועלט חס־ושלום קיין קיום נישט געהאַט״. אַי מען זעט דאָך פאַרט רציחה ביי די אַרומיקע? גיט דער רב הילפּלאָזע, קינדערישע תירוצים און עצות. אָבער דער ברען־פּונק איז דעם רבס גלויבן אין מענטשן. „רוצח, ענטפערט דער רב געלאַסן, איז פאָרט לאוו־דווקא, כ׳האָב דיר איינמאָל שוין געזאָגט: די וועלט וואָלט חס־ושלום קיין קיום נישט געהאַט. נישטאָ קיין רוצחים!״ אַזאַ גלויבן אין מענטשן איז אפשר די גרעסטע מדרגה, וואָס וועלכע ס׳איז אומה האָט דערגרייכט. מען דאַרף נישט פאַרגעסן אַז דאָס איז נישט געווען גלאַט אַ תורה, פאַרשריבן אויף פּאַפּיר, נאָר אַ טייל פון יעדן ייִדנס נשמה. טאַקע ווי דער נביא האָט פאָרויסגעזאָגט: „איך האָב אַריינגעגעבן מיין תורה אין זיי, און אויף זייער האַרצן וועל איך זי אויפשרייבן, איך וועל זיין זייער גאָט און זיי מיין פאָלק״. (ירמיהו ל״א, לב).

ז.

הלכה־ייִדישקייט האָט געקענט ווייזן דעם נס כל־זמן זי האָט אָפּגעטיילט פאַר זיך בלויז אַ ווינקל אין דער אַלגעמיינער ציוויליזאַציע. אָבער איצט, איזאָלירן מיר זיך נישט מער פון דער וועלט. מיר נעמען אַן אָנטייל אין דעם פּאָליטישן, סאָציאַלן און וויסנשאַפטלעכן לעבן פון אונדזערע וווינונגס־ערטער און דערצו האָבן מיר אַ ייִדישע מלוכה, וואָס איז מחייב אַריינצונעמען סעקולאַריזם אין טאָג־טעגלעך לעבן, און דורכפירן די פונקציעס פון דער מדינה. אויך וועלן מיר מוזן האָבן די פונקציאָנאַרן, וואָס דאַרפן זיך פאַרנעמען מיט רשעות. די פראַגע איצט איז, צי הלכה־ייִדישקייט קען אָנגעווענדט ווערן אין אַזעלכע תנאים. קען הלכה־ייִדישקייט אַריינעמען צו זיך די גאַנצע וועלט און אין תוך בלייבן אַ פּרושים־ייִדישקייט? קען ייִדישקייט זיך ווידער פאַרמעסטן מיט דער וועלט? האָט הלכה־ייִדישקייט ווערטן, אינערלעכע זעלבסט־ווערטן, וואָס קענען אַרויסגעשטעלט ווערן ווי וועגווייזער פאַר דער וועלט?

דער ענטפער איז אַ גרויסער יאָ, אויב מיר וועלן דערקענען דעם אמתן זין פון הלכה, וואָס האָט געשאַפן די סיסטעם פון מצוות־מעשיות.

הלכה איז נישט קיין אויסערלעכע פאָרמע, די שאָלעכץ פון אמונה. הלכה איז אַ טייל פון דער ייִדישער אמונה, דער איינציקער וועג פון ייִדישער אמונה, די פּרושים האָבן נישט געשאַפן אָדער באַצוועקט צו שאַפן אַן אויסערלעכע פאָרמע פון ריטואַלן און צערעמאָניעס. הלכה איז די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון נבואה, זי איז אַזוי וויכטיק ווי נבואה; הלכה איז איינע פון די יסודות פון ייִדישקייט, נישט אָפּצוטיילן און נישט אָפּצורייסן פון נבואה און פון די עיקרים פון ייִדישן וועלט־באַנעם.

דער גאַנג פון הלכה, מוז ווידער און ווידער באַטאָנט ווערן, איז צו פאַרווירקלעכן, קאָנקרעטיזירן די אַבסטראַקטע עטישע אידייען. אָן הלכה בלייבט ייִדישקייט אַן אַבסטראַקציע, וואָס איז אַפילו נישט ספּעציפיש ייִדיש.

הלכה איז די מעכאַניק פון דער ייִדישער אמונה. דער מענטש האָט אין זיך דאָס געטלעכע און דאָס חומרישע. גייסט און חומר זענען גע־קניפּט און געבונדן. אָבער דאָס חומרישע האָט אַן אָנשפּאַר אויף דער וועלט אַרום זיך, וואָס איז אַ חומרישע, קען אָנגערירט ווערן און דערשפּירט ווערן מיט די חושים. דער חומר אין מענטשן ווערט געשטאַרקט פון דער וועלט אַרום און דאָס גייסטיקע אין אים ווערט פאַרטונקלט, ווערט גענוצט נאָר אַזוי פיל וויפל די חושים זאָלן קענען הנאה האָבן פון די קעגנשטאַנדן אַרום.

הלכה איז פאַר דער נשמה פון מענטשן דאָס, וואָס די מעכאַנישע וועלט איז פאַרן גוף. אָן הלכה־קאָנקרעטיזירונג פון דער געטלעכער תורה, אָדער דאָס גייסטלעכע אין מענטשן אין אונדזער טערמינאָלאָגיע, ווערט דער גוף דער גאַנצער באַלעבאָס איבערן מענטשן.

ביז דער השכלה איז דער לבֿוש פון הלכה געווען אויסשליסלעך אַ רעליגיעזער. אָבער פאַר סעקולאַריסטן מיינט עס נישט אַז עס איז דער איינציקער אומפאַרמיידלעכער לבֿוש: אָט ווי די אידעאַלן פון די נביאים האָבן געטראָגן דעם לבֿוש פון זייער צייט, אַזוי האָט הלכה געטראָגן איר צייט־לבֿוש. אָט אַזוי ווי נבואה האָט אין זיך, אונטער דעם לבֿוש פון רע־ליגיע, אייביקע ווערטן, אַזוי האָט הלכה אין איר גאַנג אַן אייביקן ווערט פאַרן מענטשן.

הלכה איז נישט צוגעבונדן און אָפּהענגיק פון רעליגיע, הלכה איז זעלבסטשטענדיק. אַ סימן, קריסטנטום האָט אינגאַנצן אָפּגעלייקנט די בויטיקייט פון הלכה אין רעליגיע. דער איסלאַם שטעלט אויך נישט דעם

טראָפּ אויף דער הלכה. דאָס מיינט, אַז הלכה איז אַ ספּעציפישער ייִדי־שער וועלט־באַנעם, ווי ייִדישע עטיק, וואָס איז אויסגעוואַקסן פון רעליגיע, אָבער איז נישט אָפּהענגיק פון איר — אָפּט אינגאַנצן איבערגעוואַקסן דעם ענגן רעליגיעזן וועלט־באַנעם. אַזוי אויך קען דער מאָדערנער מענטש אָננעמען דעם פּרינציפּ פון הלכה אָן דעם רעליגיעזן אימפּעראַטיוו.

וואָס איז די טרייב־קראַפט פון הלכה? אָדער וואָס איז די מעטאַפיזיק הינטער הלכה? אין פּשוטן לשון, וואָס איז דער פאַרוואָס פון הלכה?

דער טעם, די סאַנקציע הינטער הלכה ווענדט זיך אָן דעם מענטשן וואָס זוכט די סאַנקציע. די וואָס גלויבן אין אַ מאַכט אויסער דער וועלט און אויסער דעם מענטשן, איז התגלות, רעוועלאַציע פון גאָט, דער יסוד פון הלכה. פאַר די מיט אַ קולטור־היסטאָרישן צוגאַנג צו ייִדישקייט, זענען די עטישע ווערטן און די ווירקונג אויף דעם הלכה־מענטש די „מעטאפיזיק" פון הלכה־ייִדישקייט. די איבערצייגונג, אַז די שיטה פון די פּרושים האָט געפירט צו שלימות, אָדער פירט צו שלימות, איז די פילאָסאָפיע הינטער הלכה. ס'איז די זעלביקע „סאַנקציע" וואָס מיר געבן צו דעם מאַטע־ריאַליסטישן וועלט־באַנעם.

אין געציילטע ווערטער: הלכה איז די גלאָריפיקאַציע פון דעם גייס־טיקן אין מענטשן.

דער אויפנאַם פון הלכה דאַרף נישט זיין מעור־אחד — פון איין גוס. ס'איז אַלעמאָל אַזוי געווען ביי ייִדן — און ס'איז אויך אַזוי אין אַלע באַוועגונגען. דער גאון, דער פּוסק, דער רב, דער למדן, דער שיינער באַלעבאָס, דער פּראָסטער ייִד, דער פאַרגרעבטער ייִד — יעדער איינער האָט משיג געווען ייִדישקייט אויף זיין אופן. שוין אין דער גמרא ווערט געזאָגט, אַז ישעיה האָט געזען גאָט ווי אַ גרויס שטאָטיקער זעט דעם מלך, און יחזקאל האָט געזען גאָט ווי אַ דאָרפסמאַן זעט דעם מלך (חגיגה יג). אַלע ייִדן האָבן פאַראייניקט אמונה און התגלות. איצט דאַרף אויך אַזוי פאַרשטאַנען ווערן הלכה — ס'איז דאָ התגלות אין הלכה גופא — מצוות־מעשיות זענען ווערטן פאַר זיך אַליין און קענען ברענגען די גאולה פאַרן יחיד און די גאולה פאַר דער וועלט*).

---

*) גאָר נאָענט צום געדאַנק איז די מיסטישע דערקלערונג פון בעל־התניא וועגן מצוות־מעשיות. די תרי"ג מצוות זענען די געטלעכע לבושים. ווען איינער איז מקיים אַ מצווה איז פּונקט ווי ער וואָלט זיך באַהעפט מיט דעם

**אָננעמען דעם פּרינציפּ פון הלכה מיינט נישט אַקצעפּטירן דעם גאַנצן „שולחן ערוך", אָט ווי ער איז. דאָס איז פֿאַר אונדז אוממעגלעך פּסיכאָלאָגיש, גייסטיק און פיזיש. ביז אַ געוויסער מאָס אַפילו נישט לאָגיש. אָננעמען הלכה מיינט אַ סעלעקציע, אַן אָפּקלויב.**

אָבער דער אָפּקלויב מיינט נישט אָננעמען בלויז די דינים וואָס זענען באַקוועם און שכלדיק, לויט אונדזער איצטיקן וועלט־באַנעם. די סעלעקציע מיינט אַן אָפּקלויב פֿאַר דערציאונג. **אפשר אָנווענדן דעם פּרינציפּ — „אין גוזרין גזירה על הצבור אלא אם כן רוב ציבור יכולין לעמוד בה" (בבא קמא) — עס מיינט אָננעמען יענע דינים וואָס דאָס רוב קען אויסהאַלטן.** איך מיין אויסהאַלטן, נישט אויספירן.

**דאָס איז פּונקט דאָס פאַרקערטע ווי דער ענדציל פון די רעפאָרמערס. זיי האָבן אין פּרינציפּ אָפּגעוואָרפן מצוות־מעשיות, ווייל זיי האָבן נישט געהאַלטן פון דעם אינערלעכן ווערט פון הלכה. זיי האָבן אַוועקגעשטעלט ייִדישקייט אויף דער אַבסטראַקטער עטישער אידייע. ביי זיי איז ביז איצט אַנגעגאַנגען אַ לאַנגיאָריקער פּראָצעס צו מאַכן ייִדישקייט וואָס גרינגער. מיר אָבער האַלטן אַז הלכה איז דער יסוד פון ייִדישקייט. עס קען נישט געמאָלט זיין אַ ייִדישקייט אָן מצוות־מעשיות. זיי האָבן געמאַכט אַ סעלעקציע צו מאַכן ייִדישקייט גרינגער, אָבער מיר מאַכן אַ סעלעקציע, כדי צו נעמען אויף זיך דעם עול פון מלכות־שמים, נישט כדי צו מאַכן אונדזער ייִדישקייט גרינגער, נאָר צו געבן איר אַ זין, אַז עס זאָל זיין כדי צו נעמען אויף זיך אַן עול.**

**ווען מיר נעמען אָן דעם פּרינציפּ פון הלכה און ווען מיר פּאַסן אויף אַז הלכה דאַרף נישט האָבן קיין סאַנקציע, ווייל זי איז זעלבסטשטענדיק, קען זיך דערנערן פון אייגענע כוחות, אָט ווי דער מאַנאָטעאיזם, דעמאָלט איז נישט קיין פראַגע פון ספּעציפישע מצוות. מצוות עשהס און לאָ־תעשהס, צוגעבונדן צו צייט און אָרט פאַלן אָפּ אויטאָמאַטיש. עס עפנט זיך פאַר אונדז אַ ברייטער וועג און מיר קריגן אַ היתר אָנצווענדן הלכה צו איצטיקע דערשיינונגען אין לעבן און זיינע פּראָבלעמען.**

---

כביכול. טון מצוות איז נאָך גרעסער פון שכר־עולם־הבא, ווייל אויף יענער וועלט קען מען נאָר דערגרייכן צו קומען אין באַרירונג מיט דעם אָפּגלאַנץ פון רבונו־של־עולם, „זיו השכינה". אָבער ווען מען טוט אַ מצווה דערנענט מען זיך אַזוי צו גאָט, ממש ווי מען וואָלט אַרומגענומען אַ מלך אין זיינע קליידער („ליקוטי מאמרים", סוף פרק ד', זז' ח, ט).

דער/פּרינציפּ פון הלכה ווי אַן עטישער עיקר, ווי אַ עטישע סיסטעם, ווי אַ וועלט־באַנעם, קערט אום יידישקייט צוריק צו איר אַמאָליקן פּאַר־נעם און זי קען זיך פּאַרמעסטן מיט דער וועלט. עס גיט יעדן ייִדן אַ זין פּאַר זיין קיום און אַן ענדציל פּאַרן יידישן פּאָלק.

מיטן אָננעמען פון דעם פּרינציפּ קענען מיר אָנהויבן איבערבויען אונדזער יידיש לעבן און קומען מיט אַ דינאַמישער יידישקייט צו די פּאַרשטויסענע יידן, די ראַנד־יידן, די גלייכגילטיקע יידן, די צופּעליק־געבוירענע יידן און געבן זיי אַ פּאַרוואָס פּאַר אַ שעפּערישער יידישקייט פּאַר אַ קעמפּערישער יידישקייט.

מיט דער אידייע קענען מיר אויספורעמען אַ פּאָלק אין מדינת־ישראל אין געשטאַלט פון ישראל־סבא און זאָל דאָך ווערן אַ יונג מאָדערן פּאָלק, וואָס קען איבערקאָכן די גאַנצע וועלט־ציוויליזאַציע און נישט פּאַרלירן דעם המשך מיט די לעצטע דורות. דאָס קען לערנען יידן אין מדינת־ישראל, אַז ס'איז נישט כדאי צו ווערן צוריק די תלמידים פון יהושוע בן נון (חיים גרינבערגס ע״ה אַן אויסדרוק).

עס קען געבראַכט ווערן צו יידן די בשורה פון געדאַנק אין אַ לבוש פון הלכה, אַז יידישקייט איז נישט בלויז אַן אמונה, אַ רעליגיע אָדער דאָס גלויבן פון אַן עטנישער גרופּע, נאָר אַז יידישקייט איז רעליגיע, פּאָלק אַן אייגענער וועג פון אויפפאַסן ציוויליזאַציע, אַן אייגנאַרטיקע שיטה פּאַר דעם יחידס און מענטשלעכער גאולה. תוך־יידישקייט נעמט נישט אויף די וועלט ווי זי איז, נאָר ענדערט זי, בעסערט זי אויס און פירט זי צו שלימות.

אַזאַ יידישקייט איז נישט אַפּאָלאָגעטיש, זי האָט נישט מורא צו פּראַק־לאַמירן: „איר וועט נישט קענען דינען גרינג גאָט, ווייל אַ הייליקער גאָט איז ער״ (יהושע כד, יט). מען דאַרף שטאַרק האָרעווען צו האָבן די זכיה צו זיין אַ ייד.

יחזקאל הנביא דערציילט:

„איך האָב געזען ערשט אַ האַנט איז אויסגעשטרעקט געוואָרן צו מיר, אין איר איז געווען אַ מגילת־ספר — אַ גרויסע מגילה. און ער האָט זי אויסגעשפּרייט פּאַר מיר און זי איז געווען פּאַרשריבן פון ביידע זייטן. און אָנגעשריבן אין איר איז געווען טרויער, קלאָג און וויי. און ער האָט געזאָגט צו מיר: דו מענטשנזון, דאָס וואָס דו האָסט געפונען עס! עס אויף די מגילה און גיי רייד צו יידן. און איך האָב געעפנט מיין מויל און ער האָט געמאַכט מיך צו עסן די מגילה און ער האָט געזאָגט צו מיר: מענטשנ־

זון, דיין בויך זאָל זיך אָנעסן און דיין אינגעווייד זאָלסטו אָנפילן מיט דער מגילה, וואָס איך גיב דיר".

„און איך האָב זי אויפגעגעסן און זי איז געווען אין מיין מויל זיס ווי האָניק" (יחזקאל ב׳ ט—י; ג׳ א—ג).

ייִדישקייט איז אַ מגילה לאַנג ווי דער גלות, און די מגילה איז פֿאַרשריבן פֿוןביידע זייטן און ס׳איז שווער אויסצופֿאָלגן, וואָס אין דער מגילה שטייט, ווייל זי נעמט אַרום אַלע אַקטיוויטעטן פֿון מענטשן. אָבער אַז מען פֿאַרזוכט די מגילה — יאָ, דעמאָלט איז זי זיס ווי האָניק. ס׳איז כדאי און ווערט צוליב אַזאַ ייִדישקייט צו נעמען אויף זיך אַ יאָך. ס׳איז אויך כדאי און ווערט צו קעמפֿן פֿאַר אַזאַ ייִדישקייט.

# די שרעק פאַר פּסוקים

די בעסטע פון אונדז לעבן אויף ערזאַץ פון ערזאַץ־ייִדישקייט. מיר, די וועלטלעכע ייִדן, לעבן אויף שיריים פון ייִדישקייט. מיר זענען הילף־לאָז צו איבערשאַפן ייִדישקייט, ווייל מיר האַלטן אין איין באַטאָנען: מיר גלויבן נישט אין אַ פּערזענלעכן גאָט. אָן אמונה אין אַ גאָט, וואָס זיצט אויבן מיט אַ קאַנטשיק אין האַנט, גרייט צו באַשטראָפן די וואָס עסן מיט אַ מילכיקן לעפל פון אַ פליישיקן טעלער, מיינען אונדזערע סעקולאַ־ריסטן, קען נישט זיין קיין ייִדישקייט.

וויבאַלד מיר מיינען, אַז ייִדישקייט איז בלויז גלויבן, וואָס ווערט אויפגעהאַלטן פון אַ גאַנצן קאָדעקס פון מצוות, האַלטן מיר, אַז מיר דאַרפן זיך אָפּזאָגן פון ייִדישקייט, ווי עס איז קאָנקרעטיזירט געוואָרן פאַר די לעצטע צוויי טויזנט יאָר. מיר דאַרפן זיין ווי אַלע פעלקער און בויען אונדזער לעבן אויף ליטעראַטור, קונסט און שפּראַך. די אַלטע פאָרמע פון ייִדישקייט: תורה, שבת, יום־טוב, תפילה, בית־מדרש איז מוזיי־ייִדישקייט. עס וועט שטענדיק מסתמא זיין אַ שיכט, וואָס וועט גלייבן אין אַלטן גאָט. און ווען מיר וועלן זיך פאַרבענקען נאָך די אַלע קינדערייען, וועלן מיר קומען צו די פרומע אין שטיבל. אָבער פאַר אונדז זענען די אַלע זאַכן אָפּגעלעבט און ווערטלאָז. מיר זענען ווי אַלע פעלקער, נאָר נישט אינגאַנצן ציוויליזירט און מענטשלעך ווי זיי, אָבער מיר דאַרפן שטרעבן צו ווערן ווי זיי, די אומות־העולם.

אונדזערע סעקולאַריסטן שטעלן אַוועק ייִדישקייט ווי אַ סתירה צו וועלטלעכקייט. שוין דער משכיל־דיכטער, יהודה־לייב גאָרדאָן, האָט גע־זונגען: „הוה יהודי באהליך ואדם בצאתך" — זיי אַ ייִד אין שטוב און אַ מענטש ווען דו גייסט אַרויס. דער דיכטער איז געווען זיכער, אַז יעדער

ליאַדער שכורער גוי איז אַ מענטש. און דער פיינסטער געבילדעטסטער, ערלעכסטער פרומער ייִד דאַרף ערשט ווערן אַ מענטש.

לויט אונדזער היינטיקע משכילים־סעקולאַריסטן איז די גאַנצע ייִדי־שע געשיכטע ביז איצט, דער גאַנצער לאַנגער גלות, די גאַנצע מאַרטי־ראָלאָגיע — איין גרויסער טעות. די ליידן זענען נישט קיין באַרעכטיקטע, די טייכן טרערן און בלוט זענען פאַרגאָסן געוואָרן צוליב אָבערגלויבן, צוליב אַן אומזיניקן שרעקן זיך פאַר אַ בייזן גאָט, וואָס האָט קיינמאָל נישט עקזיסטירט און צוליב אַן אילוזיע פון אַ גליק אויף אַ יענער וועלט, וואָס איז קיינמאָל נישט געווען.

דאָ נישט לאַנג צוריק בין איך אַרויס פון אַ סעמינאַר מיט איינעם פון אונדזערע באַרימטע היסטאָריקער. יענעם אָוונט האָט אַ באַוווּסטער ייִדישער מאָדערנער רב, וואָס איז אַ גרויסער תנ"ך־פאָרשער, און אַן אויטאָריטעט פון ייִדישער פילאָסאָפיע, איבערגעגעבן זיינע איינדרוקן פון אַ רייזע אין מדינת־ישראל. ס'איז געווען אַ טיף־דורכגעטראַכטער רעפעראַט. דער חשובער רב האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם גרויסן איבערבראָך אין דער ייִדישער געשיכטע, און אָנגעוויזן אויף די קאָנפליקטן צווישן דער מדינה און די אַלע פרומע שאַטירונגען. בעצם האָט ער געזאָגט, איז איצט ווידער אויפגעקומען דער אַלטער קאָנפליקט צווישן מלוכה און נבואה, צווישן מדינה און מלכות־שדי. די פרושימשע ייִדישקייט וועט דאַרפן דורכגיין אַ לאַנגן וועג פון צופּאַסונג איידער זי וועט אַקצעפּטירן אַ סעקולאַרע מדינה. און אפשר וועט מדינת־ישראל דאַרפן זיך אַ סך ענדערן, ווייל מיר זענען דאָך ייִדן, אַנדערש פון אַלע פעלקער פון דער וועלט און מיר קענען זיך נישט צופרידנשטעלן מיט בלויז מדינה אָן עפּעס, אָפילו אין דער איצטיקער רשעותדיקער וועלט. אָפילו נישט צייטווייליק.

דער ייִדישער היסטאָריקער איז געווען פלאַם־פייער, ער האָט געשטורעמט:

„אַ פאָלק האָט זיך אַריינגענומען אַ משוגעת אין קאָפּ און טו מיט אים עפּעס! אויסדערוויילט זענען מיר, אתה־בחרתניקעס! פרעגט יעדן פּסיכאָ־אַנאַליטיקער וועט ער אייך זאָגן, אַז נאָרמאַלע מענטשן האָבן נישט אַזאַ איינרעדעניש. לאָמיר זיין ערלעך, וואָס האָבן מיר אין פאַרגלייך מיט אַלע אַנדערע פעלקער? וואָס האָבן מיר אויפגעטון אין דער וועלט פון וויסנשאַפט און קונסט אין פאַרגלייך מיט וועלכן ס'איז פאָלק? מיר

האַלטן זיך נאָך אַפילו מיט אַ באַרבאַרישן אלף־בית. היינט דאָס אויסלייגעכץ פון העברעאיש! און מיט אונדזער ייִדיש האָבן מיר זיך וואָס צו גרויסן? דער זעלבער פאַרעלטערטער אלף־בית און מיר, די קליגסטע פון אַלע פעלקער, האָבן זיך אַפילו נישט צוזאַמענגערעדט צו אַן איינהייטלעכן אויסלייג. מיר דער אור־לגויים, אַ ליכט פאַר אַלע פעלקער? אַ קראַנקע איינרעדעניש, וואָס נאָר אַ פּסיכאָ־אַנאַליטיקער קען אויפקלערן. די איינציקע זאַך מיט וואָס מיר קענען זיך גרויסן איז וואָס מיר זענען געבליבן צו עקזיסטירן ווי אַ פאָלק. אָבער מיר האָבן נישט געלעבט ווי קיין נאָרמאַל פאָלק. ס׳איז אַ פראַגע צי אַזאַ לעבן איז כדאַי״.

איך האָב אָפט געהערט אַזעלכע רייד פון אַ סך פון אונדזערע נאַציאָנאַליסטן־סעקולאַריסטן. שטאַרק נתפּעל פון אַזעלכע רייד ווער איך נישט. אָבער ס׳איז מיר געווען אַ גאַנץ היפּש ביסל פריקרע צו הערן די סקאַרבאָווע רייד פון דעם מויל פון אַ באַוווסטן ייִדישן היסטאָריקער. איך האָב באַמערקט:

— הייסט עס, אַז אונדזער גאַנצע געשיכטע איז געווען אַ טעות. אָט בין איך איצט פאַרנומען מיטן ספר „עמק הבכא״, וואָס דערציילט פון ייִדישע ליידן, פון ייִדישע טייכן בלוט, פון ייִדישן קידוש־השם, פון מסירת־נפש פאַר ייִדישקייט. אייך איז דאָך דאָס ספר באַקאַנט. הייסט עס, אַז דאָס אַלץ איז געווען אַ נאַרישער פאַרזען. ייִדן האָבן זיך נישט געדאַרפט שטעלן אַנטקעגן, ייִדן האָבן זיך נישט געדאַרפט ווערן, ייִדן האָבן זיך בעסער געדאַרפט אָפּטרייסלען פון זייער ייִדישקייט.

ער האָט מיר געענטפערט מיט אימפּעט:

— איר זענט איינער, וואָס גריבלט זיך דאָך אין די ענינים, דאַרף מען אייך זאָגן דעם ברוטאַלן אמת: ס׳איז געווען אַ טעות! אין רעטראָספּעקטיוו האָבן אונדזערע ייִדן, וואָס זענען כלומרשט גוטע סוחרים, געמאַכט אַ שלעכט געשעפט. זיי האָבן פאַרקויפט אַ שיינע וועלט פאַר אַן עולם־הבא־וועלט, וואָס איז נישט מער ווי אַ נאַרישע אילוזיע. וואָס האָבן ייִדן געגעבן דער וועלט נאָך קריסטנטום? גאָרנישט. די אַלע פילאָסאָפן, וויסנשאַפטלייט, וואָס ייִדן רעכענען זיי פאַר ייִדן, זענען דאָך נישט קיין ייִדן, לויט זייער וועלט־באַנעם. צופעליק זענען זיי געבוירן געוואָרן ייִדן, אָבער זייער צושטייער צו דער וועלט־קולטור האָבן זיי נישט געגעבן דורך דער ייִדישער וועלט־קאָנצעפּציע. שפינאָזאַ האָט זיך דאָך אָפּגעזאָגט פון ייִדישן וועלט־באַנעם. מאַרקס אויך. און וואָס האָט צו טון איינשטיין מיט ייִדישקייט?

ווען זיי בלייבן אין די ישיבות וואָלטן זיי געוואָרן מהר״שאעס. צום גליק פון דער וועלט האָבן די גרויסע ייִדן זיך צוגעטוליעט צו דער וועלט־קולטור און דערפאַר האָבן זיי באַרייכערט די מענטשהייט.

איך האָב אים נישט געקענט אָפּשטעלן און ער האָט ווייטער גערעדט:

— ייִדן האָבן פּאָפּולאַריזירט דעם מאָנאָטעאיזם. איך זאָג פּאָפּולאַריזירט, ווייל ס׳איז נאָך אַ פראַגע צי עס איז געווען אַן אָריגינעלע ייִדישע שאַפונג, אָבער זאָל זיין אַז מאָנאָטעאיזם מיט זיין ספּעציפישער עטישער מאָראַל איז אַ ייִדישער אויפטו. נו, האָט עס קריסטנטום איבערגענומען. ייִדישער גאָט און ייִדישע מאָראַל זענען געוואָרן דאָס אייגנטום פון דער גאַנצער מענטשהייט. און איך בין אַן אפיקורוס וועגן דעם גאַנצן אויפטו פון מאָנאָטעאיזם. איך בין מסכים מיט די היסטאָריקער, וואָס האַלטן, אַז די וועלט וואָלט געווען אַ שענערע און אַ בעסערע ווען קריסטנטום, וואָס איז אַ כשר קינד פון ייִדישקייט, וואָלט נישט באַהערשט אייראָפּע און איבערגעריסן די אַנטוויקלונג פון רוימיש־גריכישער ציוויליזאַציע. ווען די גריכישע וויסנשאַפט און ציוויליזאַציע וואָלט נישט צעשטערט געוואָרן וואָלטן מיר שוין איצט גאָר ווייט געהאַלטן. איין זאַך איז זיכער פון אונדזער איצטיקן שטאַנדפּונקט, כ׳מיין פאַר אונדז, וואָס גלויבן נישט אין אַ פערזענלעכן גאָט: די גאַנצע ייִדישע געשיכטע איז אַן אומזין.

ער האָט נאָך גערעדט און גערעדט. אָבער דעם אמת זאָגן, איך האָב זיך שוין נישט צוגעהערט צו אים. איך האָב רחמנות געקראָגן אויף אָט דעם אומגליקלעכן ייִד. נעבעך אַן אמתער געצנדינער און לעבט ווי אַ ייִד. פאַרוואָס גייט ער אַרום אין עולם־התוהו? פאַרוואָס ווערט ער נישט אויס ייִד? אָבער מסתמא קען ער נישט. עס זענען מיר אַריינגעפאַלן אין מויל פיר שורות פון אברהם רייזענס אַ ליד:

„...און מיין לעבן איז געגליכן
צו אַ לאָמפּ מיט ווייניק נאַפט,
ווערן ווערט ער נישט פאַרלאָשן
און ברענען האָט ער נישט קיין קראַפט...״

און דער ייִדישער היסטאָריקער, וואָס האָט גערעדט מיט שום אויף די ליפּן וועגן ייִדישקייט, איז נישט דער איינציקער וואָס גייט אַרום אין עולם־התוהו. אָט איז נישט לאַנג צוריק דערשינען אַ בוך אויף ענגליש געשריבן פון אַ ייִדישער טאָכטער, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ קריסט. דער טאַטע איז געווען אַ באַוווסטער סאָציאַליסט, ראַדיקאַל, וואָס האָט

פֿאַרשפּרייט אפּיקורסות צווישן ייִדן. דאָס בוך „דזשענטלמענס־אַגרימענט“ איז געוואָרן דאָס ליבלינג פֿון אַמעריקאַנער ייִדישער אינטעליגענץ. אין דעם בוך האָט די אויטאָרין דערציילט די צרות, וואָס אַן אַמעריקאַנער ייִד שטייט אויס, ווייל מען נעמט אים נישט אָן אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפֿט, אַפֿילו נאָכדעם ווי ער האָט חתונה מיט אַן אַריסטאָקראַטישער קריסטין. אויך דערציילט זי פֿון די שוועריקייטן וואָס ייִדישע יונגעלייט און מיידלעך האָבן אין קריגן שטעלעס אין אַ סך אינדוסטריעס. דער הויפּט־טעזיס פֿון בוך איז, אַז ייִדן שיידן זיך נישט אָפּ מיט קיין זאַך פֿון אַנדערע אַמעריקאַנער. זיי, די ייִדן, ריידן די זעלביקע שפּראַך, האָבן די זעלביקע מאַניערן און גלויבן אין די זעלביקע זאַכן, וואָס אַלע אָנשטענדיקע מענטשן גלויבן. נישט מער, די אַלע פֿיינע און געבילדעטע יונגעלייט זענען צופֿעליק געבוירן געוואָרן ביי ייִדישע עלטערן. אָבער דער נייער דור האָט נישט איבערגענומען די זאַבאָבאָנעס פֿון זייער טאַטע־מאַמע.

די אויטאָרין פֿרעדיקט נישט טאָלעראַנץ צו אַנדערע קולטורעלע גרופּעס. זי באַטאָנט ווידער און ווידער, אַז ס'איז נישטאָ אַזאַ זאַך ווי עפּעס ספּעציפֿישעס ייִדיש. דורך אימפּליקאַציע קען מען זיך אָנשטויסן, אַז זי האַלט אַז ווען ייִדן וואָלטן געלעבט אַ פֿול־בלוטיק ייִדיש לעבן, וואָלט זי געוועזן די ערשטע נישט צו טאָלערירן זיי. צום גליק גלויבט נישט דער נייער דור אין די אַלע נאַרישקייטן פֿון צוריקגעשטאַנענער ייִדישקייט, דאַרף מען זיין טאָלעראַנט צו אים.

פֿאַראַן אַפֿילו ייִדישע שרייבער, וואָס זאָגן אָפֿן אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו איבערנעמען זיך, וואָס מיר זענען געבליבן אַ פֿאָלק ביז היינטיקן טאָג:

„יבנה. די בריונים. רב יוחנן בן זכאי. מיט די ערשטע וואָלטן מיר אָפּגעווישט געוואָרן, מיטן צווייטן פֿאַרקויפֿן מיר אַלטע הויזן ביז אויפֿן היינטיקן טאָג. איז ווי? כ'מיין — ווו איז דער גרעסטער טאָלק?“ (ל. שאַפּירא, כתבים, 1949, ז' 369. מיין קורסיוו).

פֿון וואַנען נעמט זיך דער ביטול און שנאה צו ייִדישקייט ביי ייִדישע אינטעלעקטואַלן?

פֿאַרוואָס מיינען אונדזערע פּובליציסטן, אַז ווען מען רעדט פֿון אויפֿלעב פֿון ייִדישקייט, פֿון אַ רענעסאַנס פֿון ייִדישקייט, מיינט מען צוריק ברענגען דעם אַלטן אָפּגעלאָזטן בית־מדרש, די באָד, די מקווה, דאָס שטריימל, דאָס שייטל, פּיאות און קאָלטונאָוואַטע באָרד, עין־הרע אָפּשפּרעכן, נישט עסן קיין אַרבעס אום פּסח. אין קורצן צוריקברענגען „דאָס

גאַנצע קלאָפּער־געצייג פון אַלטער טראַדיציאָנעלער שטריימל־ייִדישקייט?"

פאַרוואָס מיינען אונדזערע אינטעלעקטואַלן, אַז ייִדישקייט מיינט בלויז די אַלטע ייִדישקייט פון אונדזערע טאַטעס און מאַמעס און זיידעס, וואָס איז געפאַלן אַזוי שווער אויף אונדז, און וואָס איז אינגאַנצן נישט אין הסכם מיט אונדזער וועלט־באַנעם?

איך מיין אַז די נישט־פאַרשטענדלעכקייט נעמט זיך פון איין עיקר־טעות: אונדזערע סעקולאַריסטן מיינען, אַז ייִדישקייט איז געקומען צו אונדז דורך אַ פּערזענלעכן גאָט, וואָס האָט איינגעשטעלט אַ נאָרמע פון שכר און עונש, און אָן דעם גלויבן קען קיין ייִדישקייט נישט געמאָלט זיין. דער תנ"ך, די משנה, די גמרא, די ראשונים און די אחרונים, מיינען אונדזערע ראַדיקאַלע אינטעלעקטואַלן, זענען אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דער תורה, וואָס איז געגעבן געוואָרן פון גאָט אויף דעם באַרג סיני. ווייבאַלד, אַז מיר גלויבן נישט אין מעמד־הר־סיני און מיר גלויבן נישט, אַז עס איז דאָ אַזאַ גאָט, וואָס וועט זיך מטריח זיין אַראָפּצונידערן אויף אַ באַרג און געבן ייִדן אַ תורה, האַלטן מיר, אַז אַלע געבאָטן, אָנזאָגונגען, מצוות־עשהס און לאָ־תעשהס פון דער תורה און אַלץ וואָס איז שפּעטער צוגעגעבן געוואָרן, די אַלע זאַכן זענען אַ זינלאָזער יאָך, נאַרישקייטן און אָבערגלויבנס פון וועלכע מיר דאַרפן זיך באַפרייען.

פון דעם טעות נעמט זיך דער גאַנצער פּלאָנטער ביי אונדז אין קאָפּ. ווען אונדזערע אינטעלעקטואַלן וועלן צוגיין וויסנשאַפטלעך, קולטור־היסטאָריש, צום אורשפּרונג און אַנטוויקלונג פון ייִדישקייט, וועלן זיי זיך אויפהערן צו שרעקן פאַר ייִדישן וועלט־באַנעם און צערעמאָניאַל. זיי וועלן אויך אויפהערן צו באַשולדיקן אונדז, די וואָס ווילן באַנייען און אויפלעבן ייִדישקייט, אַז מיר ווילן זיך אומקערן צום „אַלטן קלאָפּער־געצייג".

לאָמיר נעמען עטלעכע פּסוקים, וואָס לייגן דעם יסוד פון ייִדישן וועלט־באַנעם, וואָס פון זיי איז אַרויסגעוואַקסן דער ייִדישער קוק אויף פעלקער, וועלט און גאָט.

„און איר וועט זיין אַ קעניגרייך פון כּהנים און אַ הייליק פאָלק" (שמות י"ט ו), „ווייל דו ביסט אַ הייליק פאָלק צו גאָט דיין גאָט, דיך האָט גאָט אויסדערוויילט אים צו זיין פאַר אַן אייגן פאָלק פון אַלע פעל־קער, וואָס אויפן געזיכט פון דער ערד. נישט ווייל איר זענט די גרעסטע פון אַלע פעלקער האָט גאָט געגלוסט צו אייך און אייך אויסדערוויילט, ווייל איר זענט דאָך די קלענסטע פון אַלע פעלקער" (דברים ז' ו, ז).

„און איך וועל דיך מאַכן פאַר אַ ליכט פון די פעלקער" (ישעיה מ"ט, ו).

און איך דערלויב זיך נאָך איין פסוק, וואָס מאַכט קלאָר דעם זין פון דעם יידישן אתה־בחרתנו־געדאַנק:

„ווייל נאָר אייך האָב איך אויסדערוויילט פון אַלע פעלקער, דערפאַר וועל איך אייך באַשטראָפן פאַר אַלע אייערע זינד" (עמוס ג׳ ב).

פאַר אַ פאַרצייטיקן יידן, וואָס האָט געגלויבט אין אַ פערזענלעכן גאָט, זענען די אַלע פסוקים געווען אַ קלאָרער באַווייז, אַז גאָט אַליין האָט זיך באַוויזן צו משהן און צו אַלע נביאים און זיי איבערגעגעבן די באַפעלן. די מאמינים פון יעזוסן האַלטן, אַז די אַלע אָנזאָגונגען זענען בטל געוואָרן נאָכדעם ווי גאָט האָט באַנייט די תורה דורך ישוע פון נוצרת. פאַר דעם אפיקורוס, אַטעאיסט זענען די פסוקים אָבערגלויבנס, נאַרישקייטן, וואָס מענטשן האָבן זיך איינגערעדט. ס׳איז דאָך נישטאָ קיין פערזענלעכער גאָט, איז ווי אַזוי האָט ער זיך געקענט אַנטפּלעקן אויפן באַרג סיני און צו די נביאים?

אָבער דער ריכטיקער וועג איז דער קולטור־היסטאָרישער צוגאַנג. אפשר האָט זיך גאָט נישט באַוויזן צו די יידן אויפן באַרג סיני. אָבער דאָך זענען די אַלע אָנזאָגונגען געווען אַ געשיכטלעכער אמת. מען דאַרף נאָר אַרויסשיילן די אַלע געבאָטן און אָנזאָגונגען פון זייער צייט־לבוש.

דער מאָדערנער היסטאָריקער ווייסט, אַז אויב דאָס פאָלק האָט גע־גלויבט אין די אַלע אָנזאָגונגען און זיי אַקצעפּטירט פאַר זיין וועג־ווייזער אין זיין געשיכטע מיינט עס, אַז דאָס פאָלק האָט געשאַפן די אַלע הייליקע באַגריפן. דאָס פאָלק האָט געשאַפן אַזאַ גאָט, וואָס פאָדערט הייליקייט, יושר און ערלעכקייט פון מענטשן. איך וויל איבערחזרן דעם געדאַנק נאָך אַמאָל, כדי אָט דער פונדאַמענטאַלער רעיון זאָל זיין קלאָר — נישט גאָט האָט געשאַפן דאָס יידישע פאָלק, נאָר דער יידישער גאָט איז געשאַפן געוואָרן פון פאָלק ישראל. ווי זאָגן די געשיכטע פאָרשער: יעדעס פאָלק שאַפט אַ גאָט אין זיין געשטאַלט. די גריכן האָבן געשאַפן געטער אין גע־שטאַלט פון מענטשן, מיט זייערע אַלע תאוות און גיריקייטן און די יידן האָבן געשאַפן דעם מענטשן אין דער דערהויבענער געשטאַלט פון גאָט!

אויב איר ווילט איז די יידישע שאַפונג נאָך אַ גרעסערער נס פון מעמד־הר־סיני. אויב איר גלויבט, אַז אַלץ וואָס שטייט אין תנ"ך איז אָנגעזאָגט געוואָרן פון גאָט, איז וואָס איז דאָס פאַר אַ נס? אַ גאָט וואָס

האָט געשאַפן אַן אוניווערס פון גאָרנישט — אַ יש מאין, איז וואָס פאַר אַ גרויסער אויפטו פאַר אים צו געבן חכמה און גרויס פאַרשטענדעניש און גרויס רחמים־געפיל צו זיינע נביאים, און שאַפן אַ פאָלק, וואָס זאָל שטרעבן צו אַ הייליק לעבן, צו יושר און צו גערעכטיקייט אין דער וועלט? אויב אָבער דער יידישער גאָט איז די שאַפונג פון יידן, אויב די גאַנצע יידישע תורה איז דער אויפטו פון יידישן פאָלק, דעמאָלט איז עס אַ נס, וואָס מען קען עס כמעט נישט דערקלערן מיט אונדזערע איצטיקע ידיעות וואָס מיר פאַרמאָגן וועגן דער וועלט־געשיכטע.

מען דאַרף אָבער פאַרשטיין אַז א צייט־לבוש זענען נישט נאָר די אַנ־טראָפּאָמאָרפישע שטעלן אין תנ"ך, עס מיינט די ערטער ווו גאָט ווערט פאַרגעשטעלט ווי אַ מענטש: למשל, ווען ער שפּאַצירט אַרום אין גן־עדן צו שעפּן פרישע לופט, אָדער ווען ער רופט דעם מערדער קין, אָדער ווי ער באַווייזט זיך צו אברהמען און עסט ביי אים אַ מאָלצייט און נאָך און נאָך. אויך די וויזיעס פון נביאים, זייער דירעקט קאָמוניקירן זיך מיט אַן אַבסטראַקטן גאָט, און זייער ריידן אין נאָמען פון גאָט, זענען אַ צייט־לבוש. הינטער די אַלע פאָרמען ליגט די אידייע פון יידישקייט. הינטער די אַלע פאַרעלטערטע פאָרמען איז באַהאַלטן דאָס אייביקע שטרעבן פון יידיש פאָלק צו אַן אייגנאַרטיקן הייליק לעבן.

„אַפילו ווען מיר גיבן צו, אַז מיר קענען נישט אָננעמען דעם טראַ־דיציאָנעלן גלויבן, אַז גאָט האָט געגעבן דעם באַפעל וואָס איז פאַרשריבן אין חומש שמות: „און איר וועט זיין ביי מיר אַ קעניגרייך פון כוהנים און אַ הייליק פאָלק", קענען מיר נישט העלפן צו גלויבן, אַז דאָס פאָלקס־געוויסן איז געווען באַאומרואיקט פון אַזאַ באַפעל, האָט געזוכט אַ תכלית, אַ זין, אַ צוועק (אין דער וועלט). אין דעם פּראָצעס פון זוכן האָט דאָס פאָלק אַנטדעקט וויכטיקע מאָראַלישע און גייסטיקע ווערטן" (פּראָפעסאָר מרדכי קאַפּלאַן, „רעקאָנסטראַקשאָניסט", כ"ה תשרי תש"א).

די געשיכטע פון יידן איז אַנדערש פון דער געשיכטע פון אַלע אַנ־דערע פעלקער, מיט דעם וואָס זי הויבט זיך נישט אָן מיט קיין שטאָט, מדינה און אַ לעגענדאַרישן קעניג, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער גאָט פון פאָלק. יידיש פאָלק הויבט זיך אָן מיט אַן אידייע — אַ נייעם גאָט־געדאַנק.

די אידייע פון יידישקייט האָט געטריבן אברהמען פון זיין געבורט־לאַנד. און איך וויל באַטאָנען פאַר אונדזערע אפיקורסים, אַז עס איז נישט וויכטיק ווי דער אמת איז געווען. וויכטיק איז ווי אַזוי די געשעעניש

האָט זיך אָפּגעשפּילט אין געוויסן פון פאָלק, אין זכרון פון פאָלק און סטימולירט דאָס פאָלק צו ווייטערדיקע מעשים.

די זעלביקע אידייע פון ייִדישקייט האָט געגעבן ייִדן דעם געדאַנק צו מאַכן זייער שקלאַפעריי אין מצרים פאַר אַ סטימול פאַר יושר און צדק. מיט דער אידייע האָבן זיי איינגענומען אַ לאַנד און עס געמאַכט הייליק און דערמיט געשאַפן אַזאַ געדאַנקען־גאַנג, אַז זיי האָבן קיינמאָל נישט געקענט האָבן קיין אימפּעריאַליסטישע אַמביציעס. זיי האָבן געהאַט איין ציל — צו ווערן גאָטס הייליק פאָלק, און האָבן די מעגלעכקייט צו פירן אַ הייליק לעבן. זיי האָבן אַלץ געטון כדי צו פאַרווירקלעכן גאָטס קעניג־רייך אויף דער ערד.

דאָס הייליק לעבן, האָבן ייִדן געהאַלטן, דאַרף דאָס פאָלק פירן ווי אַ גאַנץ און יעדער יחיד פון דער אומה. אמת, דער מענטש איז אַ ילוד־אשה, געבוירן פון אַ פרוי. ער איז אַש און בלאָטע. אָבער ער איז אויך געשאַפן געוואָרן אין געשטאַלט פון גאָט. זינגט דער משורר פון תהילים:

„אַז איך זע די הימלען, דאָס שאַפן פון דיינע פינגער,
די לבנה און די שטערן, וואָס דו האָסט אויפגעשטעלט,
איז וואָס איז דער מענטש, וואָס דו זאָלסט אים געדענקען?
און דער זון פון אדם, וואָס דו זאָלסט אים דערמאָנען?
דאָך האָסטו אים אָבער אויך געמאַכט בלויז עטוואָס ווייניקער פון גאָט,
און דו האָסט אים באַקרוינט מיט כבוד און גלאַנץ".

(תהילים ח׳ ד, ה, ו).

דאָס איז דער זינען פון ייִדישער געשיכטע. אַוודאי זענען ייִדן נישט געוועזן קיין מלאכים. דער תנ"ך באַטאָנט ווידער און ווידער די מענטש־לעכקייט אַפילו פון משה, אהרן, דוד, שלמה, ישעיה, ירמיהו, יחזקאל. זיי אַלע האָבן געהאַט מענטשלעכע שוואַכקייטן און האָבן געזינדיקט. און וויפל די נביאים האָבן ליב געהאַט די ייִדן, שאַנעווען זיי נישט דאָס אויס־דערוויילטע פאָלק. אָפט פאַלט אַריין דער נביא אין מוראדיקע גוזמאות. למשל ירמיהו האַלט אַז ייִדן זענען די ערגסטע פון די פעלקער:

„פאָרט אויס די גאַנצע וועלט און זעט אויב אַזוינס איז געשען, האָט דען וועלכע ס'איז פאָלק פאַרביטן זיינע געטער, און זיי זענען דאָך נישט קיין געטער, און מיין פאָלק האָט פאַרביטן זיין כבוד (גאָט) אויף געצן וואָס נוצן נישט. גרוילט איר הימלען איבער דעם!" (ירמיהו ב׳ י, יא, יב, טיילווייז פאַראַפראַזירט).

עס זענען געווען תקופות פון גרויליקייטן אין ייִדישער געשיכטע. מען דאַרף זיך נישט פאַרענטפערן וועגן זיי. דאָס וואָס ייִדן, אין די אַלטע צייטן, זענען געווען אָפט ווי אַלע אַנדערע פעלקער איז קיין ווונדער נישט. דער נס איז געווען, וואָס ייִדן האָבן געוואָלט זיין אַנדערש, און זענען געוואָרן אַנדערש פון אַלע אַנדערע פעלקער. אַוודאי האָבן אויך ייִדן מקריב געווען קינדער צום געץ מלך, אָבער בלויז ייִדישע נביאים האָבן גע־שטורעמט קעגן דעם. נישט נאָר האָבן ייִדן אָנגעפירט אַ קאַמף פאַר זייער הייליק לעבן מיט דער דרויסנדיקער וועלט, נאָר זיי האָבן אויך אָנגעפירט אַ קאַמף מיט זיך. און ווער ווייסט, אפשר איז דער אינערלע־כער קאַמף, נישט צו בלייבן ווי אַלע פעלקער, געווען דער שווערסטער. עס נעמט צייט און מי און גרויס פיין און גרויס ראַנגלעניש צו דערגרייכן די מדרגה צו פאַרשטעלן זיך, אַז גאָט וויל בלויז:

„זאָל נאָר קוועלן ווי וואַסער גערעכטיקייט
און רעכטפאַרטיקייט ווי אַ מעכטיקער שטראָם" (עמוס ה׳ כד).

און דאָס פאָלק האָט געקעמפט מיט זיך כדי צו ווערן גאָטס פאָלק. עס האָט אָנגעצייכנט פאַר זיך, גלייך פון אָנהויב פון זיין געשיכטע, אַ לעבן פון געבאָטן, מצוות־עשהס און לאַ־תעשהס, אזהרות, חומרות, סיגים און סיג־לסיגים כדי זיך צו דיסציפּלינירן, כדי זיך אַליין צו מחנך זיין, כדי צו ווערט זיין צו טראָגן גאָטס יאָך און פאַרווירקלעכן דאָ אויף דער ערד גאָטס מלוכה. די אַלע מצוות און אַפילו סיגים־לסיגים זענען נישט איין־געשטעלט געוואָרן צוליב קיום־האומה, ווי די מערסטע היסטאָריקער מיי־נען. ניין, דאָס פאָלק האָט זיי געשאַפן כדי צו רעאַליזירן די געטלעכע פאָדערונג פון אַ הייליק פאָלק.

אַוודאי איז אָפט געוואָרן דער טפל, דער צערעמאָניאַל, דער עיקר און דער עיקר דער טפל. דאָס איז אומפאַרמיידלעך. די נביאים האָבן גע־שטורעמט קעגן שטעלן דעם טראָפּ אויפן צערעמאָניאַל און אַפילו די תנאים וואָס האָבן זיכער געהאַלטן פון צערעמאָניאַל האָבן אויך געזען די סכנה פון בלויז צערעמאָניאַל:

„ר׳ יהושע האָט געזאָגט: אַז אַ זייער פרומער, אַ נאַר, אַ כיטרער רשע, און אַ פרוי וואָס מאַכט דעם אָנשטעל פון אַ פרומע און די מכה פון פרושים, זיי אַלע ברענגען אום די וועלט" (סוטה פרק ג, ד).

די גמרא דערנאָך ברענגט זיבנערליי פּרושים, פון וועלכע מען דאַרף זיך אויסהיטן (סוטה כ״ב).

די חסידים, די תלמידים פון בעש״ט האָבן געהאַט טענות צו די רבנים, פאַרוואָס אונטער זייער איינפלוס איז ייִדישקייט פאַרגליווערט געוואָרן. שפעטער זענען די חסידים אַליין געוואָרן די גרעסטע מדקדקים פון די קלענסטע מצוהלעך. ס׳איז אַלעמאָל דאָ די סכנה אין פאָרמעלער רעליגיע. דאָך איז בדרך־כלל געלונגען ייִדן צו ווערן אַן אייגנאַרטיק פאָלק; אַנדערש, שענער און הייליקער ווי וועלכע ס׳איז פאָלק אויף דער וועלט.

ייִדן איז געלונגען איינצושטעלן אַ נוסח, אַן איינהייטלעכן לעבנס־שטייגער, אַן צוואַנג און אָן מאַכט איז עס זיי געלונגען דאָס איינצופירן איבער גאָר דער וועלט. נאָך מער די ייִדן זענען געווען דאָס איינציקע פאָלק, וואָס האָט נישט געהאַט קיין רשעות־שיכטן, ווי פּאָליציי, מיליטער, טורמע־אויפזעער, הענקערס, יעגער און נאָך און נאָך. ייִדישקייט האָט אַפילו אָפּגעשאַפט די מעגלעכקייט פאַרן יחיד צו פאַרגיסן דאָס בלוט פון בהמות און חיות. עס איז אויפגעקומען אַ ספּעציעלער כלי־קודש — דער שוחט. און דער שוחט איז געווען איינער פון די איידלסטע מענטשן פון שטעטל. פאַרגלייכט דעם שוחט מיט דעם גויאישן „קוילער״ וועט איר ערשט באַנעמען די גבורה פון ייִדישער קדושה.

„ס׳איז קיין ספק נישט, אַז נאָך אין דער חשמונאים־תקופה, און אפשר נאָך פריער, האָט זיך אַרויסגעוויזן די דערהויבענע שטרעבונג, וואָס באַצייכנט אַמבולטסטן ייִדישקייט, און האָט געמאַכט פון ייִדישקייט דאָס וואָס זי איז געווען פאַר די לעצטע טויזנטער יאָרן: הייליקן דאָס לעבן דורך דער הייליקייט פון אמונה. יעדע וואָכעדיקע עובדא, וואָס דער ייד טוט, איז שוין דעמאָלט געהייליקט געוואָרן מיט דער קדושה פון דינען גאָט. אַזוי אַז יעדער ייד איז געווען פאַר זיך אַ כוהן, וואָס פראַוועט די עבודה אין בית־המקדש. דאָס דאַווענען אין די בתי־כנסיות אָדער ביי זיך אין הויז, אויסערן בית־המקדש; דאָס ברכה מאַכן אויף יעדן מין עסן און טרינקען, פאַרן עסן און נאָכן עסן; וואַשן די הענט, וואָס איז זיכער לכתחילה געווען אַ טיילווייזע טבילה, וואָס האָט פאַרביטן די גאַנצע טבילה און נאָך און נאָך — אַלץ האָט געהייליקט דאָס גאַנצע לעבן פון אַ יידן: זיין הויז — אַ בית־המקדש און זיין טיש — אַ מזבח. דאָס אָפּזונדערן זיך פון די גויים, אויסהיטן זיך פון יעדער אומריינער זאַך, זיין אָפּגעהיט אין עסן, טרינקען און אַלע אַנדערע זאַכן; צניעות אין געשלעכטלעכע ענינים: רחמנות, ביישנות (שעמעוודיקייט), גמילות־חסדים — דאָס איז געווען דער דרך פון די פּרושים נאָך אין דער צייט פון די חשמונאים״ („היסטוריה של הבית השני״, פּרופסור יוסף קלוזנער, כרך רביעי, ז׳ 112).

אָט די תורה, וואָס האָט געהייליקט דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן, איז נישט געווען קיין גלויבן צו וועלכן אַ יחיד האָט זיך דערטראַכט, ווי למשל אין אַלטן עגיפּטן, האָט זיך עכנאַטאָן דערטראַכט צו מאָדיפיצירן פּאָליטע־איזם. אָדער ווי עס האָט פּאַסירט אין איראַפּע מיטן אָננעמען פון קריסטנ־טום; אַ מלך האָט פּלוצים „אַנטדעקט די אמתע אמונה" און זי אַרויפגע־צוווּנגען אויפן פאָלק. ייִדישקייט איז אַרויסגעוואַקסן פון עצם־מהות פון ייִדישן פאָלק.

„די געשיכטע פון ייִדישער רעליגיע איז נישט די געשיכטע פון דער אידייע, נאָר איר פאַרווירקלעכונג, איר פאַרקערפּערונג און איר ווירקונג" (יחזקאל קופמן, „תולדות האמונה הישראלית", כרך ראשון, ז' 77).

די פּרושימשע ייִדישקייט, וואָס איז בעצם די קאָנקרעטיזירונג פון דעם נביאישן וועלט־באַנעם, האָט אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע לעבנס־פעאיקייט. ייִדישקייט האָט געלעבט און געבליט אין אַלע קלימאַטן און אין אַלע ציוויליזאַציעס, אין גוטע באַדינגונגען און אין די שווידער־לעכסטע און גרוילעכסטע אומשטענדן.

פרעגט זיך: האָט איצט אויך ייִדישקייט עפּעס אַ ווערט און קען זי אויך אויסהאַלטן איר לעבנס־וועג און קען זי איינבייסן די איצטיקע ראַ־ציאָנאַלע און מאַטעריאַליסטישע ציוויליזאַציע?

איך גלויב אַז יאָ. אָבער מיט איין באַדינג — צוטרעטן צו ייִדישקייט ווי צו אַ לעבעדיקער אידייע. מען זאָל זיך נישט שרעקן פאַר קיין פּסוקים און מען זאָל נישט מורא האָבן פאַר דעם אַלטן לבוש, אין וועלכן די אידייע איז באַקליידט. מען דאַרף אויסנוצן די אַלטע פאָרמעס, ווייל זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן לעבנס־פעאיק. אָבער מען דאַרף אַרויסשיילן די יאַדרע פון שאָלעכץ, און אין אַ סך אַלטע כלים דאַרף מען אַריינגיסן פריש קוואַ־ליק וואַסער.

איך זאָג מען דאַרף צוריק רעסטאַווּרירן דעם אַלטן בית־מדרש. מען מוז אַריינגעבן אַ נייעם אינהאַלט אין שבת. ס'איז נויטיק צו אָרגאַניזירן קהילות. מען טאָר זיך נישט פאַרנעמען מיט מיאוסע פּרנסות. אַרבעט דאַרף דערהויבן ווערן צו קדושה. דאָס מיינט נישט זיך צוריקקערן „צו די אַלטע גוטע צייטן און גאַנצן טראַדיציאָנאַלן קלאָפּער־געצייג". איך מיין אַן איבערבראָך אין איצטיקן מאַטעריאַליסטישן לעבן, אַ באַנייאונג פון ייִדישן וועלט־באַנעם. נישט נאָכמאַכן די פרומע, נאָר איבערשאַפן און אויפלעבן ייִדישקייט און אָפּרייניקן דאָס צופעליקע, דאָס פאַרלעגענע און

דאָס נישט נויטיקע, וואָס האָבן פֿאַרשטאָפּט די אַלטע ייִדישע קוואַלן.

די פֿרומע קענען אַזאַ רעוואָלוציע נישט ברענגען, ווייל זיי מיינען אַז יעדער קוצו־של־יוד איז הייליק, יעדער נאַרישער מנהג טאָר נישט אָנגע־רירט ווערן. אַלע סיגים, אַלע צוּוווּקסן זענען געגעבן געוואָרן למשה מסיני.

מיר אָבער שרעקן זיך אויך. זיי שרעקן זיך פֿאַר אויסטייטשונג, פֿאַר צופּאַסונג, פֿאַרן פּשוטן גראָדן שכל. מיר שרעקן זיך פֿאַר דער אַלטער טערמינאָלאָגיע. מיר האָבן מורא פֿאַר יעדן גרויסן, טיפֿן ייִדישן געדאַנק ווייל ער געפֿינט זיך אין תנ״ך, אין דער גמרא אָדער אין מדרש. אויב ער געפֿינט זיך דאָרטן און האָט נישט די הסכמה פֿון קיין נישט־ייִדן, איז עס שוין רעאַקציע רחמנא־ליצלן.

זיי גלויבן און מיר גלויבן: זיי גלויבן, אַז ייִדישקייט איז געגעבן גע־וואָרן אויפֿן באַרג סיני פֿון גאָט מיט דונער און בליץ. דערפֿאַר איז יעדער פּינטעלע, יעדע נקודה הייליק און טאָר נישט געענדערט ווערן. מיר גלויבן, ווײַבאַלד אַז ייִדישקייט איז נישט געגעבן געוואָרן פֿון גאָט אויפֿן באַרג סיני דערפֿאַר האָט נישט די תורה קיין שום ווערט פֿאַרן הייַנ־טיקן דור.

איך ווייס נישט וועלכע הנחה איז מער פֿאַלש.

ווען מען וואָלט מיך געפֿרעגט וואָס זענען די סימנים פֿון אַ ייִדן? וואָלט איך געענטפֿערט:

— אויב דו מיינסט אַז דו ביסט אַ ייִד, זאָג מיר אין וואָס באַשטייט דײַן ייִדישקייט? לעבסטו אַזאַ גאַנצן ייִדיש לעבן, אַז דו מוזט האָבן אַן אייגן ייִדיש לשון, ווייל דאָס פֿרעמדע לשון קען נישט דיר געבן דײַן אינערלעכע וועלט, וואָס דו האָסט איבערגענומען פֿון פֿריִערדיקע דורות? איז דײַן לעבנס־שטייגער אַן אַנדערער פֿון דעם לעבנס־שטייגער פֿון דײַנע שכנים? לעבסטו אַן ערלעך לעבן אָן עקספּלואַטאַציע פֿון פֿרעמדער אַרבעט? האָסטו דעם באַוווּסטזיין אַז דו געהערסט צו אַ פֿאָלק, וואָס איז צעשפּרייט איבער גאָר דער וועלט און אומעטום האָבן זיי אַ געפֿיל פֿון געמיינשאַפֿטלעכעס? פֿילסטו אַ פֿאַרבינדונג מיט די פֿאַרגאַנגענע דורות, אַפֿילו ווען זייער אויי־סערלעכער גייסטיקער לבוש איז געווען אַן אַנדערער? פּשוטער נאָך, וואָלסטו זיך געקענט צוזאַמענריידן מיט הלל, רבי עקיבא, רבי הקדוש, שלמה בן גבירול, בעל־שם־טוב, ווילנער גאון און נישט געפֿילט אַז זייער ייִדישקייט איז פֿרעמד און עקזאָטיש? רירט אָן ייִדישקייט דײַן טאָג־טעגלעך לעבן? אויב דײַנע ענטפֿערס זענען נעגאַטיווע אויף די אַלע פֿראַ־

געס, איז דיין ייִדישקייט אַ צופעליקע און דו ביסט נישט קיין גוטער מיט־גליד פון דיין פאָלק.

דאָס איז די מאָס מיט וועלכער יעדער איינער פון אונדז דאַרף זיך מעסטן.

וויפל פון אונדז קענען זאָגן מיטן פולן מויל, אַז מיר זענען אמתע גוטע בירגער פון ייִדן־לאַנד?

# זוכט אַן אייגענעם וועג

א.

ס'איז אַפּט פּאַטעטיש צו זען ווי מיר פּרייען זיך מיט קליינע דער־גרייכונגען, וואָס ווי שטאַרק מיר צעבלאָזן זיי, זענען זיי אין תּוך אַלץ קלייניקייטן. למשל, מיר גרויסן זיך מיט אונדזער איינמאָליקע אָדער צוויי־מאָליקע דעמאָנסטראַטיווע פּייערונגען. מיר צעפּויקן איבער דער וועלט, ווען די ייִוואָ האָט איר יערלעכע קאָנפערענץ, אַז עס זענען געקומען צו דער דערעפענונג איבער טויזנט מענטשן. מיר זעען אין דעם טויזנט־קעפּיקן באַזוך אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע פאַר ייִדיש. אָבער מיר לאַכן דאָך אָפּ, און מיט רעכט, פון די האַלב־געבאַקענע ייִדן, וואָס גייען אין שול בלויז ראש־השנה און יום־כּפּור. מיר רופן זיי מיט שפּאָט: יום־כּפּור־ייִדן. באַטראַכטנדיק דעם ענין אָביעקטיוו, זענען אונדזערע גרויסע פּייערונגען אַ טראָפּן אין אַן עמער וואַסער, אין פאַרגלייך מיט דער צאָל ייִדן, וואָס גייט ראש־השנה און יום־כּפּור אין שול. נאָך מער, אַ ייִד, וואָס גייט ימים־נוראים אין שול לאָזט זיך קאָסטן פון פופצן ביז צוואַנציק טאָלער פאַר אַ בילעט און נאָך מער. וויפל קאָסט אַן אונדזעריקן ייִד צו קומען צו די גרויסע פאַרזאַמלונג־דעמאָנסטראַציעס פון ייִוואָ, פּען־קלוב אָדער פּרץ־שרייבער־פאַראיין?

מיר האָבן נישט קיין יונגן דור. אָבער טאַקע גאָר נישט. אָט האָב איך הונדערטער באַקאַנטע און פריינט צווישן ייִדישע קולטור־טוערס און שרייבער, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן זייער גאַנץ לעבן פאַר ייִדיש און ייִדי־שע קולטור, דאָך קען איך נישט אָנווייזן אויף קיין איין שטוב, אָבער אויף קיין איינער נישט, וואָס איך זאָל קענען זאָגן, אַז טאַטע־מאַמע האָבן נחת פון קינדער.

נחת, מיין איך, האָט געהאַט מיין פּראָסטער טאַטע, ווען ער איז געקו־מען פון שול מיט מיר אַהיים און אַ זאָג געטון:

— נו, שלמהקע, זאָג איבער דעם מגידס משל פאַר מיר.

נחת האָט געהאַט אונדזער שכן דער למדן, וואָס האָט אַן עפּן געטון אַ רמב״ם פאַר זיין זון, אַ טייטל געטון מיטן פינגער און אויסגערופן מיט רוגזה:

— נו, אַדרבה, למדן מיינער, ווי וועסטו אויסטייטשן אָט דעם סעיף?

מיר האָבן אַפילו נישט קיין צער פון אונדזערע קינדער.

צער האָבן געהאַט אונדזערע טאַטעס און מאַמעס פון אונדז, דעם יונגן דור. האָט זיך געקאָכט דער פרומער טאַטע:

— סטייטש, דאָס איז דאָך אַן אב־מלאכה. ביסט דאָך אַ כופר־בעיקר.

מיר האָבן געוווּסט, וואָס אַן אב־מלאכה איז.

צער האָבן זיי געהאַט פון אונדז, ווען מיר האָבן געמאַכט לשון־קודש פאַר אַ טאָג־טעגלעך לשון. צער האָבן זיי געהאַט, ווען מיר האָבן פאַרביטן פּסוקים אויף מענדעלען און שלום־עליכם, פּרץ און פרישמאַן.

איך געדענק, ווי מיין פּראָסטער טאַטע האָט געהאַלטן פרצעס פאָלקס־טימלעכע געשיכטן אין האַנט, נאָכדעם ווי ער האָט עס איבערגעלייענט, געקוקט אויף פרצעס בילד און אויף מיר, געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט מיט פאַרדרוס:

— דער „שבחי בעל־שם״ איז ביי דיר נאַרישקייט, דער „קב הישר״ איז פול מיט פּוסטע זאַכן און אַז דער גלות שרייבט די זעלביקע זאַכן איז עס ביי דיר תורת־לאָקשן. קוק אויף זיין פּנים, ס׳איז דאָך נישטאָ אויף אים קיין צלם־אלקים. מיט זיינע לאַנגע וואָנצן און אָפּגעגאָלטער מאָרדע קוקט ער דאָך אויס ווי אַ שליאַכטשיץ, אַז אָך און וויי צו דיר מיט אַזאַ רבין.

ניין, מיר האָבן נישט קיין צער פון אונדזערע קינדער. זיי זענען דאָך אַזעלכע געראָטענע, אַזעלכע פיינע, אַזעלכע געלערנטע, אַזעלכע דער־פאָלגרייכע. ס׳איז דאָך נישטאָ קיין ייִדישע הויז אָן אַ דאָקטאָר, אָן אַ פּראָפעסאָר, אָן אַ גרויסער שישקע ערגעץ אין אַ רעגירונגס־ביוראָ. אונ־דזערע קינדער קריגן גאָלדענע מעדאַלן, סקאָלערשיפּ (סטיפּענדיעס) פון קאָלעדזשעס (הויכשולן). גאָט און לייט דאַרפן זיך בענטשן מיט אונדזערע קינדער.

יאָ, מיר זענען שטאָלץ מיט זיי, זייער שטאָלץ! אָבער קיין נחת האָבן מיר נישט פון די גרעסטע קינדער.

אין אונדזערע שולן דערציִען מיר צופרידענע מענטשן. מיר גיבן נאָך די גלייכגילטיקע טאַטע־מאַמע און מיר באַאומרואיקן נישט, חלילה, די קינדער מיט לערנען זיי צו זיין אמתע ייִדן, טיפע ייִדן: צו זיין ייִדן אַפילו ווען עס זאָל קומען צו אַ ריס צווישן זיי און טאַטע־מאַמע; צו זיין ייִדן אַפילו ווען עס וועט שטערן צו זיין אַ „סוקסעס" — אַ דערפאָלג. אָ, ניין, מיר האַלטן אין איין איבערחזרן: „ווען דאָס קינד וועט קענען ייִדיש וועט עס אים העלפן אין זיינע אַלגעמיינע לימודים. קענען נאָך אַ שפּראַך, דער־ציילן מיר טאַטע־מאַמע, שטערט נישט דעם לימוד פון ענגליש. אונדזערע קינדער זענען פון די בעסטע אין אַלע קאָלעדזשעס און אוניווערסיטעטן", פאַרזיכערן מיר די צעשראָקענע טאַטע־מאַמע, וואָס ציטערן נעבעך, אַז דאָס קינדעלע זייערס זאָל חלילה נישט ריידן קיין ענגליש מיט אַ שמץ פון אַ ייִדישן אַקצענט. דאָס העכסטע, וואָס מיר האָבן זיך געקענט פאַרמעסטן אין די רעזאָלוציעס, וואָס מיר האָבן צוגעשטעלט צו דער נאָר וואָס אָפּ־געהאַלטענער דערציִאונגס־קאָנפערענץ איז „פאַרפלאַנצן באַגייסטערונג פאַר דער עקשנות און אויסדויער פון די ייִדן אין קאַמף פאַר אָפּהיטן זייער אייגנאַרטיקייט". וואָס איז די באַגייסטערונג מחייבֿ? „דאָס ייִדישע קינד דאַרף צוגעגרייט ווערן אויסצוואַקסן אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער אין דעם לעבן פון ייִדישן קיבוץ דאָ אין לאַנד". פאַרשטייט, אַן אָנטיילנעמער, נישט קיין שאַפער פון ייִדישן לעבן. בלויז אַן אָנטיילנעמער! נישט ברעכן קיין פאַרמעס און חלילה אַוודאי און אוודאי נישט צו שאַפן קיין אייגענע אינ־סטיטוציעס און איבערצושאַפן די אַלטע.

די גאַנצע ייִדישע און העברעאישע דערציִאונג באַשטייט, מיט קליינע אויסנאַמען, אויסצולערנען דאָס קינד אַ ביסעלע לשון. אויב עס וואַקסט אויף אַ קינד, וואָס פאַרשטייט ייִדיש אָדער העברעאיש, ווען מען רעדט צו אים, האַלטן מיר עס פאַר אַן אויפטו. אויב דער יונגערמאַן אָדער יונגע פרוי רעדט ייִדיש אָדער העברעאיש, אַפילו מיט גרייזן, זענען מיר אין זיבעטן הימל.

ברוטאַל גערעדט: צום קינד דעם מושלם, וואָס קען אַלע שבע־חכמות, האָבן מיר צוגעגעבן אַ חן פּינטעלע, ער קען אַ ביסעלע אונדזער לשון, וואָס לויט דעם איינשטעל פון קינדס גייסטיקן און עקאָנאָמישן לעבן וועט ער עס קיינמאָל נישט דאַרפן אָדער ווען נוצן.

## שלמה סיימאָן

### ב.

איך וויל נישט שילדערן דעם גייסטיקן חורבן פון אונדזער לעבן דאָ אין אַמעריקע. ווער וויל דאָס קראַצן אייטערדיקע ווונדן? ס'איז אונדז אָבער נישט גוט. ס'איז אונדז אַלעמען נישט גוט. ס'איז גאָר נישט פריילעך ביי די רעליגיעזע ייִדן, ס'איז נישט איבעריק יום־טובדיק צווישן די אַלערליי שאַטירונגען פון די רעפאָרם־ייִדן, ס'איז אַ שווידערלעכע פוסטקייט צווישן די ענגליש־ריידנדיקע ציוניסטן. אָבער מיר, די ייִדישיסטישע וועלטלעכע טוער, פילן אַמטיפסטן דעם צער. מיר האַלטן זיך דאָך פאַר די יורשים פון ייִדישקייט, מיר האָבן שטענדיק אויף זיך געקוקט ווי די, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר דעם שעפערישסטן, לעבעדיקסטן טייל פון ייִדן. און מיר זעען, אַז מיר בלייבן עקרס, אונדזער לעבן ווערט פוסטער און ליידיק.

שוין יאָרן און יאָרן, אַז אַ סך פון אונדז האָבן אָנגעהויבן אָפּצוגעבן זיך אַ דין־וחשבון וועגן אונדזער ייִדישיסטישן וועלט־באַנעם. ב. ריווקין ע״ה, און דער שרייבער פון די שורות, גלויב איך, זענען געווען פון די ערשטע אין אַמעריקע, וואָס האָבן גענומען זוכן אַ נייעם וועג צו ייִדישקייט. איצט איז דאָ אַ גאַנצע גרופּע, אמת, נישט קיין אָרגאַניזירטע, וואָס ווערט באַצייכנט מיט דעם נאָמען „גאָט־זוכער". פאַרשיידן זענען די צוגאַנגען פון אַלע די, וואָס ווילן רעווידירן אונדזער ייִדישקייט.

ב. ריווקין ע״ה, האָט געשטעלט דעם טראָפּ אויף ייִדישער ליטעראַטור און ארץ־ישראל.

א. גאָלאָמב אויף אינטעגראַלער ייִדישקייט. אַ גאַנצע ייִדישקייט. ייִדן אומעטום, איבער גאָר דער וועלט, זאָלן זיך אויפפירן אין טאָג־טעגלעכן לעבן, ווי אַלע נאַציאָנאַליטעטן, ווי אַלע פעלקער, וואָס ווױנען אויף זייער באָדן. די ייִדישע קולטור, אין דער פרעמד, זאָל אַלץ כולל זיין. ייִדישקייט צוליב קיום.

לייבוש לערערס צוגאַנג איז, אַז ייִדישקייט ווייסט בכלל נישט וואָס רעליגיע איז. ס'איז נישטאָ אַזאַ זאַך, ווי קלעריקאַליזם, סעקולאַריזם און רעליגיע אין ייִדיש־לעבן. דאָס זענען גויִשע באַגריפן. ייִדישקייט איז פאָלקס־לעבן — טראַדיציע.

אַברהם מענעס דעקט אויף די גרויסקייט און שיינקייט פון אַלט־ייִדישקייט. ער מיינט אָבער, אַז מיר האָבן נישט דעם כוח איבערצושאַפן ייִדישקייט אויף סעקולאַרע יסודות. מיר דאַרפן דערפאַר זיך צוטוליען

צו דער אַלטער ייִדישקייט. זיינע גרינטלעכע אַרבעטן וועגן די ענינים זענען צעשפּרייט איבער אַלע ייִדישע פּעריאָדישע שריפטן.

דער פּאָעט דוד איינהאָרן האַלט אויך אין איין באַזינגען די אַלטע ייִדישקייט און אין איין אויפווייזן די פּוסטקייט פון סעקולאַרער ייִדיש־קייט. ער צייכנט נישט אָן קיין בייעם וועג און זאָגט נישט בפה־מלא, אַז מיר זאָלן גיין צוריק צו דער אַלטער ייִדישקייט. אָבער מיט זיין שטענדיקן באַזינגען דעם אַלטן דור און די שיינקייט פון רעליגיעזער ייִדישקייט, וואָס לויט אים איז זי אָן אַ פּגם און אָן אַ פלעק איז קלאָר, אַז נאָר דאָרט וועלן מיר געפינען מנוחה ושלוה.

ישראל עפּרויקין האָט אויף זיך גענומען דעם יאָך צו באַגרינדן די פילאָזאָפיע פון אמונה. ער רופט קלאָר און אויפן קול צו אַ צוריקקער צו מאָנאָליטישער אַלטער, אָרטאָדאָקסישער אמונה.

אַבאָ גאָרדין פּרעדיקט אַבסטראַקט־ייִדישקייט. עטישקייט יאָ, אָבער מצוות — חלילה! ס׳איז געצנדינסט.

די זוכענישן פון די אויבן דערמאָנטע שרייבער און די נישט דער־מאָנטע האָבן געבראַכט צו אַ טיילווייזער רעוויזיע אין אונדזערע שול־פּראָגראַמען און אַ טיפע ענדערונג אין אונדזער קוק אויף דעם לעבן פון תפוצות־ישראל. אָבער עס האָט אויך אַריינגעטראָגן אַ סך צעטומלעניש צווישן אונדזערע ייִדן. אַ סך ייִדן מיינען, אַז אַלע ייִדישע גאָט־זוכער רופן צוריק אין דער אַלטער שול אַריין (און איך רוף די אַלע שרייבער גאָט־זוכער נישט לשם גנאי, איך האַלט עס פאַר אַ כבוד־טיטל. איך האַלט זיך פאַר איינעם פון זיי).

מיר מוזן צוגעבן, אַז דער איינדרוק איז נישט אינגאַנצן אַ נישט קיין באַרעכטיקטער. אַ סך פון די „בעלי־תשובה" הייבן אָן צוביסלעך גיין אין שול אַריין. אויב זיי גייען נישט, ווייל זיי קענען נישט גיין, קויפן זיי אַ טלית און לייגן עס אַריין אין טיש־קעסטל, ווי יעקב באָטאָשאַנסקי האָט דערציילט וועגן דעם טראַגישן אינצידענט מיט מנחמען. (זע „די פּרעסע", אויגוסט 20, 1950):

גיין צוריק אין שול אַריין וואָלט נישט געווען קיין עוולה, ווען דער רופער און גייער וואָלטן געוואָרן בעלי־תשובה. איך מיין, אַז אַזוי ווי אַ פרומער ייִד קען ווערן אַן אַפּיקורס, אַזוי קען ווערן אַ נישט גלויביקער ייִד פרום. איך ווייס טאָקע פון אַזאַ פאַל. אַן אונדזעריקער ייִד איז פרום געוואָרן. אָבער אמת פרום געוואָרן און איבערגעבראָכן זיין טאָג־טעגלעך

לעבן. ער איז אַפּילו געווען אַ פּרוש פאַר אַ היפּשער צייט פון זיין פרוי, ווייל זי האָט זיך אָפּגעזאָגט אָפּצוהיטן הלכות־נשים. דער ייִד רופט אין שול אַריין. ער מעג.

אָבער אונדזערע ייִדן, וואָס רופן אין שול אַריין טוען עס פון הילפ־לאָזיקייט, אָדער צוליב קיום־האומה. זייער טענה איז, אַז מיר וועלטלעכע ייִדן זענען אָרעם גייסטיק און מיר האָבן נישט וואָס צו געבן אונדזערע קינדער. די איינציקע רפואה איז צוריק צו אַ פרומען לעבן. אַליין עפענען בתי־מדרשים און אָנשטעלן רבנים האָבן מיר קיין כוח נישט, דאַרפן מיר גיין צו די פרומע, אין זייער שול. אַוודאי וועלן מיר נישט ווערן קיין דריי־מאָל אַ טאָגיקע דאַווענער. נו, וועלן מיר באַזוכן די שול פיר, פינף מאָל אַ יאָר. ס׳איז בעסער ווי גאָרנישט. אַ ביסעלע פרומקייט וועט העלפן צו האַלטן די קינדער לעבן אונדז.

דאָס איז דאָך פרומקייט אָן תשובה און אָן חרטה. דאָס איז פּשוטע הילפלאָזיקייט. ווען איך הער די ייִדן ריידן, אָדער איך לייען זייער שרייבן, קומט מיר אַרויף אויפן זינען א. ווייטערס דראַמע „דער שטומער״. ווען אונדזערער אַ ייִד אַנטלויפט אַהין, מוז ער ווערן שטום, נישט שעפּעריש. מיר קומען אַהין נישט מיט חרטה און גלויבן אין האַרצן. מיר קומען אַהין בלויז צו באַהאַלטן זיך, צו באַהאַלטן זיך פון זיך אַליין. אָבער פון אייגענער הילפלאָזיקייט קען מען נישט אַנטלויפן און מען קען זיך נישט באַהאַלטן.

ערגער נאָך פון די קוואַסי־פרומע, פון די עטלעכע־מאָל אַ יאָר שול־גייער שלא־לשמה, זענען די וואָס „ליטעראַטעווען״ וועגן ייִדישקייט. אַליין טוט מען כל־דבר־אסור, אָבער אַז עס קומט פּסח שרייבט מען אָן אַ פייער־דיקן אַרטיקל וועגן מצה... און אויפן אייגענעם טיש ליגט ברויט מיט שינקע. עס קומט יום־כפור שרייבט מען אָן אַ טיפן מאמר וועגן חשבון־הנפש און גרויסקייט פון נעילה און יענעם טאָג שפּילט מען אין קאָרטן אָדער מען גייט זען אַ מואווי. די וואָס „ליטעראַטעווען״ צעטיילן אונדזער וועלט אויף צוויי: ביי אונדז איז וואָכעדיק, גרוי, גראָבער מאַטעריאַליזם און הפקרות, אָבער דאָרט, אין דער פרומער וועלט, דאָרט זענען דער בית־מדרש און דער נר־תמיד, צדקה און מסירת־נפש. דאָרט שטייען ייִדן מיטן פּנים צום עמוד, וואָס איז באַצירט מיט „שויתי ה׳ לנגדי תמיד״.

ס׳איז אָבער נישט אינגאַנצן אמת. אַלט־ייִדישקייט האָט טאַקע אין זיך וווּנדערבאַרע פאָרמעס און אַן עטישן וועלט־באַנעם און גרויסן אויס־

דויער כוח. אָבער די פֿרומע ייִדישקייט איז אויך געווען אומטאָלעראַנט, אָפּגעשלאָסן פֿון דער וועלט און פֿול מיט שרעק און מורא פֿאַר אַ בלינדער בייזער קראַפֿט.

די טיפֿע בלינדע אמונה האָט טאַקע שענער געמאַכט דעם מענטשן, אָבער אויך אים באַגרענעצט און ביז גאָר אַ גרויסער מאָס אים געמאַכט הילפֿלאָז, אים נישט דערלויבט צו פֿאַרלאָזן זיך אויף אייגענע כוחות.

אַלט־ייִדישקייט האָט געהאַט איר תקופה, איר צייט. אָנגענומען עס ווי עס שטייט און גייט מיינט אַן אַנאַכראָניזם, אַ פּסיכאָלאָגישע און קולטורעלע אוממעגלעכקייט.

ג.

פֿאַר אונדז אומצוקערן זיך צו אַלטער ייִדישקייט מיינט ווערן פֿאַר־מאַליטעט־ייִדן, אָן נשמה, אָן אינהאַלט, אָן שעפֿערישקייט. גערעכט איז געווען י. ל. פּרץ, וואָס איז געווען ביי אונדז וועלטלעכע ייִדן, דער ער־שטער גאָט־זוכער:

„נעמט מען אינסטיטוציעס (אינסטיטוטן אין אָריגינאַל — ש. ס.) אין וועלכע עס באַקליידט זיך אויף אַ געוויסן פּלאַץ, אין אַ געוויסן מאָמענט דער ייִדישער גייסט, אויפֿן אָרט פֿון ייִדישן גייסט".

„און איר וואָס ווילט? ווילט איר, איר חומש־ מיט רש״י־פּרעדיקער, צוריקכאַפּן דעם נעכטיקן טאָג? גלוסט זיך אייך, איר אָפּשטעלער, אויס־ציען, ווייניקסטן דעם היינט, איבער זיין גרענעץ און נישט צולאָזן דעם מאָרגן? ווייסט איר, וואָס דאָס באַטייט? נעמען דאָס לעבעדיקע זאָמען, אַרום וועלכע די שאָל האָט געפּלאַצט, וואָס דאַרף אויפֿסניי פֿאַרפּלאַנצט ווערן, וואָס זאָל שענער און פֿאַרביקער אויפֿשפּראָצן, און צוריק אין דער שאָל פֿאַרשליסן, און פֿאַרבינדן און אַרומדראָטן די שאָל און אַ שפּרוך זאָגן: זאָמען, וואַקסט אין ענגשאַפֿט, וואַקסט אין דער פֿינצטער!"

פּרץ האָט געזען אין דער טיף. ער איז נאָך נישט געקומען צום געדאַנק, אַז מיר קענען טון אויף אונדזער אופֿן, דאָס וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געטון מיט דער ייִדישקייט־ירושה. ס'איז נאָך געווען צו פֿרי. און אפֿשר איז נאָך איצט אויך צו פֿרי ווייל דער מאָדערנער ייִד פֿון אונדזער דור איז אַזוי שוואַך, ווי אין דעם דור פֿון פּרץ:

„דער מאָדערנער מענטש טויג לחלוטין נישט צו קיין מלחמה, פֿאַסט לחלוטין נישט אין דער אַרמיי, אַפֿילו נישט אין דער נאַציאָן אַריין, ווי ווייט די נאַציאָן פֿאַרלאַנגט אַרבעט און אָפּפֿער" (די אַלע ציטאַטן זענען גענומען פֿון „אין מיין ווינקעלע", באַנד 13, געקליבענע ווערק פֿון י. ל. פּרץ, אַרויסגעגעבן פֿון פֿאַרלאַג אידיש, ניו־יאָרק, תר״פּ).

יאָ, גייען צוריק אין שול אַריין און ווערן אויס קריטיש, צוריק איינ־שלעפערן זיך, איז נישט דער וועג צום ייִדישן רענעסאַנס. זאָלן די וואָס ווערן צוריק פרום גיין געזונטערהייט. מיר קענען נישט האָבן קיין טענות צו פרום־געוואָרענע ייִדן. אָבער פאַר נישט פרומע ייִדן איז דאָס אַנטלויפן צוריק אין שול זעלבסט־אָפּנאַרעריי.

## ד.

אונדזער גאָט־זוכעניש מיינט רעוווידירן ייִדישקייט. רעוווידירן ייִדישקייט אין תוך, גיין ביזן יסוד און נישט מורא האָבן. רעוווידירן ייִדישקייט מיינט איבערנעמען די גאַנצע ירושה און מאַכן זי אייגנס. נעמען די פּרושימשע ייִדישקייט, וואָס מיט איר, און אין איר, האָבן מיר געלעבט ביזן היינטיקן טאָג, און זען זי מאַכן ווירקזאַם אויך אין דער איצטיקער ראַציאָנאַלער און מאַטעריאַליסטישער ציוויליזאַציע. מיר דאַרפן זיך אָפּגעבן אַ דין־וחשבון: האָט ייִדישקייט גענוג סאָציאַלע און עטישע ווערטן, אַז זי זאָל זיין אויך ווירקזאַם פאַר אונדז? האָט אין זיך ייִדישקייט גענוג וויטאַלי־טעט, אַז מיר זאָלן קענען לעבן ווי אַ באַזונדערע גרופּע צווישן פעלקער, ווו מיר זענען צעשפּרייט? האָט נאָך ייִדישקייט גענוג כוח צו שאַפן אַ לעבנס־שטייגער, וואָס זאָל פאַרקערפּערן, אין סימבאָלישע ריטואַלן, וועלט־דערלייזונג און יחידישן גליק? איז פאַראַן אויך פאַר אונדז, וואָס קוקן אויף ייִדישקייט פון אַ קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט אַ פאַרוואָס צו טראָגן דעם שווער־זיסן יאָך פון ייִדישקייט, וואָס זאָל אַרומנעמען דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן?

דאָ גייט נישט אין רעפאָרמירן ייִדישקייט, נאָר אין וויטערדיקער אַנטוויקלונג. די גרינדער פון ייִדישקייט האָבן אַלעמאָל געהאַלטן אַז ייִדישקייט איז אַ לעבעדיקער וועזן נישט צוגעבונדן צו לאָקאַלע אינסטיטוציעס אָדער ריטואַלן.

די גרעסטע רעפאָרמאַטאָרן פון ייִדישקייט זענען געווען די פּרושים. פון אַ קליינער חברותא, וואָס האָט לכתחילה זיך פאַרבונדן צווישן זיך אפשר בלויז צו אָפּהיטן די דינים פון טומאה און טהרה (זע לואיס פינקל־שטיין, „פּרושים“, חלק ב׳, ז׳ 606. ענגליש), זענען די פּרושים געוואָרן די טאָן־געבער פון ייִדישן לעבן פון זייער צייט און אָוועקגעלייגט זייער חותם אויף דעם ייִדישן געדאַנקען־גאַנג ביזן היינטיקן טאָג.

ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט? פּשוט, ווייל די פּרושים זענען געווען די איינציקע צווישן די ייִדישע פּאַרטייען פון יענער צייט, וואָס האָבן איינגע־שטעלט אַ ווייט־גייענדיקן פּרינציפּ, נעמלעך: די תורה איז געגעבן געוואָרן פון אַ לעבעדיקן גאָט, וואָס איז דער מקור פון גוטסקייט, גערעכטיקייט און חכמה. דערפאַר קען די תורה נישט האָבן אַזעלכע דינים און געזעצן וואָס זאָלן נישט זיין צוגעפּאַסט צו דער צייט און צו די תנאים פון דער תקופה (יוסף קלוזנער, „היסטוריה הבית השני״, כרך ג׳, ז׳ 136).

די פּרושים האָבן דערפאַר געוואָגט איינצופירן זאַכן, וואָס זענען אָפּט געווען קעגן פּראָסטן טייטש פון פּסוק. אַ ביישפּיל פון ליכט־בענטשן. די צדוקים האָבן געטייטשט דעם פּסוק „לא תבערו אש בכל משבתיכם ביום השבת״ (שמות ל״ה, ג), איר זאָלט נישט ברענען קיין פייער אין אַלע אייערע וווינערטער אין דעם טאָג פון שבת, פּשוט כמשמעו. אַ ייִד טאָר נישט האָבן קיין פייער ברענען אום שבת. מען דאַרף זיצן אין דער פינצ־טער. די פּרושים האָבן אָבער געטייטשט „לא תבערו״, איר זאָלט נישט אָנצינדן קיין פייער אין דעם טאָג פון שבת. אָבער לאָזן פייער פון ערב־שבת אויף שבת מעג מען יאָ. נייך, נישט נאָר מען מעג עס טון, כדי מען זאָל נישט דאַרפן זיצן אין דער פינצטער ווי פּראַים, נאָר ס׳איז אַ מצווה אָנצוצינדן ליכט ערב־שבת. און נישט נאָר אָנצוצינדן די ליכט, נאָר מען דאַרף אויף זיי אַ ברכה מאַכן. אַזוי איז אויפגעקומען דער שיינער מנהג פון ליכט־בענטשן.

פון שטאַנדפּונקט פון אַנטוויקלונג איז פאַראַן אַ זין און שעפערישקייט און טיפע אמתע ייִדישקייט אין אַן עונג־שבת, וואָס ווערט געפּראַוועט אין אַ ייִדישער וועלטלעכער שול. אַוודאי פאַרלעצט מען דאָרט אַ סך דינים פון שבת, לויטן אַלטן איינשטעל. אָבער וויבאַלד אַז אין דער ייִדישער וועלטלעכער שול לייענט מען פון דער פרשה פון וואָך אויף ייִדיש און העברעאיש און מען טייטשט זי אויס. מען זינגט שבת־לידער — אַלטע און נייע, מען זינגט און מען רעציטירט נישט נאָר תפילות פון סידור, נאָר אויך פון דער שפּעטערדיקער ליטעראַטור. מען האָט אַ בשותפותדיקן מאָלצייט און מען רעדט תורה — אין ברייטן זין — דאָס איז שעפע־רישקייט! דאָס איז אַן אָנהויב פון שאַפן אַ נייעם נוסח. דאָס איז אַ צוגאַנג צו ייִדישקייט ווי צו עפּעס וואָס לעבט, צו עפּעס, וואָס האָט אויך אַ ווערט פאַר אונדז, נישט קיין אַנטלויפן צו אַ פאַרשטיינערטן, פאַרגליווערטן אַלטן

ריטואַל, וואָס מיר פאַרשווערכן אים סיי־ווי־סיי, ווען מיר פאַרלאָזן די פיר ווענט פון בית־מדרש.

מער נישט, אַן עונג־שבת איינמאָל אין דריי וואָכן אָדער אַפילו אַלע וואָך איז ווייניק. מיר דאַרפן לערנען מיטן עולם און מיט זיך אַליין, אַריינצוגעמען אַלץ מער און מער פון ייִדישן פאַרמאָגן לעבן, עס איבער־קאָכן און מאַכן פאַר אייגנס. מיר דאַרפן צוריק איינשטעלן, אַז אַ חוץ מצוות־עשׂהס זענען דאָ אויך לאַ־תעשׂהס. די לאַ־תעשׂהס זענען אפשר אַזוי וויכטיק, און איך מיין נאָך וויכטיקער, ווי מצוות־עשׂהס. ביז איצט איז ביי אונדז געווען, אַז דאָס וואָס מען מעג, מעג מען דאָך, און דאָס וואָס מען טאָר נישט, מעג מען אויך, אַ פרייער מענטש טאָר נישט זיין געבונדן.

עס דאַרף צוריק אָוועקגעלייגט ווערן דער יסוד פון אַ ייִדישער פי־לאָסאָפיע, וואָס זאָל באַגרינדן דעם פאַקט, אַז ייִדישקייט איז מער ווי אַ רעליגיע און מער ווי נאַציאָנאַליזם.

ייִדישקייט איז אַלעמאָל געווען רעליגיע, פאָלק, פאָלקס־לעבן, וועלט־אידעאַל, נאַציאָנאַלער אויפלעב און על־כולם דאָס געבאָט צו לעבן אַנדערש: צו הייליקן דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן מיט גאָטס קדושה — דער קדושה־אידעאַל פון דער וועלט.

ייִדישקייט מיינט שטעלן זיך קעגן דער וועלט. שטעלן זיך קעגן גראָבן מאַטעריאַליזם, שטעלן זיך קעגן מעכאַנישער וועלט־דערלייזונג, קעגן אינסטיטוציאָנעלער וועלט־דערלייזונג.

ייִדישקייט מיינט פאָלקס־דערלייזונג, וועלט־דערלייזונג, יחידישער גליק פון טאָג־טעגלעך לעבן; קדושה פון לעבן, קדושה פון מענטשן און איז מחייב יעדן ייִדן צו לעבן אַ הייליק לעבן, אַ מענטשלעך לעבן, אַ ריין לעבן.

אָבער נישט אין אַבסטראַקציע. נישט בלויז רעדן פון אידעאַלן, נאָר לעבן אידעאַל.

יאָ, לעבן אידעאַל, לעבן אַן אייגנאַרטיקן לעבן, נישט פאַרשלונגען ווערן פון תאוות, און נאָך ערגער פון תאווהלעך, און נישט אונטערגעבן זיך אינגאַנצן צו אומשטענדן. אויב נויטיק צופּאַסן אומשטענדן צו גייסטיקע און עטישע ווערטן.

אַזאַ ייִדישקייט האָט אַ פאַרוואָס. פאַר אַזאַ ייִדישקייט איז ווערט צו ליידן און ווערט צו קעמפן.

**אָבער אָננעמען אַזאַ ייִדישקייט מיינט נישט אַ צוריקקער צו דער אַלטער ייִדישקייט, וואָס פֿאַר אונדז איז זי פֿאַרגליווערט און וואָס איר חיצוניתדיקע פֿאָרמאַליטעטן זענען פֿאַר אונדז זינלאָז.**

**צוריקקערן זיך בלינד צו דער אַלטער ייִדישקייט מיינט פֿאַרשטאָפּן אונדזערע אַלע שעפּערישע קוואַלן.**

**צוריקקערן זיך אַהין אָן אמונה, נאָר צוליב קיום, מיינט פֿאַר אונדז שטום צו ווערן, אַנטלויפֿן פֿון זיך אַליין. אָבער ייִדישקייט, וואָס איז ווערט מען זאָל פֿאַר איר קעמפֿן און ליידן איז אַ לעבעדיקע ייִדישקייט, וואָס אַנטוויקלט זיך און וואָס האָט אַ זין אין אַלע סיטואַציעס און אין אַלע אומשטענדן.**

ניין, נישט קיין צוריקקער צו אַלטער ייִדישקייט, אויך נישט קיין קאַמף מיט איר, נאָר אַנטוויקלען אַן אייגענעם דרך, זוכן אַן אייגענעם וועג אויף אונדזער אייגענעם שטייגער.

**דאָס מיינט גאָט־זוכעניש פֿאַרן מאָדערנעם מענטשן. דאָס מיינט זוכן דעם מאור־היהדות — דאָס ליכט פֿון ייִדישקייט.**

# יידישיזם וואוהין?

## א.

דער ייִדישיסטישער סעקטאָר ביי אונדז אין אַמעריקע איז דער פאַר־וואָרלאָזסטער פון וועלכן ס'איז אַנדערן סעקטאָר.

די פרומע האָבן בתי־מדרשים און שולן, תלמוד־תורהס און ישיבות, אַ רבנים־סעמינאַר און אַפילו אַן אוניווערסיטעט. זיי פאַרמאָגן פונקציאָנערן: שמשים, חזנים, מגידים, לערער, פרינציפּאַלן, ראשי־ישיבות, רבנים, משגיחים און פּראָפעסאָרן. די פונקציאָנערן זענען דאָס די אָנפירער און וועגווייזער פון אָרטאָדאָקסישן לעבן, אָדער דאַרפן עס זיין. זיי ראַנגלען זיך מיט דער סביבה און באַקעמפן זי. נישט אַלע זענען קעמפער. די גרעסטע מערהייט גיט נאָך און היט דאָס שטיקל ברויט. אָבער דאָ און דאָרט זענען פאַראַן עקשנים, וואָס פּרוּוון דורכברעכן די ווענט פון גלייכ־גילטיקייט און גראָבן מאַטעריאַליזם און אַמאָל געלינגט עס זיי. לכל־הפּחות פירט די פרומע אינטעליגענץ אַ ייִדיש לעבן און זי קומט אין באַרירונג מיט דעם פרומען עולם. דער רב, דער ראש־ישיבה, דער למדן, דער פּראָפעסאָר קומט אין בית־מדרש דאַווענען, פירט אָן מיט אַ שיעור, ווו מען פּאָדערט עס. ווילן פירן דעם ייִדישן עולם אויפן פרומען וועג. אַוודאי ווערט די גרעסטע מערהייט פון די פונקציאָנערן געפירט פון דעם עולם, וואָס איז דאָ אין אַמעריקע, זייער ווייט פון אמתן ייִדישן דרך. מען מוז אָבער צוגעבן, אַז אין די לעצטע פופצן יאָר איז דאָ אין פרומען סעקטאָר אַ באַוווּסטזיניקער פּרוּוו צוצופּאַסן די סביבה צו דער אַלטער תורה, און אומבאַוווּסטזיניק פּאַסט זיך צו די אַלטע תורה צו דער סביבה.

דאָס זעלביקע קען מען זאָגן וועגן רעפאָרם־ייִדישקייט אין אַלע אירע שאַטירונגען. אויך די רעפאָרמערס פאַרמאָגן אָרגאַניזאַציעס, פונקציאָנערן,

האָבן אַ פילאָסאָפיע, אַ שיטה און האַלטן זיך ביי אַ געוויסן דרך אין ייִדישקייט. דאָס איז חל הן אויף די אולטראַ־רעפאָרמער, הן אויף די מעסיקע און אויך אויף די קאָנסערוואַטיוון און רעקאָנסטרוקציאָניסטן. די לעצטע צוויי לייקענען, אַז זיי זענען רעפאָרמערס, אָבער בעצם, אין גרונט, זענען זיי אַ טייל פון רעפאָרם־ייִדישקייט.

די רעפאָרם־אינטעליגענץ איז אויך פאַרבונדן מיט איר פאָלק — מיט די רייכערע קלאַסן, וואָס זוכן אַ גרינגע און באַקוועמע ייִדישקייט און באַאיינפלוסן צופיל זייערע פונקציאָנערן און אינטעליגענץ. אָבער אויך ביי זיי זענען דאָ און דאָרט פאַראַן יחידים, וואָס שטעלן זיך קעגן זייער סביבה. אין די אַקאַדעמישע קרייזן ביי די רעפאָרמערס, אין די פאַר־קולטעטן פון זייערע העכערע אַנשטאַלטן, אין זייערע צייטשריפטן, אין זייערע זאַמלביכער דעבאַטירט מען וועגן מהות פון ייִדישקייט. די אינ־טעליגענץ פאָרשט, זוכט, גריבלט זיך, האָט ספקות און קומט אַפילו צו פרומער אַפּיקורסישקייט. דאָס טעאָרעטישע זוכן, דאָס גריבלען זיך הייבט אָן מער און מער באַאיינפלוסן די פּראַקטישע אַרבעט פון די טוער אין די טעמפּלען און צענטערס. רעפאָרם־ייִדישקייט איז איצט מי־יודע מער ייִדיש ווי זי איז עס געווען אַפילו צוריק מיט צוואַנציק יאָר.

אָבער דער ייִדישער וועלטלעכער סעקטאָר איז דער איינציקער, וואָס איז „כצאן בלי רועה ואין אדון" — ווי שאָף אָן אַ פּאַסטוך און נישטאָ קיין האַר — נישטאָ קיין פירערשאַפט און נישטאָ קיין אויטאָריטעט. מיר האָבן נישט קיין פונקציאָנערן, מיר האָבן נישט קיין אַקאַדעמישע קרייזן, נישטאָ קיין העכערע אַנשטאַלטן, נישטאָ קיין ערנסטע ייִדישע טעאָרעטישע צייטשריפטן, נישטאָ קיין פרומקייט, נישטאָ קיין אפּיקורסישקייט און נישטאָ קיין שיטה.

מען רעדט און מען שרייבט ביי אונדז גאָר אַ סך וועגן ייִדישער קולטור, פאָלקס־לעבן, פאָלקס־שאַפונג, יורשים פון אייראָפּעאישן ייִדנ־טום — אָבער ס'איז נישטאָ קיין טעאָרעטישע באַגרינדונג, נישטאָ קיין שיטה בנוגע פאָלקס־לעבן, וואָס יאָ אָננעמען און וואָס נישט אָננעמען. וויבאַלד ס'איז אַזוי, איז שוין במילא נישטאָ קיין גרופּעס, וואָס זאָלן מאַכן אַ פּרווו צו קאָנקרעטיזירן דאָס אַבסטראַקטע פאָלקס־לעבן. עס פעלט אַפילו דער עיקר — בתי־מדרשים, בתי־כנסיות, ווו צו עקספּערימענטירן; און מיר האָבן נישט געשאַפן און קיינמאָל נישט געטראַכט צו שאַפן העכערע אַנשטאַלטן צו דערציִען פונקציאָנערן. מיר האָבן אַרויפגעוואָרפן דעם

מאַנטל פון פירערשאַפט אויף די אַקסלען פון דעם פאָלקסשול־לערער. ער איז געוואָרן אונדזער רב, שמש, מגיד, חזן און פּראַקטישער טעאָרע־טיקער!

די פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ, די שאַטנס פון פונקציאָנערן, וואָס דער ייִדישיסטישער וועלטלעכער סעקטאָר פאַרמאָגט, זענען די ייִדישע שרייבער. אָבער דער ייִדישער שרייבער, וואָס רעדט דורך זיין צייטונג צו צענדליקער טויזנטער ייִדן, איז באמת דער דערוווייטערטסטער, דער איזאָלירטסטער פירער, וואָס קומט זעלטן אין באַרירונג מיטן פאָלק. דער ייִדישער שרייבער רעדט אין זיין שרייבן צו אַן אַבסטראַקטן פאָלק; ער וואָס איז ביי אונדז דער מאָדערנער מגיד, רעדט אָפט צו אַן עולם ייִדן, האַלט אַ לעקציע, אָבער זיין רעדן, זיין שרייבן איז נישט צוגעבונדן צו אַ לעבנסשטייגער, צו אַן איינגעשטעלטן נוסח פון אַ לעבן, אָדער צו אַ נוסח, וואָס ער וויל איינשטעלן. דער ייִדישער שרייבער, ווי זיין עולם, האָט נישט קיין בית־מדרש, קיין קהילה, קיין גרופּע ייִדן, וואָס מיט זיי קומט ער זיך צוזאַמען אין באַשטימטע שעהן פון טאָג אָדער אין באַ־שטימטע טעג פון וואָך דורכצופירן געוויסע ריטואַלן, צערעמאָניעס אָדער ימים־טובים־פייערונגען, וואָס זענען נאָכן לוח נאָך פאָראויס באַשטימט. ווען דער ייִדישער שרייבער קומט זיך צונויף מיט אַ ייִדישן עולם אויף אַ יום־טוב, איז עס נישט קיין איינגעשטעלטער יום־טוב, מיט אַ פאַרטיקן נוסח. ס'איז בכלל קיין יום־טוב נישט, נאָר אַ פייערונג, אַ פאָרשטעלונג אין וואָס דער עולם נעמט נישט קיין אָנטייל. ער איז אַ פּאַסיווער צוקוקער. דער שרייבער איז דער אונטערהאַלטער, דער פאַרוויילער, די „קראַפט״.

די ירידה פון ייִדיש־וועלטלעכן סעקטאָר שפּיגלט זיך אָפּ צום בולטסטן אין ייִדישן שול־וועזן. דער פּראָצענט ייִדישע קינדער וואָס לערנט בכלל אין וועלכן ס'איז ייִדישן דערציִאונג־אַנשטאַלט, דערגרייכט אפשר דרייסיק פּראָצענט. די קינדער אין די ייִדישיסטישע שולן באַ־טרעפט עפּעס ווייניקער ווי פינף פּראָצענט פון דער צאָל ייִדישע קינדער, וואָס באַזוכן אַ ייִדישע שול. אָבער דאָס גיט נישט דאָס גאַנצע בילד. עס זענען פאַראַן תלמוד־תורהס, ישיבות, רעליגיעזע און העברעאיסטישע טאָגשולן מיט צענדליקער לערער. עס עקזיסטירט אין ניו־יאָרק אַן אָר־גאַניזאַציע פון העברעאישע פּרינציפּאַלן, אגודת המנהלים. דער ייִדישיס־טישער שולוועזן באַשטייט באמת פון חדרים — אַ חדר־שול מיט איין לערער. עס זענען אפשר, איך זאָג אפשר, פאַראַן אין ניו־יאָרק נישט מער

ווי פיר, פינף געציילטע ייִדישיסטישע שולן, וואָס האָבן צוויי לערער; צוויי שולן, וואָס האָבן דריי לערער.

דאָס איז נאָך נישט אַלץ. אין גאַנץ ניו־יאָרק, אין אַ שטאָט פון קרוב צוויי און אַ האַלב מיליאָן ייִדן, וואָס פאַרמאָגט צוויי גרויסע טעגלעכע ייִדישע צייטונגען און אַ דריטע, אַ קליינע, זענען דאָ נישט מער ווי אַרום צוויי הונדערט און פופציק קינדער, וואָס באַזוכן אַ ייִדישיסטישע מיטלשול. אַנדערע זאָגן, אַז נאָך ווייניקער.

וואָס איז דער ווונדער? דער ייִדישער שרייבער און דער ייִדישיסטישער אינטעליגענט בכלל האָט ווייניק וואָס געטון פאַר דער ייִדישער דערציאונג. ס׳איז אַ פאַקט, אַז אין די פאַרוואַלטונגען פון אַלע טיפּן ייִדישיסטישע שולן געפינט זיך נישט קיין איינציקער ייִדישער שרייבער. דאָס איז נישט קיין ענין פון כלל־טועריי, דער שרייבער זאָל ווערן אַ טוער אָדער אויפטוער, שאַפן פאָנדן און אָרגאַניזירן שולן. דאָ איז גאָר אַ פּשוטע פראַגע פון געהערן, צו זיין אַ מיטגליד אין דער איינציקער ייִדי־שיסטישער אינסטיטוציע, וואָס האָט עפּעס אַן ענלעכקייט צום אַמאָליקן בית־מדרש.

די ייִדישיסטישע קינדער־שולן זענען נישט בלויז שולעס, ווו קינדער קריגן אַן עלעמענטאַרע ייִדישע דערציאונג. זיי זענען מיניאַטור בתי־מדרשים, ווו דאָס פאָלק מאַטערט זיך צו געפינען אַן אופן ווי אויפצוצונע־מען שבת, ראַנגלט זיך מיט ימים־טובים, מיטן ייִדישן לעבנשטייגער און זוכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור אַ זין פאַר ייִדישער עקסיסטענץ.

די פאַרוואַלטונגען פון די שולן האָבן יאָרן־לאַנג זיך אָריענטירט אויף דער ייִדישער ליטעראַטור. דעם ייִדישן שבת, דעם ייִדישן יום־טוב, די ייִדישע טרויער־טעג האָבן זיי פאַרביטן אויף ליטעראַרישע פייערונגען. קיין יום־טוב אָדער שבת האָט מען נישט אָפּגעהיט. דאָס איז דאָך גע־ווען רעאַקציע. קיין סוכה האָט מען נישט אויפגעשטעלט. דאָס וואָלט דאָך געווען אבערגלויבן. אָבער מען האָט פאָרגעלייענט דערציילונגען, וואָס גלאָריפיצירן שבת און יום־טוב. מען האָט דעקלאַמירט לידער, וואָס באַ־זינגען דעם סכך און די סימבאָלישקייט פון דער סוכה. מען האָט געפייערט דאָס דערשיינען פון אַ בוך, און מען האָט אָפּגעהיט דעם יאָרצייט פון אַ שרייבער, אַ געבוירן־טאָג אָדער יובליי. אַזוי האָט מען זיך געפירט יאָרן. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער מאָגערער צערעמאָניאַל איז ווייניק. מען האָט זיך אויך אַרומגעזען, אַז די ייִדישע ליטעראַטור האָט

נישט קיין כוח איינצוהאַלטן אַרום זיך דעם אַלטן דור און אוודאי האָט זי נישט קיין כוח צוציִען דעם יונגן דור. דער ייִדישער ליטעראַטור פעלט דער הלכה־עלעמענט. נישט זי קען און אפשר האָט זי קיינמאָל גאָרנישט געוואָלט ווערן די וועגווייזערין אין ייִדישן לעבן.

מען באַשולדיקט אונדז, און מיר אַליין באַשולדיקן זיך, אַז אונדזערע קינדער זענען אַוועק פון אונדז. ס׳איז נישט אמת — זיי זענען קיינמאָל נישט געווען מיט אונדז! מיר האָבן דאָך קיינמאָל נישט אויפגעבויט פאַר זיי וועלכע ס׳איז גייסטיקע היים. מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אַלטן בית־מדרש און נישט אויפגעבויט קיין נייעם. מיר האָבן פאַרוואָרפן דעם אַלטן צערעמאָניאַל און נישט געשאַפן קיין נייעם — אָדער איבערגעשאַפט דעם אַלטן. מיר אַליין האָבן געלעבט אויף שיריים. פאַר אונדז איז שיריים געווען גענוג. מיר האָבן דאָך אַריינגעזאַפּט די אַלטע ייִדישקייט, האָבן מיר געהאַט צו וואָס צו בענקען. אָבער דער יונגער דור האָט געקראָגן אַן אָפּגעצערט גייסטיק לעבן, אַ ייִדישקייט, וואָס קען נישט באַגייסטערן, וואָס האָט זיך נישט פאַרמאָסטן צו ווערן אַ וועלט־דערלייזערין. מיר האָבן זיי געגעבן אַ ייִדישקייט, ווו טוביה דער מילכיקער פאַרנעמט דעם אָרט פון רבונו־של־עולם, ווו אַ ליד וועגן סוכות פאַרנעמט דעם אָרט פון סוכות. אַ דערציילונג וועגן שבת איז געוואָרן דער שבת. מיר האָבן גערעדט וועגן חסידישער התלהבות, אָבער מיר האָבן זיך געהיט נישט צו לערנען, אַז מען דאַרף לעבן מיט חסידישן ברען און מסירת־נפש. מען האָט אַלץ גערעדט וועגן אַ מאָלצייט און קיין געריכטן האָט מען נישט סערווירט. אונדזערע קינדער האָבן קיינמאָל נישט געהאַט די געלעגנהייט איבערצולעבן דעם עקסטאַז פון כל־נדרי, דעם פּחד פון נעילה, די פייערלעכקייט פון אַ סדר, די שטילע רו און גליק פון אַ שבת, דעם טרויער פון שבת־פאַרנאַכט און די פרייד פון פורים און שמחת־תורה, ווי מיר האָבן עס איבערגעלעבט.

דערפאַר איז בכלל קיין פראַגע נישט צי די ייִדישע וועלטלעכע שולן זענען אַ דערפאָלג צי נישט. די טעאָרעטיקער און פירער פון די שולן האָבן קיינמאָל נישט געשטעלט קיין ציל פאַר זיך, וואָס פאַר אַ ייִדיש לעבן זיי וואָלטן געוואָלט איינפירן — איז ווי אַזוי קען מען רעדן פון דערפאָלג אָדער מיסדערפאָלג?

אַ סך פון די טוער אַרום די וועלטלעכע שולן, די טוער וואָס האָבן זיך פאַרבענקט נאָך רעליגיעזע איבערלעבונגען, אָדער וואָס האָבן נישט

געקענט פאַרטראָגן די וואָכעדיקייט אין דער סעקולאַר־וועלט, זענען אַוועק אין די פרומע שולן און בתי־מדרשים. געוואָרן גוטע מיטגלידער אין די צענטערס און טעמפּלען. אין די רייען פון די וועלטלעכע ייִדישיסטן האָט מען אויך אָנגעהויבן זוכן אַ וועג צו הלכה־ייִדישקייט. אָבער די אינטע־ליגענץ אונדזערע איז געבליבן שטיין פון דער ווייטן. די מערסטע ייִדישע שרייבער ווייסן נישט על־פּי־רוב, וואָס עס טוט זיך אין די שולעכלעך, וואָס זענען צעשפּרייט איבער ניו־יאָרק אין קראָמען, אויבערשטיבלעך און קעלערס. עס איז פּאַטעטיש צוצוזען די מאָטערנישן פאַר יעדן יום־טוב אָדער אַפילו פאַר יעדן עונג־שבת, וואָס די טוער גייען דורך. עס פעלן באַלעבאַטים לומדים. עס זענען נישטאָ קיין פונקציאָנערן: רבנים, חזנים און מגידים. עס זענען נישטאָ קיין קאָנאָניזירטע טעקסטן. אַלץ פאַלט אויף די פּלייצעס פון פאָלקסשול־לערער. ער האָט נישט וווהין צו ווענדן זיך נאָך אינפאָרמאַציע, צו ווענדן אַ קער זיך טון צו פרעגן אַן עצה. ער אַליין דאַרף אָפט מאַכן אימפּראָוויזירטע איבערזעצונגען פון אַלטע תפילות, פון אַלטע טעקסטן. זיי זענען נישטאָ אויף ייִדיש. אַ גליק איז נאָך, וואָס ס'איז דאָ יהואשעס תנ״ך־איבערזעצונג.

ב.

עס הייבט זיך אָן אַרויסשיילן אַ ייִדישער נוסח אַרום די ייִדישיסטישע שולן. יעדע שול איז געוואָרן אַ מין שטיבל פאַר חסידי־ייִדיש, וואָס ווילן זיך אומקערן צו הלכה־ייִדישקייט. עס גייט אָן אַ ראַנגלעניש צווישן די טוער. אין תוך איז עס אַ טעאָרעטישע ראַנגלעניש, אָבער עס פעלט די טעאָרעטישע פאַרטיפונג, ווייל די אינטעליגענץ באַטייליקט זיך נישט אין אָט דער זוכעניש. ס'איז באמת אַ קאַמף, אָדער בעסער, אַ זוכעניש, וואָס דאָס פאָלק אַליין זוכט אַ וועג און ווייסט אָפט נישט אַפילו וווהין דער וועג דאַרף פירן.

ביז נישט לאַנג צוריק האָט דער ייִדישער וועלטלעכער עולם גע־האַלטן, ווי די משכילים און די טעאָרעטיקער פון סאָציאַליזם האָבן אים געלערנט, אַז די גאַנצע הלכה־ירושה איז פאַרעלטערט און אָפּגעלעבט, איז רעאַקציאָנער און האָט נישט קיין שום ווערט פאַר דעם מאָדערנעם מענטשן. די דיסציפּלין פון הלכה איז שעדלעך, פּענטעט דעם מאָדערנעם מענטשן און לאָזט אים נישט זיך צו פאַרלאָזן אויף אייגענע כוחות. אַ מענטש דאַרף

זיין פריי און דער יצר־הרע איז אַ גרויסער קאָנסטרוקטיווער כוח. ייִדיש־קייט איז נישט בעסער און נישט ערגער פון אַלע אַנדערע רעליגיעס און עס דאַרף נישט שפּילן קיין ראָלע אין פאָלקס־לעבן.

דער גרעסטער טייל וועלטלעכע ייִדן, וואָס שטייען אַרום די ייִדי־שע שולן, האָבן אָבער אינסטינקטיוו דערפילט, אַז אין אַ ייִדיש לעבן, אויסגעליידיקט אינגאַנצן פון הלכה־ייִדישקייט, איז נישטאָ קיין אָרט אַפילו פאַר נאָכמיטאָג־שולן. אָבער זיי אַליין האָבן נאָך מורא פאַר הלכה־ייִדיש־קייט. אַלעמאָל בלייבט אַ פאַרעקשנט רעשטל, קאָנסערוואַטיווע מענטשן, וואָס האַלטן זיך ביים אַלטן (און דאָ איז עס אַלטע אַפּיקורסישקייט). ראַנגלט מען זיך מיט זיי און מיט זיך: מעג מען רויכערן אין צייט פון עונג־שבת? זאָל מען אַפּלאָדירן? פאַרוואָס נישט אָנטון דאָס היטל, ווען מען מאַכט קידוש? יאָ, אַ טייל פון דער סדרה פון וואָך לייענט מען אויף ייִדיש, אָבער אפשר לייענען אַ פּאָר פּסוקים אין לשון־קודש און מיט דעם טראָפּ? פאַרוואָס נישט כאָטש אַ טייל פון אמתן קבלת־שבת?

אָפּט דוכט זיך, אַז דאָס זענען אַלץ קינדערייען, נאַרישקייטן. אָבער דאָס איז בעצם אַ זוכן אַן אייגענעם וועג אין ייִדישקייט. ס׳איז אַלץ בעסער, ווי אַ סך פון די ערנסטערע ייִדישע שרייבער האָבן אָנגעהויבן רופן צוריק אין שול אַריין, צוריק זיך צוטוליען צו אַלטער ייִדישקייט, און אָננעמען אָן שאלות וויפל מ׳קען נאָר דעם אַלטן „שולחן ערוך“, ווי ער שטייט און גייט.

די רעליגיעזע אָדער האַלב־רעליגיעזע אָדער די, וואָס האָבן זיך פאַר־בענקט נאָך אַלטער ייִדישקייט, זענען דאָך אַלץ איינס אַוועק. די, וואָס זענען געבליבן אין די וועלטלעכע רייען פילן אינסטינקטיוו, אַז אָן אמונה אין „שולחן ערוך“־ייִדישקייט און אָן הארץ, בלויז צוליב פּוסטקייט און לאַנגווייל קען מען צוריק נישט גיין אין שול אַריין. דאָס וויכטיקסטע איז, וואָס מיר זענען נישט געוואָרן צוריק רעליגיעז; די וועלט בכלל איז איצט גאָר ווייניק רעליגיעז אין אַלטן זין. צוריקגיין און אָננעמען דאָס אַלטע, ווי עס שטייט און גייט, קענען מיר נישט. מיר קענען נישט צוריק אָנטון דעם טלית, סיידן מיר זאָלן קענען אין דעם אַריינלייגן אַן אייגענעם מיין. פון די „צוריק אין שול“ רופער איז קיינער נישט געקומען מיט אַ נייער שיטה, מיט אַ סינטעז, וואָס קען אונדז אַקטיוויזירן. זיי פּרעדיקן צוריקגיין אין אַלטן בית־מדרש צוליב הילפלאָזיקייט און פּוסטקייט אָדער צוליב קיום־האומה, אָבער אַפילו בלויז צוליב קיום־האומה, אָן ייִדישן אידע־

אַל פון וועלט־דערלייזונג, קען מען זיך נישט צוריקקערן. אין יידישן וועלט־באַנעם איז קיום צוליב קיום קיינמאָל נישט געווען קיין ענין. אַזאַ צוריקקער קען נישט ברענגען קיין שעפערישקייט. די גרעסטע צאָל צווישן די יידישיסטן האַלטן נישט אַז דאָס איז אַ לייזונג. נישט זיי ווילן און נישט זיי קענען צוריק פרום ווערן און אָננעמען דעם אַלטן וועלט־באַנעם אָן קשיות.

צווישן די יידישע שרייבער און אינטעליגענטן זענען אויך פאַראַן גאָר אַ סך, וואָס האָבן זיך מייאש געווען פון גרויסע זאַכן און זיי שטעלן זיך איצט צופרידן מיט קלייניקייטן, וואָס וועלן פון זיך אַליין ווערן נאָך קלענער. זיי האָבן זיך אונטערגעגעבן, זיי האָבן שלום געמאַכט מיט די נייע אומשטענדן: מיט דער שטאַרקע ווירקונג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע און אויסערגעוויינלעכן נאַציאָנאַליסטישן דרוק פון מדינת־ישראל. אָט די יידישיסטן האַלטן: אַמאָל האָבן מיר געמיינט, אַז מיר קענען איינבעמען דאָס גאַנצע יידישע פאָלק. מיר זענען געווען זיכער, אַז מיר זענען בכוח איבערצובויען דאָס גאַנצע יידישע לעבן אויף סעקולאַרע יידישיסטישע יסודות, מיט דער יידישער ליטעראַטור, ווי דעם הויפּטזייל. איצט זעען מיר, אַז מיר האָבן געמאַכט אַ טעות. אין יידישן לעבן זענען מיר בלויז אַ מיעוט־שבמיעוט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר בלויז איין אַספּעקט, איין פּאַזע פון יידישן פאָלקס־גלויבן. אונדזער יידישיזם און אויך די יידישע ליטעראַטור איז נישט מער ווי אַ פועל־יוצא, אַ רעזולטאַט, אַ באַגלייט־פּראָדוקט (ביי־פּראָדוקט אין ענגליש) פון דעם אַלגעמיינעם יידישן לעבן. אונדזער יידישיסטישע עקסיסטענץ הענגט אָפּ פון דעם אַלגעמיינעם יידישן לעבן. וואָס מער אינטענסיווער ס׳איז דאָס פרומע לעבן אַרום אונדז, וואָס רייכער און פאַרשידנאַרטיקער עס איז, אַלץ מער וועט אַראָפּפאַלן פון זייער טיש פאַר אונדז און מיר וועלן געניסן עפּעס פון דעם. ווען ס׳זענען דאָ קהילות יידן, וואָס היטן אָפּ שבת, יום־טוב, גייען דריי מאָל אַ טאָג אין שול און דורך זייער קאָנקרעטיזירן פון יידישקייט מאַכן זיי דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן הייליק, קענען מיר, די באַרעדעוודיקע, אים באַזינגען אין ליד און באַשרייבן אין פּראָזע. מיר אַליין קענען אַפילו לעבן אַ נישט־יידישן לעבן, מיר אַליין קענען אַפילו נישט זיין קיין אַקטיווע שעפער פון יידיש לעבן, אָבער מיר קענען זיין דאָס צינגל אין גלאָק פון יידישקייט און עס אויסקלינגען און אויסזינגען פאַר דער וועלט. טייל פון שרייבער האַלטן, אַז מיר, די וועלטלעכע יידישיסטישע יידן, זענען נישט בכוח צו

שאַפֿן אַן אייגנאַרטיק ייִדיש לעבן. דער בעסטער באַווייז איז סאָוועט־רוסלאַנד. ווען דאָרט איז געוואָרן סעקולאַרער ייִדישיזם דער מלך־בכיפה — דער אַבסאָלוטער הערשער, איז אין געציילטע יאָרן ייִדיש לעבן געוואָרן אָפּגעצערט, ער איז געוואָרן אַלץ וויניקער און וויניקער אַ פֿאָלקס־ענין. שוין אין די דרייסיקער יאָרן איז ייִדישע ליטעראַטור געוואָרן דאָרט בלויז די גייסטיקע פֿאַרווײַלונג פֿון אַ גרופּע שרײַבער געשטיצט פֿון דער רעגי־רונג. ווען די סאָוועטישע רעגירונג האָט אומגעבראַכט די ייִדישע ליטע־ראַטור, האָט זי געטויט אַ טויט וועזן.

כל־זמן ס׳איז דאָ אַ פֿול־בלוטיק ייִדיש לעבן מאַכט עס נישט אויס, וואָס דער סעקולאַרער סעקטאָר און די ייִדישע ליטעראַטור זענען אויף קעסט ביי כלל־ישראל. ייִדישע סעקולאַריסטן נייטיקן זיך נישט אין אַן אייגענער ייִדישער פֿילאָסאָפֿיע, אין אַן אייגענעם איינשטעל צו ייִדישקייט בנוגע פּרטים. די אַפּיקורסישקייט פֿון וועלטלעכן סעקטאָר איז זיין פֿי־לאָסאָפֿיע און זיין ייִדישער איינשטעל.

ווען ס׳איז דאָ אַ גאַנץ ייִדיש לעבן איז די אַפּיקורסישקייט פֿון וועלט־לעכן ייִדישן סעקטאָר שעפֿעריש, ווייל ס׳איז אַ ייִדישע אַפּיקורסישקייט. זי האָט געווירקט פּאָזיטיוו אויף צוויי אופֿנים: זי האָט באַווירקט צו ערשט די ייִדישע אָרטאָדאָקסיע. די אָרטאָדאָקסיע האָט זיך געמוזט פֿאַרטיידיקן קעגן דעם סעקולאַריזם. אין איר פֿאַרטיידיקונג האָט זי פֿאַרלוירן איר פֿאַרגליווערטקייט, זי איז געווען געצוווּנגען צו איבערשאַצן ווערטן און נישט ווילנדיק האָט זי זיך אָנגעהויבן צופּאַסן צו די נייע אומשטענדן. דאָס, וואָס די אָרטאָדאָקסיע איז געוואָרן מיליטאַנטיש און שעפֿעריש, האָט סעקולאַריזם גאָר אַ גרויסן חלק אין דעם.

וויכטיקער נאָך איז וואָס די ייִדישע ליטעראַטור, האָט באמת פֿאַר־נומען דעם אָרט פֿון מדרש אין ייִדישן לעבן. די ייִדישע ליטעראַטור האָט געלייגט געוויכט אויף דברים־שבלב. זי האָט איבערגענומען דעם נביאישן עלעמענט, וואָס האָט זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט ריטואַל, צערעמאָניאַל און אויסערלעכע פֿאָרמען. די ייִדישע ליטעראַטור איז גע־וואָרן די אגדה פֿון דער ייִדישער אמונה. מענדעלע מוכר ספֿרים׳ס „שלמה ר׳ חיימס״, פּרצעס „פֿאָלקסטימלעכע דערציילונגען״ און אַ טייל פֿון זיינע חסידישע מעשיות, שלום עליכמס „טוביה״, ה. לייוויקס „גולם״, „מהר״ם פֿון ראָטנבערג״, אַשעס „דאָס שטעטל״ און גאָר אַ גרויסער טייל פֿון דער ייִדישער פּאָעזיע זענען צום טייל געוואָרן, און מיט דער צייט וועלן זיי

ערשט ווערן, מאָדערנע מוסר־ספרים און מדרשים. די ייִדישע ליטעראַטור איז איצט אַ וויכטיקער צוגאָב צו דער ייִדישער הלכה. שפּעטער, ווען עס וועט אויף איר זיך לייגן די הייליקייט פון צייט, וועט זי ווערן נאָך מער וויכטיק.

ווען ס'איז דאָ אַ גאַנץ ייִדיש לעבן אַרום אונדז, זענען ייִדישע סעקולאַרע שולן אַ וויכטיקער צוגאָב צו ייִדישער דערציאונג. עס מאַכט נישט אויס אַפילו, ווען מען איז גלייכגילטיק אין די ייִדישע שולן צום ייִדישן שבת, צום ייִדישן יום־טוב, אָדער אַפילו ווען מען באַקעמפט מיט אַפּיקורסישקייט ייִדישע הלכה. ייִדישע אַפּיקורסישקייט איז אויך אַ פאָרמע פון ייִדישקייט און וויפל מען זאָל נישט וועלן אויסליידיקן ייִדישע שולן פון ייִדישן אינהאַלט, אויב ס'איז דאָ אַ ייִדישע סביבה, בלייבן די שולן ייִדיש. עס קען גאַנץ געמאָלט זיין, אַז אין אַ טיף רעליגיעזער סביבה זענען סעקולאַרע שולן אַ נויטווענדיקייט — אַ קעגן־כוח צו פאַרגליווערטער אָרטאָדאָקסיע. אַפּיקורסישקייט אין אַ ייִדישער סביבה האַלט שבת, אָבער קעמפט קעגן דעם אופן פון אָפּהיטן שבת. דאָס איז אַ ייִדישער קאַמף. ווען די טאַטעס פון דריי פערטל פון די קינדער, וואָס האָבן באַזוכט די אַפּיקורסישע סעקולאַרע שולן אין פוילן, האָבן געמאַכט אַ סוכה און געזעסן אין איר אַכט טעג, האָט מען געמעגט, און אפשר גענדאַרפט, קעמפן קעגן פאַרגליווערטן צערעמאָניאַל און שטעלן סוכות אויף דברים־שבלב. דער קאַמף האָט אַריינגעבראַכט נייע ניואַנסן, מנהגים און אינהאַלט אין יום־טוב.

אָבער ווען מיר סעקולאַרע ייִדן נעמען איבער דעם ייִדישן לעבן ווי אין סאָוועט־רוסלאַנד און ווי דאָס ייִדישע לעבן אין אַמעריקע איז געוואָרן סעקולאַריזירט, דעמאָלט ווערן סעקולאַרע שולן נישט קיין אַפּיקורסישע שולן נאָר פּשוט אויסגעליידיקטע פון וועלכן ס'איז ייִדישן אינהאַלט. ווען אין אַ ניו־יאָרקער מיטלשול איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אַנקעטע וויפל טאַטעס און מאַמעס פון די קינדער זענען געגאַנגען צו כל־נדרי, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַפילו קיין פינף פּראָצענט נישט פון די עלטערן האָבן נישט באַזוכט קיין שול צו כל־נדרי, דעמאָלט איז נישטאָ קיין זין צו שטעלן ייִדישקייט בלויז אויף דברים־שבלב (די אינפאָרמאַציע וועגן די צאָל טאַטעס, וואָס היטן אָפּ סוכות און יום־כפּור האָט מיר געגעבן דער פּעדאַגאָג ח. ש. קאַזדאַן).

גאָר באַלערנדיק איז וואָס אין די צישאָ־שולן האָט מען נישט גע־לערנט שבת — נאָר מען האָט געלערנט זונטיק. אין די ייִדיש־וועלטלעכע שולן אין ניו־יאָרק, וואָס זענען בלי־ערך פרומער און מער ייִדישלעך, ווי די צישאָ־שולן, לערנט מען נישט זונטיק. פּאַקטיש לערנט מען שבת, ווייל דער פּרייטיק ציט זיך דאָך אַריין אין שבת — און אין די מיטלשולן לערנט מען בלויז שבת און זונטיק.

זאָגן אַ סך ייִדישיסטישע אינטעלעקטואַלן, אַז איצט איז נישטאָ קיין אָרט אין ייִדישן לעבן פאַרן סעקולאַריזם — איבערהויפּט פאַר וועלטלעכע ייִדישיסטישע שולן. מיט דעם אויפקום פון מדינת־ישראל האָט ייִדישער סעקולאַריזם׳ געקריגן אַ תיקון אין אַ לאַנד. דאָ, אין די תפוצות, האָט וועלט־לעכער ייִדישיזם קיין זין נישט. מיר זענען נישט בכוח צו שאַפן אייגענע בתי־מדרשים, אַ גייסטיקע היים פאַרן יונגגן ייִדישן דור און אַפילו פאַר זיך. מיר זענען נישט בכוח איבערצונעמען דעם גאַנצן ייִדישן לעבן. מיר דאַרפן אויפגעבן דעם חלום פון איינגעמען און איבערנעמען ייִדיש לעבן און עס איבערבויען אויף די יסודות פון ייִדישער וועלטלעכקייט. מיר דאַרפן זיך באַנוגענען בלויז מיט צוגעבן נאָך אַ ניואַנס צום ייִדישן לעבן — דעם ניואַנס פון ייִדישיזם, פון ייִדישער ליטעראַטור. לאָמיר נישט פליִען צו הויך, לאָמיר זיך קאָנצענטרירן צו שאַפן גוטע ביכער, וויכטיקע ביכער. ייִדיש וועט לעבן כל־זמן עס וועט זיין אַן אָרטאָדאָקסישער פרומער לעבן. די ייִדישע ליטעראַטור וועט זיין דער בית־קיבול, דער ייִדישער לשון־אויסדרוק פון אָט דעם ייִדישן לעבן. וואָס רייכער דער גאַנצער פרומער, דער ייִדישער לעבן וועט זיין, אַלץ רייכער וועט זיין דער ייִדישער לשון און אַלץ טיפער וועט זיין די ייִדישע ליטעראַטור. אונדזער רעזערוואַר איז די פרומע ייִדישקייט, וואָס איר יסוד איז הלכה. רעליגיעזע ייִדישקייט אָדער רעפאָרם־ייִדישקייט וועט שוין פאַרזאָרגן דאָס ייִדישע פאָלק, זיי האָבן אַ דרך פאַרן יונגגן דור. מיר אָבער פאַרנעמען זיך בלויז מיט אגדה, וואָס איז אויך אַ גרויסער ענין. אגדה סטימולירט, וועקט און ווירקט, ווי אַ קאַ־טאַליטישער עלעמענט, מיר זענען די היווּן, וואָס מאַכט דעם גאַנצן טייג יוירן. ייִדישע ליטעראַטור איז ווי די אגדה אין אַלט ייִדישקייט, זי איז געווען טיילווייז פאַרווילונג, טיילווייז סטימול, טיילווייז מוסר און גע־וואַגטע נישט קאָנפאָרמיסטישע ספּעקולאַציע — אָבער קיינמאָל נישט קיין וועג־ווייזערין. זי האָט נישט פאַרלייקנט הלכה, אָבער זעלטן אַריין אין אירע גרענעצן.

דאָס איז דער וועג פון אַ סך ייִדישע שרייבער — די דעפעטיסטן, פון די, וואָס האַלטן זיך פאַר באַזיגטע — מיר קענען נישט פליִען, מיר טאָרן נישט פליִען הויך, מיר דאַרפן פאַרנעמען זיך בלויז מיט ייִדיש און ייִדישע ליטעראַטור.

ג.

אָבער אָפּגעבן דעם ייִדישן וועלטלעכן סעקטאָר אַזאַ נישט־תּוכיקע און נעבעכדיקע ראָלע — לעבן פון שיריים פון ייִדישקייט, מיינט אונטערשאַצן די שעפערישקייט פון ייִדישיזם און נישט באַנעמען די פּאָטענציעלע כּוחות, וואָס ליגן איינגעשלומערט ביי די ייִדיש־ריידנדיקע וועלטלעכע ייִדן.

דער ייִדיש־ריידנדיקער סעקטאָר האָט אַן אוממיטלבאַרע באַציאונג צו ייִדישקייט, וואָס עס פעלט ביי וועלכן ס׳איז אַנדער טייל פאָלק. אין פלוג דוכט זיך, אַז די ייִדישיסטן האָבן זיך אינגאַנצן באַפרייט פון ייִדישן יאָך. אָבער ס׳איז נישט אמת, אין זייער פרייקייט, וואָס גרענעצט זיך אָפּט מיט הפקרות, איז נישטאָ קיין אָפּגעפרעמדטקייט און אָפּגעריסנקייט פון כּלל־ישׂראל. פאַרקערט, זייער נישט אָפּהיטן קיין ייִדישע טראַדיציע איז אין תּוך דורך־און־דורך ייִדישלעך — ס׳איז דאָס אָפּוואַרפן פון איין פאָרמע פון ייִדישקייט און אָננעמען אַן אַנדער פאָרמע. קאָנקרעט: אַ ייִדיש־ריידנדיקער ייִד, וואָס האָט זיך באַפרייט פון אַ סך דאָגמעס, מצוות, סיגים און סיגים־לסיגים, האָט נישט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול ייִדישקייט. ער וויטיקט מיט ייִדישן צער, פרייט זיך מיט ייִדישן גליק. לעבט אין עבר פון דער ייִדישער געשיכטע און האָפט אויף אַ שיינער צוקונפט פון ייִדישן פאָלק. ער האָט אין דעם חלל, וואָס איז געבליבן נאָכן אָפּזאָגן זיך פון רעליגיעזער דאָגמע, נישט אַריינגעגאָסן קיין פרעמדן אינהאַלט, נאָר אַ ייִדישן רעוואָלטירנדיקן רעבעלירנדיקן גייסט. ער באַנוגנט זיך נישט מיט דאָגמע, ער וויל מער ווי דאָגמע. זיין גאַנצער עמאָציאָנעלער איינשטעל איז טיף ייִדיש, וואָס וויל אַן עכטע ייִדישקייט, אַ שיינע ייִדישקייט, וואָס זאָל אַרומנעמען די גאַנצע וועלט. אָט ווי די נביאים, וואָס האָבן זיך געשטעלט קעגן ריטואַל פון קרבנות און האָבן געוואָלט אַוועקשטעלן ייִדישקייט אויף שווערערע יסודות — צום ריטואַל און צערעמאָניאַל אויך טון גערעכטיקייט און גוטסקייט און אומגיין שטיל באַשיידן פאַר גאָט, אַזוי האָט דער ייִדיש־ריידנדיקער ייִד גענומען אויף זיך אין תּוך אַ דאָגמעלאָזע

ייִדישקייט, וואָס מאַכט דאָס לעבן טיף ייִדיש און שווער — נישט גרינגער און באַקוועמער.

ייִדיש לשון אין מויל, אין דער איצטיקער נישט־ייִדישער סביבה, איז נישט גלאַט אַ מעכאַנישע מיטל צו ריידן אַן אַנדער שפּראַך, ווי די, וואָס ווערט גערעדט פון די מענטשן אַרום אונדז. ייִדיש לשון איז מחייב כמעט בעל־כּרחו צו דענקען טיף ייִדיש, צו דענקען זעלבסטשטענדיק אָפּ־געטיילט פון דער אַרומיקער נישט־ייִדישער סביבה, איבערנעמען די דרויסנדיקע ווערטן און זיי איבערקאָכן, אַסימילירן און מאַכן אייגנס. דער־פאַר איז די ייִדישע ליטעראַטור אַזוי שעפעריש. זי שטייט ביים קוואַל פון פאָלקס־שאַפן, זי שעפּט פון דער עשירות פון דורות. זי נוצט אויס אַ טויזנט יאָריקע ירושה פון ייִדיש לעבן, אַ ירושה, וואָס באַשטייט נישט בלויז פון ביכער און אידייען, נאָר פון אַ קאָנקרעטיזירונג פון אידייען, פון אַ לעבנס־פאָרמע, וואָס האָט געמאַכט אידייען אַ טייל פון טאָג־טעגלעך לעבן, וואָס האָט פאַרפיקסירט אידעאַלן און זיי פאַרוואַנדלט אין פאָלקס־לעבן.

דעם בעסטן באַווייז פון דער טיפער איינגעוואָרצטקייט אין ייִדישן לעבן פון דעם וועלטלעכן ייִדיש־ריידנדיקן ייִדן האָבן מיר געזען בעתן גרויסן ייִדישן אומגליק און נאָך דעם. קיין טייל פון פאָלק האָט נישט געשאַפן אַזעלכע קינות סיי אין איכות און סיי אין כמות, ווי דער ייִדיש־ריידנדיקער סעקטאָר. אַפילו אין דער העברעאישער ליטעראַטור האָט זיך נישט אָפּגעשפּיגלט דער ייִדישער בראָך אַזוי וואַריאירט און גרינט־לעך ווי אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

אין איצטיקן מצב פון ייִדישן פאָלק זענען דווקא די ייִדישע וועלטלעכע ייִדן צום מיינסטן מסוגל צו ווערן די יורשים פון אַ ייִדישקייט.

אין איצטיקן מצב זענען פאַראַן צוויי כּוחות, וואָס קענען ברענגען צו אַ גייסטיקן אונטערגאַנג פון ייִדישן פאָלק — די ייִדישע מדינה און דער חומרישער, מאַטעריאַליסטישער וועלט־באַנעם — די הערשאַפט פון דער מאַשין אין טאָג־טעגלעכן לעבן.

די ייִדישע מדינה איז די קאָנקרעטיזירונג פון סעקולאַרער ייִדישקייט מיט אַ שטאַרקער נאַציאָנאַליסטישער באַפאַרבונג. לויט דער געאָגראַפישער און פּאָליטישער לאַגע מוז די ייִדישע מדינה לייגן גרויס געוויכט אויף כּוח, מיליטאַריזם און טעכנישער אַנטוויקלונג. ווען עס זאָל אַפילו נישט קומען צו אַ וועלט־קאָנפליקט אין דער נאָענטער און אַפילו אין דער ווייטער

צוקונפט, מוז די ייִדישע מדינה זיין מיליטעריש שטאַרק צו באַשיצן אירע גרענעצן. ווילנדיק נישט ווילנדיק וועט זי אָפּגעבן אירע בעסטע כוחות פאַר דער אינדוסטריעלער און מיליטערישער אַנטוויקלונג. גרויסע מלחמות מוז די וועלט אויסמיידן און אפשר קען זי זיי אויסמיידן, אָבער קליינע מלחמהלעך זענען נאָך אַלץ וואַרשיינלעכקייטן. די וועלט, ווי מיר קענען זי איצט, מישט זיך ווייניק אין לאָקאַלע קאָנפליקטן און ווער עס גייט אַרויס דער זיגער, יענער בלייבט ביי דער מאַכט. דאָס אָפּגעטויטע ווערט אָנגענומען. דערפאַר קען זיך מדינת־ישראל, אונטער די אידעאַלסטע אומשטענדן, נישט פאַרלאָזן אויף דעם יושר פון דער וועלט און זי מוז ווערן און בלייבן אַ וויכטיקע מיליטערישע מאַכט אין נאָענטן מזרח. דאָס אָריענטירן זיך אויף מאַכט איז אינגאַנצן קעגן ייִדישן וועלט־באַנעם, וואָס האָט אַלעמאָל אָפּגעלייקנט דעם כוח פון פויסט; מיר האָבן עס געהאַלטן גאָר פאַר אַ זינד. צי קענען ייִדן בלייבן ייִדן, אין גייסטיקן זינען פון וואָרט, ווען זיי אָריענטירן זיך אויף לאַנד, דאַרף ערשט באַוויזן ווערן. אין דער ווייטער צוקונפט וועט אפשר זיך ווידער דערוועקן אין ייִדן־לאַנד אַ ווידערשטאַנד צום ענגן נאַציאָנאַליזם און אָריענטאַציע אויף לאַנד. דערווייל אָבער מוזן ייִדן אין מדינת־ישראל ווערן אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער. אויסערלעך, פאָרמעל ייִדיש, אינערלעך אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער, אָדער ווי מיר האָבן ביז איצט באַצייכנט — גויים, אַפילו אין שענסטן באַגריף — חומריש, גופיש.

דער חומרישער וועלט־באַנעם, וואָס האָט געמאַכט די מאַשין די הער־שערין אין טאָג־טעגלעכן לעבן, איז דער גרויסער גורם צו אַסימילאַציע אין די תפוצות. צוויי סיבות זענען די גורמים: ערשטנס אָריענטירט זיך דער עקסטרעמער מאַטעריאַליזם אויף מדינה, אויף קאָנצענטרירטע מאַכט, וואָס מוז האָבן אַ גלייכגעשטאַלטיקטע באַפעלקערונג, קען נישט דערלויבן, אָדער קען זיך נישט פאַרגינען קיין נישט קאָנפאָרמיסטישע מינאָריטעט. צווייטנס, אַפילו אין די פרייע לענדער, ווו עס איז פּאָליטיש יאָ דערלויבט פאַרשיידענע מינאָריטעטן, ווערט די באַפעלקערונג גלייכגעשטאַלטיקט פון דעם מאַשין־קולט, וואָס מאַכט די מאַטעריאַליסטישע ציוויליזאַציע אַזוי רייך אין חומרישע באַקוועמלעכקייטן, אַז דער גוף פאַרנעמט צופיל אָרט ביים מענטשן. אין די איצטיקע אומשטענדן בלייבט ווייניק צייט פאַר דער נשמה, די הויפּטזאָרג פון ייִדישקייט, וואָס האָט שטענדיק געוואָלט מאַכן פון גוף גייסט און פון גייסט גוף.

די אָרטאָדאָקסיע, אין ברייטן פאַרנעם, איז נישט מסוגל צו איבערשאַפן און צופּאַסן און אַקטיוויזירן ייִדישקייט אין דער היינטיקער וועלט. אָרטאָדאָקסיע איז פיקסירט און צוגעבונדן צום וואָרט, צום געשריבענעם דין, חוץ דעם פאַרלייקנט זי די וועלט. ווו זי האָט די אויבערהאַנט איזאָלירט זי זיך פון דער וועלט; נעמט אָן די מעכאַנישע פאַרבעסערונגען פון דער ציוויליזאַציע, אָבער איז נישט אַקטיוו אין שאַפן זי. אָבער דער גרעסטער מינוס פון דער אָרטאָדאָקסיע איז וואָס אין תוך איז זי געבויט אויף דעם יסוד פון שרעק — שרעק פאַר אַ מיסטישער מאַכט, וואָס באַשטראָפט פאַר נישט פאָלגן. גאָר אָפט ווירקט די שרעק, אַז דער מענטש הייבט אָן מורא האָבן צו קעמפן קעגן דער וועלט. איידער אָרטאָדאָקסיע קען ווידער אַקטיוויזירט ווערן, מוז זי אין זיך איינזאַפּן און איבערקאָכן אַלע עלעמענטן פון דער מערב־ציוויליזאַציע און מוז נישט שטעלן דעם טראָפּ אויף אינסטיטוציאָנעלע פאָרמעס, וואָס דערלאָזן נישט קיין שנויים, און וועלן אָפּהיטן דעם קלענסטן פּינטעלע פון הלכה, יעדן קוצו־של־יוד. אָבער ווען אָרטאָדאָקסיע זאָל עס טון, וועט זי ווערן אויס אָרטאָדאָקסיע. ייִדישע אָרטאָדאָקסיע, אין איר איצטיקן איינשטעל, וויל בלויז אויפהיטן דאָס אַלטע, האַלט נישט אַפילו, אַז אַ סינטעז איז נויטיק.

די רעפאָרם־ייִדישקייט אין אַלע אירע שאַטירונגען, קען נישט ווערן קיין כוח אין איבערשאַצן און אַקטיוויזירן ייִדישקייט, ווייל רעפאָרם־ייִדישקייט איז נישט געקומען פון די טיפענישן פון ייִדישן פאָלק, נאָר פון די אויבערשטע שיכטן, וואָס זייער צוועק איז נישט געווען צו מאַכן ייִדישקייט שעפעריש, מער דינאַמיש, נאָר מאַכן דעם עול גרינגער. מאַכן ייִדישקייט באַקוועם פאַר די, וואָס האָבן אַ גרינג עקאָנאָמיש לעבן. צוויי סימנים באַווייזן די אימפּאָטענץ פון רעפאָרם־ייִדישקייט. אַלע מינים רעפאָרמעס, אַפילו די קאָנסערוואַטיווע, די רעקאָנסטרוקציאָניסטן, האָבן נישט קיין איין קהילה אין אַן אָרעמער ייִדישער געגנט. קיין איין שאַטירונג פון רעפאָרם־ייִדישקייט באַנוצט זיך נישט מיט אַ ייִדיש לשון אין טאָג־טעגלעך לעבן, ווי אַ סך פון די אָרטאָדאָקסן טוען עס, ווייל זיי נויטיקן זיך לויט זייער טאָג־טעגלעכן לעבנס־שטייגער אין אַ ייִדיש לשון.

ווי מיר וועלן עס ווייטער מער מסביר זיין האָבן וועלטלעכע ייִדישיסטן פּאָטענציאָנעל די כוחות און די מעגלעכקייטן צו רעווידירן, אַקטיוויזירן און מאַכן שעפעריש די הלכה־ייִדישקייט, איבערהויפּט צוליב ייִדיש לשון

אין מויל און ווייל זיי זענען נישט צוגעבונדן צו דאָגמע, אויך זיי וואַרפן נישט אָפּ די מערב־קולטור.

ד.

אָבער אויב וועלטלעכע יידישיסטן ווילן זיך פאַרמעסטן צו ווערן די יורשים און איבערשאַפער פון יידישקייט, מוזן זיי פריער אָננעמען, אַז דאָס יידישע פאָלק איז אַנדערש אין זיין אַנדערשקייט פון אַלע פעלקער פון דער וועלט. אַוודאי האָט יעדער פאָלק זיין ספּעציפישע קולטור און גיט צו אַ ניואַנס צום וועלט־אָרקעסטער. אָבער דאָס יידישע פאָלק איז אַן אויסנאָם מיט זיין אַנדערשקייט, ווייל ער האָט זיך געשטעלט פאַר זיך ווי אַ פאָלק איין ציל — פאַרווירקלעכן מלכות־שדי דאָ אויף דער וועלט. ביז איצט האָט עס דאָס יידישע פאָלק געפּרובירט פאַרווירקלעכן אין די ראַ־מען פון זיין אמונה, פון זיין רעליגיע. אָבער יידישע רעליגיע איז אַנדערש פון אַלע רעליגיעס, נישט אין אַבסטראַקציע, נאָר אין איר קאָנקרעטיזירונג, מיט דעם וואָס זי איז אי נאַציאָנאַל, אי אַ לעבנס־שטייגער, אי אַן אמונה. איינס איז געבונדן מיטן אַנדערן, נישט אָפּצוטיילן און נישט אָפּצוגרענעצן. און די אַלע פאַרמעס האָבן געהאַט אַ שיטה פון איין ענדציל — וועלט־דערלייזונג דורך דערהייבן דעם יחיד.

ווי אַן אמונה האָט יידישקייט אָנגענומען די דיסציפּלין פון הלכה אין טאָג־טעגלעך לעבן און זי האָט אַוועקגעשטעלט אין צענטער פון לעבן דעם יחיד, נישט די רעליגיעזע אינסטיטוציע. די יידישע אמונה האָט אַרויפגעלייגט אויף דעם יחיד די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער וועלט, דערפאַר איז יידיש לעבן געווען דינאַמיש.

דער יחיד, לויט דער יידישער אמונה, האָט פולע בחירה, ער קען נישט באַשולדיקן די סיסטעם, די תנאים פון לעבן, אָדער אַפילו דעם יצר־הרע, וואָס איז געשאַפן פון גאָט אַליין. אַוודאי איז דער יחיד אונטערגע־וואָרפן אונטער דער אויטאָריטעט פון מלוכה, אַפילו ווען די מלוכה איז אַ פרעמדע, אָבער בלויז ביז צו אַ געוויסער גרענעץ. כל־זמן דער קעניג אָדער מלוכה רירט נישט אָן דעם עיקר — די מצוות. פאַר אויספאָלגן זיי איז דער יחיד פאַראַנטוואָרטלעך צו גאָט. פּסקנט דער רמב״ם.

„דער, וואָס איז מבטל דעם מלכס גזירה, ווייל ער איז פאַרנומען מיט טון אַ מצווה, אַפילו מיט דער קלענסטער מצווה, איז פטור פון שטראָף. און מען דאַרף אַפילו נישט באַטאָגען, אַז אויב דער מלך באַפעלט בטל צו מאַכן אַ מצווה, פאָלגט מען אים נישט" (רמב"ם, „הלכות מלכים", פרק שלישי, הלכה ט).

גאָר בולט און דראַמאַטיש ווערט דער פּרינציפּ פון דעם יחידס פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט אָן תנאי אַרויסגעבראַכט אין משנה וועגן אַ זקן־ממרא — אַ געלערנטער וואָס פאַרפירט. אויב ער פּסקנט, אַז מען דאַרף נישט לייגן קיין תפילין, איז ער פּטור פון שטראָף, ווייל ווי רש״י פאַרטייטשט: דאָין זו הוראה דזיל קרי בי רב הוא — ס'איז נישט קיין פּסקענען, ווייל ס'איז אַזאַ באַוווּסטער דין, וואָס אַפילו חדר־ייִנגלעך ווייסן (סנהדרין, פּרק י״א, ג'), איז אויב מען פאָלגט אים, איז דער וואָס פאָלגט אים שולדיק. ער קען נישט אָנגעבן קיין תירוץ, אַז אַן עלטערער, אַ געלערנטערער, דער וואָס האָט אויטאָריטעט האָט אַזוי געפּסקנט און באַפוילן.

דעם יחידס פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אַקטיוויזירונג זענען געווען די הויפּט־גורמים פון דעם הייליקן לעבן, וואָס ייִדן האָבן געפירט. געוויינלעך, מיינען אַ סך פון אונדזערע סעקולאַרע דענקער, אַז די אמונה איז געווען די טרייבקראַפט פון ייִדישן לעבן. אָבער אויב בלויז אמונה איז געווען דער גורם פאַר אַ הייליק און רעכטפאַרטיק לעבן, איז דאָך די נישט־ייִדישע באַפעלקערונג אַרום דעם ייִדישן שטעטל געווען אַזוי טיף רעליגיעז ווי די ייִדישע.

ווי זאָגט פּרץ: „זאָל מען פאַרגלייכן גלייכס מיט גלייך": דאָס שטעטל פון מזרח־אייראָפּע מיטן דאָרף, וואָס איז אָפט געווען אָפּגערוקט פון ייִדישן ישוב נישט מער ווי מיט אַ פּאָר טויזנט איילן. אין ענין אמונה איז דער דורכשניטלעכער פּויער נישט געווען אָפּגעשטאַנען פון דעם דורכשניטלעכן ייִדישן בעל־מלאכה. ביידע האָבן געציטערט פאַר יענער וועלט. דאָך וואָס פאַר אַ תהום עס איז געלעגן צווישן דער התנהגות פון ייִדישן בעל־מלאכה און נישט־ייִדישן פּויער. בעיני ראיתי — דאָס האָב איך אַליין געזען, ווי אַ ייִדישער בעל־מלאכה, אַ דאָרף־גייער, האָט זיך אָפּגעוואָלגערט דריי־פיר וואָכן אויפן דאָרף. ער האָט דאָרטן נישט אָנגערירט קיין וואַרעם גע־קעכץ. נישט געהאַט קיין באָד און דערוויטערט פון ווייב. ער איז געקומען אַהיים אין אַ ווינטערדיקן פרייטיק נאָכמיטאָג, געגאַנגען אין מרחץ, דערנאָך אין שול, אָפּגעגעסן אַ געקאָכטן מאָלצייט, געלייגט זיך אין אַ ריי־נער בעט און איז אויפגעשטאַנען שעהן איידער עס איז ליכטיק געוואָרן — געגאַנגען צו חברה תהילים. און זיין הנהגה איז נישט געווען קיין אויס־נאַם! האָט דער פּויער, דער טיפער מאמין, עס אויך געטון?

און נאָר בין אדם־למקום? דאָס שטעטל איז געווען פול מיט זעלבסט־הילף חברות, סאָציאַלע אינסטיטוציעס, מיט מידות־טובות און תורה. לויט

פּראָפעסאָר צבֿי שאַרפשטיין איז אין אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געווען די צאָל אַנאַלפאַבעטן — די וואָס האָבן נישט געקענט לייענען און שרייבן — אין פּוילן 59 פּראָצענט און אין רוסלאַנד 70 פּראָצענט. און אַפילו די, וואָס האָבן שוין געקענט שרייבן און לייענען, האָט די גרעסטע מערהייט זיך געלערנט נישט מער, ווי אַ דריי אָדער פיר יאָר און דערנאָך נישט געעפנט קיין ביכל. פאַרגלייכט עס מיט דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל. מיר האָבן נישט געהאַט צווישן די מאַנסבילן אַפילו קיין איין פּראָצענט, וואָס האָט נישט געקענט לייענען. וואָס עפּעס לייענען? די גרעסטע צאָל מאַנסבילן האָט געקענט מעביר זיין די סדרה, אָפּדראַפּן אַ שטיקל חומש מיט רש״י, געלערנט אין חברה חיי־אדם, זיך צוגעהערט צו אַ רבין, וואָס האָט געזאָגט מדרש. און אַפילו די פרויען האָט אַ גרויסע צאָל געקענט דאַוונען (צבֿי שאַרפשטיין, „תולדות החינוך בישראל בדורות האחרונים״, חלק א׳, זז׳ 29—30).

איז דאָס געווען בלויז צוליב אמונה? ניין, ס׳איז געווען צוליב אַן אַנדער וועלט־באַנעם, צוליב אַן אַנדער צוגאַנג צום לעבן, צוליב אַן אַנדער שיטה, וואָס יידישער גלויבן, קאָנקרעטיזירט אין הלכה, איז געווען דער לבוש, די פאָרמע. דער הויפּטציל און דער ענדציל איז געווען רעאַליזירונג פון מלכות־שדי.

יידן זענען אויך געווען אַ נאַציע. זיי האָבן זיך אַלעמאָל געהאַלטן ווי אַ באַזונדער פאָלק, אַן אומה אין אַן אומה. אָבער דאָ זענען מיר אויך געווען אַנדערש. מיר האָבן נישט געהאַט די סימנים פון אַ געוויינלעך פאָלק, אָדער ווי עס איז איצט געוואָרן אין דער מאָדע אָנצורופן אַ געוויינ־לעך פאָלק — אַ נאָרמאַל פאָלק.

מיר האָבן נישט געהאַט דעם הויפּט־סימן פון אַ פאָלק — אַן אייגן לאַנד. ס׳איז געווען אַ צובונד צו ארץ־ישראל, אָבער אין עיקר אַ רעליגיעז מיסטישע: „ארץ־ישראל איז הייליקער פון אַלע אַנדערע לענדער. און אין וואָס באַשטייט איר הייליקייט? וואָס פון איר ברענגט מען דעם עומר, די ביכורים און די שתי הלחם (די צוויי חלות), וואָס מען ברענגט נישט פון אַלע אַנדערע לענדער״. (כלים, פּרק א׳, משנה ו׳).

דאָס איז נישט געווען קיין גלותיסטישער באַגריף, וואָס האָט זיך געשאַפן נאָכן חורבן. דאָס היימלאַנד פאַר זיך איז קיינמאָל נישט געווען פאַררעכנט פאַר קיין פעטיש, ווי ביי די מאָדערנע פעלקער און אַלטע פעל־קער פון אַמאָל. שוין אין די צייטן פון די נביאים זאָגט מיכה:

> „שטייט אויף, גייט אין גלות, ווייל ס׳איז נישטאָ דאָ פאַר אייך קיין רו, ווייל איר האָט זי (די ערד, דאָס לאַנד, די נחלה — ש. ס.) פאַראומרייניקט, וועט זי אייך פאַרדאַרבן מיט אַ שטאַרקער פאַדאַרבונג״ (מיכה ב, י. זע רש״י, רד״ק, אבן עזרא און יהואשעס הערות צום תנ״ך).

ס׳איז נישט דאָ דאָס אָרט אָפּצושטעלן זיך באריכות וועגן דעם ענין. אָבער ייִדן האָבן זיכער נישט פאַרהערלעכט קיין גבורה אויפן מלחמה־פעלד, וואָס איז די הויפּט־פאָדערונג פון אַ פאָטערלאַנד, ווי אַלע אַנדערע פעלקער. אין „עלילות גלגמש״ ווערט געזאָגט, אַז אויף יענער וועלט ווערן אַלע מענטשן געגעסן פון ווערים און ווערן סוף־כל־סוף שטויב פון דער ערד, אָבער דער, וואָס איז געפאַלן פון דער שווערד „ליגט אויף אַ בעטל און טרינקט קוואַליק וואַסער״. און דער, וואָס פאַלט אין מלחמה — „זיין טאַטע און מאַמע שפּאַרן אים אונטער דעם קאָפּ און זיין ווייב איז איבערגעבויגן איבער אים״ („עלילות גלגמש״, תרגם ש. טשרניחובסקי, ז׳ 116). דאָס איז געווען דער אשורישער באַגריף פון העלדישקייט. פאַרגלייכט עס מיט די נביאימשע רייד וועגן מלחמה־רום, פערד און רייטער און גבורה אויפן שלאַכטפעלד.

אין דעם פּרט איז אונדזער נאַציאָנאַליזם געווען אַנדערש ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער. אונדזער נאַציאָנאַליזם האָט געלייגט דעם טראָפּ אויף אַ ריין און יושרדיק נאַציאָנאַל קאָלעקטיוו לעבן, נישט נאָר אויף דער יחידס גערעכט לעבן. דאָס האָט צוגעגרייט, געמאַכט מעגלעך, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך קענען אויפהאַלטן זיין נאַציאָנאַלע אייניקייט אויך אָן לאַנד. דעם טראָפּ האָט מען נישט געשטעלט אויף טעריטאָריע. פאַר די ייִדן, וואָס בלייבן מחוץ מדינת־ישראל, איז דאָ אַ היסטאָרישע קאָנטינואיטעט און אַ ייִדישער זין — אין זייער אָריענטירן זיך אויף אַ גייסטיק לעבן, געשאַפן אויסער אַ טעריטאָריע.

ייִדישע אמונה איז אין תוך געווען אַן אינסטרומענט פאַר דעם העכערן צוועק — צו שאַפן אַ הייליק פאָלק, וואָס טראָגט דעם יאָך פון געטלעכקייט און וויל רעאַליזירן אַ הייליק טאָג־טעגלעך לעבן, וואָס דער ענדציל איז וועלט־גאולה. דאָס האָט די ייִדישע אמונה פאַרווירקלעכט דורך דער דיסציפּלין פון הלכה.

וועלטלעכע ייִדישיסטן זענען אַ סך מער מסוגל, ווי וועלכער עס איז אַנדער סעקטאָר, צוצופּאַסן און מאָדיפיצירן ייִדישע הלכה צו אונדזער איצטיקן לעבן און אַרויסברענגען דעם מאור־היהדות פאַר זיך און פאַר דער וועלט. זיי זענען נישט געבונדן צום טויטן וואָרט און זיי ציטערן נישט פאַר

שטראָף און דערוואַרטן נישט קיין באַלוינונג. מיר קענען אָננעמען דעם פּרינציפּ פון הלכה, אָבער זיך נישט אונטערוואַרפן אונטער דעם יאָך פון דעטאַליזירטן שולחן ערוך אָן קיין שום אָפּקלייב.

אַוודאי איז עס אַ גליטשיקער און סכנותדיקער וועג. צום בעסטן האָט זיך אויסגעדריקט וועגן דעם ענין הרב ראובן גאָרדיס:

„מען קען נישט לייקענען, אַז אַזאַ ליבעראַלער צוגאַנג צו יידישער טראַדיציע שמעקט מיט סכנה. ווי קענען מיר זיין זיכער, אַז די שינויים, וואָס מיר ווילן איינפירן, וועלן נישט צעשטערן דעם אמתן כאַראַקטער פון יידישקייט און אינגאַנצן איבעררייסן די רינגעלעך פון דער קייט? דער ערלעכסטער ענטפער איז, אַז ס׳איז קיין אַנדער גאַראַנטיע נישטאָ, חוץ דער אויפריכטיקייט, געלערנטקייט און וואַכזאַמקייט פון די יידישע פירער. לעבן איז אַלעמאָל אַ געפערלעכער ענין, נאָר דער טויט איז פריי פון אַלע סכנות״ („דער כאַראַקטער פון יידישער טראַדיציע״, פון פּראָפעסאָר ראובן גאָרדיס, יידישע שריפטן, ב׳ זעקס, נומ׳ 4, ז׳ 31).

נאָך אַ גרויסע שמירה, וואָס די ייִדישיסטן האָבן, צו בלייבן אויף דעם ייִדישן דרך, איז דאָס ייִדיש לשון אין מויל. אמת, באַלד וועט שוין נישט זיין קיין נויטווענדיקייט פאַר דעם לשון, ווייל דאָס לעבן, וואָס נויטיקט זיך אין אַ באַזונדער שפּראַך, גייט אונטער. אָבער אָפט לעבט איבער אַ לשון די מאָמענטאַלע נויטווענדיקייט און ווערט אַליין אַ פאַקטאָר אין לעבן אויפצוהאַלטן אַ געוויסן נוסח און שטייגער. מיר האָבן עס געזען מיט אַראַמעאיש, וואָס האָט געשפּילט גאָר אַ גרויסע ראָלע אין שאַפן דעם כאַראַקטער פון מזרח־איראָפּעאישן ייִדנטום און געהאָלפן זיין דינאַמיש־קייט. אויך פון גאָר גרויס וויכטיקייט איז דאָס, וואָס די ייִדישע שפּראַך איז נישט צוגעבונדן צו לאַנד און טראָגט נישט קיין נאַציאָנאַל טעריטאָ־ריעלן כאַראַקטער, וואָס שליסט במילא אויס, אויטאָמאַטיש, די קיבוצים וואָס זענען נישט אונטער איר ממשלה.

ה.

אָבער זענען מיר, די ייִדישיסטן, גרייט און זענען מיר ביכולת איבער־צונעמען די אַלטע אינסטיטוציעס, פריִער זיי גרינדן פאַר זיך און זיי אי־בערשאַפן פאַר אונדזערע צוועקן? זענען מיר, ווי ייִדישיסטן, בכוח ווידער גרינדן אַ בית־מדרש, וואָס אָן אים קען נישט זיין קיין ייִדיש קהלישער לעבן און אַפילו נישט קיין יחידיש ייִדיש לעבן? מען קען נאָך און נאָך, גאָר אַ סך פראַגעס שטעלן. אָבער איך בין אויסן בלויז קלאָר מאַכן דעם

ענין, אַז אַבסטראַקטער ייִדישיזם אָן הלכה־פּרינציפּ מיינט גאָר נישט, אַז טענות האָבן און קלאָגן אויף דעם אונטערגאַנג פון ייִדיש וועט אונדז ערגעץ נישט פירן. אויך וועט עס אונדז ערגעץ נישט ברענגען, קיין גרונטלאָזער אָפּטימיזם. מיר הערן שוין יאָרן פון אַ סך מיילער:

„נישטאָ וואָס צו שרעקן זיך פאַרן אונטערגאַנג, פון ייִדיש, אָט האָט איינער געזאָגט, אַז קיין זכר וועט נישט זיין פון ייִדיש אין 1920 און איצט איז ייִדיש בלי־ערך שטאַרקער (ש. ס.) ווי מיט דרייסיק יאָר צוריק. און אָט האָט י. ל. גאָרדאָן זיך געקלאָגט: „ווער ווייסט צי איך בין נישט דער לעצטער העברעאישער דיכטער". און זעט, ווי ער האָט געטראָפן מיטן פינגער אין הימל! נצח ישראל לא ישקר".

מען קען גרינג ענטפערן, אַז אויב עמעצער האָט נישט געטראָפן אין אַ פּאָר צענדליק יאָרן איז עס נאָך נישט קיין סימן, אַז די פינצטערע נבואה וועט נישט מקוים ווערן. י. ל. גאָרדאָן איז דאָך געווען גערעכט. ווען ציוניזם וואָלט נישט אויפגעקומען וואָלט ער געווען איינער פון די לעצטע העברעאישע משוררים. לאָזן אַלץ צום גורל איז נישט דער קליג־סטער וועג און אַוודאי נישט דער ריכטיקער דרך.

מיר מוזן מאַכן אַ רעוויזיע אין אונדזער וועלט־באַנעם. די קולטור־אַרבעט וואָס מיר טוען איצט איז ווייניקער ווי ווייניק. מיר פאַרנעמען זיך מיט ליטעראַטור, וואָס איז בלויז פּרפּראות לחכמה — אַ באַצירונג צו חכמה אָבער נישט די עצם־חכמה. מיר זענען זיך מתעסק מיט חינוך־דערציאונג וואָס האָט נישט קיין ציל, ווייל מיר האָבן נישט קיין קהלשן לעבן, אין וועלכן מיר ווילן אַריינפירן אונדזערע קינדער און מיר האָבן נישט קיין לעבנס־שטייגער, וואָס מיר ווילן איבערגעבן אונדזערע קינדער.

מיר האָבן נישט צום באַדויערן קיין אַקאַדעמישע קרייזן ווו מיר זאָלן צווישן זיך קענען דיסקוטירן די תוך־פראַגן פון ייִדישיזם. מיר האָבן נישט קיין ערנסטע צייטשריפטן, קיין איינע נישט, ווו מיר זאָלן קענען דרוקן גרינטלעכע און לאַנגע טעאָרעטישע אַרטיקלען וועגן דעם ענין. אונדזער ייִדישיסטישע וועלט איז אַזוי פאַרוואָרלאָזט, אַזוי הילפלאָז, אַזוי נישט שעפעריש, אַז עס קלינגט זייער נישט אויפריכטיק און אָפּט קאָמיש, ווען מיר קומען מיט טענות צו מדינת־ישראל און צו די פרומע, רעליגיעזע קרייזן. אונדזער הויז האָט אַפילו נישט קיין ווענט, ווי אַזוי קענען מיר קריטיקירן דעם קאַליר פון דער טאַפּעצירערײַ אויף יענעמס ווענט?

אַלץ איז ביי אונדז רעדוצירט צו שיינע רייד, וואָס זענען צו גאָר

נישט מחייב. עס וואָלט געווען גאָר אינטערעסאַנט צו ברענגען אויסצוגן פון צענדליקער אַרטיקלען און דעקלאַראַציעס פון ייִדישיסטן וועגן ייִדי־שיזם און אַנווייזן, אַז הינטער אַלע דערקלערונגען איז נישטאָ קיין שום קאָנקרעטע טעאָרעטישע באַגרינדונג. איך וועל זיך באַנוגענען מיט איין אויסצוג פון איינעם פון אונדזערע בעסטע און שעפערישסטע ייִדישיסטן, קאָלעגע א. גלאַנץ:

„ווען איך זאָג יידיש, ווי די באַזע פון יעדן מין דערציאונג אין קאַמף קעגן אַסימילאַציע, מיין איך געוויס נישט בלויז דעם הוילן לבוש פון לשון — ווי וויכטיק דאָס זאָל נישט זיין פאַר זיך אַליין — נאָך אין סעפ־טעמבער 1937 (באַמערקט דאָס באַנוצן זיך מיט דעם נישט־יידישן יום — ש. ס.) האָב איך געשריבן אין אַן אַנדער פאַרבינדונג מיט דעם ענין, צי ווען איך באַשטיי אויף יידיש, מיין איך בלויז שפּראַך: „אָן אַ גרויסן אינהאַלט, אָן גרויסע יידישע און מענטשלעכע אידעאַלן ווערט דער יידישיזם פּוסטקייט, אַ באַוועגונג פאַר אַ בוך אָדער אַ ביכל, פאַר יידישע פילאָלאָגיע, פאַר גוטער אָרטאָגראַפיע. ווער קען עס און זאָל באַגייסטערן?״ אַזוי האָב איך שטענ־דיק געגלויבט, אַזוי איז געווען מיין שטענדיקע באַציאונג — יידיש מיינט נישט בלויז שפּראַך, זי מיינט גרויסער אַלמענטשלעכער אינהאַלט. עס מיינט דאָס לעבן פון אַ פאָלק וואָס האָט זיך היסטאָריש אויסגעאַרבעט אַן אייגענע קולטור, אַן אייגענעם וועלט־באַנעם און פאַר דעם געשאַפן אַן אייגענעם וואָרט־אינסטרומענט״ („דער איינציקער ריכטיקער ענטפער״, א. גלאַנץ, „טאָג״, כ׳ שבט תשי״ב).

דאָס זענען זייער פיינע און אמתדיקע רייד, אָבער בלויז אַבסטראַק־ציע. אַוודאי האָט „דאָס ייִדישע פאָלק אויסגעאַרבעט אַן אייגענע קולטור און אַן אייגענעם וועלט־באַנעם״, אָבער פאַר דעם האָט זי געשאַפן נישט בלויז אַן אייגענעם „וואָרט־אינסטרומענט״, נאָר אויך אַ לעבנס־שטייגער אין שטוב, אין גאַס, אַ בית־מדרש, סאַנקציאָנירטע טעג און אַ ספּעציפישן ריטואַל און צערעמאָניאַל, וואָס האָט דיסציפּלינירט דעם יחיד און אָנגע־פילט זיין טאָג־טעגלעך לעבן מיט סאָציאַלן יושר און סאָציאַלע הילף־אינסטיטוציעס.

צו זיין ספּעציפיש, איך וואָלט געוואָלט וויסן, וואָס איז קאָלעגע א. גלאַנצס שטעלונג צו שבת, יום־טוב, בית־מדרש, תורה לערנען, כשרות, צערעמאָניאַל, מאָס פון איזאָלאַציע פון די שכנים אַרום, ייִדישן דרך אין סאָציאַלע פראַגן (נישט לויט סאָציאַליזם), לאַנד, אָרט פון סעקולאַרע לימו־דים אין ייִדישער דערציאונג, ייִדישע פּרנסות, ווערט פון אַרבעט — און וואָס נישט?

לאָמיר זיך פֿאָרשטעלן אַז מען קומט צו אונדז און מען זאָגט אונדז: איר ייִדישיסטן זענט באַלעבאַטים פֿון ייִדיש לעבן אין אַמעריקע, אָט ווי איר זענט געווען אין סאָוועט־רוסלאַנד, ווי וואָלט איר איינגעשטעלט ייִדיש לעבן דאָ? וואָלט איר זיך אַריענטירט אויף ליטעראַטור, טעאַטער, מאַלעריי און מער נישט? אָדער איר וואָלט אַריינגענומען אויך דעם בית־מדרש, תורה לערנען און איבערגענומען דעם גאַנצן קאָמפּלעקס ייִדישקייט און אים איבערגעשאַפֿט אויף אייער אייגענעם דרך, אַפֿילו ווען נויטיק פֿירן אַ קאַמף מיט דער אַרומיקער סביבה?

ייִדישיזם האָט ביז איצט נישט געהאַט קיין אייגענע פּראָגראַם וואָס זאָל אַרומנעמען און אַריינגעמען גאַנץ ייִדיש לעבן. דאָס איז געווען איינע פֿון די סיבות פֿון דעם דורכפֿאַל פֿון דער וועלטלעכער ייִדישקייט אין סאָוועט־רוסלאַנד, זי איז פֿון לכתחילה געווען בלויז אַ געצייג אין די הענט פֿון דער מלוכה. שוין גאָר פֿון אָנהייב פֿון דער רעוואָלוציע האָט זי אָנגעהויבן צו פֿאַרגוייִשן דאָס ייִדישע פֿאָלק אין סאָוועט־רוסלאַנד.

אונדזער ראָלע דאָ אין אַמעריקע ווענדט זיך אָן דער מאָס פֿון אַחריות וואָס מיר וועלן אויף זיך נעמען. וועלן מיר אָנגיין אויף דעם איצטיקן וועג, קענען מיר נישט דערוואַרטן צו זיין אַ כּוח אין אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן, מיר קענען זיין בלויז אַ שטיקל דעקאָראַציע.

אויב מיר ווילן אַז ייִדישיזם זאָל ווערן אַ שעפֿערישער כּוח אין אַמע־ריקע, מוזן מיר מאַכן אַ גאַנצע רעוויזיע אין אונדזער וועלט־באַנעם, וואָס איז בעצם נישט קיין וועלט־באַנעם, נאָר אַ ביסל שיריים פֿון שטעטל. מיר מוזן אַ רוק טון דעם זייגער, וואָס זיינע וויזערס זענען געבליבן שטיין אויף דער צייט פֿון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום, ווו עס איז געווען אַ פֿול־בלוטיק ייִדיש לעבן און ייִדישיזם האָט דאָרטן דורכגעפֿירט אַ היסטאָרישע פֿונקציע. ס'איז אַוועק די צייט ווען ייִדישע אַפּיקורסישקייט האָט געהאַט אַ שעפֿערישן כּוח. איצט איז געקומען די צייט פֿון איבערשאַפֿן, איבער־נעמען דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן. שאַפֿן אַ ייִדישיסטישן קהלשן לעבן מיט פֿונקציאָנערן, העכערע לערער־אַנשטאַלטן, אַקאַדעמיעס, ווו מיר וועלן קע־נען איבערפֿורעמען דאָס ייִדישע לעבן אין אונדזער אויסזען. מיר וועלן דאַרפֿן גיין נאָך ווייטער, אויב מיר מיינען ערנסט מיט אונדזער ייִדישקייט, וועלן מיר דאַרפֿן שאַפֿן ייִדישע ישובים, דערפֿער, שטעטלעך מיט אַן איי־גענער סאָציאַלער גערעכטער עקאָנאָמיע, ווו עס וועט זיין גרינגער פֿאַרן ייִדישן יחיד צו זיין אַ ייִד. וועלן מיר עס טון, וועלן מיר זיין אַ ברכה

פאַר זיך, אַ ברכה פאַרן פאָלק און אַ ברכה פאַר דער וועלט, וואָס פאַר איר וועלן מיר אויפהאַלטן דעם אמתן גייסט פון מהות פון ייִדישקייט.

אָבער צום ערשטן דאַרפן מיר ייִדישיסטן זיך שטעלן די האַרבע פראַגע — ווהין? נישט באַנוגענען זיך מיט קלאָגן און נישט טרייסטן זיך מיט פאַלשן אָפּטימיזם.

# מדינת־ישראל און תפוצות־ישראל

## (אַ סך־הכּל)

מיר ייִדן האָבן צוויי פּראָבלעמען, ווי אחד־העם האָט שוין לאַנג קלאָר געמאַכט, די ייִדן־פּראָבלעם און די ייִדישקייט־פּראָבלעם.

אויף דער ייִדן־פּראָבלעם איז נישטאָ קיין סך וואָס צו אָפּשטעלן זיך. לייזן די ייִדן־פּראָבלעם, אָפּשאַפן די שנאה צו אונדז פון די פעלקער אַרום, ליגט נישט כמעט אין אונדזערע הענט. ס'איז אַן אַלט לידל: קלאָגט זיך די שנור אויף דער שוויגער, וואָס האָט זי פיינט:

גיי איך גיך,
צערייס איך די שיך,
גיי איך פּאַמעלעך
בין איך אַ למך.

די שנאה צו אונדז וועט נישט אָפּגעשוואַכט ווערן ווען מיר זאָלן אויפגעבן עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, אָדער זיך אָפּזאָגן פון דעם דראַנג צו בילדונג. אין די לענדער וווּ ייִדן האָבן זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט, ווי אין טראַנסילוואַניע, האָט מען באַשולדיקט די ייִדן אין פאַרכאַפּן די ערד פון פּאָטערלאַנד. אין פּוילן, איבערהויפּט אין לאָדזש, פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן די פּוילישע אַרבעטער נישט צוגעלאָזט די ייִדן צו די וועבעריי־פאַבריקן. אין דער צאַרישער רוסלאַנד און אין פּוילן האָט מען געקוקט קרום, מילד גערעדט, אויף דער ספּעציפישער ייִדישער הלבשה און האַלטן זיך מיט אַן אייגענעם לשון. ווען די ייִדן האָבן זיך געוואָלט אַסימילירן האָט מען פאַר זיי געמאַכט באַגרענעצונגען אין די בילדונג־אַנשטאַלטן. שנאה געפינט שטענדיק אַן אויסרייד.

אַנטיסעמיטיזם איז אַ פאַרפלאָנטערטע און פאַרקנוילטע פּראָבלעם, וואָס האָט וואָרצלען אין וווייטן אַלטערטום און מען קען עס נישט לייזן

מיט איין רעצעפּט, מיט אַ רפואה אין אַ קליין פלעשעלע, אָדער אַ פּודער אין אַ פּאַפּיראָס־פּאַפּיר. איך פערזענלעך מיין, אַז כל־זמן יידן וועלן אויפהאַלטן אַ שמץ פון זייער אידענטיטעט צווישן פעלקער, וועט זיין אַנטי־סעמיטיזם ביז אַ געוויסן גראַד. אין נאָרמאַלע צייטן ווייניקער און אין קריזיס־צייטן מער.

אָבער מען דאַרף געדענקען, אַז יידן זענען נישט די איינציקע מינאָריטעט וואָס ליידט און האָט געליטן. נישט מער יידן זענען די עלטסטע און פאַרשפּרייטסטע מינאָריטעט, ליידן זיי לענגער און אָפטער. היטלער, ימח שמו וזכרו, האָט זיך אונטערגענומען צו פאַרטיליקן נישט נאָר די יידן. ער האָט אויך אַריינגענומען די ציגיינער. ווען ער וואָלט חלילה געזיגט, ווער ווייסט וויפל אַנדערע פעלקערשאַפטן ער וואָלט אומגעבראַכט. דערפאַר טאָרן מיר נישט, אַפילו איצט, פאַרלירן דעם גלויבן אין דער מענטשהייט. מיר דאַרפן האָפן, אַז דער היטלער־פּסיכאָז וועט זיך נישט איבערחזרן. יאָ, אַוודאי קען פּאַסירן, אַז עס זאָל אויפקומען אַ היטלער־משוגעת. אָבער קיין פאָלק קען נישט בויען און טאָר נישט בויען זיין לעבן אויף אַ מעג־לעכער וועלט־קאַטאַסטראָפע, וואָס קען אַלץ צעשטערן. מיר דאַרפן געדענקען, אַז עס איז נישטאָ קיין שמירה קעגן אַזעלכע אומגליקן. דאָס וואָס דער ישוב אין ארץ־ישראל איז געבליבן גאַנץ און דער יידישער ישוב אין מזרח־אייראָפּע איז פאַרניכטעט געוואָרן, איז דאָך געווען נישט מער ווי אַ ריינער צופאַל. ווען די דייטשן וואָלטן געווען אָפּגעשטעלט געוואָרן לעבן ביאַליסטאָק און די ענגלענדער וואָלטן באַזיגט געוואָרן ביי אל־אלאמיין, וואָלט פּאַסירט דאָס פאַרקערטע. דער ישוב אין ארץ־ישראל האָט זיך דאָך נישט געראַטעוועט מיט זיינע אייגענע כוחות.

מיר דאַרפן האָבן אמונה, אַז מיט דער פאַרבעסערונג פון דער וועלט־עקאָנאָמיע און מיט דעם אויפשטייג פון דעם עטישן ניוואָ אין דער באַ־ציאונג צווישן יחידים און צווישן פעלקער, וועט אַ היטלער נישט מעגלעך זיין. ביז דער דערשיינונג פון נאַציזם האָבן דאָך אַלע אַזוי געגלויבט. אַפילו אַזאַ גאַנצער ייד, און אַזאַ טיפער קענער פון יידישער געשיכטע, ווי נחום סאָקאָלאָוו, זכרונו לברכה, האָט געשריבן:

„וואָס קען אונדז ברענגען די צוקונפט? זי קען אונדז נישט ברענגען קיין גרעסערע רדיפות און נישט קיין בעסערע שלוה און מער יידן־רעכט ווי די פאַרגאַנגענהייט" („העתיד", כרך ד).

נחום סאָקאָלאָוו האָט אַ טעות געהאַט, עס זענען געקומען אויף אונדז די היטלער־רדיפות. פונדעסטוועגן דאַרפן מיר געדענקען, אַז אַפילו בימי־

היטלער איז אויך געווען אַ גרויסע וועלט, וואָס האָט זיך געשטעלט קעגן אים. מיר מוזן גלויבן אין דער צוקונפט פון דער מענטשהייט, אַנישט קענען מיר ווייטער נישט אָנגיין מיט אונדזער לעבן נישט אין מדינת־ישראל און נישט אין די תפוצות־ישראל.

ס'איז כּדאַי צו ציטירן די רייד פון איינעם, וואָס איז דורכגעגאַנגען אַלע שבעה־מדורי־גיהנום פון היטלעריזם. דאָס זענען די רייד פון א. אייזען אין זיין בוך: „דאָס גייסטיקע פּנים פון געטאָ“:

„אָבער, צי לעבט דען אין יענע פעלקער בלויז דער שנאה־ און רויב־אינסטינקט? צי שאַפן זיי דען נישט אויך גרויסע זאַכן — זאַכן פון ליב־שאַפט און נוצן?

מיינע פריינט, ווען די פעלקער וואָלטן בלויז געזייט אַרום זיך שנאה און מאָרד און נישט געשאַפן אויך זאַכן פון ליבשאַפט און נוצן, דאַן וואָלט פאַר די לעבנגעבליבענע טיילן פון אונדזער פאָלק געבליבן איין וועג: אָפּצוטראָגן זיך פון דער אויבערפלאַך פון דער מערדערישער ערד. צום גרויסן גליק לעבט איבעם מין מענטש אויך אַ גרויסער קוואַל פון ליבע“ (ז' 112).

אַפילו איצט, אין דער שוידערלעכער עפּאָכע פון גוואַלד און מאַכט דאַרפן מיר געדענקען, אַז מיר זענען אַ טייל פון דער גרויסער נישט־ייִדישער וועלט און אונדזער גורל איז פאַרבונדן מיטן וועלט־גורל.

די צווייטע פּראָבלעם — די ייִדישקייט־פּראָבלעם, ווענדט זיך שוין אין אונדז אַליין. דאָס איז אַן אינערלעכע גייסטיקע פּראָבלעם וואָס מיר דאַרפן זי אַליין לייזן. מיר דאַרפן געפינען אַ פאַרוואָס פאַר אויפהאַלטן אונדזער אייגנאַרטיקייט און אונדזער מינאָריטעט־אידענטיטעט צווישן די פעלקער פון דער וועלט. אין פּשוטע געציילטע ווערטער: פאַרוואָס און צוליב וואָס זאָלן מיר בלייבן ייִדן?

בעצם איז די פראַגע „פאַרוואָס זאָלן מיר בלייבן ייִדן“ לפי־ערך אַ נייע פּראָבלעם ביי אונדז. ביזן רענעסאַנס האָבן ייִדן אַפילו נישט געטראַכט וועגן דער פראַגע. אַ ייִד איז געבליבן אַ ייִד ווייל ער האָט געגלויבט אין שכר ועונש, אויך האָבן ייִדן געהאַלטן, אַז זיי זענען גאָטס אויסדערוויילטע קינדער און ס'איז אַ גרויסע זכיה צו זיין אַ ייִד; און דעם ייִדישן פאָלק דערוואַרט אַ ליכטיקע צוקונפט. ווען משיח וועט קומען וועלן אַלע פעלקער קומען און בעטן זיך צו ווערן ייִדן.

איז געזעסן אַ ייִדישער שוסטער אין אַ ווינקל פון אַ געוועלב אין אַלכּסנדריה פון מצרים און ער האָט געזען פאַרבייגיין אַ רוימישן פּאַטריציער

און דער אָרעמער ייִד האָט געקוקט מיט גרויס רחמנות אויף דעם אַריסטאָ־קראַט. נעבעך, זיין סוף איז דאָך אין גיהנום. אין אַלט־פּוילן האָט אַ פּראָס־טער ייִד זיך געקניט, געבוקט און זיך געחנפעט צום מעכטיקן אויסגע־פּוצטן פּריץ און אין האַרצן האָט דער „משונהדיק" געקליידטער ייִד מבטל געווען כעפרא דארעא דעם פּריץ מיט זיין גאַנצן גלאַנץ, פּראַכט און מאַכט: נעבעך, דער פּריץ איז דאָך אַ פאַרגרעבטע בריאה, אַ זון פון עם־הדומה־לחמור.

צו דער הנחה איז גרינג צו ברענגען ראיות און באַווייזן, פון דער אַלטער און נייער העברעאישער ליטעראַטור און פון דער ייִדישער ליטע־ראַטור, אָבער דאָס זענען אַזעלכע דברים־מפורסמים, וואָס מען דאַרף נישט ברענגען קיין אותות־ומופתים צו פאַרשטאַרקן זיי. אחד־העם האָט אָמבעסטן סומירט דעם ייִדישן גייסטיקן מצב:

„זינט די כנסת־ישראל איז אַוועק אין גלות, טרעפן מיר נישט אין קיין שום צייט, אַז זי זאָל זיך אָפּשטעלן און זיך אַליין פרעגן: וווהין גיי איך, צוליב וואָס לייד איך צרות, וואָס זענען נישט געהערט געוואָרן צווישן פעלקער, און וואָס איז דער תכלית פון מיין קיום? הונדערטער און הונדער־טער יאָרן האָט די יידישע אומה געלעבט מיט אמונה און בטחון. דור נאָך דור איז זי געגאַנגען אויף דעם וועג, וואָס האָבן אויסגעטראָטן פאַר איר אירע פירערס און לערערס פון אָנהויב פון איר זיין. מיט ליבשאַפט האָט זי אויף זיך גענומען די יסורים פון דרויסן און מיט אהבה האָט זי געטראָגן דעם אינעווייניקסטן יאָך. זי האָט גאָרנישט געפרעגט און זיך נישט געוווּנ־דערט, ווייל אויף אַלע פראַגעס און קשיות האָבן אמונה און בטחון געהאַט איין אַלגעמיינעם ענטפער אָנגעגרייט פון פריער: „לויט דעם צער איז דער שכר" (אחד־העם: „על פרשת דרכים", הקדמה למהדורה ראשונה).

ייִדן האָבן נישט נאָר געגלויבט אין שכר אויף יענער וועלט, יעדער ייִד האָט אויך געגלויבט, אַז מיט זיינע מעשים איז ער מקרב די גאולה אויף דער וועלט. יעדער ייִד האָט דורך זיינע מעשים געוואָלט רעאַליזירן מלכות־שדי אויף אונדזער זינדיקער וועלט. אָבער ייִדן האָבן נישט גע־גלויבט, אַז מיט דעם כוח פון אָרגאַניזירטער רעליגיע קען מען דערנענ־טערן די גאולה. יחידישע מעשים זענען געווען דער עיקר פון ייִדישן גלויבן. אַ ייִד האָט אַפילו נישט געטראַכט פון קיום־האומה, ער האָט נאָר געטראַכט פון אָפּהיטן די גאַנצקייט פון זיין נשמה. מיט דעם האָט זיך דער ייִד אונטערגעשיידט פון וועלכן ס'איז אַנדער מאמין פון אַן אַנדער רעלי־גיע. יעדער ייִד האָט זיך געהאַלטן פאַר דער גאַנצער אומה. דאָס האָט אים געגעבן כוח און מוט נישט נאָר איבערצוטראָגן צרות און ענויים אין אַן

עת־צרה, נאָר אויך איגנאָרירן עקאָנאָמישע פאַקטאָרן אין טאָג־טעגלעכן לעבן. אַ ייִד איז געזעסן אין אַ דאָרף, איין ייִד אַרומגערינגלט מיט טויזנ־טער נישט־ייִדן, און אַז עס איז געקומען דער שבת, האָט ער אים אָפּגע־היט מיט אַלע סייגים און חומרות. ער האָט זיך נישט אונטערגעוואָרפן, און זיך נישט אונטערגעגעבן צו דער עקאָנאָמישער נויט און פרעמדן קולטור־רעלן דרוק. די ייִדישע אומה, ווי דער ייִדישער יחיד, אָדער פאַרקערט, האָט נאָך אין דעם אורשפּרונג פון ייִדישער געשיכטע געוואָלט זיין אַנ־דערש. ייִדן זענען טאַקע געוואָרן אַנדערש. די ברכה „שלא עשני גוי" האָט אַ סך טיפערן באַדייט ווי מען טייטשט זי אויס אויבערפלעכלעך.

איך ווייס, מען קען מיך אָפּפרעגן און מען קען מיר גרינג באַווייזן מיט טויזנטער ראיות, אַז ייִדן זענען ווי אַלע מענטשן. אָבער די אַנדערשקייט פון מענטשן און פעלקער רעכנט מען נישט מיט די באַריר־פּונקטן נאָר מיט די אָפּנויגונגען. מיט רעכט טענהט אברהם מענעס, אַז געוויס איז וויכטיק צו וויסן ווי ייִדן האָבן געמסחרט און געשמייעט אַ גאַנצע וואָך, אָבער נאָך וויכטיקער איז צו שטודירן און אויספאָרשן ווי ייִדן האָבן זיך געגרייט אַ גאַנצע וואָך אויף שבת. אַוודאי איז פאַר אונדז נישט קיין קלייניקייט צו אויסגעפינען מיט וואָס ייִדן האָבן זיך באַשעפטיקט און פון וועלכע מקורים האָבן זיי געצויגן פּרנסה, אָבער וויכטיקער איז צו פאַר־שטיין ווי אַזוי אַ ייִדישער בעל־מלאכה, וואָס האָט געאַרבעט אַ סך שווערער ווי דער אַרבעטער היינט, האָט געקענט אָפּרייסן צייט אויף דאַוונען שחרית און פאַרנאַכט האָבן ביידע, דער פאַרשמייעטער קרעמער און פאַרהאָרעוועטער אַרבעטער, איבערגעלאָזן אַלע זייערע עסקים און זענען אַוועק אין די שולן, אין די בתי־מדרשים צו לערנען און צו דאַוונען. זיי האָבן זיך באַטרונקען מיט גאָטס וואָרט און נישט מיט קיין שאַרפע משקאות אין די שענקען.

ייִדישקייט לייגט נישט קיין געוויכט אויף אמונה נאָר אויף מעשים. דער קריסטלעכער קאַטעכיזם הויבט זיך אָן מיט דאָגמעס און אמונות. דער „שולחן ערוך" להבדיל, הויבט זיך אָן מיט די מצוות וואָס אַ ייִד דאַרף טון ווען ער שטייט אויף אינדערפרי. דער באַקאַנטער אַלטער ייִדישער אַנעקדאָט האָט אויפגעהיט אין זיך אַ טיפן טרואיזם:

צו אַ פרומען ייִדן איז געקומען פון בערלין זיין זון, אַן אויסגעשטו־דירטער ד"ר פילאָסאָף. אין אָוונט האָט דער געבילדעטער זון זיך פונאַנ־דערגערעדט מיט דעם פרומען טאַטן און אים דערקלערט, אַז על־פּי־חקירה

איז נישטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט. דער פרומער טאַטע האָט זיך גע־אַמפּערט מיט זיין אַפּיקורסישן זון און אים באַוויזן באותות־ומופתים, אַז די פילוסופים זענען זיך טועה. אַזוי האָבן זיי זיך געשפּאַרט אַ גאַנצע וואָך. שבת אינדערפרי האָט דער טאַטע געוועקט דעם זון:

— מאָטל, שטיי אויף! צייט צו גיין דאַוונען!

דער זון האָט זיך איבערגעקערט אויף דער אַנדער זייט און אַ בורטשע געטון פאַרשלאָפן:

— טאַטע, איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך גלויב נישט אַז ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט.

דער פרומער ייִד האָט אויסגערופן מיט רוגזה:

— רעדסט דאָך נישט צו דער זאַך. יאָ גאָט נישט גאָט — אַ ייִד דאַרף דאַוונען.

יאָ, אָן מצוות־מעשיות קען נישט געמאָלט זיין קיין ייִד. נישט דורך אמונה האָט זיך אַ ייִד דערנענטערט צו גאָט נאָר דורך מעשים־טובים. אַ ייִד האָט געטראָגן אויף זיך דעם יאָך פון תרי״ג מצוות נישט אויפצוהאַלטן די אומה, נאָר כדי צו געפינען זעלישן גליק אויף דער וועלט און יענער וועלט. ווען מיליאָנען ייִדן האָבן אויפגעפירט זיך אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן, איז שוין במילא אויסגעקומען אַז מען האָט נישט געדאַרפט דאגהנען פאַר קיום־האומה.

אָט דעם דרך פון ייִדישקייט דאַרפן מיר געדענקען, מיר ווילן זיך נאָך אומקערן צו אָט דעם עיקר.

ב.

סוף אַכצנטן יאָרהונדערט האָט דאָס ייִדישע שטעטל, וואָס האָט קאָנקרעטיזירט די גייסטיקע ייִדישקייט פון די נביאים, דערגרייכט די העכסטע הייך. אָבער אין אָט דער צייט, ווען עס האָט זיך אויסגעדאַכט אַז דער איינגעשטעלטער נוסח פון שטעטל האָט דאָמינירט אַלע פאַזעס פון ייִדישן לעבן, איז אין אייראָפּעאישן ייִדנטום, איבערהויפּט אין די ישובים פון מערב־אייראָפּע, אויפגעקומען די השכלה־באַוועגונג, וואָס האָט אונטערגעגראָבן דעם פונדאַמענט פון דעם ייִדישן וועלט־באַנעם.

די ייִדישע השכלה־באַוועגונג האָט געהאַט אירע וואָרצלען אין דעם איבערבראָך פון דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט אין דער צייט פון רענע־סאַנס. אַ סך פריִער פון דעם אויפשטייג פון דער ייִדישער השכלה איז אין

איירָאָפּע אויפגעקומען אַ באַוועגונג וואָס האָט געצילט צו רעאַליזירן אַ נייעם קולטור־אידעאַל: באַפרייען די איירָאָפּעאישע ציוויליזאַציע אין איר טאָג־טעגלעכן לעבן פון דעם יאָך פון רעליגיע. די באַוועגונג איז אַרויס אין קאַמף קעגן קלעריקאַליזם, זי האָט געוואָלט באַפרייען פון זיין השפּעה און זיין הערשאַפט דעם פּאָליטיש־ און קולטור־לעבן פון פאָלק. די השכלה־באַוועגונג ביי די איירָאָפּעאישע פעלקער האָט געצילט צו שאַפן אַ סעקולאַרן קולטור־לעבן.

אין אַכצנטן יאָרהונדערט איז די סעקולאַריזאַציע־באַוועגונג ביי די איירָאָפּעאישע פעלקער געשטאַנען אויף איר העכסטער הייך. די יידישע השכלה איז געווען אַן אָפּצווייג פון אָט דער אַלגעמיינער השכלה־באַוועגונג.

טעאָרעטיש האָט די יידישע השכלה געהאַט אַ פּאָזיטיווע נאַציאָנאַלע שטרעבונג: זי האָט געוואָלט אויסבעסערן, פאַרשענערן דאָס יידישע לעבן און עס צופּאַסן צו די נייע באַגריפן און אידייען. די השכלה האָט באַפרייט די יידן פון הונדערטער און הונדערטער סייגים און חומרות, וואָס האָבן פאַרשטיינערט, פאַרגליווערט און איינגעהאַמעוועט יידיש לעבן. זי האָט לויז געמאַכט דאָס יידיש לעבן פון די שנורן, שטריק און קייטן פון דער בלינדער יידישער דאָגמע, וואָס האָט פאַרגליווערט יידיש לעבן. די השכלה האָט געעפנט די קאַנאַלן פון יידישער שעפערישקייט. עס האָבן זיך אַנט־וויקלט די יידישע און העברעאישע ליטעראַטורן; יידיש לעבן איז געוואָרן פאַרבנרייך און וואַריאירט. יידישער געדאַנק האָט זיך באַפרייט פון דער באַגרענעצטקייט פון דאָגמע און יידן האָבן צום ערשטן מאָל אין זייער געשיכטע אָנגעהויבן צו טראַכטן אוןריידן פריי וועגן דעם מהות פון יידישקייט און געספּעקולירט אָן שום צוריקהאַלט וועגן זייער צוקונפט און באַטראַכט פריי די ווערטן פון יידישקייט, אָן אַ פריער באַשטימטער באַ־גרענעצונג. יידיש לעבן איז געוואָרן רייך אין באַוועגונגען.

אָבער נישט געקוקט אויף אַלע פּאָזיטיווע עלעמענטן פון דער השכלה, און אַפילו ווען מיר באַנעמען די אומפאַרמיידלעכקייט פון דעם איינפלוס און ווירקונג פון די געוואַגטע געדאַנקען פון דער אויפקלערונג, מוז מען צוגעבן, אַז אין דער פּראַקטיק האָט די השכלה־באַוועגונג ביי יידן געפירט צו אַסימילאַציע און גייסטיקן נאַציאָנאַלן חורבן.

ביי אַלע אַנדערע פעלקער האָט די השכלה נישט געבראַכט צו קיין צו גרויסן איבערבראָך אין נאַציאָנאַלן לעבן. פאַרקערט, גאָר אָפט האָט די השכלה ביי די אומות העולם פאַרטיפט דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער

קולטור. די אויפקלערונג־באַוועגונג האָט דאָך געשטעלט דעם טראָפּ אויף סעקולאַרער קולטור. די ליטעראַטור, דער טעאַטער, די קונסט האָבן אָנ־געהויבן שעפּן זייער יניקה פון דעם טאָג־טעגלעכן לעבן און דערפאַר איז די קולטור אין ברייטערן זין געוואָרן מער נאַציאָנאַל, ווייל זי האָט אָפּ־געשפּיגלט דעם כאַראַקטער פון די באַזונדערע פעלקער. פריִער האָבן די קולטורן געטראָגן אַ רעליגיעזן כאַראַקטער, דעם כאַראַקטער פון קריסט־לעכן גלויבן,וואָס האָט געהאַט זיינע וואָרצלען אין יהודה און איז אין תוך געוואָרן דורך דער קירך קאָסמאָפּאָליטיש. אונטער דעם איינפלוס פון רענעסאַנס האָט זיך דער כאַראַקטער פון די אייראָפּעאישע קולטורן גע־ביטן. זיי זענען געוואָרן נאַציאָנאַליסטיש.

אַנדערש איז אָבער געווען די ווירקונג פון דער השכלה אויף דער יידישער וועלט. דאָס יידישע לעבן איז בעיקר געווען געבויט אויף רעלי־גיעזע יסודות. מיר האָבן נישט געהאַט קיין מלוכה־אַפּאַראַט, וואָס איז אין תוך סעקולאַר. מיר זענען נישט געווען צוגעבונדן צו דער ערד, ווי דאָס טעגלעכע נעגירט אָפּט די רעליגיע — ווי יאַגד און פאָלקס־הוליאַנקעס, וואָס טראָגן אין זיך תמיד שיריים פון פאַרגעסענע געצן־קולטן. אויך האָבן די אַלע פעלקער, אַ חוץ יידן, געהאַט וויסנשאַפט־אינסטיטוציעס, אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, צוגרייטונגען צו מלחמות און מלחמות. דאָס לעבן פון די זעלנער אויף דעם מלחמה־פעלד און אין די לאַגערן, ספּאָרט און צענדליקער אַנדערע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן זיך באַקומען פון מלוכה־פירונג — אַלץ אַקטיוויטעטן וואָס אין תוך זענען דאָס די סעקולאַרע ענינים, וואָס פאַרנעמען דעם גרעסטן טייל פון טאָג־טעגלעכן לעבן פון פאָלקס־אַפּאַראַט. יידן האָבן אָבער בעצם געהאַט בלויז אַ קהלשן רעליגיעזן לעבן.

אַפילו יענע משכילים, וואָס אין תוך זענען זיי נישט געווען קעגן אמונה, זענען זיי אָבער געווען קעגן תורה ווי די צענטראַלע אידייע אין יידישן לעבן. זיי האָבן געוואָלט איינשטעלן אַ יידיש לעבן, אין וועלכן לי־טעראַטור, קונסט, טעאַטער, וויסנשאַפט, מלוכה־אַפּאַראַט און אַנדערע סעקו־לאַרע אינסטיטוציעס זאָלן פאַרנעמען די הויפּט־פּלעצער. אָבער די אַלע זאַכן האָבן נישט געשפּילט קיין ראָלע אין יידישן לעבן. זיי זענען נישט געווען אַפילו קיין טפל זאַכן. דער עיקר אין יידישן וועלט־באַנעם און אין טאָג־טעגלעכן לעבן זענען געווען תורה און מצוות. די משכילים האָבן געשטעלט דעם טראָפּ אויף סעקולאַרע עלעמענטן, וואָס געווינלעך האָבן די

הערשנדיקע פעלקער עס באַזאָרגט פאַר אונדז. אָט דער געדאַנקען־גאַנג פון די משכּילים האָט אונטערגעבראָכן דעם גאַנצן יִדישן וועלט־באַנעם.

דער קאַמף פון יִדישקײט קעגן סעקולאַריזם איז גאָר אַן אַנדער קאַמף פון די קאַמפן, וואָס די יִדישע אמונה האָט אָנגעפירט מיט אַנדערע רע־ליגיעס. אין דער לאַנגער געשיכטע פון דער יִדישער אמונה, ווען זי האָט געקעמפט מיט פאַרשײדענע רעליגיעס, פּאַגאַניסטישן, קריסטלעכן און מאַכמעדאַנישן גלויבן, איז עס געווען אַ קאַמף צווישן גלײכע שיטות. אַלע רעליגיעס האָבן געהאַט אײן בשותּפותדיקן עלעמענט — גלויבן. איצט קעמפט די יִדישע אמונה מיט אַ שיטה, וואָס לײקנט אָפּ דעם עצם־מהות פון רעליגיעזן וועלט־באַנעם. פריִער איז געווען אַ קאַמף פון אַריבערגײן פון אײן אמונה אין אַ צווײטער, איצט אָבער איז אויפגעקומען אַ ייִד וואָס איז געבליבן אין דער יִדישער מחנה און דאָך געלײקנט אין דעם גאַנצן מהות פון יִדישקײט. פריִער, אויב אַ ייִד האָט מער נישט געגלויבט אין יִדישן וועלט־באַנעם, איז ער אַוועק פון יִדישן פאָלק. די וואָס זענען אָבער געבליבן יִדן, זענען געווען צוגעבונדן צו דער יִדישער שיטה. די מחנה איז אָפט געוואָרן קלענער אין צאָל, אָבער איר גלויבן אין איר עק־זיסטענץ־מאַכט זענען נישט געוואָרן שוואַכער. איצט איז די יִדישע מחנה געבליבן רעלאַטיוו גרויס, אָבער גײסטיק אָפּגעשוואַכט. אַ גרויסע צאָל פון אירע מיטגלידער פילט נישט קײן באַרעכטיקונג פאַר איר יִדישקײט. פאַרמעל זענען זײ געבליבן יִדן, אָבער אין תּוך זענען זײ פרעמדע, וואָס וואָלטן וועלן פּטור ווערן פון יאָך און אַוועקגײן, אָבער האָבן נישט ווײַזן צו גײן.

נאָך אַ טיפערער איבערבראָך איז פאָרגעקומען אין יִדישן לעבן אין דער באַציאונג, וואָס די אויפגעקלערטע האָבן געהאַט צום גלות. יִדן האָבן מיטאַמאָל דערפילט, אַז דער גלות איז אַן אומזיניקער יאָך. גלות איז נישט קײן שטראָף פאַר באַגאַנגענע זינד, וואָס וועלן אַמאָל פאַרגעבן ווערן. גלות איז אויך נישט קײן אומגליק, וואָס איז געקומען אויף דעם פאָלק צוליב דער רשעות פון דער וועלט. און גלות איז אַוודאי און אַוודאי נישט קײן אָפּקומעניש, וואָס לײַטערט יִדן און די וועלט כּדי דאָס פאָלק זאָל שפּעטער אויפגעריכט ווערן און זײַן דאָס ליכט פאַר דער וועלט און ווען די יִדישע גאולה וועט קומען, וועט די גאַנצע וועלט באַגליקט ווערן. גלות, האָבן די משכּילים געהאַלטן, איז אַ חרפּה און אַ שאַנדע און אַ דערנידערונג, וואָס איז געקומען צוליב אונדזער אומוויסנקײט און

הילפלאָזיקייט. מיר דאַרפן זיך באַפרייען מיט די אייגענע כוחות פון אָט דעם אומגליק און אָנהייבן לעבן ווי ווירדיקע מענטשן. מיר דאַרפן ווערן צוריק אַ נאָרמאַל פאָלק. דאָס קען אויסגעפירט ווערן אָדער דורך ווערן אַ טייל פון דעם פאָלק צווישן וועלכע מיר וווינען, אַנישט צו פאַרנעמען, באַזיגן אַ לאַנד. ייִדישע גאולה האָט גאָרנישט וואָס צו טון מיט וועלט־דערלייזונג. ייִדן לעבן איצט אַ בזוי לעבן, אַ נישט נאָרמאַל לעבן און זיי דאַרפן ווערן צוריק נאָרמאַל ווי אַלע אַנדערע פעלקער.

און אַוודאי און אַוודאי האָבן די משכילים נישט געגלויבט, אַז מיר זענען אַן אויסדערוויילט פאָלק. יאָ, זיי האָבן טאַקע געהאַלטן אַז מיר זענען אַנדערש פון אַלע אַנדערע פעלקער. אָבער מיר זענען נחות־דרגאת אין פאַר־גלייך מיט אַלע אַנדערע אויפגעקלערטע פעלקער. מיר דאַרפן אויך אויפגעקלערט ווערן, פאַרלאָזן דעם ייִדישן דרך און אויפנעמען די ליכטיקע אייראָפּעאישע קולטור.

אָט דער געדאַנקען־גאַנג האָט זיך קאָנקרעטיזירט אין פאַרשיידענע באַוועגונגען: אַסימילאַציע, רעפאָרם־ייִדישקייט, וואָס האָט אין תוך נישט געגלייבט אין טאָטאַלער אַסימילאַציע; סאָציאַליזם, דער גלויבן, אַז די גאולה פאַר ייִדן וועט קומען ווען די עקאָנאָמישע פראַגע וועט געלייזט ווערן; נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אויף די וווינערטער, טעריטאָריאַליזם און ציוניזם.

דער ציוניזם ווי דער טעריטאָריאַליזם איז באַשטאַנען צו באַזעצן ייִדן צוריק אין אַן אייגן לאַנד. דער טעריטאָריאַליזם, אין וועלכן ס'איז לאַנד און דער ציוניזם — דווקא אין ארץ־ישראל. דער ציוניזם האָט זיך געשטעלט פאַר זיין ציל צוריקברענגען די ייִדן קיין ארץ־ישראל נישט צו לעבן אין שכנות פון הערשנדיקן פאָלק, נישט צו שאַפן אַ צייטווייליקן וווינאָרט, ווי אַלע אימיגראַנטן האַלטן דאָס נייע לאַנד ביז זיי אַסימילירן זיך, נאָר טאַקע גלייך פון אָנהייב זען איינצונעמען דאָס לאַנד און ווערן דאָרט באַלעבאַטים אויף דעם אייגענעם גורל. אין אָנהייב פון דער באַוועגונג איז נישט געווען קלאָר ווי אַזוי זאָל מען איינעמען דאָס לאַנד, דורך אַ טשאַרטער אָדער קאָלאָניזאַציע. שפּעטער זענען אויפגעקומען עקסטרעמיסטן וואָס האָבן גע־האַלטן, אַז עס קען זיין אַז מען קען און מען דאַרף באַזיגן דאָס לאַנד אין אַ מלחמה.

ציוניזם האָט אויסגעזען צו זיין די אומפּראַקטישסטע און אוטאָפּיס־טישסטע ייִדישע באַוועגונג. ארץ־ישראל איז געווען באַזעצט מיט אַראַבער.

איבער דעם לאַנד האָט געהערשט אַ פֿאַנאַטישע, אַפּילו היפּש צוריקגע־שטאַנענע מלוכה, אָבער דאָך אַן אימפּעריע מיט וועלכע מען האָט זיך גערעכנט. דאָס לאַנד איז אָרעם אַן נאַטירלעכע רייכטימער, אָן וואַסער, נישט פּאַסיק פֿאַר אַגריקולטור. פֿון קיין אינדוסטריע קיין זכר און קיין סימן און עס פֿעלן די עלעמענטאַרסטע רוי־מאַטעריאַלן צו אַנטוויקלען אַן אינ־דוסטריע.

דאָס ייִדישע פֿאָלק איז געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער גאָר דער וועלט. אין מערב־אייראָפּע האָבן זיך די ייִדן געפֿילט ווי אַ טייל פֿון די פֿעלקער צווישן וועלכע זיי האָבן געלעבט. אין מזרח־אייראָפּע, איז דאָס פֿאָלק געווען רעליגיעז און די רעליגיעזע פֿירער, מיט געציילטע אויסנאַ־מען, זענען געווען קעגן דער אַפּיקורסישער, סעקולאַרער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס האָט געוואָלט ברענגען משיחן איבערגוואַלד. דער יונגער אויפֿגעקלערטער דור איז אין דעם רוב געווען סאָציאַליסטיש געניגט און באַקעמפֿט דעם „רעאַקציאָנערן שאָוויניסטישן ציוניזם".

אין רעטראָספּעקטיוו קען מען זאָגן, אַז די פֿירער פֿון ציוניזם זענען געווען צווייערליי אינטעלעקטואַלן: מערב־אייראָפּעאישע ייִדישע אינטע־לעקטואַלן, וואָס האָבן געוואָלט ווערן גאַנצע גוייִם און האָבן נישט געקענט, ווייל על־פּי־רוב האָט מען זיי נישט געלאָזן און מזרח־ייִדישע אייראָפּעאי־שע אינטעלעקטואַלן, וואָס האָבן אין זיך אַריינגעזאַפּט דעם ייִדישן וועלט־באַנעם מיט זייער מוטערס מילך און זענען געוואָרן לפֿנים אַפּיקורסים. זיי האָבן אָבער זיך אינגאַנצן נישט געקענט באַפֿרייען פֿון דער יוגנט־ירושה, האָבן זיי סובלימירט זייער רעליגיעזע משיחיסטישע בענקשאַפֿט. זיי האָבן קאָנקרעטיזירט דעם געטלעכן משיח־געדאַנק, וואָס האָט באמת ווייניק וואָס געהאַט צו טון מיט ערדישער מלוכה, אין אַ סעקולאַרן מלוכה־געדאַנק. היסטאָריש קען מען אָננעמען, אַז די מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע אינטעלעקטואַלן האָבן צוריק אויפֿגעלעבט די אַלטע ייִדישע שיטה, אַז דאָס ייִדישע נאַציאָנאַלע לעבן דאַרף געבויט ווערן אויף די יסודות פֿון מלוכה־מאַכט, וואָס זוכט זיכערקייט אין לאַנד. די שיטה וואָס איז דורכגעפֿאַלן אין דער צייט פֿון בר־כוכבא.

דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז אַלע עקאָנאָמיסטן און סאָציאָלאָגן האָבן באַוויזן מיט אותות־ומופֿתים אַז ציוניזם קען קיינמאָל נישט רעאַלי־זירט ווערן.

און נאָך אַ „קליינִיקייט״, דאָס פאָלק האָט גערעדט אַ שפּראַך וואָס די ציוניסטישע פירער, מילד גערעדט, האָבן נישט ליב געהאַט און זיי האָבן זיך אונטערגענומען אויפלעבן העברעאיש ווי אַ לעבעדיקע שפּראַך, אַ זאַך, וואָס קיין אַנדער פאָלק איז עס נישט געלונגען.

דאָך איז די איראָניע פון דער געשיכטע, אַז ציוניזם איז אין משך פון פופציק יאָר געוואָרן אַ רעאַליטעט. היסטאָריש גערעדט קען מען זאָגן, אַז דער אַלטער פאַרלאַנג צו זיין ווי אַלע אַנדערע פעלקער און איינשטעלן דעם קיום פון דער ייִדישער אומה אויף לאַנד און מלוכה, וואָס איז דורכגעפאַלן אין דער צייט פון בר־כוכבא, איז צוריק אויפגעשטאַנען תחית־המתים.

ציוניזם ווי אַן אידעאָלאָגיע האָט געזיגט אין ייִדישן לעבן. ייִדן האָבן פאַרנומען אַ לאַנד כדי צו פאַרזיכערן זייער עקזיסטענץ. זיי האָבן באַזיגט דאָס לאַנד, ווו זיי האָבן באַשטימט צו גרינדן אַ נאַציאָנאַלע היים. ס׳איז נישט וויכטיק צי ייִדן האָבן געוואָלט די מלחמה מיט די אַראַבער צי נישט, וויכטיק איז וואָס צום ערשטן מאָל, זינט חורבן־בית־שני, האָבן ייִדן ווידער געלייגט געוויכט אויף לאַנד און מלוכה און גענומען די שווערד אין דער האַנט אַריינצוקריגן אַ לאַנד און באַפעסטיקן אַ מלוכה און געזיגט.

ווען מיט אַריינקריגן די טעריטאָריע וואָלט אויך געקומען צו אַ קיבוץ־גלויות, וואָלטן די ייִדן־פראַגע און די ייִדישקייט־פראַגע געלייזט געוואָרן, ווייל מיט דער גרינדונג פון מדינת־ישראל האָבן זיך ייִדן נאָרמאַליזירט. דער טייל פון ייִדישן פאָלק, וואָס ווינט אויף זיין אייגענעם לאַנד קען האָבן אַלערליי שוועריקייטן, אָבער ער וועט זיך נישט שטעלן די פראַגע: צוליב וואָס זענען מיר ייִדן? לעבן צווישן אייגענע אין אייגן לאַנד מאַכט גרינג פאַרן יחיד צו לעבן אַ נאַציאָנאַל לעבן און ס׳זענען נישטאָ פאַר יעדן ייִדן קיין שוועריקייטן צו לעבן אַ ייִדיש לעבן אין ראַם פון פאָלק.

ייִדן אין ישראל קענען זיך אַפילו אַסימילירן ווי אַ קאָלעקטיוו, אָבער עס וועט נישט אָנרירן דעם יחיד. יעדער יחיד אין מדינת־ישראל בלייבט נאָמינאַל אַ ייִד. די אַלע וואָס מיינען אַז די עקזיסטענץ פון מדינת־ישראל איז מחייב ייִדן צו זיין אַנדערש און ערשט דאָרט, אויפן אייגענעם לאַנד, אַנטוויקלען דעם אמתן ייִדישן גייסט, זענען זיך טועה. אפשר וועט זיך דאָרט טאַקע אַנטוויקלען דער אמתער ייִדישער גייסט און אפשר נישט. לעבן נאָרמאַל אויף אַן אייגן לאַנד שטעלט נישט קיין ספּעציפישע פאָדערונגען צו אַנטוויקלען ספּעציפישע אייגנשאַפטן. די תביעות פון די נביי־

אים, מוכיחים און בעלי־מדרש זענען געווען אויסער־טעריטאָריעלע פאַ־דערונגען. וועלכן ייִדן אין מדינת־ישראל אַרויסוויזן נייגונגען צו ספּעציפיש־עטישע און געזעלשאַפטלעכע פאָרמעס, וועט זיין מה־טוב. עס וועט זיין מיט וואָס צו גרויסן זיך פאַר דער וועלט. אלא נישט, וועט קיינער נישט קענען האָבן קיין טענה צו זיי: פאַרוואָס לעבט איר ווי ייִדן? און אַוודאי וועלן זיי צו זיך אַליין נישט האָבן קיין טענות און וועלן נישט רייסן קיין פּאַסן פון זיך ווי מיר טוען עס. ישראל וועט זיין אַ באַרעכטיקטער איינס צווישן דער משפּחה פון פעלקער. דאָס באַהערשן פון אַ ספּעציפישער, באַשטימטער טעריטאָריע באַרעכטיקט די איינוווינער צו אַ פאָלקיש מלוכה־לעבן. אַ פאָלק דאַרף נישט באַשטיין פון גאונים. עס מעג זיין אַ פאָלק פון פּאַסטעכער פון שאָף און אַקערער פון ערד.

די ייִדן־פראַגע ווערט אויך אויטאָמאַטיש געלייזט פאַר די בירגער פון מדינת־ישראל. זייער גורל וועט זיין ווי דער גורל פון אַלע קליינע פעלקער — נישט ערגער און נישט בעסער. צו אַ פאָלק, וואָס לעבט אויף זיין אייגענער טעריטאָריע, קען נישט געמאָלט זיין קיין אוניווערסאַלע אויסערגעוויינלעכע שנאה.

וואָלט געווען אַלץ גוט און וווּיל ווען אינאיינעם מיט דעם אַריינקריגן פון לאַנד וואָלט אויך געקומען צו אַ קיבוץ־גליות. אָבער אונדזער גורל איז אַזאַ, אַז מיר זענען נאָך אַלץ צעשפּרייט צווישן די אומות און ניין צענטל פון אונדזער פאָלק, און אפשר נאָך מער, לעבט נישט אין מדינת־ישראל, און ווי עס ווייזט אויס וועט קיינמאָל דאָרט נישט זיין. סיידן — עס זאָל קומען צו אַ וועלט־אומגליק, וואָס זאָל באַרירן דעם וועלט־ייִדנטום און נישט אָנרירן מדינת־ישראל.

אין איצטיקער לאַגע איז די ייִדישקייט־פראַגע נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן פאַר די ייִדן אין די גלות־לענדער. דער אויפקום פון מדינת־ישראל מאַכט נישט גרינגער אונדזער לעבן דאָ אין אַמעריקע. פאַרקערט גאָר, אונדזער גייסטיק לעבן אין גלות איז נאָך געוואָרן שווערער נאָך דער גרינדונג פון מדינת־ישראל. נייע פּראָבלעמען זענען אויפגעקומען. ס׳איז געוואָרן פאַר אונדז נאָך שאַרפער די פראַגע פון „פאַרוואָס און צוליב וואָס זאָלן מיר בלייבן ייִדן דאָ אין אַמעריקע?״

איצט, אַז עס איז דאָ אַ ייִדישע מדינה, איז די צעשפּרייטונג נישט מער „גלות״, נאָר אין דער פרעמד, „נכר״. אין דער פרעמד האָלט נישט אויף קיין פאָלק זיין אייגנאַרטיק לעבן, אָדער זיין ספּעציפישע קולטור.

אַ גאַנצער תהום ליגט צווישן די צוויי באַגריפן: „גלות" און „פרעמד". גלות מיינט צייטווייליקער זיין אין אַ נישט אייגן לאַנד מיט אַ האָפענונג אויף גאולה. עס מאַכט נישט אויס ווי לאַנג די צייטווייליקייט געדויערט. אין „גלות" בויט מען אינסטיטוציעס, מען שאַפט אַן אייגנאַרטיק לעבן, כדי מען זאָל זיין גרייט און באַרעכטיקט אויסגעלייזט צו ווערן. אין דער פרעמד אָבער שאַפט מען נישט קיין אייגענע אינסטיטוציעס. מען קומט אין דער פרעמד פרייוויליק כדי סוף־כל־סוף זיך אויסמישן מיט דער אָרטי־קער באַפעלקערונג. אין גלות ווערט מען פאַרטריבן אָדער מען עמיגרירט איבערגעוואַלד און מען האָפט אַז מען וועט זיין אין גלות בלויז אויף אַ באַשטימטע צייט. אין דער פרעמד בלייבט מען אויף אייביק, ווייל מען האָט דאָך געהאַט די בחירה, דעם אויסוואַל.

וויבאַלד אַז עס איז דאָ אַ ייִדישע מדינה און מיר נעמען אָן די איצטיקע מדינת־ישראל ווי די רעאַליזירונג פון גאולה, זענען מיר אַלע אין דער „פרעמד", מיר קענען דאָך אַהין אין מדינת־ישראל עמיגרירן ווען מיר ווילן. דאָ, אין דער פרעמד, דאַרף מען נישט קיין ייִדישקייט. דער קיום פון פאָלק איז דאָך פאַרזאָרגט אין מדינת־ישראל. דער יחיד, וואָס וויל באמת לעבן בתוך עמו, קען עמיגרירן. דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן ביי די ברייטע ייִדישע מאַסן איז סעקולאַר. ווו איז דאָ די באַרעכטיקונג פאַר אַ ברייטן, טיפן קולטורעלן לעבן אין דער פרעמד? ליטעראַטור, קונסט, מוזיק זענען דער פועל־יוצא פון אַ פאָלקסלעבן, נישט די סיבות פאַר אַ נאַציאָנאַל לעבן.

אין דער וועלט האָט נאַציאָנאַליזם אַ באַשטימטן איינשטעל. לאַנד, שפּראַך און בירגערשאַפט זענען די דריי סימנים וואָס באַשטימען די נאַ־ציאָנאַליטעט פון יחיד. נישט אַלע סימנים זענען אַלעמאָל נויטיק צו פאַר־רעכנט ווערן ווי אַ מיטגליד פון אַ באַשטימטער נאַציע. אָבער אַלע זענען מסכים, אַז אויב אַ מיטגליד פון אַ פאָלק עמיגרירט פון זיין לאַנד און באַזעצט זיך, צו בלייבן, אין אַן אַנדער לאַנד און נעמט אָן די בירגער־שאַפט און שפּראַך פון זיין נייעם וווינאָרט, ווערט ער אויס בירגער פון זיין געבוירנלאַנד. מיט דער מאָס מעסט מען אַלע פעלקער. ייִדן האָט מען ביז איצט געמאָסטן מיט אַן אַנדער מאָס. זעען מיר למשל אין אַמעריקע. אַז בירגער פון צווייטן דור פון נישט־ייִדן ווערן פאַררעכנט פאַר פּולקאָ־מענע אַמעריקאַנער. אַ ביישפּיל זענען יודזשין דעבס און ווענדל ווילקי. אָבער אַ ייִד אַפילו פון צענטן דור אין אַמעריקע איז נאָך אַלץ אַ ייִד.

למשל קאָרדאָזאָ. די דערקלערונג דערפֿאַר איז נישט ווייל די גויִים זענען אַנטיסעמיטן, ווי אַנדערע מיינען, נאָר ווייל ביז איצט האָט די ייִדישע בירגערשאַפֿט געהאַט אַ לאָיאַליטעט צו אַן אַבסטראַקציע — כנסת־ישראל, וואָס איז נישט געווען צוגעבונדן צו לאַנד, שפּראַך און מדינה. איצט אָבער זענען מיר ווי אַלע אַנדערע פֿעלקער. מיר האָבן פֿון וואָס אָפּצוזאָגן זיך: לאַנד, שפּראַך און בירגערשאַפֿט.

מיר קענען נישט לעבן מיט דעם זכות פֿון מדינת־ישראל אין אַמע־ריקע. גרעסערע פֿעלקער איז עס נישט געלונגען. די פּאָליאַקן, די דייטשן, די פֿראַנצויזן, די איטאַליענער מיט רייכע גרויסע קולטורן דאָרט אין דער היים, האָבן זיך דאָ אויסגעמישט און פֿאַרשווונדן ווי נאַציאָנאַליטעטן. געדויערט עס עטלעכע דורות, אָבער סוף־כל־סוף גיט מען זיך אונטער.

ס'איז קלאָר אַז מיר קענען נישט אויפֿהאָדעווען אונדזערע קינדער דאָ אין אַמעריקע ווי בירגער פֿון מדינת־ישראל. נישט מען וועט אונדז לאָזן, און אויב עס וועט אונדז געלונגען אָפּצונאַרן אונדזערע שכנים, וועלן אונדזערע קינדער אונדז נישט פֿאָלגן.

ביי אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט איז קיין טראַגעדיע נישט וואָס עס פֿאַלן אָפּ פֿון פֿאָלקס גוף געוויסע פּראָצענטן דורך עמיגראַציע. אונדזער לאַגע איז אָבער אַנדערש. עטלעכע און ניינציק פּראָצענט פֿון אונדזער פֿאָלק לעבן אויסער מדינת־ישראל. זענען מיר גרייט אָפּצוזאָגן זיך פֿון רוב־מנין־ובנין פֿון פֿאָלק?

איז וואָס זאָלן מיר איצט טון?

זיכער איז נישט קיין אויסוועג צו פֿאַרלייקענען מדינת־ישראל, שטעלן זיך קעגן מדינה־געדאַנק אָדער פֿאַרלייקענען מדינת־ישראל. ערשטנס פֿאַר־לייקנט מען נישט קיין פֿאַקט און צווייטנס איז מדינת־ישראל אַ גרויסער וויכטיקער און שעפֿערישער ישוב. אין דעם מאָמענט איז דער ישוב אין מדינת־ישראל מער דינאַמיש און מער שעפֿעריש ווי דער פֿינף מאָל גרע־סערער ייִדישער ישוב אין אַמעריקע. זיין אַנטי־מדינת־ישראל איז נאַריש און קען נישט זיין ווירקזאַם און שעפֿעריש.

מיר טאָרן אָבער אויך נישט אַ מאַך טון מיט דער האַנט, מייאש זיין זיך און אונטערגעבן זיך דעם גורל, מסכים זיין מיט די שוללי־הגלות און זאָגן צו זיך: פֿאַרפֿאַלן, דער גלות מוז אונטערגיין, דאָס ייִדישע פֿאָלק מוז איצט איינשרומפּן און ס'איז גוט וואָס ס'איז דאָ איצט מדינת־ישראל — בעסער ווי גאָרנישט. אַ הצלה־פּורתא איז אויך עפּעס.

ייִדן וואָס האַלטן, אַז ייִדישקייט האָט גרויסע גייסטיקע און עטישע ווערטן, קענען נישט מסכים זײַן אויף נעגאַציע פון גלות. אַזעלכע ייִדן וועלן נישט פאַרלייקענען מדינת־ישראל, אָבער וועלן נישט אויפגעבן דעם גלות. מיר, די ייִדן וואָס טראָגן דעם יאָך פון ירושה, מוזן זוכן און געפינען אַ לייזונג צו דער איצטיקער פאַרפּלאָנטערטער פּראָבלעם פון ייִדישקייט.

ג.

ס'איז קלאָר, אַז די גאַנצע ייִדישע ירושה קען נישט אָפּגעווישט ווערן איבער נאַכט און די אַלטע גרונט־יסודות פון ייִדישקייט זענען נאָך גענוג שטאַרק, אַז מיר זאָלן קענען אויף זיי אויפבויען אַ מאָדערנעם ייִדישן וועלט־באַנעם, וואָס זאָל באַפּרוכפּערן אונדזער גלות־לעבן, מאַכן אים שעפעריש און אַזוי ייִדיש טיף, אַז מדינת־ישראל מיט דער סעקולאַרער מלוכה זאָל נישט קריגן די אויבערהאַנט און דאָמינירן אונדזער לעבן און אים איינשרומפּן.

מיר דאַרפן אָנהייבן איבערבויען אונדזער לעבן אין די גלות־לענדער מיט וויזיע און פאַרנעם, נישט באַנוגענען זיך מיט קלייניקייטן. מיר דאַרפן האָבן אַ נייע טעאָרעטישע באַגרינדונג פאַרן גלות און אַ פּלאַן פאַר אונדזער אַרבעט דאָ.

איך וועל דאָ פּרוּוון אָנוואַרפן אַ פּראָגראַם. די פּראָגראַם פון צוויי טיילן — אַ ווײַטגייענדיקע וואָס איז טיילווײַז אַ פּרינציפּן־דערקלערונג און פּראַקטישע אָנווייזונגען אויף איצטיקער אַרבעט. פאַרשטייט זיך אַז די פּרינציפּן־דערקלערונג קען נישט געבן קיין פּראַקטישע עצות.

ווײַטגייענדיקע פּרינציפּיעלע פּראָגראַם:

א) דער באַגריף גלות מוז בלײַבן. דאָס גרינדן פון אַ ייִדישער מלוכה האָט נאָך נישט געבראַכט די געגאַרטע און געטרוימטע גאולה, וואָס ייִדן האָבן זי אויסגעחלומט במשך פון טויזנטער יאָרן. נישט דאָס ייִדישע פאָלק און נישט די וועלט זענען אויסגעלייזט. בלויז אַ נייער, וויכטיקער ייִדי־שער צענטער איז צוגעקומען. מיר בלײַבן אין גלות כל־זמן די גאַנצע וועלט איז נישט אויסגעלייזט. באַנוצן זיך מיטן אַלטן ייִדישן געדאַנקען־גאַנג: מיר זענען אין גלות כל־זמן משיח איז נישט געקומען. דער רבונו־של־עולם פון אונדזער פאָלק לעבט בתפוצות־העולם און די שכינה, דער וועלט־יושר, איז אין גלות מיט אונדז. באַנוצן זיך מיט דער געוואַגטקייט

פון רעליגיעזע דענקער קען מען זאָגן, אַז די שכינה וועט דאָך נישט אַוועק פון תּפוצות־ישׂראל כּל־זמן אַזויפיל ייִדן זענען אין גלות. כּל־זמן די שכינה אַליין איז אין גלות קען נישט זיין קיין גאולה פאַר אונדז, ווייל דער וועלט פעלט שלימות. אין אַ וועלט פון רשעות קענען ייִדן נישט זיין קיין אויס־געלייזטע, ווייל זיי בויען זייער לעבן אויף אַ גערעכטן איינשטעל פון דער וועלט. מיר ייִדן האָבן שוין איינמאָל געהאַט אַ משיחיזם אָן וועלט־דערלייזונג. מיר און די וועלט האָבן זיך געגוג אָנגעליטן פון אַט דעם משיחיזם.

מיר דאַרפן גוט געדענקען, אַז דאָס גרינדן פון מדינת־ישׂראל האָט נישט געבראַכט משיחן. סמוכין לזה: מיר קענען זיך אָפּלערנען פון דעם איינשטעל אין צייט פון בית־שני. אַפילו ווען ייִדן זענען געווען זעלבסטשטענדיק האָבן זיי אָפּגעהיט תּשעה־באב ווי אַ טרויער־טאָג און געהאַלטן, אַז משיח דאַרף ערשט קומען. זיי האָבן געהאַלטן אַז עס קען נישט זיין קיין גאולה כּל־זמן רשעות הערשט אויף דער וועלט.

ב) אין איצטיקן מאָמענט שטייט מדינת־ישׂראל אין צענטער פון אונדזער אויפמערקזאַמקייט און הילף. אַט ווי נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער מזרח־אייראָפּעאישער ישוב געשטאַנען אין צענטער פון אונדזער אַרבעט, ווייל דער ישוב האָט זיך געניייטיקט אין אונדזער הילף. אַזוי איז איצט די לאַגע וועגן דעם ישוב אין מדינת־ישׂראל. מיר דאַרפן אָבער געדענקען אַז כּנסת־ישׂראל איז גרעסער פון וועלכן ס'איז געאָגראַ־פישן פּונקט. כּנסת־ישׂראל איז מער פון מדינה, מער פון תּפוצות־ישׂראל און מער ווי מדינת־ישׂראל און תּפוצות־ישׂראל. דאָ גילט נישט דער געאָ־מעטרישער כּלל, אַז דאָס גאַנצע איז נישט גרעסער פון זיינע טיילן. ניין, דאָ גילט דער פּסיכאָלאָגישער כּלל, אַז אַ מענטש איז מער ווי די כעמישע מאַטעריאַלן פון וועלכע ער איז צונויפגעשטעלט. אַ הויז איז מער ווי די ציגל, ברעטער און טשוועקעס. אַ טיש איז מער ווי די שטיקלעך האָלץ און דאָס ביסל קליי.

אַוודאי וועט מדינת־ישׂראל נישט מסכּים זיין צו פאַררעכנט ווערן בלויז ווי נאָך אַ ייִדישער ישוב, נאָך אַ וויכטיקער קיבוץ. מדינת־ישׂראל פאַרמעסט זיך שוין איצט צו זיין דער איינציקער ייִדישער קיבוץ און נעגירט אַלע ייִדישע ישובים. דעם געדאַנק דאַרפן מיר באַקעמפן ווייל —

ג) אונדזער לעבן דאַרף ציִען זיין יניקה נישט פון דעם נאַציאָנאַ־ליזם פון מדינת־ישׂראל, נאָר פון דעם אַלטן ייִדישן באַגריף פון קדושה

אין טאָג־טעגלעכן לעבן. מיר זענען אַן אייגנאַרטיק פאָלק, אין אַן אייגנ־אַרטיקער לאַגע, וואָס ווי איך גלויב, איז נישט גלאַט אַ צופאַל נאָר אַ פריי־וויליקער אויסוואַל. דאָס איז דער געדאַנק פון בונד צווישן ישראל און גאָט און דאָס איז דער הינטער־געדאַנק פון אתה־בחרתנו־פאָלק. דערפאַר —

ד) ייִדיש לעבן אין גלות מוז זיין געבויט אויף דעם איינשטעל פון די פרושים. אַברהם מענעס האָט עס קורץ און גרינטלעך פאָרמולירט: „דער מענטש דורך זיינע מעשים מוז פאַרדינען גאָטס חסד; דער גאַנצער זינען פון מענטשלעכן לעבן באַשטייט דערין צו נעמען אויף זיך דעם יאָך פון גאָטס ווילן און גאָטס מצוות. דאָס איז אינגאַנצן פאַרטושט געוואָרן אין דער מאָדערנער וועלט און אין היינטיקן לעבן. דער היינטיקער סאָציאַליזם איז אַ המשך פון פּאולוס איינשטעל, אַז דורך גלויבן, נישט דורך מעשים קען מען דערגרייכן גאָט".

ייִדישקייט אין פּראַקטישן טאָג־טעגלעכן לעבן מיינט, אַז דער יחיד דאַרף נישט אַזויפיל דאגהנען פאַר קיום־האומה ווי פאַר זיין אייגענעם גייסטיקן קיום, פאַר זיין אייגענעם דרך אין לעבן. אַ ייִד דאַרף אויף זיך נעמען פערזענלעכע אַחריותן, נישט דער כלל איז דער העכסטער תכלית, נאָר דער גייסטיקער גליק פונעם יחיד איז דער עיקר. דאָס פאַרקערטע, וואָס אחד־העם האָט געפּרעדיקט. אַ ייִד טאָר נישט וואַרפן די שולד פון זיין אויסגעליידיקט לעבן אויף עקאָנאָמישע אומשטענדן. טאָטאַלע צופּאַסונג איז נישט קיין מעלה. זאָגט ר' ראובן גאַרדעס: „אַ לעבן אינגאַנצן צוגע־פּאַסט צו די אַרומיקע אומשטענדן איז אַ לעבן אָן גייסטיקייט, אָן אינדיווי־דואַליטעט".

דאָס איז אַ שווערע ייִדישקייט. אָבער ייִדישקייט איז קיינמאָל נישט געווען קיין גרינגער יאָך.

ה) אָט די צוויי באַגריפן: גלות־באַוווסטזיין און פערזענלעכע אַחריות זענען אונדז מחייב צו האָבן אַן אייגענעם לעבנס־שטייגער. די גאַנצע ייִדי־שע ירושה פון מצוות־מעשיות מוז צוגעפּאַסט ווערן צו אונדזערע איצטיקע גייסטיקע באַגריפן. דאָס איז אַ שווערער ענין און עס קען נישט געטון ווערן אין אַ יאָר צוויי. עס וועט נעמען לענגער ווי דאָס לעבן פון אַ דור. איך קען נישט געבן וועגן דעם ענין אַפילו קיין ראשי־פּרקים. איך וויל בלויז אָנמערקן אַז רעפאָרם־ייִדישקייט האָט שוין לאַנג אָנגעהויבן די צופּאַסונג און די רעקאָנסטרוקציאָניסטן זענען אַוועק ווייטער אויף דעם זעלביקן וועג. דער חסרון פוןביידע באַוועגונגען איז וואָס זיי זענען צו ראַציאָנאַל.

עס פעלט זיי ניצוצי־קדושה. נאָך ערגער, זיי זוכן מאַכן ייִדישקייט באַקוועם פאַר ייִדן, וואָס לעבן גאַנץ באַקוועם. דערפאַר האָט זיך נישט אַרויסגע־שיילט פון זיי קיין פירער, וואָס זאָלן זיין גרייט לעבן אין אָרעמקייט כדי צו ברענגען גאָטס וואָרט צום דורכשניטלעכן ייִדן. אָבער זיי זענען אויף דעם ריכטיקן וועג. אין אונדזערע קריזיז איז דאָ אַ גרינגשעצונג צו רע־פאָרם־ייִדישקייט, מיר פאַרגעסן אַז אַפילו די קיצונים־חרדים (עקסטרעמע אָרטאָדאָקסן) זענען באַאיינפלוסט געוואָרן פון די רעפאָרמיסטן.

די פריִערדיקע פינף סעיפים זענען פאַר דער ווייטגייענדיקער מאַקסי־מאַלער פראָגראַם.

וואָס דאַרף זיין די איצטיקע מינימום פּראָגראַם?

א) העברעאיש. לערנען העברעאיש דאַרפן מיר מיט דער חברה אַשכנזי. מיר לערנען העברעאיש נישט ווייל ס׳איז אַ גערעדטע שפּראַך, נאָר ווייל דאָס גיט אונדז דעם שליסל צו ייִדישע מקורים. די השפעה פון אַ גערעדטער שפּראַך מוז זיין אַ נאַציאָנאַליסטישע און מיר טאָרן נישט בויען דאָס ייִדישע לעבן אין תפוצות־ישראל אויף נאַציאָנאַליזם.

ס׳איז נישט קיין צופאַל וואָס ייִדן האָבן אויפגעהאַלטן העברעאיש ווי אַ בוך־שפּראַך. ייִדן האָבן אויפגענומען פרעמדע שפּראַכן און פאַר־ייִדישט זיי. אָבער זיי האָבן נישט געמאַכט קיין ערנסטע פּרוּוון צו מאַכן העברעאיש פאַר אַ גערעדטער שפּראַך. און ס׳איז נישט געווען בלויז ווייל זיי האָבן געהאַלטן העברעאיש פאַר לשון־קודש, אַ הייליקע שפּראַך. זיי האָבן דאָך געשריבן אַ סך דברי־חול אויף דער שפּראַך: געשעפטס־בריוו, פילאָזאָפישע ביכער, אַפילו עראָטישע לידער, און וואָס נישט?

דער אמת איז אַז עס איז געווען אַ טיפער מיין אין דעם נישט צולאָזן, אַז העברעאיש זאָל ווערן אַ גערעדטער לשון. אַ גערעדטע שפּראַך אַנט־וויקלט זיך אויף אַ נאַטירלעכן וועג און ווערט אַזוי געענדערט אַז אין יאָרן ווערט זי אינגאַנצן אַנדערש, אַזוי אַז זי האָט קנאַפּ וואָס צו טון מיט דעם אָריגינאַל. ענגליש איז לפי־ערך נאָך גאָר אַ יונגע שפּראַך, דאָך אַ גוטער ענגליש־קענער וועט נישט פאַרשטיין טשאָסער. די גריכן האָבן קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו ריידן גריכיש און אַ מאָדערנער גריך פאַר־שטייט נישט קיין וואָרט אין דער איליאַדע אָדער אָדיסעע. פאַר אים איז עס געשריבן אין אַ פרעמדן לשון און מען דאַרף עס פאַר אים איבער־זעצן אויף זיין גריכיש.

העברעאיש אָבער איז ביז נישט לאַנג צוריק געווען אַ פאַרשטענד־לעכע שפּראַך פאַר דעם דורכשניטלעכן ייִדן. אַפילו די עמי־הארצים האָבן פאַרשטאַנען אַ שטיקל חומש און גאָר אַ גרויסער טייל פון פאָלק האָט זיך געקענט פונאַנדערקלייבן אין משניות. איצט, אַז לשון־קודש איז געוואָרן אַ גערעדטע שפּראַך אין מדינת־ישראל איז זיכער, אַז אין אַ פּאָר דורות אַרום וועט דער תנ״ך, משניות און אַלע אַלטע מקורים בלייבן פאַרשלאָסענע ספרים. די זעלביקע ווערטער וואָס מיינען איצט איין זאַך, וועלן דעמאָלט מיינען עפּעס גאָר אַנדערש. דאַרפן ייִדן אין תפוצות־ישראל אויפהיטן העברעאיש ווי אַ בוך־שפּראַך, כדי עס זאָל נישט אויפגעהיט ווערן דער שליסל צו די אַלטע מקורים. אַנישט וועט די השפעה פון אונדזער אַלטער קולטור אינגאַנצן פאַרשווינדן.

איינע פון די מיטלען פאַר אונדז אויפצוהאַלטן העברעאיש ווי אַ בוך־שפּראַך איז די אַשכּנזישע אויסשפּראַך. אפשר איז געווען אַ טיפער מיין פון דער געשיכטע, וואָס אין מדינת־ישראל איז אָנגענומען געוואָרן די ספרדישע אויסשפּראַך.

דאַרפן איצט זיין צוויי דיאַלעקטן פון העברעאיש, דער פון מדינת־ישראל און דער פון תפוצות־הגולה. דער גלות וועט אויפהאַלטן לשון־קודש און מדינת־ישראל וועט האָבן אַן אייגענע שפּראַך — פאַר זיך. אין געוויסע הינזיכטן וועט דער גלות לשון־קודש אָפּהאַלטן דעם העברעאיש פון מדינת־ישראל, נישט אַוועקגיין צו ווייט און צו שנעל אין זיין אַנטוויקלונג.

ב) ייִדיש מוז אויפגעהאַלטן ווערן מיט אַלע כוחות ווי אַ גערעדטע שפּראַך. ייִדיש האָט אין זיך איינגעזאַפּט די גאַנצע ייִדישע שעפערישקייט פון די לעצטע פיר־פינף הונדערט יאָרן. אין דער שפּראַך האָט זיך אויסגעשטאַלט דאָס ייִדישע שטעטל, די קרוין פון ייִדישער שאַפונג. אַז מען רעדט ייִדיש איז מען נאָענט צו ייִדישע שעפערישע קוואַלן. אַ ייִדיש־רעדנדיקער ייִד האַלט אין זיך אויף אַ געוויסן לעבנס־שטייגער, אַ נוסח, אַ פאָרמע און ייִדישן אינהאַלט. ריידן ייִדיש איז מחייב צו לערנען און צו פאַרטיפן זיך אין ייִדישן מהות.

ג) מיר דאַרפן אָנהייבן אָפּצוהיטן מצוות־מעשיות. מיר דאַרפן מאַכן אָרדענונג וועגן ענין שבת, וואָס איז זייער אַ קאָמפּליצירטער ענין. אויך וועגן כשרות דאַרפן מיר איינשטעלן אויף וואָס פאַר אַ מין אופן. איך שרעק זיך נישט פאַר ייִדן כופרים־בעיקר. איך שרעק זיך נאָר פאַר ייִדן וואָס ריידן

וועגן קדושת־שבת און אַרבעטן אום שבת. איך שרעק זיך אויך פאַר ייִדן וואָס ריידן וועגן נויטווענדיקייט פון כשרות און פאַסמאַקעווען זיך מיט חזיר. זאָל דער ענין ווערן אויס ליטעראַטור־ענין. לאָמיר בעסער קומען צו אַ געוויסער פאַרשטענדעניש, וואָס מיר זאָלן אָפּהיטן און פאַרוואָס, און וואָס נישט אָפּצוהיטן און פאַרוואָס.

ס׳איז געווען אַ צייט ווען מיר האָבן זיך גערדאַרפט שטעלן קעגן דאָגמע און ריטואַל. זיי זענען געוואָרן אַ שווערער לאַסט אויף אונדז. איצט איז אונדזער לעבן אויסגעליידיקט געוואָרן, דאַרפן מיר אַגיטירן פאַר מצוות־מעשיות. לאָמיר זיך אָפּלערנען עפּעס פון אונדזער געשיכטע. די ערשטע שריפט־נביאים האָבן געשטורעמט קעגן קרבנות און די שפּעטערדיקע האָבן געשטראָפט פאַר נישט אָפּהיטן די אַלע אָנזאָגונגען וועגן קרבנות. דור־דור־ועיקריו, דור־דור־וחומרותיו, יעדער דור מיט זיינע עיקרים און יעדער דור מיט זיינע חומרות. איך ווייס, אַז עס איז שווער אָנצוהייבן צוריק מיט מצוות־מעשיות. מיר זענען אין דער בחינה פון יענעם מענטשן, וואָס האָט געפאַסט אַ לאַנגע צייט און ער קען נישט אָנהייבן תיכף עסן צו זאַט. מען דאַרף אים קאָרמענען מיט אַ טיי־לעפעלע. אין אָנהייב וועט אונדז דער ענין פון מצוות־מעשיות זיין פריקרע. שפּעטער וועלן מיר זיך צוגעוווינען. מיר וועלן מער זיין צופרידן עמאָציאָנעל און אונדזערע היימען וועלן נישט זיין פוסט ווי חורבות, ווו שדים טאַנצן דאָרט.

איך בין אַליין נישט ביכולת צו געבן פאַר אַלץ אַ מעטאַפיזישע באַרעכטיקונג. ביי מיר איז די פראַגע צי עס איז נייטיק אַזאַ באַרעכטיקונג. אָט זענען דאָ פּרינציפּיעלע העברעאיסטן און ייִדישיסטן און ווו איז זייער מעטאַפיזישע באַרעכטיקונג? פאַר אונדזערע אויגן איז אויפגעקומען אַ מאַטעריאַליסטישע רעליגיע מיט דער פאַרגעטערונג פון אַ מענטשן, און אָן עולם־הבא זענען זיי זיך מקריב פאַר זייערע איבערצייגונגען.

ד) מיר דאַרפן רעסטאַווריר דעם אַלטן בית־מדרש. ער דאַרף ווידער ווערן וואָס אַמאָל — דער צענטער פון ייִדישן קהלשן לעבן. ער דאַרף ווערן דער צענטער פון דער קהילה, וואָס דאַרף געשאַפן ווערן, און אויך אַ מקום־תורה. תורה אין ברייטן זין פון וואָרט. דער אונטערגאַנג פון בית־מדרש מוז באַטראַכט ווערן ווי איינע פון די גרעסטע איבלען אין אונדזער לעבן. פאַרשטייט זיך, בויען בתי־מדרשים פאַר איין־מאָל־אַ־וואָך־מנינים איז אַ אומזין, אַזעלכע בתי־מדרשים זענען געשפּענסט־חורבות.

אַוודאי איז פֿאַראַן אַ סכנה, אַז דער גאַנצער איינשטעל זאָל פֿאַרגלי־ווערט ווערן אין אינסטיטוציע־רעליגיע. אָבער אין איצטיקן מאָמענט דאַרפֿן מיר זיך מער זאָרגן פֿאַר אַ רעליגיעזער אָרדענונג ווי פֿאַר אַ רעליגיעזן גלויבן. אונדזער גאַנצער ייִדישער לעבן איז געוואָרן פֿאָרמלאָז. מיר ווייגען איצט אין דרויסן און ס'איז נישטאָ וווהין איינצוזאַמלען אונדזערע קינדער.

ה) עס מוזן געשאַפֿן ווערן קיבוצים אין אַמעריקע, אין אַ געוויסער מאָס לויט דעם מוסטער פֿון מדינת־ישׂראל. איך מיין נישט הכשרה־קיבוצים פֿאַרן ישוב פֿון מדינת־ישׂראל, נאָר קיבוצים ווו מען זאָל דערציִען מנהיגים, לערער און טאָן־געבער פֿאַרן ייִדישן קהלשן לעבן אין אַמעריקע. די קיבוצים דאַרפֿן טראָגן אין אַ געוויסער מאָס דעם כאַראַקטער פֿון אַמאָליקע ישיבות, ווו דאָס לערנען איז געווען פֿרייוויליק ביז אַ גרויסער מאָס. אַלע הצטרכותן פֿון די תּלמידים דאַרפֿן באַזאָרגט ווערן. עס דאַרף געלייגט ווערן גרויס וויכטיקייט אויף לומדות. סיי די ייִדישע לימודים און סיי די סעקולאַרע דאַרפֿן זיין אַממיינסטן אַ לערנען לשמה. אָבער די תּלמידים דאַרפֿן נישט בלויז לערנען. דער קיבוץ דאַרף זיין אַ פּראָדוקטיווער. אַלע מיטגלידער פֿון קיבוץ דאַרפֿן זיך פֿאַרנעמען מיט אַרבעט. נישט נאָר מיט ערד־אַרבעט. די ווירטשאַפֿט דאַרף זיין אַ געמישטע. קיין דרויסנדיקע אַרבעטער טאָרן נישט באַשעפֿטיקט ווערן אין קיבוץ. אַלץ דאַרף באַזאָרגט ווערן פֿון די מיטגלידער. אַרבעט מוז דערהויבן ווערן צו קדושה, אַזוי אַז אַ טייל פֿון די תּלמידים זאָלן דערנאָך ווען בלייבן אַרבעטער.

די קיבוצים דאַרפֿן אין זיך אויסבילדן גרעינים, קערנדלעך פֿאַר נייע קיבוצים. מיט דער צייט, קען מען האָפֿן, וועלן אויפֿקומען ייִדישע שטעטלעך אין אַמעריקע. מיר מעגן זיך אָפּלערנען אין דעם היגזיכט פֿון מדינת־ישׂראל. דאָרט האָבן זיי אויפֿגעהאַלטן דאָס ייִדישע שטעטל און עס געגעבן גאָר אַ נייעם געשטאַלט.

**
*

דאָס זענען בתּכלית־הקיצור פּונקטן פֿאַר אַ פּראָגראַם פֿון גלות־ייִדישקייט. איך וויל אַז עס זאָל זיין קלאָר אַז איך אַגיטיר נישט פֿאַר גלות־אויטאָנאָמיעס, אויטאָנאָמיע דאַרף זיין אַן אינעווייניקסטער עניין. ייִדן דאַרפֿן פֿריִער וועלן נעמען אויף זיך אַ פֿרייוויליקן אייגנאַרטיקן לעבן;

אַז זיי וועלן עס וועלן וועט אַזאַ לעבן געשאַפן ווערן, אַפילו אָן דער סאַנקציע פון דער רעגירנדיקער מאַכט.

די וועלט שטייט איצט פאַר אַ גרויסן איבערבראָך. אַלע דאַרפן אָנהייבן איצט פאַרפעסטיקן זיך מיט גייסטיקער גבורה, ווייל די נסיונות וועלן זיין גרויס. מיר ייִדן על־אחת־כמה־וכמה. מיר דאַרפן איבערבויען אונדזער גאַנצן ייִדישן לעבן אויב מיר ווילן עקזיסטירן ווי אַן איינהייט איבער דער וועלט.

אַזעלכע פּלענער און רייד קלינגען אוטאָפּיסטיש, פאַנטאַסטיש און אַפּיקורסיש. אָבער אוטאָפּיזם, אַפּיקורסישקייט, ספקות און זוכענישן זענען אַלץ בעסער ווי פולקאָמענע צופרידנקייט. צופיל פון אונדז נעמען אָן די וועלט ווי זי וואָלט געווען אין אַן אייביקן סטאַטישן צושטאַנד. אויך האָבן מיר צופיל צופרידענע ייִדן, וואָס מיינען, אַז מדינת־ישראל האָט אַלץ פאַרענטפערט אין ייִדישן לעבן. נישט אַלץ איז פאַרענטפערט געוואָרן. די סכנה איז גרויס, גאָר גרויס דווקא ווייל מיר זענען אַזוי צופרידן מיט זיך. לאָמיר געדענקען די ווערטער פון נביא צפניה:

„און עס וועט זיין אין יענער צייט, וועל איך דורכזוכן ירושלים מיט ליכט און איך וועל באַשטראָפן די מענטשן, וואָס זענען רואיק אָט ווי דער וויין וואָס גליווערט אויף דעם אָראָפּגעזעצטן הייוון" (צפניה, א'—יב).

לאָמיר ווערן אומרואיק און זוכן און באַטאָנען דעם זין פון אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן און פלאַנעווען אונדזער צוקונפט און נישט לאָזן אַלץ צום בלינדן גורל.

איך האָב בטחון און אמונה אין דעם כוח און ווילן פון אונדזער פאָלק.

# אונדזער וועג אין די תפוצות

## (פראַקטישע אָנווייזונגען)

### א.

ווען מען שרייבט וועגן איבערבויען אונדזער ייִדיש לעבן אין די תפוצות, וועגן איבערשאַפן ייִדישקייט, וועגן „צובינדן דעם ייִדישן גלויבן צו מצוות־מעשיות אַפילו נישט צו די מצוות פון שולחן־ערוך" (שמעון דובנאָוו), וועגן קאָנקרעטיזירן וועלטלעכע ייִדישקייט און געבן אַ פּאַרוואָס צו אונדזער לעבן, אַ ייִדיש לעבן אין אַ נישט־ייִדישער סביבה, קומט באַלד דער אָפּרוף:

— אדרבא, גיט אונדז אַ פּראַקטישן פּלאַן, אָן פילאָסאָפיעס, אָן טעאָריעס, ווי אַזוי צו שאַפן אַ פול ייִדיש לעבן אין די תפוצות. אויב איר וועט אונדז ווייזן דעם פּראַקטישן וועג וועלן מיר אים אָננעמען. מיט פילאָסאָפיעס און חקירות קען מען נישט שאַפן קיין לעבנס־שטייגער.

מיר דאַרפן באַלד פאַרשטיין, אַז ווען אַ סעקולאַרער ייִד פאָדערט אַ פּראַקטישן פּלאַן, מיינט ער אַ גרינגן וועג. ער וויל מען זאָל אים געבן אַ ייִדישקייט, וואָס זאָל טאַקע פאַרכאַפּן די יוגנט און זי האַלטן לעבן טאַטע־מאַמע; אַ ייִדישקייט וואָס זאָל געבן אַן אינהאַלט און זין צום ייִדישן לעבן אין די תפוצות, אָבער אין דער זעלבער צייט זאָל די ייִדישקייט נישט שטערן די קאַריערעס פון די קינדער, נישט שטערן אויך זיין אייגן טאָג־טעגלעכן לעבן און בכלל נישט זיין קיין אָפּהאַלט אָנצוגיין מיט אַלע טאָג־טעגלעכע געוווינהייטן און קלייניקייטן און באַקוועמלעכקייטן.

אָבער דער אמת איז, אַז ווען מען פרעגט אָפּ אַ טעאָריע צוליב פּראַקטישקייט, איז עס אַ גוטער סימן. עס איז על פי רוב אַ באַווייז אַז דער טעאָרעטיקער, דער מאָנער איז געקומען מיט עפּעס נייעס. דאָס באַווייזט אויך, אַז דער טעאָרעטיקער גייט אין דער טיף, וויל איבערבויען דאָס גאַנצע לעבן, באַנוגנט זיך נישט מיט פאַרלאַטן בלויזן, נאָר וויל ענדערן

דעם איינשטעל פון אַלע טאָג־טעגלעכע אַקטיוויטעטן. ער וויל ברענגען נייע ווערטן, וואָס שטויסן זיך צוזאַמען מיט דעם איצט, מיט דער כהוויה.

אַלעמאָל איז געווען די טענה פון נישט פּראַקטישקייט צו די וואָס זענען געקומען מיט גרינטלעכע פאָדערונגען. שוין צו משהן האָט מען געהאַט טענות:

„און זיי האָבן געטראָפן משה און אהרנען ווען זיי, די שוטרים, זענען אַרויס פון פרעהן. און זיי האָבן געזאָגט צו זיי: זאָל גאָט אַראָפּקוקן און משפּטן, וואָס איר האָט פאַרמיאוסט אונדז אין די אויגן פון פרעהן, און אין די אויגן פון זיינע קנעכט, צו געבן אַ שווערד אין זייערע הענט אונ־ז צו הרגענען" (שמות ה׳, כ, כא).

איז ציוניזם געווען פּראַקטיש? אוודאי נישט. אָבער די טעאָרעטיקער פון ציוניזם האָבן נישט גערעדט פון פּראַקטישקייט נאָר פון אומפאַר־מיידלעכקייט. נישט משה העס און נישט לעאָן פּינסקער האָבן אָנגעוויזן אַ פּראַקטישן פּלאַן ווי צו רעאַליזירן דעם אומקער פון יידן קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן בלויז אָנגעוויזן אויף דער אוממעגלעכקייט צו לעבן אין גלות און פאַרלאָזן זיך אויפן חסד פון אונדזערע שכנים. שפּעטער זענען געקומען די פאַרטייטשער, די אויסטייטשער און די פּראַקטישע טוער, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו רעאַליזירן דעם ציוניזם.

די טענה, אַז פילאָסאָפיע, אַ טעאָריע, שאַפט נישט קיין לעבנס־שטייגער, איז קיין טענה נישט. אָן אַ טעאָרעטישער באַגרינדונג קענען נישט קומען נישט קיין באַוועגונג, נישט קיין פירער, נישט קיין נאָכפאָלגער און נישט קיין פּראַקטישע טוערס.

אמת, ווען אַ טעאָריע ווערט רעאַליזירט אין לעבן און ווערט אַ טייל פון טאָג־טעגלעכן אויפפיר, זענען די נאָכפאָלגערס נישט קיין גרויסע בקיאים אין דער תורה וואָס זיי פאָלגן אויס. בלויז יחידי־סגולה ווייסן אַלע פאַרוואָסן, אַ גרעסערע צאָל פון די יחידי־סגולה ווייסן די ראשי־פּרקים פון דער טעאָריע. אָבער די גאָר גרויסע מערהייט פאָלגן אויס די נייע לערער צוליב שרעק, אָבערגלויבן, הילפלאָזיקייט, נאָכמאַכונג, בלינ־דע געהאָרכזאַמקייט, ווירקונג פון שלאָג־ווערטער און איבערהויפּט פון נישט וועלן אָפּשטיין פון כלל.

אַ גוטער ביישפּיל פאַר דעם זענען די מיליאָנען סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן. וויפל פון זיי זענען באַקאַנט, בלויז באַקאַנט, מיט די טעאָ־ריעס פון סאָציאַליזם און קאָמוניזם? וויפל פון זיי זענען בקיאים, אמתע בקיאים, אין קאַרל מאַרקס?

דאָך, אָן אַ סאָציאַליסטישער טעאָרעטישער באַגרינדונג וואָלט אומ־מעגלעך געווען אַ סאָציאַליסטישע מאַסן־באַוועגונג, אָדער אַ קאָמוניס־טישער שטאַט.

עס זענען דאָ דריי סטאַדיעס אין יעדער טעאָרעטישער אינאָוואַציע. צוערשט קומט אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג, וואָס גאָר וויניק הערן זיך צו צו איר. מען פרעגט אָפּ אַממיינסטן די טעאָריע מיט אפּיקורסישקייט. נאָכדעם ווי די טעאָריע דרינגט אַביסל אַריין צווישן די מענטשן און אַ סך זענען שוין מסכּים מיט איר, פרעגט מען זי אָפּ מיט פּראַקטישקייט. נאָכדעם, ווען עס קומען די פּראַקטישע טוער און די טעאָריע ווערט רעאַליזירט אין לעבן, ווונדערט מען זיך ווי אַזוי מען האָט געקענט אויס־קומען אָן איר, געלעבט בלינד און נישט געזען „דאָס ליכט פון אמת".

ב.

איבערבויען אונדזער לעבן לויטן איינשטעל פון צוגעפּאַסטער הלכה איז נישט קיין אַרבעט פון אַ יאָר, צוויי. ס׳דאַרף געדויערן יאָרן. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז לויט די אָנווייזונגען פון אַ נייעם סאַנקציאָנירטן שולחן־ערוך עפענען מיר בתּי־מדרשים, וואָס ווערן די צענטערס פון אַ באַנייטן גייסטיק גאַנצן ייִדיש לעבן. ווען דאָס זאָל געשען איצט, אָט אין היינטיקן יאָר, וואָלטן מיר ערשט געזען וואָס פאַר אַ גייסטיקער מדבר עס איז אונדזער ייִדישער וועלטלעכער סעקטאָר.

ביי ייִדן זענען געווען דרייערליי פּראָפעסיאָנעלע כּלי־קודש: רבנים, חזנים און מגידים. די רבנים זענען געווען די טעאָרעטיקער פון הלכה־ייִדישקייט. די חזנים די אונטערהאַלטער, קיין שליחי־ציבור אין פולן זין זענען זיי נישט געווען, יעדער ייִד האָט געקענט דאַווענען ביים עמוד. די מגידים זענען געווען די באַטאָנער פון אגדה־ייִדישקייט, וואָס שטעלט גרויסע פאָדערונגען, אָבער איז קיינמאָל נישט פאַררעכנט געוואָרן ווי די נאָרמע פון טאָג־טעגלעכן לעבן. ביי אונדז, ייִדיש־רעדנדיקע סעקולאַרע ייִדן, זענען געבליבן בלויז די מגידים. ייִדישע שרייבער זענען די מאָ־דערנע מגידים, וואָס האַלטן רעפעראַטן, שטעלן פאָדערונגען, וואָס זאָרגן אַממייסטן וועגן דברים־שבלב.

ווען מיר זאָלן עפענען בתּי־מדרשים פאַר זיך, האָבן מיר נישט קיין גייסטיקע פירער, וואָס זאָלן קענען קאָנקרעטיזירן ייִדישקייט.

עס פעלט אונדז אויך דער שיכט פון בעלי־בתים לומדים, וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין ייִדישן לעבן. אָט די לומדים זענען גע־ווען די אָנפירער און טאָנגעבער. זיי זענען געווען די וואָס האָבן אָנגע־פירט מיט די אַלערליי חברות פון שטעטל. אָפט האָבן זיי דורכגעפירט די פונקציעס פון רבנים. לויטן ייִדישן דין איז נישט נייטיק קיין רב דורכ־צופירן וועלכע ס'איז צערעמאָניע. דער רב איז דאָך נישט מער ווי אַ מומחה.

ווען מיר זאָלן אָנהייבן ערנסט מיט אונדזער אַרבעט איבערצושאַפן ייִדישקייט, מוזן מיר אָנקומען צו אַלטע טעקסטן, וואָס זענען פאַראַן ווי־ניק אויף ייִדיש. די ייִדישע ליטעראַטור קען נישט פאַרנעמען דעם אָרט פון די קאַנאָניזירטע טעקסטן. די גאַנצע ייִדישע ליטעראַטור (אויך די מאָ־דערנע העברעאישע ליטעראַטור גייט אַריין אין דעם כלל) איז נישט מער ווי אַ פאַרווײַלונג־ליטעראַטור. זי פאַרנעמט זיך נישט מיט הלכה, מיט אײַנ־שטעלן פאָרמעס.

די ייִדישע ליטעראַטור, וואָס אַ סך מיינען אַז זי קען ווערן און דאַרף ווערן דער דאָמינירנדיקער כוח אין אונדזער לעבן, באַשטייט אינגאַנצן פון אגדה. (ווי מיר האָבן עס אין אַן אַנדער אָרט קלאָר געמאַכט.) מיט אגדה מיין איך אַ שיטה וואָס פאַרנעמט זיך בלויז מיט דברים־שבלב, מיט העכערע ענינים, מיט העכערער פרומקייט, וואָס האָט נישט צו טון מיטן טאָג־טעגלעכן אויפפיר. אגדה מיין איך מוסר־רייד, וואָס זענען גאַנץ אָפט אַזוי עטיש הויך, וואָס זענען צו גאָרנישט מחייב אין געוויינטלעכע אומ־שטענדן. קיין דירעקטיוון ווי צו לעבן, ווי זיך אויפצופירן גיט נישט די ייִדישע ליטעראַטור.

אָט ליגט פאַר מיר מ. באַסינס דיקער בוך פון קרוב זעקס הונדערט זייטן גרויס פאָרמאַט — „די אַמעריקאַנער ייִדישע פּאָעזיע אַנטאָלאָגיע״, וואָס נעמט אַרום פופציק יאָר ייִדיש שאַפן. בלעטערט דורך דאָס גאַנצע בוך און זעט צי איר געפינט איין ליד, וואָס זאָל געבן דירעקטיוון ווי אַזוי אַ ייִד זאָל זיך אויפפירן אין טאָג־טעגלעכן לעבן. איר פאַרזיכער אייך, אַז אַזאַ ליד איז דאָרט נישטאָ.

נאָך בעסער, נעמט צונויף די גאַנצע סעקולאַרע ייִדישע ליטעראַטור און זאָל אַ ייִד זי לערנען, כדי ער זאָל וויסן ווי אַזוי ער דאַרף לעבן זיין טאָג־טעגלעך לעבן, כדי ער זאָל בלייבן אַ ייִד. ער וועט יאָרן לערנען און עס אַלץ נישט וויסן. זאָל ער פּרובירן אויסגעפינען פון דער ליטעראַטור

ווי אַזוי אַ ייִד דאַרף לעבן צווישן די פעלקער, וואָס דאַרף ער אָפּהיטן און וואָס דאַרף ער נישט אָפּהיטן — ער וועט גאָרנישט אויסגעפינען.

אוודאי קען מען טענהן, אַז הלכה איז נישט די עובדה פון ליטעראַ־טור. מסכים. אָבער ווען איז עס געדעדט געוואָרן, ווען עס איז דאָ אַ פּאַר־צווייגט פול ייִדיש לעבן און די ליטעראַטור איז נישט מער ווי אַן אָפּצווייג. אָבער ווען מען פאַרלאָזט זיך אינגאַנצן אויף ליטעראַטור און שפּראַך — דאַרף דאָך די ליטעראַטור אויספילן אויך די פונקציעס פון הלכה, פון אַ וועג־ווייזערין. אַנישט בלייבן מיר דאָך בלויז מיט אַן אויבערשטיבל, אַ שיין אויבערשטיבל וואָס הענגט אין דער לופטן. דער פונדאַמענט פעלט.

דאָס בעסטע וואָס מען קען זאָגן וועגן אונדזער ליטעראַטור איז, אַז זי האָט אין זיך אַ ניצוץ פון די נביאים. אין איר איז פאַראַן יענע אַב־סטראַקטע ייִדישקייט, וואָס האָט געמאָנט מער ווי בלויז ריטואַל און צע־רעמאָניאַל — מער ווי פאָרמע און לבוש. אָבער ווען די נביאים האָבן געהאַמערט מיט זייערע שטראָף־רייד איז דאָך דעמאָלט געווען אַ ייִדיש לעבן, אַ ייִדישער צערעמאָניאַל און אַ ריטואַל, האָבן זיי געקענט פאָדערן מער ווי דאָס. ווען ס'איז געווען אַ קולט פון קרבנות, אַ רייכער צערע־מאָניאַל פון תפילות און געזאַנגען האָט דער נביא געקענט שטורעמען:

„איך האָב פיינט, איך פאַראַכט אייערע יום־טובים,
איך פאַרטראָג נישט דעם ריח פון אייערע פאַרזאַמלונגען.
אייער מעל־אָפּפער וויל איך נישט
און די פריד־אָפּפער פון אייערע געשטאָפּטע בהמות
וויל איך נישט אָנקוקן,
נעמט אַוועק פון מיר דעם ליאַרם פון אייערע געזאַנגען,
דאָס שפּילן פון אייערע האַרפעס וויל איך נישט הערן".

(עמוס ה׳, כא, כב, כג).

אָבער ווען מיר היטן נישט אָפּ קיין שבת און קיין יום־טוב, ווען מיר קומען זיך נישט צוזאַמען אין אונדזערע בתי־כנסיות מיט געזאַנג און שפּיל, איז וואָס קען מען פון אונדז מאָנען און פאָדערן? וואָס פאַר אַ טענות קען מען האָבן קעגן צערעמאָניאַל און ריטואַל, וועלכע מיר היטן נישט אָפּ? ווען איך הער אונדזערע פירער און טעאָרעטיקער אָנפאַלן אויף אַ ייִדישן טויטן ריטואַל און זינלאָזן צערעמאָניאַל דאַכט זיך מיר אויס, אַז זיי גיבן אַ היתר צו ייִדן צו זיין פריי פון ייִדישקייט און נישט אָפּהיטן קיינע מצוות־מעשיות — אַ היתר אויף הפקרות.

די ייִדישע ליטעראַטור האָט נישט נאָר אָראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם יאָך פון הלכה־ייִדישקייט נאָר אויך זיך אָפּגעזאָגט פון ייִדישער שליחות. שליחות מיין איך נישט קיין פּאַרטיי־דירעקטיוו, אָדער גרופּע־דירעקטיוו. איך מיין יענע שליחות, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האָט געטראָגן אויף זיך מימים־קדמונים: צו קאָנקרעטיזירן גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד אויף אַ נאַציאָנאַלן אופן; טראָגן דעם יאָך פון אַן עטישן גאָט וואָס פאָדערט אַ הייליק לעבן, וואָס וועט ברענגען דערלייזונג פאַרן יחיד, פאַר דער אומה און דער וועלט. דאָס האָט אָוועקגעשטעלט ייִדן ווי אַ פאָלק, וואָס איז אַנדערש פון אַלע אַנדערע פעלקער, אַ פאָלק וואָס איז אַ מוסטער פאַר דער וועלט. די ייִדישע ליטעראַטור האָט גאָר אָוועקגעשטעלט די פעלקער פון דער וועלט ווי אַ מוסטער פאַרן ייִדישן פאָלק.

ס׳איז נישטאָ און ס׳איז נישט געווען ביי אונדז ייִדישיסטן־גלותיסטן קיין איין פּובליציסט מיט דעם ערנסט פון אַ ד״ר נחמן סירקין, וואָס האָט געמאַכט פאַנטאַסטישע פּלענער פאַר ארץ־ישראל. קיינער פון די פּובליציסטן, וואָס האָט זיך אָריענטירט אויפן גלות, האָט זיך נישט פאַרמאָסטן צו שאַפן אַ פרייוויליקע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אַרויפלייגן שטייערן, איינשטעלן דיסציפּלין, צענטראַליזירן דערציאונג, פאַרלאַג־וועזן, שול־געביידעס און איינשטעלן דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן. ייִדישע פּובליציסטן און פירער פון אונדזער לאַגער האָבן שטענדיק צוגעטשעפּעט ייִדיש לעבן צו עפּעס אַ פרעמדן וואָגן — סאָציאַליזם, וואָס דאַרף רעאַליזירט ווערן און איינגעפירט ווערן מלוכיש פון אַנדערע און דערנאָך אונדז כולל זיין, ברענגען פאַר אונדז די גאולה, אָדער געבן הילף אונדזערע אָרעמע ברידער ערגעץ ווו, זיי אויסלייזן. אָבער מיר איז נישט באַקאַנט עס זאָל קומען אַ ייִדישער שרייבער און פאָדערן אַ גאַנץ ייִדיש לעבן געבויט אויף מאָראַלישער דיסציפּלין, אויטאָנאָמיע וואָס קומט פון אינעווייניק, נישט פון דרויסן, אַ שטייער־אַרויפלייג אָן צוואַנג פון דרויסנדיקער מלוכה, אין קורצן איינפירן אַ הלכה־ייִדישקייט נאָך ברייטער ווי בלויז רעליגיעזע הלכה. אַזאַ פאָדערונג איז קיינמאָל נישט געווען ביי ייִדישע שרייבער. מען האָט אַלץ איבערגעלאָזט דאָס לעבן פון די תפוצות צום בלינדן גורל.

דאָס פאַרהערלעכן פון דעם אַלטן הלכהשן לעבנס־שטייגער אין דער ליטעראַטור איז געטון געוואָרן פון די, וואָס דער הלכהשער גאַנג פון ייִדישקייט איז געווען ביי זיי טויט. ס׳איז געוואָרן סיי ביי די בעלעטריסטן און סיי ביי די פּובליציסטן בלויז אַ פּאָעטישע איבערלעבונג. פרץ האָט

אין זיין פובליציסטיק געפּרוווט רעדן פון איבערבויען ייִדיש גייסטיק לעבן אויף הלכהשע יסודות, אָבער אין זיינע בעלעטריסטישע אַרבעטן איז ער שטענדיק געווען אויף דער זייט פון אגדה, פון דברים־שבלב. די הלכה־ייִדישקייט האָט ער נישט ליב געהאַט. פּונקט ווי אין זיינע חסי־דישע דערציילונגען האָט ער אַרויסגעוויזן אַ גרויס ליבשאַפט און פאַרגע־טערונג צו חסידישקייט, אָבער נישט צו חסידיזם, אַזוי האָט ער אין זיינע פאָלקסטימלעכע דערציילונגען און אַנדערע פרומע דערציילונגען אַרויס־געוויזן אַ גרויס פאַרשטענדעניש צו אגדה־ייִדישקייט, אָבער נישט צו הלכה־ייִדישקייט.

די אַלע וואָס האָבן געשריבן וועגן ייִדישן שטעטל, אָדער וועגן רעלי־גיעזן לעבן בכלל, האָבן נישט געמיינט עס אָוועקצושטעלן, כדי מיר זאָלן עס נאָכמאַכן אָדער איבערבויען, אָדער צופּאַסן. ניין, ס'איז געווען בלויז „נאָסטאַלגיע". קינדער־יאָרן־בענקשאַפטן וועגן וועלכע מען רעדט מיט ליבשאַפט אָבער, פאַרשטייט זיך, מען קערט זיך נישט אום צו זיי. ווי דער וואַנדערער פון שלום אַשס שטעטל, וואָס קומט אַריין אין שטעטל אַ שווייגנדיקער און גייט אַוועק אַ שווייגנדיקער. ער האָט געזען אַ שיינע זאַך, אָבער מיט אים פּראַקטיש האָט עס קיין שייכות נישט.

פּרץ ענדיקט אַזוי די פאָלקסטימלעכע דערציילונג „דריי מתנות":

„און די צדיקים האָבן זיך פאַר אים געמיט. די טויערן פון גן־עדן האָבן זיך, נאָך די דריי מתנות, געעפנט.

און דער אורים ותומים האָט געזאָגט:

— אמת, שיינע מתנות, אויסטערליש שיינע, צוניץ קומען זיי נישט, גאָרנישט לתשמיש, אָבער לנוי אויסטערליש" — (מיין קורסיוו, פאָלקסטימ־לעכע געשיכטן, פאַרלאַג יידיש ניו־יאָרק תרפ, 1920).

ביי פּרצן זענען די דריי מצוות: גלוי־ראש, צניעות, ארץ־ישראל־ערד, נישט מער ווי עסטעטיש־פּאָעטישע איבערלעבונגען. נישט צו נוצן, נאָר בלויז צוליב שיינקייט. אפשר על־פּי־הדחק קען מען אַריינטייטשן אין פּרצן עטיק־באַוווּנדערונג, אָבער נישט קיין באַוווּנדערונג פון הלכה.

### ג.

עס זענען פאַראַנען שווערקייטן און שווערקייטן ביים איבערבויען אונדזער לעבן אויף די יסודות פון הלכה־ייִדישקייט. מיר זענען איינגע־טונקען אין מ"ט־שערי־וועלטלעכקייט — סעקולאַריזם. ס'איז פאַר אונדז

פּסיכאָלאָגיש שווער צו מקיים זיין וועלכע ס׳איז מצוות־מעשיות, און איבערהויפּט איז פאַר אונדז שווער דורכצופירן וועלכן ס׳איז רעליגיעזן צערעמאָניאַל.

ס׳איז נישט קיין פראַגע פון עסטעטיק, ווי אַ סך פון אונדז מיינען. איך האַלט, אַז עס איז דאָ אַ סך שיינקייט אין אָנטון אַ טלית און שטעלן זיך דאַוונען בציבור. ווען אַן עדה ייִדן שטייט אָנגעטון אין טליתים און דאַוונט בציבור, יעדער איינער דאַוונט אַקטיוו און פאַרלאָזט זיך נישט אויפן שליח־ציבור ווי ביי די אומות־העולם, דוכט זיך מיר, אַז די ספּעציפישע הלבשה — דער טלית — איז נישט נאָר אַ סימבאָל, נאָר אויך אַן אַקט פון אויסטון זיך פון וואָכעדיקייט. פּסיכיש פילט אַ מענטש גאָר אַנדערש ווען ער בייט זיינע בגדים.

ביי מיר איז איינגעקריצט אין זכרון, פון יוגנט אָן, דאָס בילד פון פאַלן כורעים אים יום־כפור ביי דער עבודה. אפילו פון טעאַטראַלישן שטאַנדפּונקט איז עס געווען אַן אימפּאָזאַנט בילד — אַן עולם אָנגעטון אין טלית און קיטל פאַלט אויף די קני ווי איין מענטש מיט אַ תפילה אויף די ליפּן. די גייסטיקע דערהייבונג און עמאָציאָנעלע איבערלעבונג איז גאָרנישט אָפּצושאַצן.

דאָך איז שווער פאַר אונדזערן אַ ייִדן אָנצוטון אַ טלית. מיר מיינען, אַז די שווערקייט איז נישט ווייל מיר גלויבן נישט מער אין אַ פּערזענלעכן גאָט און מיר האָבן פאַרלוירן די שרעק פאַר אים. אָט זעען מיר ווי מאָדערנע, נישט קיין גלייביקע ייִדן, מאַרשירן דעם ערשטן מאַי, אויסגעפּוצט אין רויטע סטענגעס און אַנדערע צאַצקעס. אין געוויסע מינוטן הויבן אויף אַלע ווי איין מענטש די רעכטע האַנט פאַרשטייפט אין אַ קולאַק און שרייען אויס לאָזונגען. זיי חזרן איבער די לאָזונגען נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל מיט רעליגיעזן עקסטאַז אַלע אין איין קול און מיט איין ניגון. וועלכער בייזער גאָט צווינגט עס זיי צו טון?

דער אמת איז, אַז מיר האָבן זיך דערווייטערט פון ייִדישן וועג און ייִדישן לעבנס־שטייגער. אָט פיר איך אָן מיט אַ „חברה לערנער״. אָבער באמת לערן איך מיט זיי נישט, נאָר האַלט סיסטעמאַטיש פאַר זיי לעקציעס. ווען איך זאָל זיך זעצן מיט זיי לערנען טעקסטן, עין־יעקב, משניות אָדער תנ״ך, וועלן זיי נישט מסכים זיין. זיי זענען נאָך נישט גרייט אויף דעם. אַ לעבן לאַנג זענען זיי געגאַנגען צו לעקציעס, צו רעפעראַטן ווי „מאָדערנע״ מענטשן טוען, איז פאַר זיי לערנען חומש, נביאים, כתובים

אָדער משניות אַלט־מאָדיש און נישט פּראָגרעסיוו. (איי די רעאַקציאָנע־רישקייט פון פּראָגרעס).

מיר זענען צו אַ סך זאַכן נאָך נישט גרייט. אונדזער דור איז אַ דור וואָס האָט געבראַכן צאַמען און איז פּסיכיש נישט גרייט צו ווערן אַ בויער. אַ סך ייִדישע אינסטיטוציעס און מנהגים זענען ביי אונדז פאַרבונדן מיט נישט קיין אָנגענעמע עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען.

איך וועל גיין נאָך ווייטער. ס'איז מעגלעך, אַז אפילו אונדזערע קינדער זענען נישט ראוי אויפצולעבן און איבערבויען די הלכה־ייִדישקייט. מיר, זייערע טאַטעס, זענען נישט געווען קיין גאָר גוטער ביישפּיל פאַר זיי. מיר האָבן דאָך געלייגט דעם טראָפּ אויף דערפאָלג, אויף גופישקייט, אויף הנאה, אויף פאַרווײַלונג. איצט, אַז מיר זענען געקומען צו אַנדערע איבערצייגונגען, וואַרפן זיי אונדז פאָר גאַנץ אָפט, אַז מיר זענען אַלט געוואָרן און מיר האָבן זיך דערשראָקן פאַרן רבונו־של־עולם.

עס זענען פאַראַן נאָך און נאָך שוועריקייטן. אפילו טעאָרעטיש איז נאָך פאַראַן אַ סך וואָס צו טראַכטן און זוכן. למשל די פראַגע פון סאַנקציע. ווער איז דער אויטאָריטעט? וועלכע מצוות זאָלן מיר אָננעמען, וועלכע נישט? אויך די פראַגע פון סעפּאַראַטיזם פון אונדזערע שכנים. ווי ווייט זאָלן מיר זיך אָפּזונדערן פון זיי?

אָבער די אַלע שוועריקייטן דאַרפן קיינעם נישט איבערשרעקן. דער עיקר פון אַלע עיקרים איז צי הלכה־ייִדישקייט האָט אין זיך אַזעלכע ווערטן, אַזאַ לעבנס־וועג, וואָס איז כדאי איבערצובויען, כדאי אויפצולעבן. ווען מיר קומען צו דער איבערצייגונג, צום גלויבן, אָדער צום געפיל, אַז הלכה־ייִדישקייט טראָגט אין זיך אַ בשורה פון גאולה צו דער איצטיקער ראַציאָנעלער און מאַטעריאַליסטישער וועלט, ווי די נבואה־ייִדישקייט האָט געטראָגן צו דער געצנדינישער, צו דער פּאַגאַניסטישער וועלט, דעמאָלט זענען די שוועריקייטן קיין שוועריקייטן נישט. ווייל ווי שווער עס איז אָנצוהייבן איבערצובויען אונדזער לעבן איז נאָך שווערער צו לעבן ווי איצט א מהיכא־תיתא־ייִדישקייט.

## ד.

אונדזער עובדא אין איצטיקן מאָמענט איז אָנצוהייבן איבערצובויען אונדזער ייִדיש לעבן. דער איבערבוי דאַרף זיך סומך זיין אויף די אַלטע

פיר ייִדישע יסודות: פרייוויליקער יאָך, פערזענלעכע פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט, בית־מדרש און תורה לערנען.

פרייוויליקער יאָך: ביי אַלע פעלקער איז פאַראַן די געשעעניש ווי אַ גאָט האָט געגעבן די געזעצן צו זיין פאָלק. אָבער דער געדאַנק פון אַ פרייוויליקן בונד צווישן גאָט און זיין פאָלק איז אויסשליסלעך אַ ייִדי־שער. אַ בונד ווערט געמאַכט מיט דער צושטימונג פון ביידע צדדים. צוואַנג און שרעק קענען נישט זיין קיין הויפּט־פאַקטאָרן. גערעכט איז קאַרל בודדע ווען ער זאָגט:

„די יידישע רעליגיע איז געוואָרן אַן עטישע אמונה, ווייל זי איז גע־ווען אַ פרייוויליקער באַשלוס, וואָס האָט עטאַבלירט אַן עטישע באַציאונג צווישן פאָלק און זיין גאָט אין אַלע צייטן" („די רעליגיע פון ישראל ביזן חורבן", פון קאַרל בודדע, ז' 38, ענגליש).

אָט דער פרייוויליקער אויסוואַל איז דער עיקר פון אַלע עיקרים און דאַרף און מוז אָנגעווענדט ווערן איצט אויף אונדז. מיר דאַרפן אויפ־הערן צו טראַכטן אַז דער גאַנצער ייִדישער מהות פון גאָטהייט איז גע־קומען פון שרעק. דער „ואהבת את ה' אלהיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך" (דברים ו' ה) און דו זאָלסט ליב האָבן גאָט, דיין גאָט, מיט דיין גאַנצן האַרצן, מיט דיין גאַנצער נשמה און מיט דיין גאַנצן כוח, האָט שפּעטער אין דער ייִדישער רעליגיעזער געשיכטע געשפּילט אַ גרעסערע ראָלע ווי דער „כי אם ליראה את ה' אלהיך ללכת בכל דרכיו" (דאָרט, יב), נאָר צו מורא האָבן פאַר גאָט דיין גאָט צו גיין אין אַלע זיינע וועגן. אפילו אין אָט דעם פּסוק שטייט אויך ווייטער: „ולאהבת אותו ולעבד את ה' אלהיך בכל לבבך ובכל נפשך" — און ליב האָבן אים און דינען גאָט מיט דיין גאַנצן האַרצן און מיט דיין גאַנצער נשמה. נאָר פון ליבשאַפט קען מען דינען עמעצן מיטן גאַנצן האַרצן און מיט דער גאַנצער נשמה. נישט פון שרעק (זע ש. זילבערשטיין „דע, אהב ויראה" — ספר השנה ליהודי אמריקה, תרצ"ח).

פערזענלעכע אַחריות: אַ ייִדנס חשבון דאַרף זיין צווישן אים און גאָט (געוויסן, פאַר די וואָס שרעקן זיך פאַר דעם וואָרט גאָט). נישט צווישן מענטשן און פאָלק. אַ ייִד קען נישט הרגענען, ווייל ער האָט געקראָגן אַ באַפעל פון אַ העכערן פון אים. יעדער יחיד איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים.

יעדער יחיד דאַרף זיך גייסטיק און עטיש אַליין באַזאָרגן. ער מוז עס

טון כדי זיין אייגן לעבן זאָל זיין גאַנץ און הייליק און האָבן אַ זין. ווען טויזנטער, צענדליקער טויזנטער, מיליאָנען ייִדן פירן אַן עטיש, הייליק לעבן, אויפפירן זיך ווי ייִדן, וועט שוין במילא זיין אַ פאָלק אַן דאגה פאַר זיין קיום. קיום צוליב קיום איז זינלאָז לויטן ייִדישן באַנעם. די נביאים האָבן זיך געשטעלט אַפילו קעגן גליק פון פאָלק, אויב דאָס פאָלק האָט זיך נישט אויפגעפירט ווי געהעריק. הושע קלאָגט:

„און ישראל האָט פאַרגעסן אַן זיין באַשעפער און ער האָט געבויט פּאַלאַצן און יהודה האָט פאַרמערט באַפעסטיקטע שטעט. דערפאַר וויל איך אַריינשיקן אַ פייער אויף זיינע שטעט און עס וועט פאַרברענען זיינע פּאַלאַצן" (הושע ח', יד).

הושע פאַרשעלט דאָס גליק און דערפאָלג פון יהודה און ישראל — באַפעסטיקטע שטעט און פּאַלאַצן, ווייל ייִדן פירן זיך נישט אויף ווי עס באַדאַרף צו זיין.

בית־מדרש: דער צענטער פון קהלשן לעבן איז געווען און מוז בלייבן דער בית־מדרש. אָן אַ בית־מדרש קען נישט זיין קיין קהל־לעבן. אָן אַ קאָמונאַלן לעבן איז נישטאָ וווהין צו ברענגען קינדער און נישטאָ קיין ציל פאַר ייִדישער דערציאונג.

תורה־לערנען: צוריק צום לערנען. ליטעראַטור איז בדרך־כלל בלויז פאַרווײַלונג. דער גאַנצער איינשטעל פון מאָדערנער קולטור איז הנאה. דאָס פאַרשענערן און פאַרבעסערן דאָס לעבן איז נישט די פונקציע פון ליטעראַטור און קונסט. ליטעראַטור איז פאַר הנאה, תורה אָבער איז כדי אַ מענטש זאָל וויסן דעם וועג צו גאָט, כדי דער מענטש זאָל וויסן וואָס צו טון, ווי אַזוי צו אויפפירן זיך אין אַלע סביבות און אומשטענדן. דערפאַר לייענט מען ליטעראַטור, אָבער מען לערנט תורה. ליטעראַטור איז אינדיווידואַליסטיש, תורה, אפילו די אינדיווידועלע, איז קאָלעקטיוו.

ס'איז דאָ אַ טיפער געדאַנק אין דעם אופן ווי ייִדן דרוקן אַ תנ"ך און דעם תלמוד מיט מפרשים. זעט, אַ שטיקל נביאים און דער קליינער עמוד איז אַרומגערינגלט מיט מפרשים. די גמרא. אייך משנה, נאָך דער משנה שטיקער גמרא. אַרום דער גמרא, רש"י און תוספות און ביי די שולי־הגוילים — די ראַנדן — אַנדערע מפרשים און צום סוף פון דער מסכתא נאָך מפרשים. אפילו דער רמב"ם איז נישט געדרוקט אָן מפרשים. ס'איז אַ שיכט אויף אַ שיכט און אויבן ווידער אַ שיכט. עס איז המשך, נאָרצלדיקייט. דערפאַר קען מען לערנען די טעקסטן ווידער און ווידער „הפוך בה והפוך בה דכלא בה" — קלער אַריין אין איר, אַרבעט אַריין

אין איר, ווייל אַלץ איז אין איר דאָ (אבות ה׳, כב). ס׳איז אַן אַקומולאַציע פון דורות. אָבער אַ מאָדערנער שרייבער שטייט אַליין, אַ נאַקעטער. ס׳איז נישטאָ וואָס צו לערנען, בלויז צו לייענען. איינמאָל איז געננג. צוויי מאָל איז שוין איבערגעננג.

דאַרפן מיר אָנהייבן פון יידישע מענטשן, וואָס ווילן מער נישט לעבן מיטן גייסטיקן ווינט, מיט ערזאַץ, מיט שיריים פון יידישקייט. זאָלן זיי פאָרמירן גרופּעס, זאָלן זיי תיכף דינגען אַ לאָקאַל, אָדער זיך צונויפטרעפן סיסטעמאַטיש ביי איינעם אין שטוב. אָבער אַ שטענדיקער אָרט דאַרף עס זיין. עס זאָל נישט ווערן אַ מין גיין פון שטוב צו שטוב און יעדע באַלעבאָסטע זאָל וועלן זיך אויספּיינען פאַר די חברטעס מיט איר רייכן טיש און שיינער באַלעבאַטישקייט. אין אָט דעם שטענדיקן לאָקאַל זאָל זיך געפינען דער בית־מדרש, זאָל זיין דער מנין.

איך ווייס נישט צי אַזאַ מנין יידן קען דאַוונען, אָדער קען האָבן אַ ספר־תורה. געוויסע עקספּערימענטן אויף דעם געביט האָב איך געמאַכט. צו אמתן דאַוונען איז נאָך נישט געקומען. אָבער אויב נישט דאַוונען זאָל מען לערנען. אָבער טאַקע לערנען, נישט לייענען. (איבערהויפּט זאָל מען זיך אויסהיטן אויף די צונויפקומען איינצולאַדן שרייבער, כדי זיי זאָלן לייענען פון זייערע אייגענע שאַפונגען. פאַר דעם צוועק דאַרפן זיין ספּעציעלע געלעגנהייטן.) דאָס לערנען דאַרף באַשטיין אַממייסטן פון לערנען אַלטע טעקסטן וואָס האָבן די סאַנקציע פון דורות — תנ״ך, תלמוד, מדרש, מוסר־ספרים. פאַרשטייט זיך מיט באַלויכטונגען און דערקלערונגען לויט אַ קולטור־היסטאָרישן צוגאַנג.

איך שרעק זיך אפילו נישט אויב עס וועט שפּעטער קומען צו דאַוונען און צו קריאת־התורה און אפילו צו אַ ספּעציעלער הלבשה אין דעם בית־המדרש. דאָס קען קומען ווען די מיטגלידער וועלן ווערן ראוי צו דעם. דער הויפּט־חסרון פון אָרטאָדאָקסישער יידישקייט באַשטייט אין איר שרעק פאַר אַן איבערנאַטירלעכער מאַכט. יעדע בלינדע רעליגיע האָט אַן עלעמענט פון צוואַנג און שרעק. אפילו אַזאַ עטישע און ליכטיקע פּערזענלעכקייט ווי רבי ישראל סאַלאַנטער מיידט נישט אויס די שרעק פאַר שטראָף אויף יענער וועלט. אין דעם קונטרס „כוכבי אור“ שטייט געשריבן:

„איצט וועלן מיר זיך אַ קער טון צו איינצוקוקן זיך אויף גאָטס משפּטים. זאָל זיין געבענטשט זיין נאָמען, וואָס גיט געצאָלט דעם רשע לויט זיין

רשעות. און ווי נאָך אין דער וועלט פון באַלוינונג (יענע וועלט — ש. ס.), וואָס דאָרט זענען אָנגעגרייט אַ סך גרויסע און שרעקלעכע שטראָפן צו די וואָס זינדיקן, צו לייטערן זיי אין פלאַקערדיקן פייער, ווי מען לייטערט זילבער".

„און ווי מיר גלויבן דורך דער קבלה פון אונדזערע חכמים זכרונם לברכה, אַז די שטראָף אויף יענער וועלט פאַר אַ זינד, איז שרעקלעך, אַז ס'איז נישטאָ צו איר קיין פאַרגלייך אין אַלע וועלט־יסורים" („כוכבי אור" ס"ט, יצא לאור ע"י הועד להוצאת ספרים אצל ועד ההצלה, מינכען תש"ז).

אָבער די וואָס ווילן באַנייען ייִדישקייט טוען עס נישט פאַר מורא נאָר צוליב דעם באַוווסטזיין, אַז אַזוי דאַרף אַ ייִד לעבן, אַזוי מוז ער לעבן, ווייל לעבן אַנדערש האָט נישט קיין זין און קיין ווערט.

אָט די גרופּעס, די לערן־חברות, די מנינים (און איך האָב נישט קיין מורא אפילו זיי אָנרופן די שטיבלעך) דאַרפן ווערן די קערנדלעך, וואָס פון זיי זאָל אַרויסוואַקסן אַ פאַרצווייגטע און אַ פּאַרטיפטע ייִדישקייט. פון אָנהייב אָן וועלן זיי אויסזען נעבעכדיק און אַפילו קאָמיש. מיר האָבן נישט קיין אינטעליגענץ אָנצופירן די אַרבעט און מיר האָבן נישט קיין נוסח. אָבער אויב מיר וועלן נישט האַלטן די אָנהייבן ווי אַן ענדציל, לעצטגילטיקייט און תכלית פאַר זיך און אַ נייע פאַרווײלונג, קענען אָט די גרופּעס ווערן דער אָנהייב פון איבערדערציאונג פון פאָלק. אָט די שטיבלעך, מנינים, חברות קענען ווערן דער וואַרשטאַט פון דער אומה.

מיר פאַרלאָזן זיך איצט צופיל אויפן געשריבענעם וואָרט. דאָס געשריבענע וואָרט האָט קיינמאָל נישט געהאַט די קראַפט און ווירקונג פון לעבעדיקן גערעדטן וואָרט. אין איצטיקער צייט פון גרויסע צייטונגען, פאַרפלייצונגען פון זשורנאַלן, האָט דאָס געשריבענע וואָרט נאָך ווייניקער ווירקונג ווי אַמאָל. לגבי לערנען — לייענען מיר צופיל. עס דאַרפן צוריק אויפגעלעבט ווערן די אַמאָליקע אַגיטאַציע־קרייזלעך, וואָס די סאָציאַליסטישע און ציוניסטישע באַוועגונגען האָבן אַזוי דערפאָלגרייך אָנגעפירט. באמת זענען די קרייזלעך געווען אַ המשך פון די ייִדישע חברות און בית־מדרש: חברה־משניות, חברה־עין־יעקב, חברה־תפארת־בחורים און חברה־ש"ס. דאָס לעבעדיקע וואָרט דאַרף צוריק אָנהייבן שפּילן אַ ראָלע אין דערציאונג פון ייִדישן דערוואַקסענעם יחיד.

מיר דאַרפן אויך פאַרשטיין, אַז מיר, דער עלטערער דור, קענען נישט איבערברעכן אונדזער פערזענלעכן לעבן און עס דערפירן צו אַ גאַנץ ייִדיש־לעבן. מיר זענען איצט אין דער בחינה פון די יראי־אלהים — די

פּראַקטיקער פון גאָט — אין דער צייט פון פאַר חורבן־בית־שני. עס איז געווען אַ גרויסער שיכט אין דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, וואָס האָט דערזען דעם מאור־היהדות, אָבער האָט נישט געהאַט קיין כוח אָנצונעמען אַלע מצוות. די יראי ה׳ זענען געווען צופיל פאַרוואָרצלט אין דער געצנ־דינערישער וועלט. פלעגן זיי דערפאַר מקיים זיין נאָר אַ טייל פון די מצוות. אָבער זייערע קינדער זענען שוין געווען פולע ייִדן. מיר, וואָס האָבן זיך דעם גרעסטן טייל פון אונדזער לעבן געווייקט אין דער נישט־ייִדישער וועלט, האָבן נישט בדרך כלל קיין כוח צו נעמען אויף זיך דעם גאַנצן יאָך ייִדישקייט. גערעכט איז י. עפּרויקין:

„ווערן אַ בעל־תשובה איז, מיינע ליבע פריינט, גאָר נישט קיין קליינער און לייכטער ענין. בפרט איז גאָר נישט אַזוי גרינג תשובה צו טון פאַר אַ ייִדן אין די עלטערע יאָרן און זיך אָפּזאָגן פון גויישע רגילותן, וואָס מאַכן דעם לעבן לייכטער און באַקוועמער, און האָבן זיך פאַרוואָרצלט אין אַ משך פון אַ גאַנצן מענטשן־לעבן״ (הקדמה צו „אַ חשבון־הנפש״ פון י. עפּרויקין).

אָבער אויב פאַר זיך קענען מיר זיך צופרידנשטעלן מיט אַ מינימום מצוות און באַגרענעצטן לעבנס־שטייגער, דאַרפן מיר שטעלן אַ סך גרע־סערע פאָדערונגען צום נייעם דור, וואָס מיר ווילן דערציִען. אָבער נישט גלאָט צו אַן אַבסטראַקטן דור, נאָר טאַקע צו אונדזערע אייגענע קינדער.

די ייִדישע דערציאונג פון די גרופּעס דאַרף שטעלן פאַר זיך דעם ציל אויפצוהאָדעווען אַ ייִדישן דור, וואָס זאָל נישט טראַכטן פון קאַריערע. קאַריעריסטן האָבן מיר געהאַלטן שטענדיק נישט פאַר קיין שיינע מענטשן (אַ סך פון אונדז אפילו פאר נישט קיין צו זויבערע מענטשן). איצט אָבער גרויסן מיר זיך מיט די קאַריערעס פון אונדזערע קינדער. מיר שטאָלצירן מיט דעם. ווען נאָר און ווו נאָר איר באַגעגנט זיך מיט ייִדישע טאַטע־מאַמע פאַרגראַגערן זיי אונדז דעם קאָפּ מיט די גרויסע קאַריערעס פון זייערע קינדער.

מיר דאַרפן אויפהאָדעווען אַ דור, וואָס זאָל וועלן גיין אין פאָלק. יוג־געלייט זאָלן וועלן ווערן לערער. נישט נאָר זיין לערער אין די גרויסע ייִדישע צענטערס, נאָר אויך אַוועקגיין אויף אַ יאָר צוויי אין אַ פאַרוואָר־פענעם העק, צונויפנעמען די קינדער און לערנען מיט זיי. אויב נייטיק — גיין פון שטוב צו שטוב.

און נישט נאָר ווערן לערער, אויך, אויב מען דאַרף, אַוועק אין אַן אָרעמען ייִדישן ישוב, וואָס פאַרנעמט זיך מיט פאַרמעריי, ערד־אַרבעט,

און אַרויסהעלפן אויסבויען אַ ווירטשאַפט, דאַרף מען עס טון. די קוויי־קערס אין די פּאַראַייניקטע שטאַטן טוען עס.

נאָך מער, עס דאַרפן געגרינדעט ווערן הכשרה־פאַרמס און קיבוצים ווו מען זאָל דערציִען מנהיגים, לערער און טאָנגעבער פאַר ייִדישן קהלשן לעבן אין אַמעריקע. אָט די קיבוצים דאַרפן זיין אַ קאָמבינאַציע פון ישיבה, ווו מען לערנט לשמה און אַ ווירטשאַפט אָנגעפירט פון דער יוגנט. אַ ווירטשאַפט וואָס דאַרף לסוף אויסהאַלטן דעם קיבוץ.

די קיבוצים דאַרפן אויסאַרבעטן קערנדלעך פאַר נייע קיבוצים. מיט דער צייט דאַרפן אויסוואַקסן קליינע קאָמפּאַקטע ייִדישע ישובים, באַזעצט אין קליינע שטעטלעך. היינטיקע שטעטלעך מיט פאַבריקן און ערד־אַר־בעט־ווירטשאַפט וועלן טראָגן גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער פון אַמאָליקע שטעטלעך, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אייגענעם עקאָנאָמישן באָדן.

ווען עס זאָלן אויסוואַקסן אַזעלכע קאָאָפּעראַטיווע שטעטלעך, וועלן קומען סאָציאָלאָגן און עקאָנאָמיסטן און באַווייזן מיט אותות־ומופתים ווי אומפאַרמיידלעך עס איז געווען אין צווייטן העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט דאָס אויפקומען פון אַזעלכע ווירטשאַפטן.

דער גרעסטער מינוס אין אונדזער איצטיקן לעבן איז וואָס מיר אָקצעפּטירן די וועלט ווי זי איז. מיר האָבן שלום געמאַכט מיט איר און אַלע אירע מאַטעריאַליסטישע אידייען און נעמען זי אָן ווי אַ מוז. ייִדן האָבן עס קיינמאָל נישט געטון. זיי האָבן אַלעמאָל צוגעפּאַסט די וועלט צו זייער אייגענעם וועלט־געדאַנק. נישט אַנטלאָפן פון דער וועלט, נאָר אַריינ־גענומען צו זיך. מיר אָבער זענען אַנטלאָפן אין דער וועלט, ווילן זיך אויפלייזן אין איר ווי מענטשן און פאָלק — אַ מענטש ווי אַלע מענטשן און אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער, ווייל אַזוי קענען מיר האָפן אויף ווייטער־דיקן קיום.

קיום, קיום. קיום צוליב וואָס? אויב דורך אַנטלויפן אין דער וועלט קענען מיר אויפהיטן די נפשות פון ייִדן, און אַנדערש קענען זיי נאָך חלילה פיזיש פאַרניכטעט ווערן, דעמאָלט איז אין דעם אַ זין. אויב אָבער עס רעדט זיך נישט וועגן קיום־הנפש, נאָר וועגן קיום לשם אויפהאַלטן די פונקציע פון אַ פאָלק, פון אַ גרופּע מיט אַ באַשטימטן נאָמען, איז צו וואָס? די וועלט האָט גאָרנישט געוווּנען וואָס עס איז געבליבן אַן עטנישע גרופּע, וואָס טראָגט דעם אַמאָליקן נאָמען גריכן, און האָט אין זיך גאָר־נישט פון דער ירושה פון די אַמאָליקע גריכן. וואָס פאַר אַן אומגליק וואָלט

געוועזן פאַר די איצטיקע גריכן, ווי אַ פאָלק, ווען זיי וואָלטן געטראָגן דעם נאָמען לוטאַנער, אָדער צבעונער אָדער עוצים? וואָס וועט די וועלט געווינען ווען עס וועט בלייבן אַ פאָלק וואָס וועט זיך רופן ייִדן, אָבער וועלן זיין ווי אַלע פעלקער? און וואָס וועלן ייִדן האָבן, ווען מען וועט זיי באַצייכענען מיט דעם נאָמען, אָבער זיי וועלן נישט טראָגן די ירושה זייערע?

מען האַלט אונדז אין איין אַריינקלאַפּן אין קאָפּ — פּראַקטיש דאַרף מען זיין, עקאָנאָמישע אומשטענדן, נאַטור, דרוק פון דרויסנדיקער קולטור, הילפלאָזיקייט קעגן די גרויסע קרעפטן פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע. מען רעדט צו אונדז ווי מיר ייִדן וואָלטן ערשט נעכטן געבוירן געוואָרן. ווי מיר ייִדן וואָלטן זיך קיינמאָל נישט געשטעלט קעגן דער וועלט. ווי מיר ייִדן וואָלטן אַלע מאָל אַקצעפּטירט די טיראַנישקייט פון דער נאַטור. דער גאַנצער איינשטעל איז דאָך געווען צו שטעלן זיך קעגן דער וועלט, איינברעכן די נאַטור און נישט אַקצעפּטירן די וועלט ווי זי איז.

אין דעם איצטיקן טרוקענעם, ראַציאָנעלן און מאַטעריאַליסטישן איינשטעל פון דער וועלט, ווו דער מענטש האָט פאַרלוירן זיין חשיבות און איז געוואָרן בלויז אַ צוגאָב צו דער מאַשין, צו דער פּאַרטיי, צו דעם פירער, צו דעם הערשער — האָט די פּרושימשע הלכה־ייִדישקייט דעם זעלביקן זין און די זעלביקע שליחות ווי דער עטישער מאָנאָטעאיזם האָט געהאַט אין דער פּאַגאַניסטישער וועלט. פּרייוויליקער יאָך, יחידישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, בית־מדרש־קולטור וואָס איז ווידערשטאַנד קעגן אויער־און אויג־פאַרוויילונג בלויז. הלכה לערנען ווי דער קעגנזאַץ צו פאַרווייַלונג־ליטעראַטור — דאָס זענען די נכסי־צאן־ברזל, די גרונט־אידייען, מיט וועלכע מיר קומען צו דער וועלט.

אַ ייִדישקייט וואָס וויל מתקן זיין די וועלט במלכות־שדי; אַ ייִדישקייט וואָס וויל שאַפן אַ מאָראַלישע, ליכטיקע, גערעכטע וועלט; ייִדישקייט, וואָס האַלט, אַז די גרונט־אידייען אויף וועלכע די וועלט שטייט זענען מאָראַל, עטיק, הייליקייט פון לעבן, הייליקייט פון יחיד, חשיבות פון יחיד, הערשאַפט פון מענטש איבער נאַטור, געוועלטיקונג פון מענטש איבער מאַשין — פאַר אַזאַ ייִדישקייט איז ווערט צו שטאַרבן, ווערט צו לעבן און ווערט צו קעמפן.

# תוך־ייִדישקייט און ציוניזם

## וועגן מאָריס סעמועלס בוך: „דער איידלמאַן און דער ייִד"

### א.

### די געצנדינערישע וועלט

מאָריס סעמועל איז אַן אויסנאַם צווישן די ייִדיש־ענגלישע שרייבער. געוויינלעך זענען די וואָס שרייבן אויף ענגליש פאַר ייִדן, נישט קיין דערפאָרענע שרייבער. זיי האָבן געוואָלט ווערן אַמעריקאַנער שריי־בער, אָבער ס'איז זיי נישט געלונגען, האָבן זיי אַראָפּגענידערט צום ייִדישן עולם. דערפאַר פילט זיך אָפּט אין זייער שרייבן אַן איבערגעטריבענע להכעיס־ייִדישקייט. און נישט זעלטן לאָזט איבער זייער שרייבן אַ שלעכטן ביי־טעם. אַפילו די טאַלאַנטפולסטע פון זיי שרייבן נישט אָן אַן אָנשטעל און נישט נאַטירלעך. אָבער אין מאָריס סעמועלס שרייבן פילט זיך די נאַ־טירלעכקייט פון אַ ייִדישן שרייבער, וואָס שרייבט פאַר ייִדן אויף ייִדיש אָדער העברעאיש. נישט ער איבערשאַצט זיין ייִדישקייט און נישט ער אונטערשאַצט די דרויסנדיקע וועלט. ער חנפעט נישט קיין ייִדן און דערגייט נישט די יאָרן די גויִים. אָדער פאַרקערט. ווען מען וואָלט איבער־זעצט זיינעם אַ בוך אויף איינעם פון די ייִדישע לשונות און נישט אָנגע־שריבן אויפן שער־בלעטל אַז עס איז אַן איבערזעצונג וואָלט קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס בוך איז לכתחילה נישט געשריבן געוואָרן אויף ייִדיש אָדער העברעאיש.

זיין בוך „דער איידלמאַן און דער ייִד" — „דהי דזשענטלמען ענד דהי דזשו" איז אַ טיף ערנסט בוך, וואָס באַהאַנדלט תוך־ייִדישקייט. זיין אויס־טייטש פון ציוניזם איז נישט קיין קאָנפאָרמיסטישער. ווייניק ציוניסטן,

אַפּילו פון די ייִדישסטע, וועלן מיט אים מסכים זיין. און די פּועלי־ציוניסטן, די פּאַרטיי וואָס ער שטעלט אַרויס ווי די טרעגערין פון זיין אידייע, פירט זיך אויף פּונקט פּאַרקערט ווי ער מיינט די פּאַרטיי דאַרף זיך אויפפירן. דאָך נעמט עס נישט אַוועק די וויכטיקייט פון בוך, ווייל עס רעגט אָן, פרעגט אָפּ אַ סך אָנגענומענע הנחות און איבערהויפּט שטעלט זיך מאָריס סעמועל אַנטקעגן די גרויסע צאָל „יאָ" זאָגערס. ער וואָגט אַפּילו צו באַצייכענען די מערסטע צאָל פריש צוגעקומענע ציוניסטן, ווי „געצן־דינער".

לויט די באַריכטן פון ד״ר שמואל מאַרגאָשעס און בצלאל שערמאַן איז דאָס בוך פּאַרקויפט געוואָרן נישט מער ווי אין אַרום פינף טויזנט קאָפּיעס. די צוויי חשובע ציוניסטן וווּנדערן זיך און ווייזן אָן אויף דעם שפּלין גייסטיקן מצב פון אַמעריקאַנער ציוניזם, וואָס אַזאַ וויכטיק בוך האָט זיך אַזוי ווייניק פאַרקויפט. איך פאַרזענלעך מיין, אַז די צאָל פאַרקויפטע עקזעמפּלאַרן איז גאָר אַ גאַנץ היפּשע פאַר אַזאַ בוך. ס'איז אַ שווער בוך סיי אין אינהאַלט און סיי אין פאָרם און אַזעלכע ביכער פאַרקויפן זיך אַלע מאָל ווייניק.

די פאָרם פון בוך: מאָריס סעמועל הייבט אָן אויטאָביאָגראַפיש־דערציילעריש און באַלד גייט ער אַריבער אויף עקספּאָזיציע. די ליטעראַרישע זשאַנערן האַלטן זיך אין איין בייטן אין בוך. פאַר די לייענער איז שווער איבערצוגיין פון איין געמיט־צושטאַנד צום אַנדערן, נאָך אַ חסרון פון בוך איז, וואָס דער מחבר האָט נישט גובר געווען זיין זשורנאַליסטישן יצר־הרע. פאַראַן צופיל אָפּנייגונגען פון דער הויפּט־טעמע. ווי אינטערעסאַנט די דעגרעסיעס זענען, שטערן זיי דעם לייענער צו קאָנצענטרירן זיך אויף דער הויפּט־טעמע.

דער אינהאַלט: ס'איז גאָרנישט קיין גרינגער אינהאַלט. דער לייענער דאַרף האָבן אַ גוטע צוגרייטונג צו אָריענטירן זיך אין אַלע קעגנשטאַנדן, וואָס מאָריס סעמועל באַרירט. ער באַהאַנדלט פּאַגאַניזם (געצנדינעריי), קריסטנטום, סאָציאַליזם, ייִדישקייט, תמצית פון נביאים, תנ״ך־פאָרשונג, פילאָסאָפיע — אַלגעמיינע און ייִדישע, ציוניזם און גלותיזם. אין קורצן, דעם גאַנצן קאָמפּלעקס, וואָס מיר רופן ייִדישקייט — ייִדישקייט ווי אַן אייגנאַרטיקן וועלט־באַנעם, ווי אַ וועלט־דערלייזערישע דערשיינונג, וואָס האָט זיך איצט מאַניפעסטירט אין ציוניזם.

די הויפּט־וויכטיקייט פון בוך באַשטייט אין דעם, וואָס עס איז אַ גאַנצער בנין פון אַן אייגנאַרטיקן וועלט־באַנעם. ווייניק ייִדישע שרייבער האָבן

אין אונדזער צייט זיך גענומען די מי אויפצובויען פאַר זיך אַ גאַנצן ייִדישן וועלט־באַנעם, וואָס זאָל פּרוּוון לייזן פאַר זיך און פאַר דעם ברייטערן עולם די פּראָבלעם ייִדן און ייִדישקייט אין שייכות מיט דער וועלט.

מסכּים זיין מיט אים טאָרן מיר נישט. מאָריס סעמועל האַלט נישט, אַז הלכה איז אַן עיקר פון ייִדישקייט און דערפאַר מיינט ער, אַז צווישן קריסטנטום און ייִדנטום איז נישטאָ קיין חילוק. דאָס פירט אים סוף־כּל־סוף צו אַ שוועדער ייִדישקייט פאַרן כּלל און אַ גרינגע ייִדישקייט פאַרן יחיד. מיר דאַכט, אַז נישט נאָר לייזט נישט זיין געדאַנקען־גאַנג די פּראָבלעם פון ייִדישקייט, נאָר פּשוט קען אויפלייזן ייִדישקייט. אָבער איגנאָרירן דאָס בוך טאָר מען נישט. עס איז צו ערנסט און צו טיף געשריבן געוואָרן און גאָר אַ סך אמתן זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין אים. דערפאַר איז דאָס בוך ווערט מען זאָל וועגן אים ריידן באריכות און ערנסט דיסקוטירן מיטן מחבר.

**\
*

דאָס ערשטע קאַפּיטל פון דעם ערשטן טייל: „די געצנדינער און ייִד״, הייבט זיך אָן מיט אַ שילדערונג פון דעם ייִדישן קוואַרטאַל אין מאַנטשעסטער, ענגלאַנד. ייִדן זענען עקאָנאָמיש זייער אָרעם און זיי ווייזן אַרויס אַ גרויסע באַגייסטערונג פאַר דער דרויסנדיקער פאָרם פון דער גוייִשער סביבה און קולטור. זיי האָבן באַוווּנדערט די טראַמווייען, די בית־הכּסאָס, די גאַז־באַלייכטונג, די פרייע פאָלקס־שולן, די דעמאָקראַטישקייט פון די נידעריקע באַאַמטע און פון די געבילדעטע קלאַסן. אָבער אין דער זעלביקער צייט זענען ייִדן נישט בטל געוואָרן פאַר דער דרויסנדיקער סביבה. נישט געקוקט אויף דער אַרומיקער רייכער קולטור האָבן די ייִדן דערפילט, אַז ס'איז דאָ אַ באַרעכטיקונג אָנצוהאַלטן זייער אייגענעם לעבנס־שטייגער, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון די שטעטעלעך אין רומעניע. זיי האָבן אינסטינקטיוו אָנגעטאַפּט, אַז זיי היטן אָפּ עפּעס אַזוינס, וואָס איז דער פורעם פאַר אַ הויכן עטישן ווערט. ייִדן האָבן אַפילו געפונען חסרונות אין זייערע שכנים — די אָרעמע שכורן, און זיי זענען נישט אָרעמער פון די ייִדן, אויך זענען פאַראַן צופיל בויאַנעס צווישן זיי.

מאָריס סעמועל מיינט, אַז דאָס אָנהאַלטן פון ייִדישן לעבנס־שטייגער איז נישט געווען קיין פראַגע פון קיום, ווייל פיזיש זענען ייִדן נישט געשטאַנען אין קיין שום סכּנה. ס'איז געווען אַן אויפהיטונג פון קיום מיט המשך:

„אַ ייד פון הללס צייטן וואָלט זיך נישט געפילט ווי קיין פרעמדער ביי אונדז צום סדר. אַ ייד פון די קרייצצוגן וואָלט געפילט אַ גרויסע קרובה־שאַפט צום פראָסטן יידן אין דער צייט פון די קעשעניעווער פּאָגראָמען (ז' 17).

נישט אומזיסט האָבן די עמיגראַנטן־יידן אין דער פרייער ענגלאַנד אויפגעהאַלטן חדרים, צוגאָב־שולן צו די פּאָבליק סקולס. זיי האָבן געפילט, אַז נישט נאָר האַלטן זיי אויף זייער זעלבסט חשיבות, נאָר אויך אַ גייס־טיקן וועלט־באַנעם, וואָס איז כדאי אויפצוהאַלטן אין אָט דער פרעמדער וועלט, ווייל ס'איז אַנדערש און העכער פון דעם וועלט־באַנעם פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג.

פאַרשטייט זיך, אַז מאָריס סעמועל האָט עס פאַרשטאַנען ערשט שפּע־טער, ווען די גויִשע וועלט האָט אין זיינע אויגן פאַרלוירן איר גלאַנץ. אין דער יוגנט איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער גייסטיקער נישט־ייִדי־שער וועלט, פונקט ווי דער עלטערער דור איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם מאַטעריעלן גלאַנץ.

צוויי זאַכן האָבן אויף אים געווירקט: די ענגלישע פּאָבליק סקול און די ענגלישע קינדער־ליטעראַטור. אין בײדע איז דער טראָפּ געשטעלט געוואָרן אויף קאָנקורענץ, אויף קאָמפּעטיציע, אויף ספּאָרט, אויף „מאַכן אַ נאָמען".

האָנאָר שטייט העכער פון אַלץ. דאָס „ריינע" שפּיל איז דער עיקר פון לעבן. ווען מען דאַרף קיילן, מאָרדן, פירן מלחמות, דאַרף עס געפירט ווערן לויט כללים פון אַ „גיים" — אַ שפּיל. יידן האָבן אַמאָל אויך געפירט מלחמות, אָבער זיי זענען געווען אַזעלכע ערנסטע, טרויעריקע און טראַ־גישע געשעענישן. אָבער די מלחמות וואָס ענגלאַנד האָט געפירט — די מלחמות פון דער נישט־ייִדישער וועלט, די ריטער־שטרייטן — זענען געווען עפּעס ווי אַ שפּיל. סער דרייק שפּילט אָפּ זיין קריקעט־גאַנג און לאָזט זיך באַלד אַרויס „אָפּצופוצן" די שפּאַנישע אַרמאַדע. יידן האָבן נישט געקענט שאַפן אַזאַ ליד ווי „דער אָנפאַל פון דער לייכטער בריגאַדע" פון טעניסאָן, ווייל יידן וואָלטן נישט גלאָריפיצירט אומזיסט בלוט־פאַרגיסונג, זינלאָזן הערויִזם — זינגען אַ ליד צו עמעצנס טעות, וואָס האָט פאַר־אורזאַכט שפּיכת־דמים.

מאָריס סעמועל האָט דעמאָלט געלעבט אין צוויי וועלטן: אין דער ייִדישער, וואָס האָלט אַז „דער וואָס פאַרשעמט עפנטלעך זיין חבר פאַר־

לירט ער זיין חלק עולם הבא״ און „ווער איז אַ גבור? דער וואָס באַזיגט זיין יצר־הרע״ און אין דער נישט־ייִדישער וועלט, ווו דער העלד איז דער בוקאַניר טיפּ, וואָס צווינגט זיינע געפאַנגענע „דורכגיין״ די ברעט אײדער ער דערטרינקט זיי. ער ווערט געלויבט דערפאַר און ווערט פאַררעכנט פאַר אַ העלד, ווייל אין קאַמף איז ער געווען „ערלעך״. ער האָט זיך גע־שלאָגן אָרנטלעך, „ריין״, נישט געבוכצעט אונטערן גאַרטל. אויב די שווערד איז אַרויסגעפאַלן פון דעם שונאס האַנט האָט ער געוואַרט ביז ער, דער שונא, האָט זי אויפגעהויבן און דערנאָך — אים דערשטאָכן.

ער האָט געמיינט, אַז די קריסטלעכע וועלט איז מאָנאָליטיש — אויך די קירכעס און די געבעטן אין די קירכעס און זייער צערעמאָניאַל פאַרהערלעכן און פרעדיקן אָט די וועלט־אָנשויאונגען. אין עלטער פון פערצן יאָר האָט ער באַזוכט אַ קירך און ער האָט געקראָגן די גרעסטע נשמה־אויפטרייסלונג. ס׳איז כדאי איבערצוגעבן די געשעעניש אין זיינע אייגענע ווערטער, ווייל דאָס איז די עיקר־טעזע פון בוך:

„איך בין אינגאַנצן צעטומלט געוואָרן פון דער דרשה פון דער בימה. די דרשה, וואָס איז געווען דורכגעפלאָכטן מיטן נאָמען יעזוס, מיט אַ שוי־דערלעכער (פאַר מיר) אָפטקייט, האָט גאָרנישט נישט געהאַט צו טון מיט דער גוטמוטיקער, פרייער אַוואַנטוריסטישער שפּיל־וועלט, וואָס איך האָב אַזוי גלאָריפיצירט. די דרשה האָט נישט פּראָקלאַמירט אין נייע און פאַנ־טאַסטישע אָנציענדיקע פראַזן די קאָסמישע ריכטיקייט פון דעם לעבן פון ד גרעי־פרייערס, „די נקמה״, „דער אָנפאַל פון דער לייכטער בריגאַדע״ און דעם קריקעט־טורניר. אויף אַן אומגלויבלעכן אופן האָט די דרשה איבער־געחזרט, וואָס מיר האָבן געלערנט אין חדר. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך ביי זיי, ביי די קריסטן, זענען די נידערגעשלאָגענע, די דערנידעריק־טע — די געבענטשטע. ווען איינער גיט דיר אַ פאַטש, ענטפערסטו אים נישט לאַכנדיק מיט אַ „לינקן קנאַק״ און לאַדסט נישט איין דיינע פריינט אַרומצושטעלן זיך אין אַ ראָד און צוקוקן אייער פויסטנקאַמף, וואָס ווערט אָנגעפירט לויט די כללים פון דעם מאַרקיז פון קווינסבערי. ניין, עס הייבט זיך גאָרנישט אָן. דו שטעלסט גאָר אָן די צווייטע באַק — עס האָט אויס־געקוקט, אַז אויך זיי האַלטן, אַז די רודף־שלומניקעס, נישט די זעלנער, אָדער דער בראַוועו גוטמוטיקער גזלן, זענען געבענטשט פון גאָט — דאָס זענען דאָך מיין רבינס רייד...״ (זז׳ 34, 35).

ער האָט דערפילט, אַז עפּעס קלעפּן זיך נישט די רייד פון דער קירך מיט דער קולטור און ציוויליזאַציע פון ענגלאַנד, וואָס ער האָט געזען אַרום זיך. ערשט שפּעטער האָט ער עס פאַרשטאַנען, אָבער דאָס איז געווען

דער אָנהייב פון אַ לאַנג לעבן זוכעניש און פאָרשן, וואָס עס האָט אים אַוועקגעפירט אויף גאָר נייע וועגן.

די מסקנות, צו וועלכע ער קומט שפּעטער זענען: די קירך איז נישט מער ווי אַ טפל צום טאָג־טעגלעך פּאַגאַניסטיש לעבן. דער קריסט קען שטענדיק אַנטלויפן פון דער קירך צו דער פּאַגאַניסטישער וועלט. דער שטרייט צווישן די צוויי וועלטן איז דער שליסל צו דער נישט־ייִדישער קריסטלעכער וועלט.



מאָריס סעמועל האַלט, אַז דער יסוד פון ייִדישן וועלט־באַנעם איז קאָאָפּעראַציע און דער יחיד. דער יסוד פון דער פּאַגאַניסטישער, געצנדי־נערישער וועלט, איז קאָנקורענץ און שטאַט. די נישט־ייִדישע וועלט איז נישט איינהייטלעך, זי באַשטייט פון צוויי וועלט־קוקן — די קריסטלעך־ייִדישע עטיק און די פּאַגאַניסטישע. אין רואיקע צייטן, אין צייטן פון פרידן, ווען קיין וויכטיקס שטייט נישט אין קאָן, דעמאָלט, איז ווי שעקספּיר זאָגט, דאַרף מען זיך אויפפירן שטיל, באַשיידן און עניוותדיק. אָבער ווען אַ מלחמה קומט אָן דאַרף מען נאָכמאַכן דעם טיגער: „אין פרידן פּאַסט נישט בעסער דעם מענטשן ווי באַשיידענע שטילקייט און עניוותדיקייט. אָבער ווען דאָס שאַלן פון מלחמה בלאָזט אין אונדזער אויער, דעמאָלט מאַך נאָך די האַלטונג פון דעם טיגער".

מעקיאַוועלליס „דער פּרינץ" איז דער צווילינג־ברודער פון קאַסטיגליאָ־נאָס „דער קאָרטיער"־הויף־מענטש. ביידע זענען געבוירן געוואָרן אין דער זעלביקער שעה פון איטאַליענישן רענעסאַנס. געטראָגן און געבוירן גע־וואָרן פון דעם זעלביקן גייסט און גוף. ביידע זענען דער תמצית פון דער פּאַגאַניסטישער וועלט, ווי זי איז פאָרגעשטעלט געוואָרן אין פּלאַטאָס רעפּובליק.

לויט פּלאַטאָן און מעקיאַוועללי איז אַ פונדאַמענטאַלע הנחה, אַז דער שטאַט איז די אַנטגילטיקע איינהייט פון מענטשלעכער אָרגאַניזאַציע און איז די בויטיקע ראָם אין באַצוג צום יחיד — די מענטשהייט ווערט באַ־גריפן ווי אַן אייביק צעטיילטע אין קאָנקורירנדיקע איינהייטן צוליב איר באַשטאַנד, גורל אָדער נאַטור־געזעץ — רופט עס מיט וועלכן נאָמען איר ווילט. די העכסטע מעגלעכקייטן פאַר דעם מענטשן קענען רעאַליזירט ווערן אין אָט דעם איינראַם.

אין אַזאַ קאָנקורירנדיקער וועלט איז די ערשטע עובדא פון שטאַט צו זיין שטאַרק אין קעמפנדיקן זיך. אַזוי לאַנג ווי דער מענטש געפינט זיך אויף דעם פּלאַנעט, מוז ער זיין אונטערגעוואָרפן צו די אומשטענדן, וואָס פּראָדוצירן אַ שטאַרקן שטאַט.

פון דעם פונדאַמענטאַלן געדאַנק פליסן אַרויס געוויסע עוואָלוציעס פון מענטשן. פּלאַטאָס צוגאַנג איז פונקציאָנאַל. דער מענטש איז בעצם אַ שוסטער, אַ פּאַרמער, אַ שניידער, אַ זעלנער אָדער רעגירער. אַ מענטש איז ער נאָר פון די אייגנשאַפטן, וואָס בלייבן נאָך דעם. די מאַסע קען אָפּט שטערן דאָס גלאַטע אָנפירונג פון שטאַט, און אַזוי ווי די מאַסע איז אומ־צעשטערבאַר, מוז מען זי האַלטן אין צאַם. דערפאַר ווערן פּאָעטן אויס־געשלאָסן פון פּלאַטאָס רעפּובליק. דערפאַר איז אויך דער ליגן דער פּאַ־סיקער אינסטרומענט פאַר דער טאַקטיק פון שטאַט.

מעקיאַוועיליס צוגאַנג איז „מאָראַליש", אָבער פירט צו ענלעכע שלוסן. דער מענטש איז בטבע שלעכט, דערפאַר דאַרף מען אים צאַמען, דיקטירן פאַר זיין אייגענעם ווילזיין און דעם ווילזיין פון שטאַט. דער פּרינץ, אָדער דיקטאַטאָר, אָדער מענעדזשער, הויפּט־פירער, מוז נוצן אַלע מיטלען: ליגנס, דראָאונגען, אויסגערעכנטע מילדקייט, מאָרד, גערעכטיקייט, אויסגערעכנט־קייט, כדי אויפצוהאַלטן דעם שטאַט און שטאַרקן אים. ביידע, פּלאַטאָ און מעקיאַוועלי, האַלטן, אַז דער מענטש קען זיך נישט בייטן.

זיי זענען מיט דער מיינונג, אַז דער שטאַט פאַרזאָרגט די דריי טיפּן מענטשן: די מאַסע, דעם דזשענטלמאַן־הויף־מענטש און דעם פּרינץ. דער פּרינץ באַפעלט, די מאַסע פאָלגט. דער פּרינץ איז העכער פון מאָראַל; די מאַסע — נידעריקער פון מאָראַל. דער דזשענטלמאַן איז די מאָראַל אין שטאַט. צוליב זיין באַזונדערע פונקציע אין שטאַט מוז ער באַזיצן אַ הע־כערע מאָס אינטעליגענץ, פעאיקייט, כאַראַקטער און אַ גרעסערן קרייז פון אַקטיוויטעט, ווי דער מאַסן־מענטש.

מען גיט אים די פּריווילעגיע אונטערצוזוכן אָפּנאַרעריי אויב ער וויל, ווייל מען קען אים געטרויען. ווי אַ דזשענטלמאַן וועט ער עס טון אין „ריכטיקן גייסט" און נישט גיין צו ווייט...

דער פּרינץ און דער דזשענטלמאַן זענען די ירושה פון געצנדינעריי. אין דער צייט פון רענעסאַנס, ווען פּאַגאַניזם — געצנדינעריי איז ווידער אויפגעשטיגן צו אַ בריליאַנטענער שטופּע, זענען אויך די צוויי געשטאַלטן ווידער אויפגעקומען.

צום גליק פון דער מענטשהייט איז עס נישט די איינציקע ירושה און נישט די גאַנצע ירושה פון פּאַגאַניזם. דער פּאַגאַניזם האָט אויך פאַר־מאָגט דעם סטאָאיקער, וואָס איז מעגלעך אויף אים צו זאָגן, אַז ער קען זיך פאַרמעסטן מיט זיין עטישן הויך מיט דער שאַפונג פון די נביאים.

מאָריס סעמועל מיינט, אַז די רעפּרעזאַנטיווסטע צוויי סטאָאיקער זע־נען עפּיקטאַטוס און מאַרקוס אורעליוס. זיי האָבן אין זייער לערע עפּעס וואָס עס איז ענלעך אויף דער נביאישער קראַפט פון וואָרט. די ענלעכ־קייט קומט צוליב דעם, וואָס עס קוקט אויס (אָבער נישט מער) ווי זיי אַפּעלירן צום זעלביקן מקור פון מאָראַל און עטיק — דאָס געטלעכע. אָבער בעצם איז עס נישט אַזוי, ווייל זייער עטיק איז נישט מער ווי אַ סיסטעם, אַ גאַנג, אַ צאָל כללים פאַר זעלבסטנוצן. אַ מענטש טוט דאָס, וואָס עס פּאַסט פאַר זיין אידעלן כאַראַקטער, נישט וואָס עס קומט אַרויס פון ליבשאַפט צו זיין שכן.

דער סטאָאיקער, נישט געקוקט וואָס ער פאַררופט זיך אויף גאָט און געטער, איז דער פאָטער פון דער ראַציאָנאַליסטישער און מעכאַנישער סיסטעם פון געזעלשאַפט — עס מיינט, אַז צו זיין גוט האַרמאָנירט מיט דער נאַטור. דערפאַר קומט אָפּט דער מאָראַלישער שטויס פון שטודירן נאַטור־געזעצן. די אָנווענדונג פון גאָט צו דער מאָראַל איז נישט מער ווי אַ פאָרמאַליטעט, ווייל גאָט איז דאָך נישט מער ווי אַ טייל פון דער נאַטור. די כללים פון גוטסקייט פּאַסן זיך אַריין מיט די רעגעלן פון געזונט. מען דערציילט אונדז, אַז וואָס מער מיר וועלן זיך באַקאַנען מיט די געזעצן פון דער נאַטור, אַלץ בעסער וועלן מיר וויסן ווי זיך אויפצופירן. אָבער דער אמת איז גאָר פאַרקערט — ס'איז קיין זאַך נישטאָ אין דעם שטודיום פון דער נאַטור, וואָס פירט צו גוטסקייט.

ווייל דעם סטאָאיקערס קוק איז, אַז גוטסקייט איז אַ נאַטירלעכער געזונט־צושטאַנד, פעלט אים וויזיע פון אַ מענטשהייט, וואָס שטרעבט צו געטלעכקייט. אמת, מיר געפינען אַ סך שטעלן ביי די סטאָאיקער, וואָס רעדן פון מענטש, ווי גאָטס קינד, אָבער איך קען זיך נישט דערמאָנען, זאָגט מאָריס סעמועל, קיין איין שטעל, וואָס שפּיגלט אָפּ, און איז אַ טייל פון דער שטרעבונג צו געטלעכקייט אין מענטשן. איך קען זיך אויך נישט דערמאָנען קיין איינעם פון די פּאַגאַניסטישע מאָראַליסטן, וואָס שטעלט אָוועק גוטסקייט ווי אַ נאַציאָנאַלע טאַקטיק. די שטרעבונג צו הייליקן דעם שטאַט, דעם קאָאָפּעראַטיוון לעבן, וואָס האָט געצווונגען די ייִדישע נביי־

אים צו זאָגן צום ייִדישן פֿאָלק, אַז ער איז נישט ווערט צו לעבן, אויב ער לעבט נישט אין גוטסקייט, דאָס איז פֿרעמד די סטאָאיקער. דער סטאָאיקער אַפּעלירט צום יחיד בלויז, דער נביא צום פֿאָלק און צום יחיד.

אַוודאי שטייט דעם סטאָאיקערס באַגריף פֿון עטיק אויף אַ סך אַ העכערע מדרגה פֿון מאַראַל, ווי דער פּלאַטאָנישער און מעקיאַוועלישער באַגריף. אָבער זיי, די סטאָאיקער, האָבן זיך אַליין פּאַראַליזירט מיט דעם וואָס זיי האָבן געלאָזן דעם טויטן ווערן אַסימילירן דעם לעבעדיקן. די נשמה פֿון דעם מענטשן האָבן זיי צוגעבונדן צו דער נאַטור. זיי האָט געפֿעלט דער געדאַנק פֿון הייליקייט. זיי האָבן געהאַלטן, אַז עס באַצאָלט זיך צו זיין גוט, וואָס איז נישט אַלעמאָל אַזוי. אָבער דער געדאַנק פֿון הייליקייט האַלט, אַז עס איז נישט קיין פֿראַגע פֿון באַצאָלן זיך. אָן גוטסקייט, אָן הייליקייט קען קיין לעבן נישט זיין — אין דעם זין, אַז עס איז נישט כדאַי צו לעבן אַזאַ לעבן.

די פּאַגאַניסטישע וועלט איז געבויט אויף מאַכט, אויף קאַמף. מאָריס סעמועל מיינט, אַז דאָס שטרעבן צו מאַכט איז פּשוט אַ משוגעת און איז שעדלעך, עס צעשטערט ווערטן און לעבן. די גאַנצע טעאָריע, אַז קאַמף איז נויטיק פֿאַרן עקזיסטענץ, איז נישט אמת פֿאַר אונדזער צייט. אַמאָל איז עס אפֿשר געווען אַ נויטווענדיקייט, אָבער ווי נאָר די פּראָבלעם פֿון דערנערונג איז געלייזט געוואָרן, און נאָך פֿריִער, האָט דער מענטש געזוכט גלאָריע, האָנאָר און קאַמף פֿאַר מאַכט. אין קורצן: מאַכט, דער ספּאָרט־קולט פֿון דער מערב־אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע, איז אַן איבערבלייב פֿון באַרבאַריזם.

די קעמפֿנדיקע, קאָנקורירנדיקע פֿילאָסאָפֿיע איז טיף איינגעוואָרצלט ביי די אייראָפּעאישע מאַסן אַזוי ווי ביי דעם דזשענטלמאַן־קלאַס. אויך די סאָציאַליסטישע גרופּעס זענען פֿאַרכאַפּט פֿון דער פֿילאָסאָפֿיע. מאָריס סעמועל האָט געזען, אַז ביי די טעקסטיל־אַרבעטער, ציגל־לייגער, טראַם־וויי־טרייבער, טרעגער, איז געווען דאָס געבאָט פֿון סאָציאַליזם איין זאַך און דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן אַן אַנדער זאַך. די מצוות און געבאָטן פֿון סאָציאַליזם זענען געקומען פֿון די לערער, דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן האָט געפֿליסט פֿון פֿאָלקלאָר, פֿון דער פּאַגאַניסטישער ירושה. דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן, נישט דער סאָציאַליזם, האָט דיקטירט די רעזולטאַטן.

דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס דאָס זעלביקע האָט פּאַסירט מיט די

פירער און לערער, מיט די וועגווייזערס. אָט אַזוי ווי די גלחים האָבן די לערער טאַקע געפּאָדערט ,אַז קאָאָפּעראַציע זאָל פאַרנעמען דאָס אָרט פון קאָנקורענץ, אָבער נישט נאָר האָבן זיי נישט אויסגעבעסערט די קאָנ־קורענץ־נייגונגען פון די סאָציאַליסטישע מאַסן, נאָר זיי האָבן עס דער־מוטיקט. ביידע, די לערער און די מאַסן, האָבן געטיילט מיט דעם דזשענטלמאַן־קלאַס דעם ציוויליזאַציע־קאָמפּלעקס, וואָס טייטשט אויס דאָס לעבן אין טערמינען פון קאָנטעסטירנדיקן ספּאָרט.

ייִדן איז פרעמד די שטרייט־עטיק. ייִדן פעלט אינגאַנצן דער ספּאָרט־קאָמפּלעקס פון לעבן. נישט נאָר איצט, נאָר אויך נאָך פאַרן גלות־בית־שני איז זיי געווען פרעמד דאָס געפיל פון שטרייט־עטיק. ס׳איז נישט קיין גלות־אַנטוויקלונג, נאָר זיי האָבן עס געבראַכט מיט זיך אין גלות אַריין. ספּאָרט איז כמעט נישט דערמאָנט אין תנ״ך. אויך די משנה, וואָס האָט דינים, כללים, רעגולאַציעס וועגן אַלע פאַזן פון לעבן, האָט נישט קיין כללים פאַר „גיימס" שפּילן, ספּאָרט.

דאָס אָפּזאָגן זיך פון ספּאָרט איז נישט געווען קיין מיטל פאַר קיום, אָדער אַ פּועל־יוצא, וואָס אין גלות האָט געפעלט רוים און אָרט פאַר שפּיל. און אויך וואָלט געווען שעדלעך זיך פאַרמעסטן אין כוחות מיט דער דרויסנדיקער וועלט. דער אמת איז, אַז דאָס ווידערווילן צו ספּאָרט איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון אַ באַשטימטער מאָראַלישער קאָנצעפּציע פון אַ וועלט־באַנעם. דער תנ״ך האָט אַוועקגעלייגט זיין חותם, זיין שטעמפּל אויף ייִדן און זיי געמאַכט אַ פאָלק אַנדערש פון אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט.

ב.

## דער חותם פון תנ״ך אויף ייִדן

דער תנ״ך, זאָגט מאָריס סעמועל, האָט אַוועקגעלייגט זיין שטעמפּל אויפן ייִדישן פאָלק. דער נביאימשער עטישער קוק אויפן לעבן איז גאָר אַנדערש פון דעם קוק פון די פּאַגאַניסטן, אַפילו פון די בעסטע פון זיי. די נביאים האַלטן נישט ווי די סטאָאיקער, אַז מאָראַל, מוסר, גוטסקייט איז די סיבה פון אַ גליקלעך און צופרידן לעבן און אַז אומרעכט, רשעות ברענגט אומגליק, שטראָף. אַוודאי רעדן די נביאים וועגן שטראָף פאַר אַן אוממאָראַליש לעבן, אָבער דאָס איז נישט מער, ווי אַן אויסערלעכע פאָרם, וואָס די נביאים האָבן גענוצט. ס׳איז געווען דער ליטעראַרישער

מאַניער פון יענער צייט. מען דאַרף קענען אָפּטיילן די שאָלעכץ פון דער יאַדרע אין תנ״ך. דער עצם־תּמצית פון דעם נביאישן וועלט־באַנעם איז, אַז גוטסקייט, ערלעכקייט, אַ רעכטפאַרטיקער לעבן איז אַ טייל פון גאָט, וואָס איז אַ טייל פון מענטשן. עס זענען פאַראַן גענוג שטעלן אין תנ״ך, וואָס דערציילן פון נישט פאַרדינטע שטראָפן און אומגליקן. דער קלאַסי־שער ביישפיל איז יאשיהוס טויט און זיין מפּלה אין מגידו.

די נביאים האָבן אָפּגעטיילט די פּראָבלעם פון גוטס און שלעכטס פון דער קאָנצעפּציע פון אויסגערעכנטקייט — עס לוינט זיך אַזוי: פּאָ־סיקייט — עס פּאַסט אַזוי; אין אוטיליטערישן באַגריף — עס ברענגט נוצן. ביי זיי איז גוטסקייט דער נאַטירלעכער צושטאַנד. זיין שלעכט, נישט מאָראַליש איז נאַריש, אומזיניק, אַ חסרון אין דעם מענטשן, אַ נישט־נאַטירלעכע באַגרענעצונג. גוטסקייט האָט אַלע מאָל עקזיסטירט אָן דער אַריינמישונג פון די נביאים. דער נביא האָט אונדז בלויז אויפמערקזאַם געמאַכט, אונדז געמאַכט באַוווסטזיניק אויף דעם פאַקט, אַז מאָראַלישקייט איז אַ רעאַליזירונג פון דעם מענטשן, אַ פאַרענדיקונג, אַ דערגרייכונג פון ציל. לויט דעם נביא איז עטיק, מאָראַל נישט קיין מיטל פאַר עפּעס. גוטס־קייט און יושרדיקייט זענען זעלבסט־עקזיסטירנדיק. לעבן האָט אַ זין. דער זין דריקט זיך אויס אין גוטסקייט. אָן דעם איז אוממעגלעך צו לעבן. דאָס מיינט נישט, אַז אָן מאָראַל קען דאָס לעבן נישט אָנגיין, נאָר אַז אָן מאָראַל איז נישט כדאי צו לעבן און דאָס לעבן איז נישט מענטשלעך, איז גאָרנישט ווערט. אָט ווי מען זאָגט וועגן אַ מענטשן — „ס'איז אוממעגלעך צו לעבן מיט אים".

די נביאים זענען נישט געווען בלויז די באַשיצער פון די מאַסן קעגן די מלכים און קעגן די רייכע, די מעכטיקע. די נביאים האָבן נישט גע־האַלטן, ווי אַ סך פון די מאָדערנע אַגיטאַטאָרס האַלטן, אַז די אָרעמעלייט זענען ריין, אָן זינד; אַז די אונטערדריקטע זענען אַלעמאָל גערעכט און זיי טאָר מען נישט באַשולדיקן אין קיין זאַך; די מאַסן דאַרף מען נישט מזהיר זיין, ווייל זיי זענען קרבנות פון דער סיסטעם. קרבנות זענען זיי טאַקע, אָבער אויב מיר נעמען צו ביי זיי די מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, די בחירה, מיינט עס אינגאַנצן זיי צו דערנידעריקן. אַוודאי איז דער הויפּט־צאָרן פון דעם נביא געווען געווענדט קעגן די רייכע, קעגן די מאַכט־האָבערס, אָבער ער האָט אויך נישט אַראָפּגענומען די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פון די אָרעמע, וואָס האָבן דערלאָזט צו אַזאַ מצב.

די נביאים האָבן פּאַרטיידיקט די אָרעמע אָן חנפענען זיי, אָן פֿאַר־אָרעמען זייער גייסטיק. דאָס איז געווען דער תמצית פֿון נביאס צוועק: די אונטערדריקטע און אָרעמע מאַסן טאָרן נישט דערמוטיקט ווערן אין דעם שעדלעכן גלויבן, אַז זיי זענען נישט פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דעם טרויער־ריקן מצב. דאָס וואָלט דאָך געפֿירט צו דער מעכאַנישער קאָנצעפּציע פֿון מאָראַל. און די מעכאַנישע קאָנצעפּציע נעמט אַרום אַלץ: אויב די אָרעמע־לייט זענען נישט פֿאַראַנטוואָרטלעך צוליב דעם סיסטעם, זענען דאָך די רייכע, די מאַכט־האָבער, אויך אַ טייל פֿון דער סיסטעם. איז ווער טראָגט די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, די אַחריות?

די נביאישע וויזיע איז נישט געווען וועגן אַ גליקלעך, רייך פֿאָלק, נאָר וועגן אַ פֿאָלק דורכגעדרונגען מיטן עטישן גייסט. אמת, די נביאים זענען געווען איבערגעגעבענע נאַציאָנאַליסטן, ס'איז אויך אמת, אַז מען קען זיי אָנרופֿן די היטער פֿון יידישן נאַציאָנאַליזם. אָבער מען דאַרף געדענקען דעם צוועק פֿון זייער נאַציאָנאַליזם. ביי זיי האָט אַ נאַציע, וואָס איז נישט געווען דער מאָראַלישער אינסטרומענט פֿון גאָט, נישט געהאַט קיין סיבה, קיין אורזאַך, קיין רעכט צו עקזיסטירן. זיי האָבן נישט געהאַלטן פֿון דער פֿאָרמולע „די נאַציע מוז לעבן אַפֿילו ווען אַלע מאָראַלישע ווערטן זאָלן אונטערגיין״, נאָר פֿאַרקערט, „זאָל די נאַציע אונטערגיין, אויב עס האָט נישט קיין מאָראַלישן צוועק״ — דאָס איז דער זין פֿון אַלע דראָ־אונגען מיט נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפֿעס.

נבואה איז די יידישע דערפֿאַרונג, דאָס יידישע ראַנגלעניש מיט דער וועלט און מיט זיך. נבואה איז נישט געקומען פֿון דרויסן צום פֿאָלק, זי איז געווען אַ טייל פֿון פֿאָלקס דערפֿאַרונג. דער נביאישער קוק איז געבליבן דער יידישער נאַציאָנאַלער קוק אויף פֿאָלק און לאַנד.

נבואה איז אַנדערש פֿון דער כהונה און חכמה־ליטעראַטור. נבואה איז דינאַמיש, די אַנדערע צוויי זענען סטאַטיש — סטאַטיש אין דעם זין, וואָס זייער מאָראַל איז ביי זיי נישט קיין צוועק פֿאַר זיך, נאָר אַ מיטל פֿאַר עפּעס אַנדערש ווי מאָראַל אַליין. אָבער אַפֿילו כהונה און די חכמה־ליטעראַטור זענען באַווירקט געוואָרן פֿון נבואה. די נישט פּראָפֿעטישע מאָראַ־ליסטן האָבן קיינמאָל נישט געהאַט דעם כוח צו פֿאַרטונקלען די יידישע פֿעאיקייט צו אַרויסברענגען נבואה און נביאים. קיינמאָל האָבן יידן זיך אינגאַנצן נישט אָפּגעקערט פֿון דעם נביאישן באַגריף און אָנגעהויבן צו

אידעאַליזירן דעם קעמפנדיקן קאָדעקס און די מאָראַל פון קאָנקורירנדיקן ספּאָרט.

אין זיין יוגנט, דערציילט מאָריס סעמועל, איז דאָס לעבן אין דער געטאָ פון מאַנטשעסטער נישט געווען פּאַרטיפּט אין נביאישן וועלט־באַנעם, ווי די חסידים אין פּוילן זענען עס געווען. דאָס לעבן פון די ייִדן, וואָס ער האָט געקענט, האָט אָפּגעשפּיגלט מער די מאָראַל פון דער חכמה־ליטעראַטור. די פּראַקטישע מאָראַל. דאָך האָבן די ייִדן זיך אינסטינקטיוו אָפּגעזאָגט פון דער גלאָריפיקאַציע, אַז דאָס לעבן איז אַ שפּיל, אַ „גיים״ און אַז דער מענטש איז בטבע אַ קעמפער, אַ מלחמה־האַלטער.

דורך הונדערטער יאָרן אין אַמאָליקן ארץ־ישראל האָט אָפּט גע־טראָפן, אַז ייִדן האָבן זיך אָפּגעקערט פון דער נביאישער מאָראַל, אָבער קיינמאָל האָבן זיי זי אינגאַנצן פאַרלאָזן, אָפּגעזאָגט זיך פון איר און אָנגע־נומען דעם גאַנצן פּאַגאַניזם. אַלעמאָל, און אומעטום, האָבן ייִדן געמוזט האָבן אַ געוויסן צובונד צום נביאישן בליק פון לעבן. ווען זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון מינימום־צובונד, האָבן זיי זיך אויסגעמישט מיט די פעל־קער אַרום.

דער תנ״ך איז ביידע זאַכן, אַ געשיכטע־בוך און אַ שאַפער פון גע־שיכטע. וועגן ייִדן קען מען זאָגן, אַז זייער געשיכטע איז אַממיינסטן געשאַפן דורך זייערע געשיכטע־ביכער.

ייִדן זענען געפאַנגען געוואָרן פון תנ״ך. עס האָט געדויערט דורות ביז ייִדן האָבן זיך אונטערגעגעבן צום תנ״ך. ס׳איז געווען אַ פּאַמעלעכער פּראָצעס. אָבער אונטערגעגעבן האָבן זיי זיך. און דער תנ״ך איז געוואָרן דער הויפּט־פאַקטאָר אין ייִדישן נאַציאָנאַלן לעבן.

דער פאָלקלאָר פון תנ״ך האָט געווירקט אויך אויף אַנדערע פעלקער, למשל אויף די פּוריטאַנער. אָבער אויף ייִדן האָט ער געהאַט די פולע ממשלה. צו ייִדן איז דער תנ״ך נישט געקומען פון דער פרעמד און ער האָט נישט געדאַרפט קאָנקורירן מיט די נאָרדישע זאָגעס, גריכישע מי־טאָלאָגיע, אַראַבישע טויזנט־און־איין־נאַכט־מעשיות, לעגענדעס פון דער פייענוועלט, שרעטלעך און אַלערליי פּאַגאַניסטישע באָבע־מעשיות, וואָס זענען געווען פאַרשפּרייט צווישן די פעלקער, וואָס האָבן אָנגענומען דעם תנ״ך. נאָך וויכטיקער איז, וואָס דער תנ״ך האָט נישט געהאַט קיין נאַציאָ־נאַלע געשיכטע מיט וועלכער צו קאָנקורירן (ווי למשל ביי די גריכן און טאַקע ביי אַלע פעלקער, וואָס זייער נאַציאָנאַלע געשיכטע האָט גאָרנישט

וואָס צו טון מיטן קריסטנטום, וואָס זיי האָבן אָנגענומען — ש. ס.). דער תנ״ך איז ביי יידן געווען זייער גאַנצע געשיכטע: די סעקולאַרע, געטלעכע און נאַציאָנאַלע. ער האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע פעלד פון יידישער אַק־טיוויטעט.

אַ גוטע אילוסטראַציע, לויט מאָריס סעמועל, ווי די תנכישע וועלט־אויפפאַסונג האָט געפּאַנגען דאָס יידישע פאָלק, איז דער חשמונאים־אויפ־שטאַנד. יידן האָבן זיך געשטעלט קעגן שמד, קעגן אַסימילאַציע, וואָס אַ געוויסער טייל פון פאָלק האָט געוואָלט אַרויפצווינגען אויפן גאַנצן יידישן פאָלק, דורך אַ דרויסנדיקער מאַכט. אונטער דער פירערשאַפט פון דער חשמונאים־משפחה האָבן יידן זיך געשטעלט אַנטקעגן אָט דער מאַכט. ווען די מלחמה איז געוווּנען געוואָרן, האָט אַ זון פון איינעם פון די חשמונאים־ברידער פאַרראַטן דאָס פאָלק און צוריק געוואָלט איינפירן דעם אַסימי־לאַטאָרישן דרך. די יידן האָבן זיך געשטעלט אויך קעגן אים און סוף־כל־סוף געוווּנען דעם קאַמף.

די חסידים ואנשי־מעשה, וואָס האָבן געקעמפט אונטער די חשמונאים, האָבן נישט געקעמפט פאַר אַ גרויסער יהודה, פאַר אַ מעכטיקן שטאַט, צו באַזיגן און צו באַהערשן די שכנים. זיי האָבן זיך בלויז אַנטקעגן גע־שטעלט דער מעכטיקער, העלעניסטישער אימפּעריע, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם פּאַגאַניסטישן גריכישן גייסט פון קאָנקורענץ, ספּאָרט און מאַכט צוליב מאַכט. ווען די יידן האָבן געזיגט, געוווּנען די מלחמה, האָט די חשמונאים־דינאַסטיע אָנגעהויבן צו העלעניזירן די יידן און אויס־געניצט פאַר דעם זייער משפחה־פּרעסטיזש און דעם הויכן אַמט פון כהונה־גדולה. זיי האָבן געוואָלט מטמא מאַכן דאָס פאָלק מיט דער פּאַטריאָטי־שער, דזשינגאָאיסטישער לײדנשאַפט. זיי האָבן געפירט מלחמה פון באַ־הערשונג. זיי זענען באַגאַנגען די זעלביקע אַכזריותן און פאַרברעכנס אויף זייערע שכנים, ווי אַנטיוכוס עפּיפאַנעס איז באַגאַנגען אויף יידן. זיי האָבן געצוווּנגען איין שכן־פאָלק זיך מגייר צו זיין און פאַרברענט דעם טעמפּל פון אַן אַנדער שכן־פאָלק. די חשמונאים־הערשער האָבן זיך געהיט נישט צו פאַרשוועכן די אויסערלעכע פאָרמעס פון יידישקייט, אָבער זיי האָבן פאַרלעצט איר גייסט. די געשיכטע פון יוחנן הורקנוס, דער זון פון שמעון און אַלקסנדר ינאי, וואָס זייער הערשאַפט האָט געדויערט זעכציק יאָר, איז די געשיכטע פון אַן אינערלעכן פּרווו אָפּצושמדן די יידן אויף אַ פּאַגאַ־ניסטיש פאָלק — נישט פאָרמעל.

די חשמונאים־עפּאָכע איז איינע פון די קלימאַקסן אין דער ייִדישער געשיכטע, ווייל זי באַווייזט און לערנט אונדז די איינגעפונדעוועטע פאָרמע פון דעם געראַנגל אין דעם ייִדישן פאָלק.

מאָריס סעמועל שטעלט זיך אָפּ אויף דעם חילוק צווישן דעם תנ״ך און דעם ברית־חדשה (מיר וועלן שפּעטער אָפּפרעגן אַ סך פון זיינע הנחות, אָבער מיר ווילן דאָ איבערגעבן מאָריס סעמועלס אויפפאַסונג אָן איבער־רייסונגען און פּירושים, כדי נישט צו שטערן דעם גאַנג פון זיינע געדאַנ־קען). דער אונטערשייד, מיינט ער, איז אַזאַ קליינער, אַז מען קען נישט אָנרופן דעם ברית־חדשה אַ נייע דיספּענסאַציע, רעוועלאַציע — התגלות אויף אונדזער לשון. דער נייער טעסטאַמענט איז פּונקט אַזוי טיף ייִדיש ווי דער תנ״ך. אויב מען וועט טענהן, אַז די מאָראַל פון דער עוואַנגעליע איז נישט פּראַקטיש, זאָגט מאָריס סעמועל, אַז די מאָראַל פון תנ״ך איז נישט מער פּראַקטיש. אויב ס'איז אַ פראַגע פון גערעכטיקייט ווערזוס ליבע — ווי אחד־העם שטעלט עס אַוועק — זענען דאָ אין נייעם טעסטאַ־מענט געגנוג שטעלן, וואָס וואָרענען און דראָען שטעט, וואָס נעמען נישט אָן ישועס לערע; די דראָאונגען און וואָרנונגען שטייען נישט אָפּ אין זייער האַרבקייט פון די שטראָף־רייד פון די נביאים. אויב מען וועט אָנווייזן וועגן דער געטלעכקייט פון ישועס פּערזענלעכקייט און זיינע ניסים — דאָס איז טאַקע אמת נישט אין דעם דרך פון די שריפט־נביאים, אָבער ווען קריסטנ־טום וואָלט געבליבן אַ ייִדישע סעקטע וואָלטן די ניסים פאַרלוירן זייער וויכטיקייט; זיי וואָלטן פאַרטושט געוואָרן. ניסים ווערן דאָך דערמאָנט אין תלמוד און מדרש. אָט האָבן ניסים געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין חסידות און דאָך איז חסידות געוואָרן אַ טיפער שטראָם אין ייִדיש לעבן. זיין געט־לעכקייט? עס זענען פאַראַן קריסטלעכע סעקטעס וואָס באַטראַכטן אים בלויז פאַר אַ מענטשן.

מאָריס סעמועל מיינט, אַז דער הויפּט־חילוק צווישן די צוויי רעווע־לאַציעס איז דאָס, וואָס דער תנ״ך איז די געשיכטע פון דער מאָראַלישער עוואָלוציע פון אַ פאָלק און די עוואַנגעליע איז אַן איינמאָליקע דערקלערונג פון התגלות. דער תנ״ך איז די געשיכטע פון ייִדישן פאָלק, וואָס איז צו־נויפגעוועבט מיט דער התגלות אַזוי, אַז מען קען זיי נישט פונאַנדערטיילן, אָבער די קריסטלעכע התגלות איז אינגאַנצן זעלבסטשטענדיק פון דער גע־שיכטע פון דער קריסטלעכער קירך. זי, די התגלות, איז פאַרבונדן בלויז מיט דעם פּערזאָן ישוע. די געשיכטע פון ייִדן שפּילט די זעלביקע ראָלע

אין ייִדישקייט, ווי ישוע אין קריסטנטום, מיט דעם חילוק, וואָס די ייִדן ווערן פאַרגעשטעלט מענטשלעך אין זייערע ליידן און אין זייערע זינד און ישוע נישט.

טויזנטער יאָרן האָבן ייִדן אַריינגענומען אין זייערע תפילות און גע־לייענט טיילן פון תנ"ך, נישט נאָר די טיילן, וואָס דערציילן וועגן גוטס־קייט און זייער אויספאָלגן גאָט, נאָר אויך וועגן זייער ווידערשפּעניגקייט און זייערע זינד. אָט לייענען זיי, ווען זיי פאַסטן, אַז גאָט וויל נישט קיין תעני־תים. זיי לייענען, ווי מען דאַרף מקריב זיין קרבנות און אַז גאָט וויל נישט קיין קרבנות און אַפילו קיין תפילות נישט. עס איז פאַרשריבן אין תנ"ך, ווי דער נביא שטעלט זיך אַנטקעגן אַ כהן אין גאָטס הייליקטום — עמוס אין בית אל קעגן אמציהן. ווו זענען די שטעלן אין דער קריסטלעכער ליטורגיע, אָדער אין דער געשיכטע פון דער קירך, וואָס די קריסטן ליי־ענען, אַ וואָרנונג און אַן אָנקלאַגע קעגן די מנהיגים, פירער פון דער קירך, אָדער קעגן די מנהגים פון דער קירך? אַוודאי האָבן די פּראָטעסטאַנטן פאַרדאַמט די קאַטוילישע קירך און זי גערופן „די זונה פון רוים" און די קאַטאָליקן האָבן גערופן די פּראָטעסטאַנטן „געצנדינער", אָבער דאָס איז דאָך נישט קיין טייל פון דער קריסטלעכער ביבל.

אין פּשוטע ווערטער: דעם תנ"ך האָבן ייִדן אויסגעטראָגן און געבוירן מיט חבלי־לידה. די בשורה פון נייעם טעסטאַמענט האָט מען דערלאַנגט די נישט־ייִדן אויף אַ זילבערנעם טעצל. די קריסטלעכע רעליגיע איז גע־שאַפן געוואָרן פון אַ יחיד, די ייִדישע — פון פאָלק. ייִדישקייט איז צונויפ־געוואַקסן געוואָרן מיט ייִדן. קריסטנטום איז אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אויף די אייראָפּעאישע פעלקער. די קריסטלעכע וועלט וועט מוזן אויסברייטערן דעם נייעם טעסטאַמענט, אים אַריינוועבן אין זייערע אייגענע פאָלקס־געשיכטעס און מאַכן דעם ברית־חדשה אַ טייל פון זייערע איבערלעבונ־גען. אויב נישט, דאַרף דער גאַנצער פּראָפעטישער גאַנג פאַררעכנט ווערן ווי אַ דורכפאַל פאַר דער נאָענטער צוקונפט.

דאָס מיינט נישט, אַז קריסטנטום האָט נישט געהאַט קיין ווירקונג אויף אייראָפּע און די ייִדן האָבן געהאַט ביז איצט דעם העכסטן סטאַנדאַרט פון מאָראַל. עס מיינט נאָר, אַז אין איצטיקן נידעריקן און פּרימיטיוון מצב פון מאָראַליטעט איז נישטאָ קיין גרויסער חילוק צווישן דאָס בעסטע און ערגסטע. אָבער ס'איז דאָ גאָר אַ גרויסער חילוק פון דירעקציע, ריכטונג.

ווו קריסטנטום האַלט זיך אויף דאָרטן קען מען גרינג אָנטאַפּן דעם קאָנטאַקט מיט נבֿואה. איך קען נישט געפינען, זאָגט מאָריס סעמועל, קיין שום חילוק צווישן „חובֿת הלבֿבֿות" און באַטויסעס „די טרייסט פון פילאָ־סאָפיע", אָדער קעמיפּיסעס „נאָכטון יעזוסן". ס׳איז דאָ אַ סך געמיינ־שאַפטלעכס צווישן דעם בעל־שם־טובֿ און פראַנציסקאָ פון אַסיסיס, אַפילו ווען דער בעל־שם־טובֿ האָט פון אים קיינמאָל נישט געהערט. וויכטיקער נאָך, גיט צו מאָריס סעמועל, איז וואָס די זעלביקע וואַרעמקייט און האַר־ציקייט, וואָס איך האָב געטראָפן אין די ייִדישע הייזער פון מאַנטשעסטער, ניו־יאָרק, וואַרשע און ווילנע, האָב איך אויך געטראָפן אין די קריסטלעכע הייזער פון לאַקשייערס, וויקער, מיטל־מערבֿדיקע אַמעריקאַנער פאַרמערס און פראַנצויזישע פּויערים. ס׳וואָלט געווען פאַרפירעריש צו באַהויפּטן, אַז נאָר ביי דער ייִדישער וועלט איז דאָ אַן אַריינבליק אין די הומאַנישע פּראָבלעמען.

אָבער, באַהויפּטעט ווייטער מאָריס סעמועל, איך האָב יאָ אויסגעפונען, אַז אין דער קריסטלעכער וועלט איז דאָ „אַן אַלטערנאַטיווער אידעאַל, וואָס איז פאַררעכנט פאַר גאַנץ אָנשטענדיק, אָבער איז טיף פּאַגאַניסטיש און נישט מאָראַליש". זייט ביי זייט מיט די אַלע קריסטלעכע מוסר־ספרים איז דאָ אַ קאָנקורירנדיקע פּאַגאַניסטישע ליטעראַטור און אַ קאָנקורירנדיקער פאַנטעאָן — אַ טעמפּל פון געטער — פּאַגאַניסטיש, שפּילעוודיק און שעדלעך, אָבער מיט אַן אוניווערסאַלן פאַרנעם, פון דעם זעלביקער עלטער און נאָך פון מער חשיבֿות. אויף דעם העכערן שטאַפּל שטייט פּלאַטאָן דער לערער, אויף דעם נידעריקן שטאַפּל — קיפּלינג. מען קען אַנטלויפן פון יעזוסן צו זיי אָן קיין שום שוועריקייטן און קיינער וועט עס נישט האַלטן פאַר אַפּיקורסישקייט. ביי ייִדן איז נישטאָ אַזאַ בכּבֿודיקע און רעספּעקטאַבעלע אַנטרינונג אין אַ טאָלערירטן פּאַגאַניזם. אַוודאי קען מען אַהין אַנטרינען, אָבער מען וועט וויסן, אַז מען האָט געזינדיקט.

ייִדן זענען אַנדערש פון אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט. אָבער זייער אַנדערשקייט, מיינט מאָריס סעמועל, האָט גאָרנישט וואָס צו טון מיטן אָפּהיטן פון די תּרי״ג־מצוות. דאָס איז נישט מער ווי אַ דרויסנדיקע פאָרם, אַ שאָלעכץ. ייִדן קענען אָפּהיטן אַלע תּרי״ג־מצוות, זאָגט מאָריס סעמועל, און דאָך בלייבן און זיין נישט־ייִדן. אין אַמאָליקן ארץ־ישׂראל זענען גע־שטאַנען פאַר ייִדן צוויי סכּנות — שמד צום ערשט און דערנאָך פאַרשטיי־נערונג. אין גלות איז פאַרקערט — די גרעסטע סכּנה איז פריִער פעטרי־

פיקאַציע — בלייבן פאַרגליווערט, פאַרשטיינערט, און דערנאָך פאַרלייקע־ נונג — שמד. ס׳איז דאָ אַ גרויסע סכנה פון פאַרגליווערונג אין דעם אָננע־ מען פון די אַלע מצוות, מנהגים, סיגים און סיגי־לסיגים. דערפאַר, באַ־ הויפּטעט מאָריס סעמועל, האָב איך אַממיינסטן אָנגעוויזן אויף דעם גייסט און די געשיכטע פון וווקס אין יידישן קהלישן לעבן, וואָס איך האָב גע־ קענט אין מיין יוגנט און אויך פון די יידן מיט וועלכע איך בין שפּעטער געקומען אין באַרירונג. נישט די מצוות און די סימבאָלן זעלבסט מאַכן די יידן פאַר אַן אייגנאַרטיק פאָלק און אַנדערש פון אַלע פעלקער פון דער וועלט, נאָר דער גייסטיקער אינהאַלט פון די אַלע געבאָטן און אָנזאָגונגען פון די מצוות און די סיגים.

ג.

## ישראלי און ייד

דער ציוניזם און די יידישע מדינה ווערן אויפגענומען גאַנץ פאַרשידן פון די באַזונדערע שיכטן פון יידישן פאָלק, זאָגט מאָריס סעמועל. פאַראַן אַ סך אַסימילאַטאָרן, וואָס זענען מיט האַרץ און נשמה פאַר מדינת־ישראל. זיי האַלטן אַז מדינת־ישראל וועט העלפן דער אַסימילאַציע מיט דעם, וואָס זי וועט נאָרמאַליזירן דאָס יידישע פאָלק.

פאַר די אַסימילאַטאָרן האָט מדינת־ישראל אַ טאָפּלטן ווערט: אַ פּראָ־ פּאַגאַנדע מיטל און אַ טעראַפּעווטישער מיטל — הייל־מיטל.

פּראָפּאַגאַנדע: ווען די אַנטיסעמיטן וועלן טענות האָבן צו יידן פאַרוואָס זיי פּאַקן אָן די קאָלעדזשעס, נעמען זיך צו גרינגע פּרנסות און זענען פּאַציפיסטן וועלן די יידן קענען אָנווייזן, אַז דאָרט אין מדינת־ישראל זענען פאַראַן יידן, וואָס באַאַרבעטן ערד, זענען אַרבעטער אין פאַבריקן, טוען שוואַרצע אַרבעט, אויך פירן זיי מלחמה און זענען בכלל אַ נאָרמאַל פאָלק ווי אַלע פעלקער.

אַ הייל־מיטל: יידן אין די תפוצות וועלן אַראָפּנעמען אַ מוסר־השכל פון די יידן אין מדינת־ישראל און זיי נאָכמאַכן — זיי וועלן זיך נעמען צו פּראָסטע און שווערע אַרבעטן און צו מער נאָרמאַלע באַשעפטיקונגען.

אָט די צוויי זאַכן, מיינען די אַסימילאַטאָרן, וועלן ווירקן אַז מען זאָל אָנהייבן יידן ווייניקער און ווייניקער פיינט צו האָבן און זיי וועלן האָבן די מעגלעכקייט צו אַסימילירן זיך. ווייל ס׳איז ווייניק וואָס יידן ווילן

זיך איצט אַסימילירן — מען דאַרף זיי פּריִער לאָזן זיך אַסימילירן. וואָס מערער די ייִדן וועלן זיך אַסימילירן, אַלץ שוואַכער וועלן זיי זיין פאַר־בונדן מיט מדינת־ישראל — — — עס וועלן ווערן אויס ייִדן אין די תפוצות.

ייִדן וועלן ווערן אויך אויס ייִדן אין מדינת־ישראל. זיי וועלן זיך נאָר־מאַליזירן. און ווי זיי האָבן באַוויזן דער וועלט אַז זיי קענען פירן מלחמה ווי אַלע אַנדערע פעלקער, אַזוי וועלן זיי באַווייזן, אַז אין אַנדערע ענינים שיידן זיי זיך נישט אָפּ פון אַנדערע פעלקער. סוף־כל־סוף וועלן ייִדן איינשטעלן אַ פאָלקס־לעבן ווי אין אַלע דעמאָקראַטיעס און — — — אויס ייִדן. ס׳וועלן מער נישט זיין קיין ייִדן נישט אין די תפוצות און נישט אין מדינת־ישראל — טאָטאַלע אַסימילאַציע.

מאָריס סעמועל פּטרט אָפּ אָט די ציוניסטן איינס און צוויי. ערשטנס וועט צוליב ארץ־ישראל נישט פאַרקלענערט ווערן דער אַנטיסעמיטיזם. די שונאי־ישראל וועלן נישט קוקן אַהין וווּהין די ייִדן ווייזן אָן מיטן פינגער און אַראָפּנעמען אַ מוסר־השכל. און צווייטנס וועלן די ייִדן אין די תפוצות זיך נישט ענדערן צוליב מדינת־ישראל. ס׳איז איין זאַך ווען אַ מענטש רייסט איבער מיטן עבר און גייט אַוועק אין אַן אַנדער לאַנד איבערצובויען זיין לעבן און ס׳איז עפּעס גאָר אַן אַנדער זאַך ווען איינער בלייבט אויפן אָרט, איינגעוואָרצלט, געפּאַנגען פון געוווינהייטן און סביבה.

אָבער אָט די שיטה פון ציוניזם איז גאַנץ שטאַרק פאַרשפּרייט האָלט דער מחבר, איבערהויפּט צווישן די, וואָס האָבן זיך „געוווּנטשן אַזאַ צו־שטאַנד״, וואָס וואָלטן געוואָלט אַז ענלעכס זאָל געשען.

דאָס איז אייין מין ציוניסט. פאַראַן אַן אַנדער מין ציוניסט. ער האַלט אַז ייִדן וועלן נישט אונטערגיין בלויז אין מדינת־ישראל. דער ייִדישער שטאַט קען נישט ווערן ווי אַלע אַנדערע שטאַטן. עפּעס פון אַמאָליקער ייִדישקייט וועט צוריק אויפגעלעבט ווערן. הייַנטיקע מדינת־ישראל וועט נאָך מיט דער צייט קאָנקורירן מיט אַמאָליקער יהודה. מיט וואָס וועט די ייִדישע מדינה זיין אַנדערש? אַ סך מיינען אין ריטואַליסטישן זין, אַנדערע מיינען אין סאָציאַלן געבוי, אַנדערע מיינען — בכלל גייסטיק אַנדערש. אָט די האָפענונגען גייען פונדעסטוועגן צוזאַמען מיט דעם באַטאָנען פון נאָרמאַליטעט — אַ שטאַט ווי ביי אַלע פעלקער, מיט די אַלע צאַצקעס מיט וועלכע ייִדן האָבן זיך שוין אַזוי לאַנג נישט געשפּילט און נאָך וואָס זיי

בענקען אַזוי שטאַרק. זיכער זענען אָבער די דאָזיקע ציוניסטן, אַז ייִדן אין די תּפוצות וועלן אונטערגיין.

דער מחבר ברענגט אַרויס, אַז די פּאַרלייקענער פון גלות, די שוללי־הגלות, זענען נישט קיין נייס ביי ייִדן. פון חורבן־בית־שני אָן זענען געווען ייִדן, וואָס האָבן געהאַלטן גלות פאַר אַ שרעק, פאַר אַן אומגליק. מאָריס סעמועל מיינט אַז גלות איז נישט געווען בלויז אַן אומגליק און אַ שרעק. צופיל שאַפונגס־גייסט האָט דער גלות אַרויסגעוויזן כדי פאַררעכנט צו ווערן בלויז ווי אַ קאַשמאַר. נאָך מער דער ציוניסט, וואָס וויל אַז מדינת־ישראל זאָל זיין אינגאַנצן נאָרמאַל, וואָס עס מיינט אַ רעגולירטע און סטאַנדאַרטיזירטע נאַציע נאַציע ווי אַלע נאַציעס — זאָל אַפילו זיין ווי אַ ברי־ליאַנטענער מוסטער — אָט דער ציוניסט וועט מוזן אויך פאַרגעסן אַלץ אין ייִדישער געשיכטע, וואָס איז אַזוי אויסערגעוויינלעך אויפן גרענעץ פון קאַפּריז־אומזין. ער וועט אויך מוזן פאַרגעסן די גייסטיקע ייִדישע שאַ־פונגען פון גלות, ווייל דער גלות שליסט אויס דעם באַגריף פון אַ סטאַנ־דאַרטיזירטע נאַציע, האַלט עס ווי אַ געצנדינערשע אינסטיטוציע. אויך איגנאָרירט דער גלות דעם געדאַנק פון ספּאָרט און קאָנקורענץ־באַגריף פון לעבן. וויכטיקער נאָך, ער וועט מוזן פאַרגעסן דעם תּנ״ך. אמת, דאָס וועט ער נישט קענען טון מיט אַ גרינג האַרץ. דער תּנ״ך האָט דאָך אַזאַ גוואַלדיקן פּרעסטיזש. נו, וועט ער עס מאַכן פאַר אַן ענין בלויז אויף שבתים. אין דעם הינזיכט וועט ער ווערן אַ טייל פון אַ סטאַנדאַרטיזירטער נאַציע.

פאַראַן אָבער ייִדישע ציוניסטן. אָט די דאָזיקע ציוניסטן האָבן גע־וואָלט אַ ייִדישע מדינה צוליב דריי טעמים: ערשטנס, דאָס בענקען נאָך דער פיזישער זיכערקייט אין אַ ייִדישער היים. צווייטנס, דאָס בענקען נאָך פּאָליטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, טיילווייז צוליב זיכערקייט; און איבער־הויפּט צוליב דעם דריטן מאָטיוו — זיי האָבן געבענקט נאָך זעלבסט־חשיבות, וואָס קומט פון אויפפירן זיך לויטן ייִדישן דרך.

אָבער דער אמתער טעם, דער עיקר פאַרוואָס זיי האָבן געוואָלט אַ ייִדישע מדינה איז צוליב דעם פאַרלאַנג צו בלייבן ייִדן. צוריק אָנצו־הייבן צו פונקציאָנירן ווי אַ נאַציע, אָדער אַפילו זעלבסט־פאַרוואַלטונג, ביידע זענען געווען בלויז טפל־זאַכן, סענטימענטן. אַפילו זעלבסט־זיכער־קייט אָפּגעטיילט פון ייִדישקייט האָט נישט געלאָקט די ייִדישע מאַסן. וואָלטן די ייִדן געוואָלט בלויז זיכערקייט וואָלטן זיי אָנגענומען אוגאַנדע. נישט

הערצלס „ייִדישע נויט״ איז געווען די טרייב־קראַפט פון ציוניזם נאָר ייִדישער ווילן, דער פאַרלאַנג צו בלייבן ייִדן איז געווען די טרייב־קראַפט.

אמת, ייִדן האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער מאָדערנער דעסאינטעגראַציע, צעפאַלונג, פון ייִדישקייט. קאָמפּאַקטע ייִדישע מאַסן, וואָס ריידן אַן אייגן לשון, וואָס ווערן ווייניק באַרירט פון דער דרויסנדיקער וועלט, עקזיסטירן מער נישט און קענען נישט צוריק געשאַפן ווערן. די ייִדישע ייִדן האָבן זיך דערשראָקן פאַרן קיום פון פאָלק. אָבער ציוניזם איז אויפגעקומען און אַקטיוויזירט געוואָרן נאָר טיילווייז צוליב דער נייער סכנה. דער צוועק פון אַ ייִדישער היימלאַנד איז נישט געווען בלויז צוליב אַרויסראַטעווען די היימלאָזע און די פאַרפאָלגטע; אויך האָט ציוניזם קיינמאָל נישט באַצוועקט אַרויסצונעמען אַלע ייִדן פון גלות — קיבוץ־גלויות. און אַוודאי און אַוודאי האָט ציוניזם קיינמאָל נישט פאָרגעשלאָגן צו איבערלאָזן די קהילות פון די תפוצות צו זייער אייגענעם גורל. די ייִדישע היימלאַנד איז „געפּלאַנעוועט״ געוואָרן פון וועלט־ייִדנטום אויפצוהאַלטן די וועלט־ייִדישקייט.

דובנאָווס אויטאָנאָמיזם האָט געוואָלט באַזאָרגן דאָס אויפהאַלטן פון וועלט־ייִדישקייט אָן לאַנד. ער האָט אָבער אונטערגעשאַצט דעם כוח פון נייעם נאַציאָנאַליזם אין אייראָפּע, וואָס האָט נישט געהאַלטן וואָרט מיט זיינע צוזאָגעכצן. ווען אַפילו די פעלקער פון אייראָפּע וואָלטן געהאַלטן וואָרט וואָלט עס נישט געהאָלפן, ווייל די נייע צייט פאָדערט, און קען דורכפירן, נאַציאָנאַלן קאָנפאָרמיזם.

ציוניזם האָט אַקטיוויזירט ייִדן און ייִדישקייט. גערעכט איז געווען זאַנגוויל (אַפילו ער האָט עס נישט געמיינט לשבח), ציוניזם האָט געוואָלט אונטערגראָבן ייִדישקייט אין גלות, און באמת עס אויפגעלעבט.

אַוודאי האָט דער היטלער־עפּיזאָד געהאַט אַ ווירקונג אויף דער רע־אַליזירונג פון ציוניזם. אָבער די גרינדער און שאַפער פון אַ מדינה זענען געווען די חלוצים, די שאַפער פון קיבוץ. זיי האָבן קאָנקרעטיזירט די ייִדישע פילאָסאָפיע פון קאָאָפּעראַציע אין קעגנזאַץ פון דער נישט־ייִדי־שער ספּאָרט־קאָנקורענץ פילאָסאָפיע, מיט דעם וואָס זיי האָבן געשאַפן די קיבוצים.

די חלוצים, ווי די אמתע ייִדישע ציוניסטן, האָבן געמוזט אָננעמען העברעאיש ווי די נאַציאָנאַלע שפּראַך, דאָס איז געווען אַ דערנענטערונג צום תנ״ך. די תנ״כישע פיקסאַציע, פעסטזעצונג, פון אַ נישט שטרייט־

לוסטיקן לעבן, וואָס האָט אויסגעפּורעמט דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט געפאָ־
דערט ארץ־ישראל און העברעאיש.

עס זענען געווען דרייערליי ייִדן אין דער צייט פֿון אויפֿקום פֿון ציוי־
ניזם: א) אַסימילאַטאָרן, צווייערליי. די וואָס האָבן געהאַט אַן אָבסעסיע,
אַ פלאָגעניש־געפיל, צו ווערן אויס ייִדן, זיי האָבן געשאַפן אַ גאַנצע פי־
לאָסאָפיע וועגן דעם ענין. ב) האַלבע אַסימילאַטאָרן מיט טיילווייז אַ ייִדישן
סאָציאַלן אידעאַל. אָט די זענען דאָס געווען פאַראינטערעסירט אין סאָציאַ־
לער טראַנספאָרמאַציע דורך רעוואָלוציע אָדער עוואָלוציע. צווישן זיי
זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט פערפעטואירן, פאַראייביקן
ייִדישע אידענטיטעט. געווען אַנדערע וואָס זיי האָט נישט געאַרט אַז ייִדן
זאָלן אונטערגיין. געווען אַזעלכע וואָס האָבן געהאַלטן אַז דאגהנען וועגן
אַ ייִדישער אידענטיטעט איז קאָנטער־רעוואָלוציע. צווישן זיי זענען געווען
אַזעלכע וואָס האָבן געזוכט אַ נישט ארץ־ישראלדיקע טעריטאָריע, אויך
גלות־נאַציאָנאַליסטן, וואָס מען קען זיי נישט אָנרופן אַסימילאַטאָרן, אָבער
פּראַקטיש האָט דער נישט־ציוניסטישער גלות מער נישט געקענט אויפֿ־
האַלטן דאָס ייִדישע פאָלקסלעבן. דאָס מיינט סוף־כל־סוף אַסימילאַציע.
ג) ייִדישע ייִדן. צווישן זיי זענען געווען די פרומע, וואָס האָבן זיך גע־
שטעלט קעגן ציוניזם, וואָס אין תוך זענען זיי געווען אַסימילאַטאָרן. זייער
פרומקייט איז אָפט געווען אַ פאַרשטיינערטע.

צווישן די ציוניסטן זענען נישט אַלע געווען ייִדישע ייִדן. די ציוניסטן,
וואָס האָבן געהאַלטן אַז אַ ייִדישער שטאַט דאַרף זיין ווי אַלע שטאַטן זענען
געווען אין תוך אַסימילאַטאָרן. ייִדישער נאַציאָנאַליזם איז געווען ייִדיש
מיט דעם וואָס איז געווען אַ פאָרזעצונג, אַ המשך פון דער נביאישער
אויסטייטשונג. אַ טיף דורכגעדרונגענע מאָראַלישע שטרעבונג, וואָס האָט
לכתחילה געאַרבעט צו שאַפן אַ ייִדישע היים, געשאַפן אייגענע פאָרמעס
נאָך איידער דער כאַראַקטער פון דעם שטאַט האָט זיך אויסגעפורעמט פון
פאַגאַניסטישן נאַציאָנאַליזם. אָט די נביאישע אויסטייטשונג איז געווען
פאַרבונדן מיט חלוציזם, וואָס איז ביז איצט די שענסטע פאַרקערפּערונג
פון ציוניזם.

זאָגט דער מחבר: אין אַ נישט גאַנץ פּינקטלעכער אַנאַלאָגיע — מען
קען פאַרגלייכן די איצטיקע ציוניסטישע צעטיילונג צו דער ביבלישער
קלאַסיפיקאַציע וואָס איך האָב פריִער דערמאָנט. די מזרחים — די כוהנים־
קאַסטע, וואָס האָט אָפּגעהיט דעם רעליגיעזן ריטואַל. די אַלגעמיינע ציוי־

ניסטן — די חכמים־פילאָסאָפן, וואָס גוטסקייט, יושר און עטיק איז אוטי־ליטאַריש. די אַרבעטער־ציוניסטן — דער נביאישער באַנעם פון ייִדישקייט.

די חלוצים האָבן אַלץ צום ערשט געוואָלט אַ ייִדיש לעבן. זיי האָבן געוואָלט מאַקסימום קאָאָפּעראַציע אין זייער טאָג־טעגלעך לעבן. זיי האָבן געוואָלט ארץ־ישראל און העברעאיש. וואָס פאַר אַ פאָרם פון אַ רעגירונג עס וועט זיי געגעבן ווערן וועט זיין גוט גענוג פאַר זיי: אַ קאָלאָניע, אַ בריטישער דאָמיניאָן, אַ פּראָווינץ — אַלץ איז רעכט. דער מאָראַלישער אינהאַלט איז געווען ביי זיי דער עיקר. די פּאַגאַניסטישע ליידנשאַפט פון שטאַטיזם, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַ סך ייִדן, די משוגענע נישט־ייִדישע בענקשאַפט פאַר דעם אויפציטער פון שטאַט זענען געווען אינגאַנצן פרעמד די חלוצים.

די חלוצים, ווי די נביאים, האָבן צוגעגעבן די נויטווענדיקייט פון אַ וועלט אָרגאַניזירט אין פעלקער. ווי די נביאים האָבן זיי זיך נישט אָפּ־געקערט און פאַרלייקנט די נויטווענדיקייט פון דעם מוז. זיי האָבן נישט איבערגעלאָזן נאַציע צו פּאַגאַניזם. זיי האָבן זי אַקצעפּטירט, געהייליקט און צוגעגעבן צו איר די הומאַניסטישע אויסטייטשונג.

דער היטלער־עפּיזאָד האָט אָבער געהאַט אַ שעדלעכע ווירקונג אויפן ציוניזם, ווייל ער האָט אים געגעבן אַסימילאַטאָרישע און פּאַגאַניסטישע טענדענציעס — ער האָט אַריינגעבראַכט אין ציוניזם דעם טעריטאָריאַליס־טישן עלעמענט. די אַלע עקסטרעמע גרופּעס זענען עס דער פּועל־יוצא פון דעם. אין די לעצטע צען יאָר, איידער דאָס אויפקומען פון מדינת־ישראל, ווען אַ מלוכה וואָלט געקומען און אָנגעבאָטן אַן אוגאַנדע צו ייִדן וואָלטן עס אָט די ציוניסטן אָנגענומען. דעמאָלט וואָלט ציוניזם געוואָרן אינגאַנצן אַסימילאַטאָריש. דער מחבר גלייבט אָבער אַז ציוניזם וועט איבערקומען דעם צוריקשטויס, די רעגרעסיע, וואָס ציוניזם האָט געקריגן צוליב דעם היטלעריזם.

ווייטגייענדיקע און ווייטדערגרייכנדיקע פּראָבלעמען זענען אויפגעגע־קומען פאַר ייִדן אומעטום, זאָגט דער מחבר. מען טאָר זיי נישט איגנאָרירן און זאָגן, אַז זיי וועלן ווי עס איז פאַרענטפערט ווערן פון זיך אַליין. אַ ציל־באַוווּסטע שטעלונג איז אַ גרויסער כוח. ער מוז קולטיווירט ווערן, ער קען גאָר אַ סך באַווירקן די געשעענישן.

מאָריס סעמועל גלייבט אַז עס דאַרף זיין אַזאַ זאַך ווי אַ ייִדישע שטע־לונג צו ייִדישע פּראָבלעמען; די ייִדישע שטעלונג מיינט ער דאַרף פאַר־

שטאַנען ווערן ווי דאָס געפיל פון ייִדישער איינִיקייט אין צייט, רוים און גורל. אָט למשל אין דער פראַגע פון באַציאונג צווישן קריסטן און ייִדן. מיר טאָרן נישט איגנאָרירן דעם פאַקט אַז עס איז דאָ אַן אונטערשייד חוץ דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן פאַקטאָר. דאָס פּראָבלעם קען פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ברכה אויב ייִדן און קריסטן וועלן באַנעמען אַז ייִדישקייט און קריסטנטום זענען טאַקע אַ רעאַליטעט, נישט קיין אילוזאָרישע בייזאַך פון אַ רעאַליטעט.

מיר טאָרן נישט ריידן וועגן מדינת־ישראל און די תפוצות ווי „זיי״ און „מיר״. מיר דאַרפן אַרומנעמען אין אונדזערע דיסקוסיעס דאָס ייִדישע פאָלק ווי עפּעס גאַנצעס. מיר דאַרפן זאָרגן פאַר די גרעסטע מעגלעכקייט פון ייִדישן גייסט און זיין וויכטיקייט. אויב נייטיק, דאַרפן מיר פאַרבייגן אַנדערע לאָקאַלע אינטערעסן.

מיר דאַרפן שאַפן אַ גלייכגעוויכט. מיר דאַרפן באַנעמען און פאַרשטיין, אַז דער אומגליק היטלער איז געווען אַן איינמאָליקע מגפה. די ייִדישע תפוצות וועלן נאָך לאַנג לעבן. אָבער מיר דאַרפן אויך פאַרשטיין אַז דאָ און דאָרט וועלן אויפקומען אַזעלכע אומשטענדן אַז ייִדן וועלן מוזן עמיגרירן צוליב שנאה. דער ייִדישער שטאַט מוז זיין גרייט אויפצונעמען די פּליטים. אָבער צוגרייטן אַ ייִדישן שטאַט, וואָס זאָל זיין אַזוי שטאַרק און גרויס אַז ער זאָל קענען אַריינגעמען אַלע ייִדן איז זינלאָז. אַפילו אַמע־ריקע קען זיך נישט פאַרזאָרגן קעגן אַלע אומגליקן וואָס קענען טרעפן אין דער וועלט.

וואָס פאַר אַ גלייכגעוויכט דאַרף געשאַפן ווערן צווישן מדינת־ישראל און די תפוצות? די פראַגע קען נישט פאַרענטפערט ווערן מיט שוץ און זיכערקייט־מדרגות: ווען איז שוין דער שטאַט פאַרזיכערט פון שונאים? ווען איז ער שוין באַשיצט קעגן פורעניותן? אָדער פון אַן אַנדער שטאַנד־פּונקט: ווען האָט שוין דער שטאַט דערפילט זיין ציוניסטישע פונקציע אַזוי אַז מיטן אַלגעמיינעם ייִדנטום האָט ער שוין פאַרזאָרגט די אייביקייט פון ייִדישקייט? דיווירקזאַמקייט פון ייִדישן שטאַט אין די הינזיכטן ווענדט זיך אָן דער אַלגעמיינער ייִדישקייט פון וועלט־ייִדנטום.

פאַר איצט איז קלאָר אַז מדינת־ישראל איז נאָך נישט עטאַבלירט פיזיש און גייסטיק. פיזיש מוז זי האָבן הילף פון דרויסן צו העלפן איר טראָגן דעם לאַסט פון אימיגראַציע. גייסטיק — זי ווערט פאַרפלייצט ביי אַ גרויסן צופלוס פון ייִדן וואָס ווילן דעייִדיזירן ייִדישקייט, מאַכן ייִדיש־

קייט אויס ייִדיש. נישט נאָר די שונאי־ישראל האָבן פּאָרויסגעזאָגט, אַז אין אַ צענדליק יאָר וועט מדינת־ישראל ווערן אויס ייִדיש, נאָר די בייזע און שרעקלעכע נבואה האָבן געמאַכט אויך אָנהענגער פון ייִדישקייט.

ייִדן פון די תפוצות מעגן זיך מישן אין די אינערלעכע ענינים פון מדינת־ישראל. אָדער מיר הערן אויף העלפן מדינת־ישראל אָדער מיר גיבן צו אַז די הילף מיינט אַ שטילער שותפות אין זייער פּאָליטיק און טאַקטיק.

די פראַגע פון אַמעריקאַנער חלוציזם דאַרף נישט פאַרשטאַנען ווערן צי מען האָט אַ רעכט צו מאַכן אַזאַ אַפּיל, אָדער צי אַמעריקאַנער ייִדן האָבן אַ רעכט צו עמיגרירן אַהין. אַוודאי מעג מען בײדע זאַכן טון, עס זענען שוין געווען אַזעלכע פאַלן אין אַמעריקאַנער געשיכטע. אָבער מיטן תמצית פון ציוניזם האָט עס נישט וואָס צו טון; ווייל אָדער ישראל איז נישט קיין שטאַט ווי אַלע שטאַטן, און אויב יאָ איז עס אַ שאַפונג פון אַ טרויעריקן צוגאָב (דעם טרויעריקסטן, ווייל ער האָט אַזוי פיל פּרעטענ־דירט) צו דער לאַנגער ליסטע פון זעלבסט־צענטרישע, קאָנקורירנדיקע לענדער, אָן אַ וויזיע פון אַ נייעם נאַציאָנאַליזם, וואָס זאָל זיך ווידמען צו דער דערלייזונג פון דער מענטשהייט. ס׳איז פאַרשטענדלעך אַז אויך אויף אַזאַ הייך האָט ישראל אַ רעכט צו עקזיסטירן ווי אַלע אַנדערע קליינע שטאַטן. אָבער מיט וואָס קען ער צוציִען די ייִדישע יוגנט אָדער אויפ־וועקן ספּעציעלע אַמעריקאַנער סימפּאַטיע? אַ מדינת־ישראל וואָס ווערט מער נישט באַרירט מיט דעם ייִדיש־ציוניסטישן אידעאַל, אַ מדינת־ישראל וואָס רעדט בלויז נאַציאָנאַליזם און איז נישט מער פאַרבונדן מיט וועלט־דערלייזונג־אידעאַל פון ייִדישקייט איז אַ צוריקטריט נישט קיין פאָר־שריט, אַ מינוס אין די וועלט־דערלייזערישע כוחות, נישט קיין צוגאָב צו זיי.

חלוציזם איז געווען אַ גייסטיקע דערשיינונג. די חלוצים זענען אַוועק קיין ארץ־ישראל איידער היטלער האָט געגעבן אַזאַ שרעקלעכן קלאַפּ דעם ייִדישן גייסט. אַמעריקאַנער ציוניזם איז באַאַרבעט מיטן בפירושן נאַציאָ־נאַליזם, דערפאַר טראַכט ער נישט פון חלוציזם. אמתער חלוציזם קען נישט אויסוואַקסן פון נאַציאָנאַליזם־פּראָפּאַגאַנדע. בלויז אַ נאַציאָנאַליס־טישע פאַרבינדונג צווישן אַמעריקאַנער ייִדן און מדינת־ישראל קען אפשר טאָלערירט ווערן פון אַמעריקאַנער ליבעראַלן, אָבער די אינספּיראַציע פון אַ העכערן צוועק און אַן אייגנאַרטיקע פאָרם קען עס נישט שאַפן.

דאָס ייִדישע פאָלק איז אַ נאַציאָנאַלער אָרגאַניזם געהייליקט צום שאַפן פון אַ נישט־קאָנקורירנדיקן נאַציאָנאַליזם. אויף אַזוי פיל איז עס ייִדיש. ווען עס פאַרלאָזט דעם נביאישן וועלטקוק און נאָר דער נביאישער נאַציאָנאַליזם ווערט מעגלעך, דעמאָלט איז עס אַ סטאַנדאַריזירטע נאַציע, נישט קיין ייִדישע און נישט קיין קריסטלעכע.

די ייִדן האָבן אַלעמאָל פאַרנומען אַן אייגנאַרטיקע פּאָזיציע אין דער וועלט און וועלן עס נאָך לאַנג פאַרנעמען. ביז איצט איז די אייגנאַרטיקע פּאָזיציע געווען באַזירט אויף מיספאַרשטענדעניש. די וועלט אָבער וועט און קען נישט פאַרגעסן, אַז דער יסוד פון דער מאָראַלישער אויפפאַסונג, אין דער מערב־וועלט, איז געלייגט געוואָרן פון ייִדן. זי קען און דאַרף פאַרשטיין: די אייגנאַרטיקע הומאַניטעט, וואָס ייִדישקייט רעפּרעזענטירט, איז נישט געוואָרן איבעריק צוליב דעם אויפקום פון קריסטנטום. זאָל מען ייִדן נישט אויפוואַרפן, אַז זיי ווילן ספּעציעלע פּריווילעגיעס. גאָט ווייסט אַז פון דעם עולם־הזהדיקן שטאַנדפּונקט איז שוין גאָרנישט קיין פּריווילעגיע צו פאַרנעמען אַן אייגנאַרטיקן אָרט אין דער וועלט. אונטער די בעסטע אומשטענדן וועט עס זיין אַ שווערער און אַ באַלאַסטיקטער יאָך.

דער דערפאָלג פון ציוניזם האָט געבראַכט צו אַ ירידה. ציוניזם איז אַריין אין דער מאָדע. עס האָט אָנגענומען די פאָרמע פון דעם גראָבסטן נאַציאָנאַליזם. אַ סך פון אונדזערע שוועריקייטן קען מען באַצייכענען מיט דעם „קעפּל“: „דער פאַראַליז פון דערגרייכונג, פון דערפאָלג“. כל־זמן מיר האָבן געדאַרפט בייקומען די חסרונות פון גלות האָבן מיר זיך געקענט גרויסן מיט יעדער נאָרמאַליזירונג. אָבער ווייטער אָנגיין מיט אַפּלאָדירן דעם חולה, וואָס ווערט צוריק נאָרמאַל, מיינט מאַכן אַן אינוואַליד פון דעם קראַנקן. ס׳איז שוין גענוג צו באַטאָנען און זיך גרויסן, אַז ייִדן האָבן אַן אַרמיי, אַ פּאַרלאַמענט, פּאַרטייען, פּראַקציעס און קאָקוסן. נישט צוליב דעם האָט דאָס ייִדישע פאָלק איבערגעלעבט אַלע צרות. דער איבערוועלטיקער עלעמענט אין איצטיקן שיבת־ציון איז געווען צו בלייבן ייִדיש. ווי די חסידים אין די חשמונאים־צייטן האָבן געקעמפט פאַר מיני־מאַלע מעגלעכקייטן, אַז זיי זאָל זיין דערלויבט צו ממשיך זיין זייערע גייס־טיקע זוכענישן, אַזוי האָבן אויך די ייִדישע ציוניסטן אין ארץ־ישראל געזוכט די מעגלעכקייט צו פּערפּעטואירן, מאַכן מעגלעך פאַר אַלעמאָל, די זעלביקע זוכעניש. פּאָליטישע זעלבסט־דעטערמינאַציע ווי אַ צוועק, די

סטאַנדאַרייזירטע נאַציאָנאַלע פונקציעס ווי אַן אידעאַל, זענען אַלעמאָל געווען אוממאָראַלישע באַגריפן.

פון דעם פּאַראַליז מוזן ייִדישקייט און ציוניזם געראַטעוועט ווערן דורך רעאַקטיוויזאַציע. און אפשר איז דער מעטאַפאָר נישט קיין ריכטי־קער. מיר האָבן דאָ צו טון נישט מיט קיין פּאַראַליז, נאָר מיט אַ פּראָגראַם פון דעיִדיזירונג — ווערן אויס ייִדן. אין דעם פאַל איז בעסער צו נוצן דאָס וואָרט תשובה.

צום סוף, זאָגט דער מחבר, מוז ער צוזאַמענוועבן די דריי פּעדעם פון זיין טעזע: דער פּאַגאַניסט, דער ייִד און דער ישראלי. ער מוז ווידער ריידן וועגן דעם קאָנקורירנדיקן פּרינציפּ אָדער מאַכט־פּרינציפּ אין דעם יחיד און אין דער נאַציע און פון נביאישן פּרינציפּ פון קאָאָפּעראַציע אין דעם יחיד און אין דער נאַציע; און דעם ייִדנס אָננעמען דעם נביאישן פּרינציפּ ווי אַ נאַציאָנאַלן פּרינציפּ און דרך; אָדער בעסער אַ נאַציאָנאַלן זין.

די שטרעבונג צו מאַכט, ווי שוין פריִער געזאָגט, האָט נישט קיין צוועק און קיין זין, ס'איז נישט ראַטזאַם אָדער קלוג און עס העלפט נישט אין קאַמף פאַר עקסיסטענץ און עס העלפט גאָרנישט נישט אַרויסצוקריגן מער פון לעבן. פאַרקערט, ס'איז שעדלעך און צעשטערנדיק. ס'איז געווען אַ צייט ווען קאַמף האָט געהאַט אַ זין, אין דער פריערסטער צייט פון מענטשלעכער געשיכטע, אָבער נישט איצט. אין אונדזער צייט זענען מיר געקומען צו אַזאַ מדרגה פון קאָנטראָלירן די נאַטור, אַז אָנגיין מיטן געראַנגל צווישן גרופּן מיינט אונטערגאַנג פון דער מענטשהייט.

די שטרעבונג צו מאַכט איז אַ פאַטאַלער איבערבלייב פון די ווילדע צייטן, איצט איז די צייט פון קאָאָפּעראַציע.

ווי אַזוי קענען מיר דערגרייכן די קאָאָפּעראַציע? סטראַשען און דראָען דער מענטשהייט, אַז אויב די פעלקער וועלן נישט קאָאָפּערירן וועלן זיי אונטערגיין? דאָס וועט נישט העלפן. מענטשן הערן אויס די דראָאונגען און גייען ווייטער אָן מיט זייערע נאַרישקייטן. אַפּעלירן צו דער מענטשלעכער איינזעעניש און פּראַקטישקייט וועט אויך נישט העלפן. ס'איז פאַראַן נאָר איין וועג — דער וועג וואָס די נביאים האָבן אָנגענו־מען. דאָס איז — פאַרלייקענען דעם פּרינציפּ פון שטרעבן צו מאַכט בלויז ביים יחיד איז נוצלאָז, סיידן מען זאָל עס פאַרברייטערן צו דער נאַציע. די נאַציע טאָר נישט שטרעבן צו מאַכט און די נאַציע מוז זיין מאָראַליש.

אויב די נאַציע איז נישט מאָראַליש איז אוממעגלעך פאַרן יחיד צו זיין מאָראַליש.

די נביאים האָבן אַוועקגעלייגט אַ מאָראַלישן געבאָט אויף ביידן, אויף דעם יחיד און אויף דער נאַציע. בעסער געזאָגט: דאָס פאָלק וואָס האָט געשאַפן נבואה האָט געשטרעבט עס אַרויפצולייגן ווי אַ חוב אויף זיך אַליין. דאָס פאָלק האָט געשטרעבט און איז דורכגעפאַלן; זיך נישט אונטערגעגעבן, ווידער געשטרעבט און ווידער דורכגעפאַלן און איז אָנ־געגאַנגען מיט זיין שטרעבונג וויסנדיק אַז דאָס איז די איינציקע לייזונג.

די ייִדן, ווי אַ פאָלק, זענען געוואָרן אין משך פון זייער געשיכטע די נישט־שלימותדיקע, אומפערפעקטע, פאַרקערפּערונג פון דער באַפרייאונג פון דעם מעכאַנישן ציקל פון דער נאַטור; פאַר הונדערטער יאָרן אויפן אייגענעם לאַנד און פאַר אַ סך לענגערער צייט אין גלות. עס האָט זיך געראַנגלט מיט זיין גורל, רעאַליזירט זיין אידעאַל טיילווייז, צייטנווייז — אָבער אַלעמאָל מיט אַ מאָדנער פאַרביסענער עקשנות.

איצט, אין אונדזער צייט, האָט דאָס פאָלק געמאַכט אַ פּרווו צו שאַפן אין לאַנד פון זיין אָריגינאַלער זעלבסט־רעאַליזאַציע אַ פאָרמע פון לעבן, וואָס וועט קאָנקרעטיזירן זיין מאָראַלישן גורל. אפשר וועט די איצטיקע פאָרמע זיין מער דערפאָלגרייך, אפשר וועט דעם ייִדישן פאָלק איצט בע־סער געלינגען צו רייניקן זיין מאָראַלישן גורל פון אומפערפעקציע און וועט קלאָרער מאַכן זיין שליחות.

אמת, עס איז נישט אומפאַרמיידלעך אַז אַזוי זאָל עס געשען. ס'איז נישט אומפאַרמיידלעך, אַז דעם מענטשן בכלל זאָל געלינגען צו באַפרייען דאָס לעבן פון זיין קנעכטשאַפט. אָבער קלאָר איז, אַז דער וועג פון באַ־פרייאונג ליגט אין דער ריכטונג, וואָס די נביאים האָבן אָנגעוויזן. אויב דאָס ייִדישע פאָלק וועט איבערקומען זיינע דרויסנדיקע סכנות, וואָס רינ־גלען אים אַרום, און די אינערלעכע קאָרופּציע און פאַרדאָרבנקייט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין זיין איבערשאַפונג־פּרווו — וועלן די ייִדן דערגרייכן זייער צוועק, וואָס זיי האָבן זיך געשטעלט מיט טויזנטער יאָרן צוריק.

## ד.

## ייִדישקייט אָן מצוות־מעשיות

ווי מען קען זען פון דעם קיצור, וואָס איך האָב געגעבן פון מאָריס סעמועלס בוך, האָט ער אויפגעבויט אַ טעאָריע וועגן ייִדישקייט, וואָס

קען, אין פלוג, געבן אַ זין און אַ באַרעכטיקונג פאַרן גלות, אַפילו פאַר ייִדן, וואָס זענען נישט קיין גרויסע מאמינים. אויך האָט ער אַוועקגע־שטעלט אַ ציל פאַר מדינת־ישראל, אָנגעצייכנט דעם וועג אויף וועלכן אַ ייִדישע מדינה דאַרף גיין, כדי צו דערגרייכן די שלימות, וואָס די נביאים האָבן געפאָדערט.

אָבער מיר דאַכט זיך, אַז אין מאָריס סעמועלס טעאָריע ליגט אַ גרויסע סכנה פאַרן קיום פון גלות און שטעלט אונטער אַ פראַגע צייכן די באַרעכטיקונג פון דער עקזיסטענץ פון מדינת־ישראל.

די געפאַר פאַר כנסת־ישראל ליגט אין מאָריס סעמועלס הויפּט־הנחות — מצוות־מעשיות זענען נישט מער ווי אַן אויסערלעכע שאָלעכץ און דער עיקר פון ייִדישקייט איז דער אַבסטראַקטער געדאַנק; ייִדן האַלטן נישט פון קאָנקורענץ, פון מאַכט צוליב מאַכט ווי די פּאַגאַניסטישע וועלט, נאָר פון קאָאָפּעראַציע, פון שלום. דערפאַר איז ייִדן פרעמד דער ספּאָרט, וואָס איז אַ פאָרמע פון קאָנקורענץ. אָט דער גייסטיקער באַגריף קעגן ספּאָרט־שפּיל־וועלט איז דער עיקר פון ייִדישקייט.

ער נעמט אָן כמעט דעם נישט־ייִדישן קוק אויף מצוות־מעשיות, נעמ־לעך, אַז עס איז נישט מער, ווי אויסערלעכע פאָרמעס, וואָס האָבן ווייניק וואָס צו טון מיט דעם אינערלעכן גייסט פון ייִדישקייט. ער פרעגט:

„וואָס האָט דאָס אַלץ צו טון מיט ייִדישקייט, ווי עס ווערט אין אַלגע־מיין פאַרשטאַנען, מיט דעם בית־מדרש און ימים־טובים, מיט תרי״ג־מצוות און שולחן־ערוך, מיט קדיש און יאָרצייט און יזכור־ליכט, מיט כשרות, מיט מילה, מיט תפילין, מזוזה, מיט דעם טלית, מיט מקווה, מיט תעניתים און מיט מצות אויף פסח?״ (ז׳ 204).

און ער ענטפערט, אַז עס האָט טאַקע נישט וואָס צו טון מיט דעם גייסט פון ייִדישקייט:

„די ריטואַלן און רעליגיעזע דאָגמעס פון די ייִדן מאַכן זיי נישט פאַר אַן אייגנאַרטיק פאָלק (פּעקוליאַר פּיפּל), סיידן אין דעם זין, וואָס אַלע פעלקער זענען אייגנאַרטיק, מאָדנע און אַנדערש. אָט אַזוי ווי עס איז מעגלעך פאַר אַ ייִדישע נאַציע צו באַוווינען ארץ־ישראל און נישט זיין ייִדיש, אַזוי איז מעגלעך פאַר אַ ייִדיש פאָלק אין גלות צו אָפּהיטן אַלע מצוות און גלויבן אין דאָגמעס פון ייִדישקייט און אויך נישט זיין קיין ייִדן״ (ז׳ 210).

ווייטער זאָגט ער:

„איך פיל זיך נישט אין דערהיים אין די פאָרמאַלע אמונות פון דער אָרטאָדאָקסישער ייִדישקייט; אָבער איך פיל זיך אין דערהיים אין איר

גייסט, וואָס איז מיט איר ערנסטער, נישט שפּילעוודיקער און נישט פּאַגאַ־
ניסטישער באַציאונג צום לעבן, דער זעלביקער ווי דער גייסט פון דעם
נישט ריטואַליסטישן אָרטאָדאָקסישן קיבוץ פון מיין יוגנט" (ז' 212).

דאָס מיינט, אַז מצוות־מעשיות גיבן גאָרנישט נישט צו. מצוות, ייִדי־
שער נוסח פון לעבן איז נישט מער ווי אַן אַרויפגעלייגטער בגד אויף
דעם עיקר פון ייִדישקייט, אויף דעם ייִדישן גייסט, אויף דעם ייִדישן
וועלט־באַנעם, פון נישט קאָנקורענץ, פון נישט ספּאָרט־געפּיל פון לעבן.

אָבער דאָס איז אינגאַנצן קעגן ייִדישן דרך. דער אַבסטראַקטער גע־
דאַנק פון יושר און צדק, פון קאָאָפּעראַציע און אַפילו פון אחדות־אלהים
געפינען זיך אין אַלע ציוויליזאַציעס, אין אַלע רעליגיעס, אַפילו אין די
פּאַגאַניסטישע. אָבער דער חילוק צווישן ייִדישקייט און אַלע רעליגיעס,
אַריינגערעכנט קריסטנטום, איז וואָס ייִדישקייט האָט אָנגענומען הלכה,
וואָס איר צוועק איז נישט געווען קיום־האומה, ווי אַ סך היסטאָריקער
מיינען, נאָר דיסציפּלינירן דאָס לעבן, אַז דאָס פאָלק זאָל רעאַליזירן אין
זיינע טאָג־טעגלעכע מעשים די הייליקע פאָדערונג פון אַ הייליק פאָלק.

אין דער נישט־ייִדישער וועלט איז גוטסקייט געווען בלויז אַן אַב־
סטראַקטער געדאַנק, ביי ייִדן איז עס געוואָרן קאָנקרעטיזירט. איך וועל מוזן
איצט ברענגען עטלעכע ציטאַטן, וואָס איך האָב שוין פריִער געבראַכט:

„ס'איז קיין ספק נישט, אַז נאָך אין דער חשמונאים־תקופה און אפשר
נאָך פריער, האָט זיך אַרויסגעוויזן די דערהויבענע שטרעבונג, וואָס באַצייכנט
אַמבולטסטן יידישקייט און געמאַכט פון יידישקייט דאָס, וואָס זי איז גע־
ווען פאַר די לעצטע טויזנטער יאָרן: הייליקן דאָס לעבן דורך דער הייליי־
קייט פון אמונה. יעדע וואָכעדיקע עובדא, וואָס דער ייד טוט, איז שוין
דעמאָלט געהייליקט געוואָרן מיט דער קדושה פון דינען גאָט, אַזוי אַז יעדער
ייד איז געווען פאַר זיך אַ „כוהן", וואָס פירט דורך די „עבודה" אין בית־
המקדש. דאָס דאַווענען אין די בתי־כנסיות, אָדער ביי זיך אין הויז, אויסערן
בית־המקדש, דאָס ברכה מאַכן אויף יעדן מין עסן און טרינקען פאַרן
עסן און נאָכן עסן; וואַשן די הענט, וואָס איז זיכער לכתחילה געווען אַ
טיילווייזע טבילה און נאָך און נאָך, אַלץ האָט געהייליקט דאָס לעבן פון
אַ יידן. זיין הויז — אַ בית־המקדש און זיין טיש — אַ מזבח. דאָס אָפּזונ־
דערן זיך פון די גויים, אויסהיטן זיך פון יעדער אומריינער זאַך, זיין
אָפּגעהיט אין עסן, טרינקען און אַלע אַנדערע זאַכן; צניעות אין געשלעכט־
לעכע ענינים, רחמנות, ביישנות, גמילות־חסדים — דאָס איז געווען דער
דרך פון די פרושים נאָך אין דער צייט פון די חשמונאים" („היסטוריה
של הבית השני", פּראָפעסור יוסף קלוזנער, כרך רביעי, ז' 112).

נאָך שאַרפער זאָגט עס אהרן קאַמינקאַ:

„ווען די פּרשה „ואהבת" ווערט אַרײַנגעלייגט אין די בתּים פון די תּפֿילין, איז עס נישט קיין סימן, אַז מען האָט אָן איר פֿאַרגעסן, נאָר ס'איז אַ סימן, אַז זי איז העכער פון וועלכן ס'איז ספֿק אָדער אָפּפֿרעג און ס'איז דער אמתער באַווייז, אַז דורך דעם ווערט אַ ייִד געדענקען דעם גרויסן נדר" („העתיד", כּרך רביעי, ז' 175).

אַבסטראַקטע גוטסקייט, יושר ווי אַ טעאָריע איז אויך נישט פֿרעמד דער געצנדינערשער וועלט. אַפֿילו פּלאַטאָנס בוך, וואָס מאָריס סעמועל האַלט ווי דעם אבֿי־אבֿות־הטומאה, איז נישט אינגאַנצן רשעות. אָט וואָס ערנעסט רהייס זאָגט אין דער הקדמה פון בוך:

„זײַן געוווער איז געווען די ליידנשאַפֿטלעכע איבערצייגונג פון דעם חילוק צווישן גוטס און שלעכטס און די אינערלעכע ווערט פון שיינקייט און גוטסקייט, אָן איבערצייגונג וואָס ער האָט אַליין פּראַקטיצירט אַזוי גוט ווי ער האָט געפּרעדיקט".

אָבער בלויז סאָקראַטעס האָט געלעבט לויט זײַן פּרעדיקן. קיין הלכה, וואָס זאָל דיסציפּלינירן דעם מענטשן האָט ער נישט געשאַפֿן. אַבסטראַק־ציע אַליין מיינט גאָרנישט. אָט איז פֿאַראַן אין ווירגיל אַפֿילו אַ באחרית־הימים, אַ נבֿואה אויף דער צוקונפֿט, וואָס קען זיך גוט פֿאַרגלײַכן מיט ישעיהוס נבֿואה פון באחרית־הימים:

„מענטשן וועלן באַפֿרייט ווערן פון זייערע אַלטע לאַנג־יאָריקע שרעקן, נאָר עטלעכע פֿלעקן פון די אַלטע זינד וועלן איבערבלײַבן. אונטער דער הערשאַפֿט פון אַ נייעם, פון הימל־געשיקטן, פּרינץ וועט די ערד אַרויס־געבן פּרוכט ספּאָנטאַן און די אַלטע קריגערישע כּוחות פון דער נאַטור וועלן פֿאַרוואַנדלט ווערן אין עלעמענטן פון פֿרידן. דער לייב וועט מער נישט פֿאַרצוקן דעם אָקס, די גיפֿטיקע שלאַנג און די גיפֿטיקע גראָזן וועלן פֿאַרשווינדן און די בשמים־פּלאַנצן, וואָס וואַקסן אין ווייטע לענדער, וועלן קולטיווירט ווערן אין יעדנס פֿעלד. די צײַטיק־געוואָרענע תּבֿואה וועט קיינ־מאָל נישט צעשעדיקט ווערן פון בראַנדן, ווײַנטרויבן וועלן וואַקסן בשפֿע אויף קראָפּיווע, דערנער־געוויקסן און פון דעם מעכטיקן דעמב וועט טריפֿן מיט האָניק".

ווירגיל, וואָס איז געשטאָרבן צוואַנציק יאָר פֿאַר אונדזער צײַט־רעכע־נונג, קען זײַן האָט געלייענט ישעיה אין אַ גריכישער איבערזעצונג. אָבער די וויכטיקייט ליגט אין דעם וואָס ער האָט אָנגעשריבן אַ גאַנצן ציקל פון פּאָעמעס, וואָס האָבן פֿאַרגעשטעלט אַ צוקונפֿטיקע גליקלעכע וועלט. אַ סימן אַז עס זענען געווען לייענער פֿאַר אַזאַ מין שרײַבן. אָבער די אַלע שיינע פּאָעמעס זענען נישט געוואָרן קיין טייל פון דעם טאָג־טעגלעכן לעבן

פון רוימישן פאָלק. טרעפלעך קורץ און טיף האָט פּראָפעסאָר יחזקאל קויפמאַן איבערגעגעבן דעם זין פון דער געשיכטע פון דער ייִדישער רעליגיע:

„די געשיכטע פון יידישער רעליגיע איז נישט די געשיכטע פון דער אידייע, נאָר איר פאַרווירקלעכונג, איר פאַרקערפּערונג און איר ווירקונג".

איר פאַרווירקלעכונג, איר פאַרקערפּערונג און איר ווירקונג דאָס האָט נאָר געקענט רעאַליזירט ווערן דורך אַריינפירן פון הלכה אין טאָג־טעגלעכן לעבן.

וויבאַלד אַז מאָריס סעמועל האַלט הלכה נישט מער ווי אינגאַנצן אַ דרויסנדיקן לבוש קומט ער, לויט מיין מיינונג, צו דריי שעדלעכע הנחות: א) ער איז בעצם מסכים מיט די שוללי־הגלות, די וואָס פאַר־לייקענען דעם גלות, אַז ייִדיש לעבן מוז איצט צעפאַלן אין גלות; ב) סיידן ווען מדינת־ישראל וועט זיין אַ שטאַט, וואָס אָריענטירט זיך בלויז אויף קאָאָפּעראַציע, אויסשליסן יעדן פאָרם פון קאַמף און זיך אָפּזאָגן פון דעם גייסט פון ספּאָרט־לעבן, וואָס האָט איצט פאַרכאַפּט די מערב־וועלט; ג) עס איז נישטאָ קיין חילוק צווישן דעם תנ"ך און דעם נייעם טעסטאַ־מענט.

ער זאָגט וועגן די תפוצות:

„קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן, וואָס לעבן אַ באַזונדער לעבן, אָפּגעטיילט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, וואָס ריידן אַמיינסטן אַן אייגן לשון און זענען אונטערגעוואָרפן נאָר צום ראַנד־דרוק פון דער דרויסנדיקער וועלט, עקזיסטירן נישט מער און קענען צוריק נישט אויפגעלעבט ווערן. אָט די קערפּערשאַפטן זענען געווען די טרעגער פון יידישן גייסט אין די תפוצות. זיי זענען אויפגעקומען דערפאַלגרייך אין בבל, שפּאַניע, אין צפון־אַפריקע, אין מזרח־אייראָפּע און אין, שוין אין אַן אָפּגעשוואַכטער פאָרם, אין אַמע־ריקע. פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן תפוצות־צענטער האָט דאָס יידישע לעבן געשטראָמט צו די אַנדערע יידישע צענטערס. אָט די יידישע צענטערס זענען געווען אַזוי קאָמפּאַקט אַז זיי האָבן געקענט אַסימילירן די דרויסנדיקע קול־טור־מאַטעריאַלן, וואָס זענען אין זיי אַריינגעדרונגען פון די ראַנדן. אָבער נאָך פּאַר די איצטיקע פאָרמעס פון מאַסן־אַטאַקעס אויף דעם קערפּער און גייסט פון יידישן פאָלק, האָט יעדער צענטער אָנגעהויבן אויפצולייזן זיך. אַזאַ סכנה האָט יידנטום קיינמאָל נישט געהאַט. אין דעם זין איז דער דיאַגנאָז פון די פאַרלייקענער פון גלות געווען אינגאַנצן אַ באַרעכטיקטער" (ז' 245).

עס מיינט אַז מאָריס סעמועל האַלט אַז הלכה קען איצט מער נישט שפּילן קיין ראָלע אין די תפוצות אויב מדינת־ישראל זאָל זיין אַ שטאַט

ווי אַלע שטאַטן. הלכה אַליין האָט אין זיך נישט די שאַפונג־כוחות זיך צופּאַסן צום נייעם וועלט־באַנעם, ווייל הלכה איז נישט מער ווי אַן אויסערלעכער לבוש, שאָלעכץ. די כוחות איינצושטעלן צוריק אַ ניי לעבן אין די תפוצות קענען קומען נאָר פון דעם ייִדישן שטאַט, דער תנאי איז נאָר אַז ער דאַרף זיין גאָר אינגאַנצן אַנדערש פון אַלע שטאַטן.

דערפאַר האַלט ער, ווי ס'איז שוין געווען אויבן באַמערקט, אַז ס'איז נישטאָ קיין חילוק צווישן די לערע פון נייעם טעסטאַמענט און תנ״ך. ער זעט נישט אַז שוין אין אָנהייב פון ישועס התגלות, ווי עס ווערט דערציילט אין די פאַרשיידענע בשורות, איז אָנגענומען געוואָרן דער פּאַגאַניסטישער פּרינציפּ פון שטעלן אַלץ אויף אַבסטראַקציע און דערפאַר איז נישט נייטיק קיין הלכה. ס'איז נישט וויכטיק וואָס דער נייער טעסטאַמענט רעדט מיט אַ ייִדישן לשון און יעדער פּסוק באַזונדער איז אַ ייִדי־שער, וויכטיק איז די סיסטעם און אויף וואָס עס ווערט געשטעלט דער טראָפּ. גוט האָט עס פאַרשטאַנען דער נישט־ייִדישער פאָרשער ר. טראַ ווערס הערפאַרד:

„ייִדישקייט איז אַ וועלט־באַנעם געבויט אַרום אַן אידייע, קריסטנ־טום איז אַ וועלט־באַנעם געבויט אַרום אַ פּערזאָן״ — „קריסטנטום האָט באַטאָנט און באַטאָנט איצט אויך, אַז גלויבן קומט פריער ווי וואָסער עס איז אַנדער טועכץ. דאָס איז באַוויזן געוואָרן, אויב עס דאַרף איבערהויפּט באַוויזן ווערן, מיט דעם פאַקט וואָס דער תנאי צו ווערן אַ מיטגליד אין קירך דאַרף זיין אַ דערקלערונג פון גלויבן״. — — —

— — — „ס'איז טאַקע אמת, אַז די קירך האָט זיך געלערנט, אַז מען דאַרף לעבן אַ ריין לעבן, אַ מאָראַליש לעבן און אַ הייליק לעבן, אָבער זי איז נישט באַשטאַנען אויף דעם אַזוי שטאַרק, ווי אויף דער ריינקייט פון גלויבן און אויפן ריכטיקן גלויבן. מען האָט קיינעם נישט פאַרברענט אויף דער אויטאָ־דע־פע פאַר נישט לעבן קיין ריין מאָראַליש לעבן. אָבער מען האָט יאָ פאַרברענט מענטשן פאַרן נישט ריכטיקן גלויבן. אין אַנדערע ווערטער — צו טון דעם ווילן פון גאָט האָט פאַרנומען דעם צווייטן אָרט אין דער לערע פון דער קריסטלעכער קירך״.

נאָך הונדערטער און הונדערטער יאָרן פאַר דעם יוניטאַרער הער־פאָרדן האָט אַ ייִדישער רב, ר׳ חסדאי בן־יהודה קרקש, אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק אַ סך שאַרפער און קלאָרער:

„ייִדישקייט נעמט אַרום אַלע אַקטיוויטעטן פון דעם מענטשן און זיינע אויפפירעכצן אין לעבן. נישט נאָר אין שול, נאָר ווען ער לייגט זיך, ווען ער שטייט אויף, ווען ער איז אין דער היים, ווען ער איז אויף וועגנס, ווען ער עסט און ווען ער פירט געשעפט. בקיצור, אַ ייד לעבט מיט זיין אמונה.

נישט אַזוי איז מיט קריסטנטום, וואָס פאַרנעמט זיך בלויז מיט גלויבן אין גאָטס זון, מיט טבילה (באַפּטיזם) און מתוודה זיין זיך פאַרן גלח פאַרן טויט און מער נישט. אַפילו דער פרומער קריסט איז בלויז אַ קריסט אין זיין קלויסטער, חוץ דעם לעבט ער ווי איינער אָן דת, אָן אַ רעליגיע. ווייל ביי אים אין שטוב און אויסערן שטוב און אין אַלע זיינע מעשים און אין אַלע זיינע אַקטיוויטעטן איז נישטאָ קיין זכר פון קריסטלעכקייט און ס'איז גאָרנישט קענטיק, אַז ער איז אַ קריסט, און זיין גאַנצער געזעלשאַפטלעכער לעבן איז אויסער דעם תחום פון זיין אמונה. און אויב ער איז אַפילו אַ גנב, אַ גזלן און אַלץ וואָס עס איז פאַרדאָרבן איז אין אים, און ער איז אַ פּגער־רע פאַר לייטן, אויב ער האָט זיך טובל געווען אין נאָמען פון יעזוסן און ער גלייבט, אַז ער, יעזוס, איז אַ גאָט און ער איז געקרייצט געוואָרן, כדי די זינד פון דער וועלט זאָל פאַרגעבן ווערן, און ער האָט זיך מתוודה גע־ווען פאַרן טויט, גייט ער אַרויף אין גן־עדן און קיינער שטעלט זיך נישט אַנטקעגן" („בטול עקרי הנוצרים", מאת ר' חסדאי בן־יהודה קרקש).

ביידע, דער ייִדישער רב און דער ערלעכער טיפער קריסטלעכער פאָרשער, ווייזן אָן דעם פּאַגאַניסטישן דרך פון קריסטנטום, דאָס שטרעבן און גאָרן צו מעשים־טובים אין אַבסטראַקט, אָבער אָן רעאַליזירונג אין טאָג־טעגלעכן לעבן, הלכה. דאָס מיין איך איז איינער פון די גרונט־טעותים פון מאָריס סעמועל, וואָס מיינט, אַז קריסטנטום איז דורכגעפאַלן, ווייל דער דורכשניטלעכער קריסט האָט געקענט אַנטלויפן אין טאָג־טעגלעכן לעבן אין פּאַגאַניזם, וואָס איז געווען אַ דרויסנדיקע קולטור, אָן אָפּגעטיילטער לעבנס־וועג פון קריסטנטום. ניין, קריסטנטום גופא, אין זיין אורשפּרונג אין דער פּערזאָן פון יעזוס איז געווען קעגן ייִדישן דרך פון הלכה און דערפאַר האָט ער נישט איינגענומען דאָס טאָג־טעגלעכע אין דעם קרייז פון אמונה.

וויבאַלד אַז מאָריס סעמועל שטעלט אַוועק ייִדישקייט בלויז אויף דער אַבסטראַקציע פון קאָאָפּעראַציע, מיינט ער, אַז די ייִדישע מדינה, וואָס וועט זיין נישט קיין קעמפערישער שטאַט, נאָר אַ קאָאָפּערירנדיקער שטאַט, וואָס וועט ווייכן פון דעם ספּאָרט־באַנעם פון דער וועלט, אָט דער שטאַט וועט באַאיינפלוסן די תפוצות און אויפהאַלטן ייִדישקייט אויך אין גלות.

דאָ ווערט די זאַך כולו־מוקשה. ער פרעגט אָפּ זיך אַליין. אין קאַ־פּיטל „אַמפּוטאַציע" — אָפּשניידן — זאָגט ער:

„די אַסימילאַטאָרן מיינען, אַז מדינת־ישראל וועט אָפּשאַפן אַנטיסע־מיטיזם, ווייל אויב די אַנטיסעמיטן וועלן טענות האָבן צו די יידן אין גלות, אַז זיי לעבן נישט קיין נאָרמאַל לעבן, וועלן די יידן קענען אָנווייזן, אַז דאָרט, אין מדינת־ישראל, איז אַלץ כשורה. אויך טראַכטן די אַסימילאַטאָרן,

אַז ייִדן אין די תפוצות וועלן זיך ענדערן און ווערן נאָרמאַל צוליב דער נאָרמאַליטעט אין מדינת־ישראל, אַזוי, אַז ייִדישקייט וועט אונטערגיין אין מדינת־ישראל און אין די תפוצות. זיי מאַכן אַ טעות, האַלט מאָריס סעמועל, ווייל די שונאי־ישראל וועלן נישט קוקן אַהין וווּהין די ייִדן ווייזן אַן מיטן פינגער. די ייִדן אין די תפוצות וועלן זיך נישט ענדערן צוליב מדינת־ישראל. ס'איז איין זאַך ווען אַ מענטש רייסט איבער מיטן עבר און גייט אַוועק אין אַן אַנדער לאַנד איבערצובויען זיין לעבן און ס'איז גאָר אַן אַנדער זאַך, ווען איינער בלייבט אויפן אָרט, איינגעוואָרצלט, געפּאַסגען פון געוווינהייטן און סביבה".

דאָך ווענדט ער אָן די זעלביקע לאָגיק ווען עס קומט צו זיין באַליבטן טעזיס — דאָס גרינדן פון אַ נישט־קאָנקורירנדיקן פּאַציפיסטישן שטאַט.

קען מען דאָך שטעלן די זעלביקע פראַגע, ווי אַזוי וועלן ענדערן ייִדן זייער לעבן אין גלות בלויז ווייל זיי וועלן קענען אָנווייזן, אַז דאָרט, אין מדינת־ישראל, איז אַ קאָאָפּעראַטיווער שטאַט?

מאָריס סעמועל מיינט, אַז דער ייִדישער שטאַט מוז טראָגן אַ פּאַצי־פיסטישן און קאָאָפּעראַטיוון כאַראַקטער. דער איינדרוק איז, אַז דאָס איז דער פּראָגראַם פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין מדינת־ישראל און דאָס איז די שטרעבונג פון די אמתע ציוניסטן. נאָר די אַסימילאַטאָרישע ציוניסטן שטרעבן צו אַ שטאַט ווי אַלע פעלקער.

אָבער ווי איז עס מעגלעך אין די איצטיקע אומשטענדן אַזאַ שטאַט? עס קען זיין, אַז מאָריס סעמועל פאַרגלייכט עפּעס גלייך מיט נישט גלייכס. ער זאָגט, אַז דאָס גאַנצע לעבן אין גלות איז געבויט געוווען אויף דעם נביאישן געדאַנק פון קאָאָפּעראַציע, אַנטי־מלחמה, אַנטי־קאַמף, אַנטי־ספּאָרט וועלט־באַנעם. דאָס איז דאָך געוווען אין גלות. ייִדן האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אַ סך איינגעשטעלטע און אָנגענומענע פאָרמעס, וואָס ביי דעם דורכשניטלעכן מענטשן זענען זיי דער עיקר סימנים פון אַ פאָלק — כדי איינצוהאַלטן דעם עיקר. אָבער ווען ייִדן האָבן געהאַט אַ מלוכה, זאָגט דאָך מאָריס סעמועל אויך, אַז די חשמונאים־הערשער האָבן זיך אויפ־געפירט ווי אַלע הערשער. ער האָט דאָך נישט באַוויזן, אַז ווען ייִדן האָבן געהאַט אַ מלוכה איז זייער מלוכה געווען אַנדערש. אפשר איז מלוכה מחייב אַן אַנדער אויפפירונג? אפשר איז אין אַ מלוכה נישט מעגלעך אָפּצוזאָגן זיך פון ספּאָרט־וועלט־באַנעם, פון קעמפערישקייט, פון קאָנקורענץ, פון אויפשטעלן די אַרמיי, ווי איינע פון די וויכטיקע זיילן פון מדינה?

אַט וועל איך אָנווייזן אויף אַ קלייניקייט. מאָריס סעמועל דערציילט, אַז די ייִדישע צייטונג אין ענגלאַנד האָט קיינמאָל גאָרנישט נישט גע־דרוקט וועגן ספּאָרט. אמת! אינטערעסאַנטער נאָך איז, אַז אַלע ייִדישע צייטונגען אין אַמעריקע, וואָס זענען טיף פאַרוואָרצלט אין אַמעריקאַנער לעבן און באַהאַנדלען אַלע פּראָבלעמען פון אַמעריקע, האָבן אויך נישט קיין ספּאָרט־אָפּטיילונגען. אָבער דער „דבר" אין מדינת־ישראל האָט יאָ אַ ספּאָרט־אָפּטיילונג. און איך וויל אים אויפמערקזאַם מאַכן, אַז גאָר אָפט פאַרנעמען די ספּאָרט־באַריכטן אַ סך מערער פּלאַץ ווי די אָפּהאַנדלונגען וועגן ביכער. אַמווייניקסטן אַזוי האָב איך געטראָפן אין די פרייטיקדיקע נומערן, וואָס איך דערהאַלט.

אפשר האָט מדינה איר אייגענעם לאַגישן וועג פון אַנטוויקלונג?

חוץ דעם, אין דער עצם־פראַגע פון כאַראַקטער פון שטאַט זענען מיט אים נישט מסכים די הויפּט־פירער פון ציוניזם פון זיין אייגענער פּאַרטיי. מאָריס סעמועל מיינט, אַז אין דער איצטיקער פּאַגאַניזאַציע פון שטאַט איז שולדיק דער נישט־ציוניסטישער עלעמענט, וואָס איז צוגע־קומען צום ציוניזם נאָכן חורבן־היטלער. אָבער די חלוצים, די אַרבעטער אין ארץ־ישראל, האָבן לכתחילה געגרינדעט אַן אמתן ייִדישן שטאַט, און מדינת־ישראל איז אַ פאָרזעצונג פון גלות־באַנעם פון פאָלק. זיי האָבן קיינמאָל נישט געטראַכט צו ליקווידירן די תפוצות אָדער זיי לאָזן אויף גאָטס באַראָט. אַט ווי דער יסוד המעלה פון עזראס צייטן האָט עס נישט געטראַכט (ז' 257). ער לייגט די גאַנצע האָפענונג אויף דער אַרבעטער־פּאַרטיי. אָבער בן־גוריון האַלט נישט אַזוי. אַט וואָס ער זאָגט אין צווייטן בריוו צום קולטור־קאָנגרעס:

„מיר דאָ לייגן — אַזוי גלייבן מיר — דעם פונדאַמענט פאַר אַ נייעם ייִדישן לעבן, מיר זענען נישט קיין קאָנגלאָמעראַט פון יחידים, וואָס רעדן ייִדיש, אַראַביש, פּערסיש, אונגאַריש אאַ"וו. מיר זענען אַ פאָלק, אַזוי ווי מיר זענען נישט געווען מער ווי צוויי טויזנט יאָר, זינט די ערשטע חשמונאים, און **אפשר** זינט דעם בית־הראשון (מיין קורסיוו — ש. ס.). איך האָב מורא אַז איר באַגרייפט נישט דעם גאַנצן פאַרנעם און די טיף פון דער היסטאָרישער רעוואָלוציע וואָס קומט דאָ פאָר" („מאָרגן־זשורנאַל", זונטיק, נאָוועמבער 4, 1951).

איך האָב געקענט ציטירן נאָך און נאָך פון דער ארץ־ישראלדיקער פּרעסע און פון די רעדעס און שריפטן פון די ציוניסטישע פירער, וואָס לויט מאָריס סעמועלס באַגריף זענען זיי קעגנער פון אַ מאָדערנעם נאַציאָ־

נאַליסטישן שטאַט. אָבער איך גלייב, אַז עס איז נישט נייטיק. אָט איז נאָר איין ביישפּיל. מאָריס סעמועל האַלט, אַז דער אמתער ציוניזם איז קעגן קיבוץ־גלויות:

„דער צוועק פון אַ ייִדישער היימלאַנד איז קיינמאָל נישט געווען גע־ריכטעט אויף בלויז צונויפקלייבן די היימלאָזע ייִדן און די פאַרפאָלגטע; אויך האָט עס קיינמאָל נישט באַצוועקט קיין קיבוץ־גלויות; ווייניקער נאָך האָט עס געמיינט צו איבערלאָזן די תפוצות צו זייער אייגענעם גורל" (ז' 245).

אָבער די פירער פון דער איצטיקער מלוכה פון מדינת־ישראל מיט בן־גוריון בראש, האַלטן יאָ פון טאָטאַלן קיבוץ־גלויות. דאָס, וואָס זיי האָבן זיך איצט טיילווייז אָפּגעזאָגט פון קיבוץ־גלויות איז בלויז צוליב טאַקטישע טעמים. אָט האָט בן־גוריון אין „טאָג" פון דעצעמבער 1, 1951, אין זיין מאמר „וואָס קען פאַרזיכערן די ייִדישע מדינה קעגן אירע שונאים" ווי־דער זיך אַרויסגעזאָגט, אַז קיבוץ־גלויות איז די העכסטע מיסיע פון דער מדינה:

„די עליה איז נישט נאָר אַ ציוניסטישע מצווה און דער וועג צו דער העכסטער מיסיע פון דער מדינה, צום קיבוץ־גלויות — נאָר זי איז אויך דאָס ניצלעכסטע מיטל פון דער מלוכה־זיכערקייט".

דאָנערשטיק, דעצעמבער דעם דרייצנטן 1951, איז באַריכטעט גע־וואָרן אין אַלע צייטונגען נאָך אַ שאַרפערע רעדע פון בן־גוריון אין כנסת.

אויך וואָלט מסתמא מאָריס סעמועל נישט געקליבן קיין צופיל נחת פון דער אומדירעקטער גלאָריפיקאַציע פון דער אַרמיי, וואָס בן־גוריון ווייזט אַרויס אין דעם מאמר פון דעצעמבער דעם ערשטן. און בן־גוריון איז דאָך דער פאָרשטייער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָס לויט מאָריס סעמועל, טראָגט זי דעם נביאישן גייסט פון קאָאָפּעראַטיוון שטאַט.

מאָריס סעמועלס שרעק פאַרן אויפקום פון אַ מאָדערנעם קריגערישן, געצנדינערישן שטאַט אין ארץ־ישראל איז אַ באַרעכטיקטע. אָבער וויבאַלד, אַז ער לייקנט אָפּ די גרויסע וויכטיקייט און דעם עיקר פון ייִדישקייט — הלכה, וועט ער זיך מוזן באַנוגענען מיט אַ נישט־ייִדישלעכן שטאַט אין ישראל. ס'איז פאַראַן נאָר איין כוח וואָס קען ווירקן קעגן דער גויִיזאַציע פון ייִדישקייט אין אַ מאָדערנעם שטאַט — אַן אויפלעב, אַ רענעסאַנס פון הלכה־ייִדישקייט. אַ הלכה־רענעסאַנס קען אַקטיוויזירן ייִדישקייט אין די תפוצות אַזוי, אַז די מצוות־מעשיות זאָלן נישט זיין קיין מצוות־אנשים־

מלומדה, נאָר זאָלן טאַקע ווירקן אויף דעם סאָציאַלן און עקאָנאָמישן איבערבוי פון ייִדישן לעבן אין גלות און זאָל אָפּהאַלטן די ייִדישע מלוכה זי זאָל נישט ווערן קיין טייל פון דער וועלט־רשעות, ווייל די ריכטונג פון הלכה וועט זי פירן אויף דעם ייִדישן וועג.

איך פאַרשטיי, אַז מען וועט מיך באַלד פרעגן, ווי אַזוי עס קען קומען צו אַ רענעסאַנס פון הלכה איבערהויפּט פאַר דעם מאָדערנעם ייִדן. אָבער צו געבן אַן ענטפער אויף דער פראַגע איז איצט נישט מיין צוועק, דאָס האָב איך באַהאַנדלט פריִער. דער צוועק איז געווען בלויז אָנצווייזן, אַז מאָריס סעמועלס בוך, וואָס פאַרלייקנט, אַז הלכה איז דער עיקר פון ייִדישן וועלט־באַנעם און דערפאַר מיינט ער, אַז עס איז נישטאָ קיין גרונט־אונטערשייד צווישן קריסטנטום און ייִדישקייט, האָט נישט געקענט געבן קיין לייזונג פאַר דער צעפאַלונג פון ייִדישקייט אין די תפוצות. אויך האָט ער נישט געקענט אָנווייזן אויף אַ וועג, ווי אַזוי צו פאַרמיידן, אַז די פאַגאַניסטישע נייגונגען פון מדינת־ישראל זאָלן נישט פאַרשטאַרקט ווערן. עיִקר חסר מן הספר. דער עיקר פון אַלע עיקרים פעלט אין בוך. אַן אַ רענעסאַנס פון הלכה איז נישט מעגלעך קיין ייִדישער וועג, אַפילו אין אַן אייגענער מדינה. זיין דיאַגנאָז איז אַ ריכטיקער, אָבער זיין רפואה איז נאָך ערגער פון דער מחלה.

# די גאָט־דאַנגלעניש פון ברוך ריווקין

אין זיין מענלעכער גבורה האָט ער זיך
געראַנגלט מיט גאָט (הושע יב, ד).

## א.

## ריווקין — די פערזענלעכקייט

ארן און יאָרן האָט צווישן אונדז געלעבט אַ מענטש וואָס האָט אין זיך געטראָגן דעם אויפברויז, דעם פּאַטאָס און די וויזיעס פון אונדזערע אַמאָליקע מוכיחים־בשער. ער האָט געהאַט נישט נאָר דעם כוח צו באַווירקן אונדזער לעבן, נאָר איך גלייב, אַז ער איז געווען ביכולת צו באַנייען און איבערבויען אונדזער ייִדיש־וועלטלעכן וועלט־באַנעם. ער האָט געקענט באַווירקן די ייִדישע אומגלויביקע, „די אַקטיווע ייִדישע מאַיאָריטעט" און איר געבן אַ טיפן ייִדישן אינהאַלט און אַריינוועבן זי אין געוועב פון דער ייִדישער אמונה. אָבער אונדזער דור איז נישט געווען ראוי פאַר זיין התגלות און ער אַליין איז אויך נישט ראוי געווען נתגלה צו ווערן. מיר, די אויסגעליידיקטע, דינער צו די עבודה־זרות פון קונסט און מאַרקסיסטישן מאַטעריאַליזם, האָבן זיך נישט געניטיקט אין אים, און ער האָט נישט געהאַט די תמימות פון אַ קאָנקרעטיזירטן גלויבן, וואָס איז צוגעבונדן צום לעבנס־שטייגער פון אַן עדה. ער האָט געלעבט אין אונדזער וועלטלעכער סביבה, אַ סביבה אויסגעליידיקט פון מצוות־מעשיות און רעליגיעזן פּאַטאָס. אַ סביבה וואָס האָט זיך מער נישט געניטיקט אין אַ בית־מדרש אַפילו. ער איז געבליבן ווי איינער פון אונדז מיט אַלע שוואַכקייטן און וואַקלענישן.

אָבער אין תוך האָט ער געגלייבט אין גאָט, אין ייִדישן גאָט. ער האָט געגלייבט טיף און ליידנשאַפטלעך. ער האָט געהאַט אַ גאַנצע פילאָסאָפיע,

אַן אויסגעאַרבעטע שיטה צו איבערבויען און באַנייען אונדזער לעבן. אָבער ער האָט צו אונדז נישט געקענט ריידן אָפנהאַרציק קלאָר און זאָגן וואָס ער וויל מיט אַ פולן מויל. ער האָט זיינע געדאַנקען געדאַרפט דורכשמוג־לען דורך דריי גרענעצן, ער האָט געדאַרפט בייקומען דריי מכשולים־שטערונגען.

א) די טאָג־פרעסע. ער האָט געצויגן חיונה פון שרייבן אין אַ טאָג־צייטונג. אַ רעדאַקטאָר פון אַ טאָג־צייטונג פאָדערט נישט פון זיינע מיט־אַרבעטער קיין פאַרטיפונג. ער וויל גאָר לייכטע אַרטיקלען, אינטערעסאַנטן לייען־שטאָף, וואָס זאָל וווייכן פון עיקר־זאַכן. קיין אַנדערע אָרגאַנען צו ריידן צום עולם האָט ריווקין נישט געהאַט.

ב) נאָכדעם ווי ער האָט „אָפּגענאַרט" דעם רעדאַקטאָר, האָט ריווקין געדאַרפט אַריינגאַרן זיינע לייענער. אַ צאָל פון זיי זענען געווען „פריידענ־קער", וואָס האָבן געמיינט אַז פריידענקעריי איז מחייב צו עסן חלב מיט טשוועקעס. די מערסטע איבעריקע לייענער זענען געווען פאַרכשופט פון דער נייער עבודה־זרה: מאַרקסיזם. זיי האָבן געהאַט אַ טענה: מאַרקס האָט געזאָגט אַז רעליגיע איז אָפּיום. גיי הייב זיך אָן מיט קאַרל מאַרקסן („אַ גלויבן פאַר אומגלויביקע", ז' 31). פאַר אָט דעם לייענער האָט ער זיך געדאַרפט היטן מיט דער רעליגיעזער טערמינאָלאָגיע און סימבאָליק אַפילו.

ג) און צום לעצט — ער האָט זיך אַליין געדאַרפט איינריידן און ביז אַ געוויסער מאָס אָפּנאַרן, אַז די מאָדערנע פילאָסאָפיע איז מתיר רעליגיע. ער האָט זיך אין תוך געשראָקן פאַר זיינע אייגענע וויזיעס, וואָס האָבן געמאָנט לאָגישע שלוסן — מצוות־מעשיות. ער איז דאָך געווען איי־נער פון אונדזער דור און געדינט צו די פעטישן פון אונדזער צייט: קונסט, ליטעראַטור, טעאַטער, מוזיק און מאָלעריי. ער האָט זיך נישט געקענט באַפרייען פון די מאָדערנע געצן. ער האָט געמיינט אַז מיט שפּיל און ליטעראַטור, וואָס בינדן נישט צו אַ פיקסירטן ריטואַל, קען מען בעסער דינען דעם גאָט פון ישראל ווי מיטן אַלטן צערעמאָניאַל, וואָס איז אַן איינגעשטעלטער און פאַרפיקסירטער פון דורות לאַנג. ער האָט געצי־טערט פאַר מצוות־מעשיות וואָס „פאַרהאַרטעווען דעם גייסט ביז שטייפ־קייט און מאַטעריע". ער האָט זיך טאַקע געראַנגלט מיט די מאָדערנע פעטישן, אָבער ער האָט זיך קיינמאָל פון זיי נישט באַפרייט. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרלוירן די אמונה, אַז ליטעראַטור, וואָס איז אין תוך

בלויז פּאַרווײַלונג, האָט אַזאַ כּוח מיט איר קינסטלערישן וואָרט אַז זי קען ווערן די וועגווײַזערין פֿון מאָדערנעם מענטשן. נאָך מער, אַ קינסטלעריש ליד ווערט מאָמענטאַל טאַט. יעדן דיכטערס אמת גוט ליד קען תּיכּף־ומיד, שוין באַלד נאָכן אָפּדרוקן זיך, ווערן קאַנאָניזירט — אַ פּאַרהײליקטער טעקסט.

דער גאַנצער דור אונדזערער האָט פֿאַרלוירן דעם אַלטן נאַאיוון גלויבן פֿון די אבֿות. ביי די מערסטע פֿון אונדז איז געבליבן נישט מער ווי אַ בענקשאַפֿט אין האַרצן. אַ נאָסטאַלגיע — אַט ווי מיר בענקען נאָך אונדזער קינדהייט. אָבער ביי אים איז געבליבן עכטע אמונה — אַ טיפֿער גלויבן אין דעם אַלטן ייִדישן גאָט, צו וועמען ער האָט געוואָלט דינען און נישט געוווּסט ווי אַזוי, ווייל ער האָט מורא געהאַט פֿאַר מצוות־מעשׂיות.

ער האָט געהאַט אַ טיפֿע דערקענונג פֿאַר ייִדישער גרויסקייט, אַן אמונה אין ייִדישן אַלטן אתּה־בחרתּנו; ער האָט פֿאַרמאָגט אַן איבערגעצייגטקייט אין דער אייביקייט פֿון דער ייִדישער אומה. ער איז אויך געווען דאָגמאַטיש איינגעגלייבט, אַז ייִדן שטייען אין צענטער פֿון דער וועלט, אַלע וועלט־געשעענישן דרייען זיך אַרום זיי. עס איז אין זייערע הענט, אין זייער יכולת, ענדערן דעם גורל פֿון דער וועלט. די וועלט־גאולה ווענדט זיך אָן דער אויפֿפירעכץ, הנהגה, פֿון ייִדישן פֿאָלק; ווען ייִדן שפּילן זייער ראָלע און טון זייער חובֿ, וועלן זיי ברענגען משיחן און די אמתע גאולה אויף דער וועלט, אַנישט וועט דער משחית פֿאַרבייטן משיחן. אָבער ער איז דאָך געבליבן איינער פֿון אונדזער דור „אַ צעקוועלטער, אַ צעוויטיקטער מאָדערנער מענטש מיט רואינירטע נערוון" (פּרצעס אַן אויסדרוק), וואָס האָט מורא פֿאַר מלכות־שדי. ריווקינס אמונה איז געבליבן אַן אַבסטראַקטע.

בטבע איז ער געווען אַ גאָט־באַטרונקענער רעבעל, אַ צאַם־ברעכער, אַ געצן־ברעכער, וואָס באַנוגנט זיך נישט מיט אויסערלעכע פֿאָרמעס פֿון רעליגיע; אַ זוכער פֿון שלימות, וואָס באַנוגנט זיך נישט קיינמאָל מיט דעם דערגרייכטן. ווייל ווי באַלד אַן אידעאַל איז פֿאַרווירקלעכט געוואָרן, פֿעלט אים שלימות. אָבער איידער ער איז אויף דער וועלט געקומען האָבן זיך אַנדערע געפֿעדערט און אַלץ צעבראָכן. זיי האָבן נישט נאָר צענומען דעם דרויסנדיקן צאַם, נאָר דאָס הויז אומגעוואָרפֿן און צעוואָרפֿן דעם יסוד, דעם פֿונדאַמענט. פֿאַר אים, דעם דינאַמיש גלויביקן, איז געבוירן די עובֿדא צו רעסטאַווירן דעם אַלטן גלויבן. ער האָט גאָר געדאַרפֿט אַנ־

הייבן מאָנען פון אונדז צו נעמען אויף זיך אַ יאָך. דאָס האָט ער נישט געקענט טון בשלימות, ווייל ער, דער דינאַמיש־גלויביקער, האָט געזען אַ באַגרענעצונג צום אין־סוף אין יעדן סיג, אין יעדן גדר, אין יעדער קאָנקרעטיזאַציע פון גאָטס געבאָט און מצווה. ער האָט נישט געהאַלטן פון די יידישע נכסי־צאן־ברזל, פון די יידישע גרונט־גיטער — הלכה. ער האָט געלייקנט אַז די פּרושימשע הלכה־יידישקייט איז המשך פון נבואה. ער האָט געמיינט אַז הלכה, מצוות־מעשיות, צאַמט די נבואה, פאַר־וואַנדלט עכטן גלויבן אין אַ פּוסטן פאַרפּיקסירטן ריטואַל. האָט ער גע־פּרעדיקט דינאַמישע רעליגיע צו אַ דור וואָס האָט נישט געהאַט קיין פאַר־מאַלע רעליגיע. ער האָט איינגעטענהט מיט יידן אַז טראָגן ציצית איז נישט וויכטיק, יידישקייט איז מער ווי ציצית טראָגן, און די יידן וואָס האָבן אים געלייענט האָבן שוין יאָרן נישט געטראָגן קיין טלית־קטן. ער האָט געפאָדערט פייערלעכקייט און כוונה אין צערעמאָניאַל פון יום־טוב און זיי־נע לייענער האָבן דעם יום־טוב אַפילו נישט אָפּגעהיט. נאָך מער, זיי האָבן נישט געהאַט אַפילו קיין מקום־קדוש, ווו זיך צונויפקומען. ער האָט גע־פּרעדיקט, אַז גאָט שטייט אין צענטער פון דער וועלט און יעדער איינער דאַרף גלוסטן צו דינען אים, און זיין דור האָט גאָר אַוועקגעשטעלט דעם אייגענעם גוף אין צענטער פון דער וועלט.

דערפאַר איז אים געווען שלעכט צווישן אונדז. ער האָט געפאָדערט טיפע, עכטע אמונה און מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אלף־בית פון יידיש־קייט. ער האָט עס געוווּסט און דערפאַר האָט ער זיך געשראָקן אַז מען וועט אים נישט פאַרשטיין. ער האָט געפילט אַז „די דיקטאַטור פון נאַראָ־נים" וועט אים נישט לאָזן גיין צו ווייט. דאָס האָט אויף אים פּסיכיש גע־ווירקט אַז ער אַליין זאָל זיך האַלטן ביי די פּעטישן פון ליטעראַטור, טעאַ־טער און מאָלעריי. מאַכן זיי פאַר די נייע כלים פון דעם רעליגיעזן רענע־סאַנס. האָט מען אָבער אָנגעהויבן עקספּערימענטירן מיט אָט די נייע כלים — געפּרוּווט מאַכן מיט ליטעראַטור אַ יום־טוב, שרייבט ער אָן זיין עסיי: „קען ליטעראַטור מאַכן יום־טוב?" און ער דערקלערט אַז ניין — ס'איז עבודה־זרה.

צוליב די אַלע ווידערשפּרוכן און שלעכטע תנאים האָט ער אַפילו פאַר זיך נישט געקענט אַנטפּלעקן אַלע זיינע וויזיעס און אַוודאי און אַוודאי האָט ער נישט געוואָגט דערציילן דעם לייענער וואָס ער, ריווקין, וויל. ער האָט דערפאַר נישט אַריינגעפירט דעם דור צו זיך אין זיינע רחבותדיקע

פּאַלאַצן און אים מהנה געווען מיט דער פולער האַנט פון זיינע וויזיאָנערי־שע עשירות. ער האָט נאָר אָנגעצונדן אַ ליכטל פון דעם גרויסן פלאַם, וואָס האָט געברענט אין אים און אַרויס צו אונדז, דעם אומגלויביקן דור, מיר זענען געשטאַנען אין דרויסן ביי די חורבות און ער האָט געפּרעדיקט צו אונדז, געוויזן מוסטערן פון זיין עשירות און מער נישט. מיר האָבן אים איבערגעוועלטיקט מיט אונדזער צאָל און איינשטימיקער עפנטלעכער מיינונג פון סעקולאַרער גלייכגילטיקייט. אַלץ וואָס מיר האָבן אים געקענט געבן איז אַ ביסעלע מבינות — „ער שרייבט קרעפטיק, פּאָעטיש שיין".

***

זיין שרייבן איז אָנגעלאָדן און איבערגעלאָדן מיט געדאַנקען, שטי־מונגען, פּאַטאָס, ייִדישן אינהאַלט און גרויסע ייִדישע וויזיעס. נישט אַלעמאָל איז ביי אים פאַראַן אַ שטייפע פאַרבינדונג צווישן דער טעמע און דעם געשריבענעם. די זייטיקע געדאַנקען, וואָס זענען וויכטיק פאַר זיך אַליין וועגן אַמאָל אַריבער די הויפּט־טעמע. אָפט פילט זיך אין לייע־נען, אַז דאָס געשריבענע וואָרט איז פאַר אים אַ שטער. נישט ווייל ריווקין האָט עס נישט באַהערשט, נאָר ווייל פאַר אים, דעם פאָלקס־טריבון, פאַר אים, דעם רבין, איז דאָס געשריבענע וואָרט אַ וואַנט צווישן אים און דעם לעבעדיקן מענטשן. און פון ריווקינס שרייבן שרייט אַרויס דער טריבון, דער אָראַטאָר, דער לערער, דער רבי, וואָס ווירקט מער בעל־פּה, ווי בכתב. בדרך־כלל איז אַ רבינס תורה נישט אינגאַנצן קיין קלאָרע און פּראַקטישע תורה. אַ רבי גיט ראשי־פּרקים. די תלמידים, שפּעטער טייטשן זי אויס יעדער איינער אויף זיין אופן. ווען אַ תלמיד פאַרשרייבט דעם רבינס תורה איז זי נישט מער ווי אַ בלאַסע אָפּשפּיגלונג פון רבין. דער עיקר איז אין דעם פאַרשריבענעם דעם תלמידס אויסטייטשונג, זיין אויפנעם פון דער תורה. אַזוי האָט אויך ריווקין געדאַרפט ווירקן.

אָבער קיין רבי האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט די געלעגנהייט צו זיין און איז אפשר נישט געווען מסוגל צו ווערן, צוליב זיין טעמפּעראַמענט, אַפילו ווען די אומשטענדן וואָלטן געווען בעסערע, ווי די אין וועלכע ער האָט געלעבט. קיין אָראַטאָר איז ער אויך נישט געוואָרן. פאַר דעם איז ער געווען צו טיף, צו אָריגינעל. ווען ער האָט זיך געשטעלט ריידן פאַר אַן עולם, האָבן דאָס מויל, די צונג און די ליפּן נישט געקענט אָנהאַלטן די בליציקייט פון זיין טראַכטן. זיין רייד־אָרגאַן האָט נישט געקענט באַ־

דינען זיינע מאָמענטאַלע איינפאַלן און קאַלאַמבורן. דערפאַר ווען ער האָט גערעדט פאַר אַן עולם, האָט ער אָפט געשטאַמלט פון גרויסער עמאָציע, זיך פאַרהאַקט, געקלאַפּט מיטן קולאַק אין טיש און בלויז יחידי־סגולה, וואָס זענען געווען באַקאַנט מיט זיין קרעפטיקער אָריגינאַליטעט, האָבן געהאַט די געדולד און רואיקייט אויפצוכאַפּן אין זיין שטאַמלען, אין זיין פאַרהאַקן זיך, די שפע פון געדאַנקען און די שיינקייט פון אויסדרוק.

זיינע קריטישע אַרבעטן זענען זעלטן געווען אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דעם בוך, אָדער שרייבער וועגן וועלכן ער האָט געשריבן. זיין מעטאָדע דערמאָנט דעם גאַנג פון מדרש, ווו אַ פסוק איז בלויז אַ תירוץ אַרויסצו־ברענגען אַן אייגענעם אָריגינעלן געדאַנק פון בעל־דרשן. ביי ריווקינען איז דאָס בוך, אָדער שרייבער אָפט אַ תירוץ, וואָס גיט אים די געלעגנהייט אַרויסצוזאָגן זיינע מיינונגען. דערפאַר האָט ער זעלטן אויסגעטייטשט דעם טעקסט, וועגן וועלכן ער האָט געשריבן, נאָר ער האָט אין אים אַריינגע־טייטשט ריווקינען. דער מחבר איז ביי ריווקינען געווען בלויז אַ בית־קיבוץ פאַר זיין אייגענער עקזאַלטאַציע. אין אַלע זיינע קריטישע אַרבעטן האָט זיך מער אָנגעזעען ריווקינס פערזענלעכקייט ווי דעם מחברס. ריווקין האָט פאַרשטעלט, פאַרשאָטנט דאָס רעצענזירטע ווערק.

ריווקין האָט אַלעמאָל געהאַט גוטע בשורות פאַרן פאָלק, אָבער ער האָט זיי נישט געוואָלט ברענגען אין זיין אייגענעם נאָמען. ער האָט די בשורות „געפונען" ביי די פּאָעטן און פּראָזאַאיקער פון אונדזער ליטעראַ־טור. אָפט ביי אַזעלכע שרייבער, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געאַנט, אַז זיי ברענגען דערלייזערישע בשורות פאַרן פאָלק, אָדער אַז זיי האָבן געהאַט וועלט־דערלייזערישע וויזיעס.

דאָס בוך, אין וועלכן ער האָט אַריינגעטייטשט זיינע כוונות, האָט ער תיכף־ומיד דערקלערט ווי אַ קאַפּיטאַל ווערק. ס'מיינט, פאַרשטייט זיך, ס'איז נישט קיין אמת גרויס ווערק (ער איז געווען אַ צו גרויסער מבין אויף ליטעראַטור נישט צו דערקענען דעם אמתן ווערט פון אַ בוך). נו, עס פעלט נאָר אַ קלייניקייט, אַז עס זאָל ווערן אַ גרויס ווערק. ווען מען זאָל עס אויסטייטשן און אַריינלייענען אין דעם וויכטיקע געדאַנקען, איז עס טאַקע שוין אַ גרויס ווערק. אָט איז זיין לשון:

„עס פעלט נאָר אַ האָר, עס זאָל ווערן אַ קאַפּיטאַל ווערק: עס איז שוין איצט אַ קאַפּיטאַל ווערק פאַר דעם וואָס קען אַריינלייענען" („אַ גלויבן פאַר אומגלויביקע", ז' 164 — מיין קורסיוו).

ריווקין האָט נישט געהאַלטן פון קיין פאַרווילונג־ליטעראַטור. ביי אים האָט ליטעראַטור געדאַרפט פאַרנעמען דעם אָרט פון עבודה. נאָך מער, דאָס וואָרט האָט שוין געדאַרפט ווערן טאַט. „דאָס ליד וואָס האָט מאַגיק, וואָס כשופט וואָרט און טאָט". איי ס'איז נישטאָ אַזאַ ליטעראַטור, ווייל בעצם וויל דאָך דער פּאָעט בלויז פאַרווילונג? נו, איז עס „די אויפגאַבע פון דער קריטיק אַרויסצוקריגן דעם פּאָעט פון זיין באַהעלטעניש און אַנטפלעקטע'וועלן זיינע לידער ערשט געווינען זייער פולע וואָגיקייט".

ריווקין וויל דיסציפּלינירן דעם מענטשן מיט נדרים און שבועות. ליטעראַטור וויל דאָך מאַכן דעם מענטשן פריי, אַפילו הפקרדיק, באַפרייען דעם מענטשנס עמאָציעס פון צוואַנג פון באַוווסטזין און דרויסנדיקע גדרים. זאָגט ריווקין, אַז ס'איז טאַקע אמת, אָבער עס דאַרף אַזוי נישט בלייבן. ער זאָגט:

„לאָמיר זיך נישט באַנוגענען מיט דער געוויינלעכער פונקציע פון ליד —אָנצושטעקן און צו פאַרכאַפּן דעם לייענער מיט דער איבערלעבונג פון פּאָעט. דאָס יידישע וואָרט דאַרף פאַרצענפאַכן, פאַרהונדערטפאַכן דעם יידישן האָרעפּאַשנעם כוח; פון יידישן וואָרט דאַרף אים צוקומען די גבורה, וואָס זאָל אים אַרויסרוקן אין אַוואַנגאַרד, אין דער פּיאָנערן־ריי פון די פלאַם־פייער־וואַרפער, שטורעם־שלאָגלער און וועלט־איבערבויער" („דאָס ליד ווערט גלייך מקוים" אין „יידישע דיכטער אין אַמעריקע").

גערעכט איז אַבאַ גאָרדאָן:

„ב. ריווקין איז נישט געווען קיין קריטיקער אין איינפאַך פונקציאָנעלן טייטש פון וואָרט — — — ער האָט געגלייבט אין דער מיסיע פון יידישן גוי־קדוש, און אין דער מיסיע פון דער יידישער ליטעראַטור צו העלפן אויסקריסטאַליזירן און דערהויפּט צו פאָרגעשטאַלטיקן די אידעאָלאָגיע פון דעם גוי־קדוש".

ריווקין איז געווען מסוגל צו שאַפן אַ נייעם וועג אין ייִדישן לעבן. ער האָט געהאַט די וויזיע און שעפערישקייט צו רעווידירן ייִדישקייט. ער איז געווען גייסטיק גענוג רייך אויפצושטעלן תלמידים, וואָס וואָלטן זיין תורה אויסגעטייטשט און זי פאַרשפּרייט און אָנגעהויבן אפשר אַ נייע באַוועגונג פון רעליגיעזן איבערבוי צווישן ייִדן. אָבער נישט ער, אַ קינד פון אַ דור, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט דעם גוף אין צענטער פון לעבן, איז געווען ראוי צו ווערן אַ רבי און נישט דער דור, וואָס האָט אָנגענומען די מאַטעריאַליסטישע מאַרקסיסטישע שיטה ווי אַ וועלט־דערלייזערין האָט געדאַרפט האָבן אַזאַ רבין. דערפאַר איז זיין אַרבעט געבליבן אין תוך נישט פאַרענדיקט. ער האָט נישט געוואָגט צו ציִען די מסקנות פון זיינע וויזיעס.

אָבער צווישן די ייִדישע גאָט־זוכער וועט ער פאַרנעמען אַן אָרט אויבנאָן. ער איז געווען איינער פון די וואָס האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאַר וועלט־לעכע ייִדן, אַז זיי זאָלן טיילווייז זיין גרייט אויפצונעמען אַ טעאָרעטישע איבערשאַצונג פון ייִדישע ווערטן און איבערהויפּט זיי זאָלן זיך אויפהערן צו שרעקן פאַר די ייִדישע רעליגיעזע טערמינאָלאָגיעס און סימבאָליק.

זיינע גרונט־הנחות פון ייִדישקייט געפינען זיך אין די צוויי הויפּט־ווערק זיינע — „אַ גלויבן פאַר אומגלויביקע" און „ייִדישע יום־טובים". איך וויל באַמערקן אַז די צוויי ביכער זענען נישט קיין פאָרשונגס־אַרבעטן, וויסנשאַפטלעכע ווערק, באַגרינדעט אויף טעקסטן און מראה־מקומות. דאָס זענען צוויי עקזאַלטירטע ווערק, פּובליציסטיש־פּאָעטישע אַרבעטן, וואָס אויב מען קען נישט אַלעמאָל מסכים זיין מיטן מחברס אויסטייטשונגען, זענען זיי אָבער אַלעמאָל אָנרעגנדיק. מיט זיין פּאָעטישער אינטואיציע האָט ער אָפט דערפילט דעם אמת פון דער ייִדישער געשיכטע אַ סך מער ווי די פאָרשער, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן יאָרן אויף אַזעלכע אַרבעטן. נאָך מער פאַר דעם אַלגעמיינעם לייענער זענען אַזעלכע ווערק אַ סך מער ווירקזאַם ווי טרוקענע וויסנשאַפטלעכע טעקסטן.

די צוויי ביכער זענען דער שליסל צו אַלץ וואָס ריווקין האָט גע־שריבן, דערפאַר איז וויכטיק צו שרייבן וועגן זיי באריכות.

## ב.

## נישטאָ קיין אומגלויביקע ביי ייִדן

אין דעם בוך „אַ גלויבן פאַר אומגלויביקע" רעדט ריווקין צו די וועלטלעכע ייִדן, וואָס האָבן נישט קיין פאָרמאַלן גלויבן, אָדער ווי זיי מיינען, אַז זיי זענען בכלל נישט קיין גלויביקע. ער האַלט אַז זיי זענען אין תוך גלויביקע, נאָר זיי זענען פאַרשקלאַפט צו דער „דיקטאַטור פון די נאַראָנים". דאַרף מען מיט זיי לערנען, אַריינקנעלן אין זיי ייִדישע תורה וועלן זיי ווערן אויס שקלאַפן, און זיי וועלן זיך אויפהערן צו שרעקן פאַרן ייִדישן גאָט.

ער קלייבט אויס אַ מנין ראַדיקאַלן און טייטשט אויס פאַר זיי זיין שיטה. ער פּרוּווט „איבערקומען די הויפּט־מחיצה, וואָס איז אַוועקגע־שטעלט געוואָרן צווישן רעליגיע און וועלטלעכקייט". מיט אָט דעם מנין אומגלויביק־גלויביקע שמועסט ער זיך דורך אין פערצן קאַפּיטלעך.

שוין אין דעם ערשטן קאַפּיטל שטעלט אַוועק ב. ריווקין די ייִדן אין צענטער פון דער וועלט און דערקלערט, אַז זיי זענען דאָס אויסדערוויילטע פאָלק פון אַלע פעלקער. ייִדן האָבן באַשאַפן די משיח־געשטאַלט און נאָך מער, ייִדן זענען דאָס פאָלק וואָס האָט געשאַפן דורך דער משיח־געשטאַלט אַ נייעם געדערכטן מענטשן־טיפּ. „מיר זענען די באַרופענע מענטש־גע־שטאַלטער בצלם־אלהים. מיר זענען „גאָט באַשעפער" און, דורך גאָט, מענטש־באַשעפער און פעלקער־געשטאַלטער".

די וועלט האָט דערוואַרט פון אונדז, אַז מיר זאָלן געבן דעם מוסטער פאַר דער נייער געזעלשאַפט דורך שאַפן אַ שלימותדיקן מענטשן, „אָבער אונדז האָבן נישט געקלעקט קיין כוחות. דערפאַר איז אויפגעשטאַנען היט־לער, ימח שמו, און זיך פאַרמאָסטן אונדז גייסטיק צו טעראָריזירן און פי־זיש אונדז אויסצוראָטן, ווייל מיר האָבן נישט געשפּילט אונדזער אָנגע־צייכנטע ראָלע".

איצט איז געקומען דער טאָג פון וועלט־משפּט — — — „אין דעם טאָג פון משפּט און אין דעם טאָג פון וועלט־גאולה מוזן ייִדן שפּילן אַ הויפּטראָלע. דאַרפן מיר און מוזן מיר קומען מיט דער געהעריקער ייִדי־שער אַקציע. אַנישט וועט דער משחית קריגן די אויבערהאַנט".

אָט די הנחות, וואָס ריווקין מאַכט, זענען די אַלט־נייע רייד פון די נביאים: ייִדן שטייען אין צענטער פון דער וועלט. דער יום־יהוה איז אַ טאָג פון וועלט־משפּט. דער גורל פון דער וועלט ווענדט זיך אָן די מעשים פון די ייִדן. ווען ייִדן תשובה טון, וועט די גאולה קומען.

ריווקין קען זייער וועלטלעכע ייִדן און ווייסט זייער סקעפּטיציזם, ראַציאָנאַליזם און שרעק פאַר דער אַלטער רעליגיעזער טערמינאָלאָגיע. פאַרלויפט ער זיי דעם וועג און זאָגט:

„אָבער וואָס באַדייט עס אַלץ? ווי קען מען — וועט מען פרעגן — היינטיקע צייטן אַזוי ריידן? ווו גאָט, ווו משיח, ווו מענטש געשאַפן בצלם־אלהים, וואָס פאַר אַ פּראַקטישע ממשות האָט די גאַנצע רעליגיעזע סימ־באָליק?"

ריווקין הייבט אָן געדולדיק צו קנעלן מיט דעם מנין, וואָס ער האָט געשאַפן אין זיין פאַנטאַזיע:

די גאַנצע רעליגיעזע סימבאָליק האָט אַ פּראַקטישע ממשות. די ייִדי־שע וויזיע פון משיחן איז נישט געווען גלאַט אַ וויג־ליד צו פאַרשלעפערן

דאָס פאָלק, נאָר „אַ וויזיע־געשטאַלט לויט וועלכער דאָס פאָלק האָט זיך באַשאַפן אויף צו געדויערן דורך די צייטן“.

קען מען עס אויסטייטשן (נישט אַריינטייטשן): דאָס פאָלק האָט גע־שאַפן אַ געשטאַלט לויט וועלכן עס האָט געשאַפן דעם ייִדישן יחיד און איינגעשטעלט זיין הייליק טאָג־טעגלעך לעבן. „משיח, זאָגט ריווקין גאַנץ ייִדישלעך, ·איז נישט געווען בלויז אַ פאָלקס־דערלייזער, וואָס וועט קומען אויף אַ ווייסן פערד מיט אַ שווערד אין דער האַנט. משיח וועט ברענגען דעם לעתיד־לבוא און אַלץ וואָס דעם פאָלק האָט געפעלט, האָבן די נבי־אים אַריינגעטון אין דער וויזיע פון משיחס צייטן; יושר צווישן מענטשן, שלום צווישן פעלקער — — — סאָציאַלע גאולה, פעלקער־גאולה — אַלץ אינאיינעם“.

די משיח־געשטאַלט האָט מאָביליזירט דעם ייִדנס גייסט פאַר דעם האַרטסטן ווידערשטאַנד. זי איז אויך געווען די טרייבקראַפט איינצושטעלן אַ טאָג־טעגלעך לעבן מיט מצוות־מעשיות, וואָס האָבן נישט נאָר געהייליקט דעם ייִדנס טאָג־טעגלעך לעבן, נאָר אויך אים געגעבן אַ וויזיע, צו פאַר־מעסטן זיך קעגן דער וועלט און זיין זיכער מיט אַ נצחון איבער אַלע רשעותדיקע כוחות. ייִדן זענען געמאַכט געוואָרן אָפּצוהיטן, אין פאַקט אָדער סימבאָל, די געזעצן, וואָס זענען געווען גילטיק אין אַמאָליקן ארץ־ישראל. אָן קיין שום אָנשפּאַר אָן היינט איז דער ייִד געווען צוגעשפּאַנט צו אַ קינפטיקן, גייסטיקן איבער־נצחון דורך משיחן.

די תרי״ג־מצוות און די סייגים לסייגים זענען נישט געווען קיין חומ־רות גלאַט אַזוי צוליב פרומקייט, גאָטספאָרכטיקייט.

„זיי האָבן געהאַט און האָבן דעם זעלבסט־היפּנאָז פון טאָג־איבערגע־חזרטע שבועות און נדרים; אַ תרי״ג טאָג־טעגלעכע איבונגען, וואָס קריצן אין גייסט אומצעשטערבאַרע שפּורן, קאָרבן, רינעלעך, קאַנאַלעכלעך פאַר געוווינהייטן: צערעמאָניאַלן אויף שריט און טריט פון באַגינען ביז חצות, וואָס שפּילן דעם פּשוטסטן ייִדן אַריין אין דעם ספּעקטאַקל וואָס ווערט אויפ־געשפּילט אויף דער טעריטאָריע־של־מעלה“ („אַ גלויבן פאַר אומגלויביקע“, ז׳ 14).

אַוודאי קען מען נישט אָנרופן דעם קאָמפּלעט פון מצוות־מעשיות אַ שפּיל און אַ ספּעקטאַקל פון טעריטאָריע של־מעלה. נישט דער ייִד און נישט דער כביכול האָבן געשפּילט טעאַטער. ס׳איז געווען גאָר אַן ערנ־סטער ענין. אָבער איך מיין אַז ער זאָגט עס כדי לשבר את האזן — ער רעדט מיט אַ לשון עס זאָל פאַרשטענדלעך זיין פאַר דעם אויער פון זיינע

לייענער. און אפשר אויך פֿאַר ריווקינס אייגענעם אויער און אויג, וואָס זע־נען צוגעוווינט געווען צו מאָדערנער קונסט.

זיכער מאַכט אויך ריווקין אַ טעות, אַז הלכה, מצוות־מעשיות, איז געווען נישט מער ווי אַ צוועק, אַ מיטל פֿאַרן ייִדישן קיום, וואָס איז „צוגע־שפּאַנט געוואָרן צו אַ קינעטיקן גייסטיקן איבער־נצחון דורך משיחן". דער טעות פֿירט אים צו ווייכן פֿון מצוות־מעשיות. לויט די ייִדישע פֿאַר־שערס האָט הלכה געהאַט דעם צוועק צו הייליקן דאָס לעבן דורך קאָנקרע־טיזירונג פֿון נביאימשער ייִדישקייט. אָבער ריווקין האָט דאָך באַנומען די גרויסע שעפֿערישע ווירקונג פֿון מצוות־מעשיות אין טאָג־טעגלעכן לעבן. דאָס איז דאָס וויכטיקסטע.

„וואָס האָט פּאַסירט, פֿרעגט ריווקין, ווען דער עסיקער שכל פֿון ציוויליזאַציע האָט גענומען אויפֿעסן דעם קלעפּשטאָף — דעם גלויבן — וואָס האָט געגעבן האַפֿט דער געטאָ וועלט און די געפּרעסטע גלויבנס־לופֿט האָט אָנגעהויבן זיך צו צעפֿאַלן, אויסוועפּן?"

ענטפֿערט ריווקין: די תּרי"ג מעטאַלענע כלים האָבן אָנגעהויבן זיך צעפֿאַלן און ס'איז אויפֿגעקומען אַ סכנה, אַז דאָס וואָס עס האָט זיך אָנגע־זאַמלט אין די כלים וועט אויסוועפּן. — — — דעמאָלט האָבן זיך געמעלדט די אַלע מאָדערנע במקומס: ליטעראַטור, קולטור, ציוניזם און סאָציאַליזם.

אָבער ריווקין וואָרנט, אַז אויב מיר ווילן אַז די במקומס זאָל געלונגען איינצוהיטן די אָנגעזאַמלטע גלויבנס־גבורה, בעת דער אַלטער זאַמל־אַפּאַראַט, דער תּרי"ג, איז האַלב צעשטערט געוואָרן, טאָרן נישט די במקומס פֿאַרקוקן דעם עיקר — דעם פֿאַרמעסט אויף דעם צוקונפֿטיקן נצחון: די ייִדישע ראָלע אין אחרית־הימים.

בלויז אין אָט דער פֿאָדערונג ליגט ריווקינס שטאַרקייט. ער וואַגט אַוועקשטעלן ייִדישקייט אין אַ פֿאַרמעסט מיט דער וועלט. דאָ שרעקט ער זיך נישט אַפֿילו צו שאָקירן זיין מנין גלויביקע־אומגלויביקע ראַדיקאַלן.

ריווקין זאָגט, אַז ער ווייסט אַז ביי דעם מאָדערנעם ייִדן איז דער גואל נישט משיח נאָר קאַרל מאַרקס, און מאַרקסיזם שטעלט אַוועק די גאַנצע גאולה בלויז אויף אַן אָנגעפּילטן מאָגן. אויך מיינט דער מאַרקסיזם אַז מען קען איינפֿירן מלכות־שדי דורך צוואַנג און דורך „אָפּשמדן" פֿעל־קער במקום יחידים. אָבער דער ייִדישער דרך, האַלט ריווקין, איז אַנדערש. מען דאַרף אָנהייבן מיטן יחיד.

ער באַנוצט אַ באַפֿליגלטן און מליצהדיקן לשון צו דערקלערן עס, אָבער דער תּוך פֿון אַלטן ייִדישן וועלט־באַנעם איז דאָ ביי אים. די גאולה

פון דער וועלט און פעלקער הייבט זיך אָן פון דעם יחיד, וואָס איז פאַר־אַנטוואָרטלעך בלויז צום בורא־עולם. דער מענטש קען דערגרייכן צום כביכול נאָר דורך מעשים. דער מענטש דאַרף אויף זיך אַרבעטן כדי צו דערגרייכן צו שלימות — מעכאַניש דורך אַ געבאָט און פאַרבאָט קען מען נישט שאַפן קיין אידעאַלע געזעלשאַפט. און ער זאָגט קלאָר:

„אָבער ווי באַוווסט, אַלע וואָס זענען באַשעפטיקט מיט פּלענער ווי אַזוי צו איבעראַנדערשן דעם וועלט־סדר — די סאָציאַליסטן מכל־המינים — זענען מעכאַניקער, האַנט־אַרבעטער, וואָס ווען די געלעגנהייט קומט ווערן זיי, אַלע ווי איינער, יד־חזקהניקעס. אַ סך תורה האָבן זיי אָנגעשריבן אויף דער איבערקערעניש אין דער מאַטעריאַלער אָרדענונג — און דער מענטש? זיי זענען יוצא מיט דער אָרדענונג. דער מענטש וועט זיך שוין ווי עס איז אין דער אָרדענונג אַריינשטוקעווען. אַפילו ווען זיי וועגדן אָן קולטור־מיט־לען, איז עס אויך מעכאַניש אַריינגעשטוקעוועט קולטור״ („אַ גלויבן פאַר אומגלויביקע״, ז׳ 18).

„אַזוי האָבן זיי אויך אין סאָוויעט־רוסלאַנד געטון; דעם עיקר האָבן זיי פאַרזען — אַז מיט דער געשטאַלטונג פון דער אָרדענונג האָט געדאַרפט מיטגיין אַ נייע געשטאַלטונג, די נייע באַשאַפונג פון גאַנצע מענטשן״ (דאָרט).

זעלטן ווען מען הערט אין דער יידישער ליטעראַטור אַזעלכע שטאָלצע רייד. וויי‌ניק יידישע דיכטער און דענקער האָבן אין די לעצטע תקופות געהאַט דעם נביאישן מוט צו פאַרמעסטן זיך מיט דער וועלט. געוויינלעך באַנוגענען זיך יידישע שרייבער צו באַווייזן אַז מיר זענען אַזוי גוט ווי די אַנדערע פעלקער, נישט ערגער. קיינמאָל נישט בעסער און קיינמאָל נישט אַזוי אַנדערש אַז מיר קענען אָפּפרעגן די וועלט. און אַוודאי, אַוודאי זענען מיר קיינמאָל נישט אַזוי וויכטיק, אַז די וועלט דרייט זיך אַרום אונדז און קען נישט אויסקומען אָן אונדזער ברכה. ריווקין וואָגט אויסצורופן:

„אַ וועלט־טיש דאַרף געגרייט ווערן פאַר דער וועלט־אַרעמשאַפט. עס איז נישט קיין אויפגאַבע פאַר אונדז אַליין, נאָר די ברכה דאַרפן מיר געבן, די גייסטיקע פאָרמולע״ (דאָרט, ז׳ 20 — מיין קורסיוו).

***

ב. ריווקין זוכט אַ וועג צום יידישן רעליגיעזן רענעסאַנס, וואָס קען נאָר זיין דער איינציקער שוץ קעגן אַלע אומגליקן. ער גלייבט נישט צופיל אין דער אָרטאָדאָקסיע, וואָס קלאַפּט צו דעם אין־סוף, צום הימל. זי איז פאַרגליווערט. „אַנטקעגן אונדזערע פרומע פאַרזיגלער און פאַרריגלער האָבן שוין אונדזערע אומגלויביקע אַ גרויסע מעלה: האָבן זיי אָנגעווירן

דעם גלויבן אין משיחן, האָבן זיי (אָבער) נישט אָנגעוווירן דעם חוש פאַר משיחס צייטן״ (ז׳ 85). „די ייִדישע אויפלעבונג, די ייִדישע שעפערישקייט. די ייִדישע ווידערגעשטאַלטונג פון מענטשן — און דער קינפטיקער אַל־ייִדישער־גאָט־מאָביליזאַציע טאָרן נישט אויסגעלאָזן ווערן די אומגלויביקע, ווייל זיי זענען אונדזער אַקטיווע מאַיאָריטעט״ (דאָרט, ז׳ 21). אָבער דער אומגליק איז וואָס זיי גלויבן נישט אין גאָט און קווענקלען זיך אַפילו צו דערמאָנען זיין נאָמען. אָבער ריווקין מיינט אַז זיי זענען גאָרנישט אומגלויביק. ער האַלט ווי טאָלסטאָי: „נישטאָ אַזאַ זאַך ווי אַן אומגלויביקער ייִד״. „דער מהלך צווישן די גלויביקע און אומגלויביקע איז גאָר קיין מהלך נישט, ווייל כאָטש אין גאָט גלויבן זיי נישט אָבער דעם עיקר פון גאָטס גלויבן האָבן זיי. אָט די ראַדיקאַלן פאַרמאָגן גלויבנס־ענערגיע, איינגעשפּאַרטע גלויבנס־ענערגיע פאַרמאָגן זיי, און האַנדלען אין טראַכטן לויט צוקונפט־אידעאַלן, נו, דאָס איז אמונה, ייִדישע אמונה״. „פון ייִדיש־געשיכטלעכן גלויבנס־רעזערוואַר האָבן זיי עס אָנגעשעפּט, כאָטש עס דאַכט זיך זיי אַז זייער גלויבן שטאַמט פון אַן אַנדער מקור״ (דאָרט, ז׳ 23).

ריווקין רעדט פּאָטערלעך צו זיינע תלמידים — דער מנין גלויביק־אומגלויביקע, וואָס ער האָט אָנגעזעצט אויפן תלמידים־באַנק: איך ווייס, איך ווייס, גאָט און משיח זענען טאַקע גרויל־ווערטער פאַר אייך. אָבער, גזלנים, וואָס שרעקט איר זיך אַזוי פאַר ווערטער? אין מאָדערנע וויסנשאַפטלער גלייבט איר יאָ? נו, אָט זאָגט דער ייִדיש־פראַנצויזישער סאָציאָלאָג עמיל דורקהיים אַז גאָט איז דער לעבנסווילן פון אַ היסטאָרישער געמיינשאַפט, וואָס לעבט מער אָדער ווייניקער אויף אַ באַשטימטער טעריטאָריע. נו, איז דאָך אַלץ כשר! די פאָרמולע איז צוגעפּאַסטער נאָך מער פאַרן ייִדישן פאָלק, וואָס האָט פון איר געשיכטע געשאַפן אַזאַ טעריטאָריע, וואָס קען עקזיסטירן נישט געקוקט אויף אַלע מאַטעריעלע אוממעגלעכקייטן — אַן ארץ־ישראל־של־מעלה. פאַרגעסט, איר אומגלויביק־גלויביקע, וואָס די גראָשנדיקע קענטעניש פון דער וויסנשאַפט האָט אָפּגעפּסקנט: ס׳איז נישטאָ קיין גאָט און ס׳איז אויך נישטאָ קיין נשמה. ס׳איז אַ ליגן. באַפרייט זיך פון דער דיקטאַטור פון די נאַראָנים. יאָ, ס׳איז טאַקע אמת, וואָס ד״ר חיים זשיטלאָווסקי זאָגט, אַז ס׳איז דאָ אַן אידייען־פאַרבינדונג צווישן מאַרקסיזם און אַטעאיזם. אָבער דאָס האָט פּאַסירט, ווייל די פרומע טעאָלאָגיע איז געווען היפּאָקריטיש און האָט פאַרזען די מאַטעריעלע עקאָנאָמישע ווירקלעכקייט. דערפאַר האָט קאַרל מאַרקס גע־

שאַפֿן אַ נייע טעאָלאָגיע: עקאָנאָמיק איבער אַלץ! היט זיך פֿאַר אָט דער נייער טעאָלאָגיע, זי האָט געבראַכט אי דעם נאַציזם, אי דעם פֿאַשיזם. זי האָט אָוועקגערויבט ברויט פֿון מיליאָנען מיילער. פֿריִער איז געווען אָבער־גלויבישער גלויבן און איצט אָבערגלויבישער אומגלויבן! (דאָרט, ז׳ 23).

איז וואָס איז דער אויסוועג? דער אויסוועג איז, זאָגט ריווקין: לאָזט זיך נישט בכלל אַריין אין טעאָלאָגיע, „וואָס איז פֿאַר אונדז טעאָלאָגיע ווען מיר מאַכן אַזאַ ריזיקן עקספּערימענט! נישט דעבאַטירן, נישט אַר־גומענטירן, נישט פֿילאָסאָפֿירן נאָר עקספּערימענטירן! עס איז פֿאַראַן אַן עקספּערימענטאַלער מעטאָד אויף צו געפֿינען גאָט, נוצנדיק די אייגענע נשמה פֿאַר דעם הויפּט־אינסטרומענט״ (דאָרט, ז׳ 34).

נאָר די צרה איז וואָס מען קען נישט עקספּערימענטירן אָן אַ גלויבנס־אַפּאַראַט. „גלויביקע האָבן געהאַט גלויבנס־טעכניק און די נישט־גלויביקע האָבן עס נישט״ (דאָרט, ז׳ 36), איז טאַקע נישט גוט. אָבער אַ שטיקל אויסוועג איז דאָ. די נייע גלויביקע קענען טאַקע נישט קושן קיין ציצית, מאַכן קידוש און אָנטון תפֿילין. אָבער זיי קענען זיך אָנהייבן איבן, אַז די נשמה זאָל ווערן אַ כּלי צו דינען און צו אָנצאַפּן גלויבנס־קראַפֿט און לעבנס־זאַפֿט פֿון ייִדישן רעזערוו.

ווי אַזוי? ער שלאָגט פֿאַר פֿאַרן ערשטן פּרוּוו איינפֿירן דעם באַגריף נדר ווי ביי די פֿרום־גלויביקע.

„נדר, די שבועה, וואָס דער גלויביקער נעמט אויף זיך אָפּצוהיטן געוויסע האַנדלונגען, אָדער צו פֿאַרווערן זיך געוויסע האַנדלונגען — דאָס איז דאָס געצייג אויף אָנצוציען נשמה־גבֿורה. נישט די מצוות גופֿא, נאָר דער נדר, וואָס באַגלייט זיי, דער נדר צו מקיים זיין — דאָס איז דער עיקר. די געבאָטן און פֿאַרבאָטן, די מצוות פֿון טון און נישט טון, די דיסציפּלין און זעלבסט־דיסציפּלין, וואָס זיי לייגן אַרויף אויף אים — זיי איבן זיין נשמה, פֿאַרהאַרטעווען זי ביז מאַטעריעלע ממשות — — — פֿאַר דער שטאַרקונג פֿון דער נשמה איז דער נדר וויכטיקער ווי די האַנדלונג, וואָס איז פֿאַרנדרט געוואָרן — די מצוות וואָס גאָט האָט געבאָטן״ (דאָרט, זז׳ 38, 39).

דאָ האָט ריווקין באמת געגעבן אַ פֿאָרמולע, וואָס האָט געקענט אַר־בעטן, ווען ער וואָלט נישט מורא געהאַט פֿאַר די לאָגישע שלוסן — אַן אָפּקלייב פֿון מצוות־מעשׂיות. דערווייל אַ קליינע אָבער שפּעטער, מיטן צוגעוווינען זיך צו גייסטיקע דיסציפּלין וואָלטן זיך די מצוות־מעשׂיות פֿאַרמערט, אויך געקריגן אַ זין און וואָלטן מיט דער צייט אָנגעהויבן ווירקן ווי דער אַלטער תרי״ג. אמת, ער זאָגט אַז „נישט די מצוות זענען דער

עיקר, נאָר דער נאַר, וואָס באַגלייט זיי. דעם נדר מקיים זיין איז דער עיקר״. אָבער עפּעס דאַרף דאָך זיין צו מקיים זיין. אַ נדר און אַ שבועה זענען דאָך צו עפּעס מחייב.

ס׳איז טאַקע ריכטיק, אַז אָפּהיטן מצוות צוליב דיסציפּלין, אַפילו צוליב ברענגען מלכות־שדי ווען ס׳איז נישטאָ קיין יראת־שמים, איז אַ שווערער ענין. אָבער מיר זעען איצט אין אונדזער מאַטעריאַליסטיש־ראַציאָנאַליס־טישער ציוויליזאַציע אַז אַ גלויבן נישט צוגעבונדן צו אַ בלינדער איבער־נאַטירלעכער מאַכט אַרבעט אויך. גלויבן אַליין איז אַ גענוגנדיקער יש פאַר איינצושטעלן אַ צערעמאָניאַל. אָפט פירט דער גלויבן אין אַן אידייע אַפילו צו מסירת־נפש, ווי מיר האָבן עס געזעען ביי אַלערליי מינים סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן און אַפילו ביי נאַציס און פאַשיסטן. וועלכע בלינדע קראַפט הייסט מאַרשירן דעם ערשטן מאַי אויסגעפּוצט אין רויטע סטענגעס, מיט אַ ים „איקאָנעס״ און אַנדערע צאַצקעס? אין געוויסע מינוטן הייבט אויף די גאַנצע מאַרשירנדיקע עדה די רעכטע האַנט, פאַרשטייפט אין אַ קולאַק און שרייט אויס לאָזונגען. זיי חזרן איבער די לאָזונגען נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל מיט רעליגיעזן עקסטאַז און אַלע אין איין קול. וואָס פאַר אַ גרעסערער זין איז דאָ אין אָט דעם ריטואַל ווי אָנצוטון טלית און תפילין ביים דאַוונען, אָדער שאָקלען מיט לולב און קלאַפּן הושענות?

און ריוואָקין איז מודה אַז „פון דעם שטאַנדפּונקט, עס מיינט פון דעם שטאַנדפּונקט פון נדר און זעלבסט־דיסציפּלין איז נישט קיין פאַרברעכן זיך לאָזן אויפרופן צו דער תורה, בענטשן מיט אַ מזומן און פראַוון בר־מצווה״.

וויבאַלד אַזוי האָט ריוואָקין געדאַרפט אויסרופן צו זיין מנין תלמידים אומגלויביק־גלויביקע: ייִדן, הייבט אָן צו עקספּערימענטירן! עפנט אייגענע בתי־מדרשים, ווו איר זאָלט זיין פריי צו דאַוונען אויף אייער שטייגער. הייבט אָן אָפּצוהיטן שבת און יום־טוב אויף אייער אופן. הייבט אָן צו לעבן ווי ייִדן. דורך עקספּערימענט וועט אייער נשמה זיך שטאַרקן און אָננעמען זיך מיט גבורה און איר וועט דערגרייכן די מדרגה פון אייערע טאַטעס און זיידעס.

אָבער ער דערפירט נישט דערצו. אַלץ וואָס ער קען פּראַקטיש פאָר־שלאָגן איז מען זאָל אויף זיך נעמען אַ נדר „יעדן „פעי־דעי״ (טאָג פון קריגן שכירות) זאָל מען באַשטימען אָפּצולייגן נשמה־מעשר פאַר ארץ־ישראל — פּינקטלעך אויפן זייגער״ (דאָרט, ז׳ 43) און זאָל מען שאַפן

קבוצות אין אַמעריקע, „דאָס קייטלט זיך צו אַ קבוצה, אויב איר זענט אַ ייִד; צו אַ קאָלכאָז, אויב איר זענט אַ גוי, אָדער צו אַ קאָאָפּעראַטיוו־קאָלאָניע אין אַמעריקע, וואָס אַלע דריי זענען זיי ראוי איינצופּאַסן און דאַרפֿן געבראַכט ווערן איינצופּאַסן דעם ניי־ייִדישן און אַלט־ייִדישן צו־קונפֿט־גלויבן צוזאַמען" (דאַרט, ז' 44).

אַ קבוצה אין ישראל און קאָאָפּעראַטיוו־קאָלאָניע אין אַמעריקע, וואָס זענען באַוווינט פֿון הונדערט פּראָצענט ייִדן קען אַלץ זיין פּאַגאַניסטיש, אויב דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן ווערט נישט געהייליקט דורך הלכה — מצוות־מעשיות בין אדם־למקום און בין אדם־לאדם און אַ באַשטימטן צע־רעמאָניאַל, וואָס איז דאָס ספּעציפֿיש־ייִדיש וואָס ריוווקין הייסט אַריינלייגן אין זיי?

מאָדנע! ריוווקין האָט אַזוי קלאָר געזען ייִדישקייט און געהייסן זיך נישט שרעקן און שרעקט זיך אַליין דורכצופֿירן די לאָגישע שלוסן פֿון זיינע וויזיעס.

ג.

## צוויי מאַנדאַטן

מיר זעען קלאָרער זיין שרעק פֿאַר קאָנקרעטיזאַציע פֿון ייִדישקייט ווען ער רעדט וועגן די צוויי מאַנדאַטן וואָס זענען געגעבן געוואָרן ייִדן אויסצופֿירן: ארץ־ישראל און שפּילן די הויפּט־ראָלע אין משיחס צייטן.

אין 1936 האָט ריוווקין פֿאָרויסגעזאָגט אַז ייִדן וועלן קריגן ארץ־ישראל, צי די פֿעלקער ווילן עס יאָ צי זיי ווילן עס נישט. ייִדן וועלן קריגן ארץ־ישראל נישט ווייל זיי האָבן אַ געשריבענעם מאַנדאַט פֿון ענג־לאַנד, נאָר ווייל די ייִדישע שעפּערישע עקשנות האָט געהאַט דעם ענדציל אַלעמאָל פֿאַר די אויגן.

„און אַלץ וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט און וועט זיך טון: מלחמות און רעוואָלוציעס, קאַטאַסטראָפֿעס און מערכות, מקוים־געוואָרענע קללות און נאָך נישט קיין מקוים־געוואָרענע ברכות — זענען נאָר ווער־טער פֿון יענעם אייביקן מאַנדאַט, וואָס רינט אין און מיט — דעם ייִדנס בלוט. טויב, שטום, בלינד און משוגע — די געשיכטע פֿון פֿאַרצייטן ביז היינט, אַליין נישט וויסנדיק דערפֿון, רעדט נאָר וועגן דעם, נאָכזאָגנדיק אות ביי אות יענע ייִדישע, בלוטיקע און פֿאַרבלוטיקטע ווערטער — ובא לציון גואל... אַנישט האָט די וועלט קיין קיום נישט" (דאַרט, ז' 70).

„אָט דער רעזערוו פון גייסטיקער ענערגיע האָט אויך אָנגעשטעקט די אַנדערע פעלקער, אַז זיי מוזן אויך העלפן אין דער פאַרווירקלעכונג פון אייביקן ייִדישן מאַנדאַט” (דאָרט, ז׳ 73).

די אינעווייניקסטע שבועה, דער נדר טרייבט אונדז און פירט אונדז בלינדערהייט צו רעאַליזירן דעם אומקער קיין ארץ־ישראל. אָט די אַבסטראַקציע וועגן ארץ־ישראל האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ווירקלעכקייט, וואָס איז משפּיע אויף דער ייִדישער סביבה. די בויער פון ארץ־ישראל, די חלוצים זענען אַ רעזולטאַט פון די נדרים און שבועות. דער נישט־געשריבענער אייביקער מאַנדאַט, אַן אָפּדוכטעניש קען אויך ווערן אַ פאַקט.

ווען ריווקין וואָלט איצט געלעבט, וואָלט ער געזאָגט: זעט, אפּיקורסים, איך בין דאָך געווען גערעכט.

אויף צו פאַרווירקלעכן דעם ארץ־ישראל־מאַנדאַט האָט ער געהאַט אַן אָנשפּאַר — די בויער פון ארץ־ישראל און די חלוצים, קאָנקרעטיזירטער גייסט.

וועגן צווייטן מאַנדאַט — אונדזער הויפּט־ראָלע אין משיחס־צייטן, זאָגט ריווקין, אַז אָט דער מאַנדאַט האָט געהאַט אַ שלעכטע מערכה ביי ייִדן, סיי פון לינקס און סיי פון רעכטס (איך וואָלט צוגעגעבן אויך ביי ריווקינען — ש. ס.). פון לינקס שרייט מען משיח איז געשטאָרבן. אפילו ד״ר זשיטלאָווסקי האָט געפּסקנט, אַז די אידייע פון משיח איז „אַ העסלעכער אָבערגלויבן”. פון רעכטס האָט מען די ייִדישע ראָלע אין אויסלייזונג אַלץ מער אויסגעליידיקט פון אינהאַלט. אַלץ דין־דינער געמאַכט ביז זי איז פאַרדינט געוואָרן אין אַ שאָטן, אין אַ בלאַסער מיסיע, וואָס אַפילו די ייִדישע גבירים קענען זי נעמען אין מויל אַריין אָן שאָדן. ביידע האָבן געמאַכט דעם טעות און געמיינט „אַז משיח איז נישט קיין אידייע נאָר אַ געשטאַלט”.

„אָבער דער אמת איז אַז משיח איז אַ וויזיע — אַ צוקונפט־וויזיע און וואָס מען באַדאַרף באַרעכטיקן זי מיט מעשים. ס׳איז אַ מעטאָד פון כוח־דערלאַנגונג — פון געשטאַלט געבן ווי אַ מוסטער צו שאַפן אַ לעבן. דעם מעטאָד האָבן ייִדן נישט דערפונען, עס איז אַן אַלט־מענטשלעכער קנין, אָבער צוליב ספּעציעלע געשיכטלעכע אומשטענדן האָבן ייִדן עס פאַרפולקומט. מוסאָליניס פאַשיזם, היטלער־נאַציזם (אין דעם מאָמענט, זאָגט ריווקין, ווייל ער נאָך רוסלאַנד נישט אַריינמישן) האָבן געגעבן אימיטירטע פאַלפיצירטע געשטאַלטגעבונג” (דאָרט, ז׳ 78).

ריווקין מיינט אַז די פּרושימשע הלכה, דער תרי״ג האָט געהאַט נאָר איין עובדא צו דערטראָגן דעם קיום פון פאָלק אָן לאַנד ביז משיחס־צייטן, ווען משיחס גאולה וועט צוריקברענגען דאָס פאָלק קיין ארץ־ישראל (דאָרט, זז׳ 82, 83 און זע דאָס גאַנצע קאַפּיטל „הויפּט־ראָל אין משיחס צייטן״). ער גיט צו אַז דער תרי״ג האָט נישט נאָר אויפגעהאַלטן יידישן קיום, נאָר אויך געפורעמט דאָס פּנים פון פאָלק און מאָדעלירט זיין כאַראַקטער. איצט אָבער מיינט ער איז פרומקייט געפערלעכע עבודה־זרה, וויל פרומקייט מיינט נישט אַנדערן, נישט עפּענען און ווי זיי וואָלטן איינגאַנצן פאַרגעסן, אַז די יידישע רעליגיע האָט געהאַט אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר משיחס־צייטן. די פרומע זענען איצט געוואָרן צדיקים חיי־אדמניקעס, וואָס האָבן זיך איינגעקריצט דינים אין הארצן, אָבער נישט קיין צדיקים וואָס געבן זיך אָן אַליין ווי מוסטער־געשטאַלטן.

ריווקין פאַלט דאָ אַריין אומבאַוווסטזיניק אין דעם טאָן פון נייעם טעסטאַמענט וועגן ענין מצוות־מעשיות. זיינע רייד זענען נישט מער ווי אַ פאַראַפראַזירונג פון דעם פּסוק „מיר דינען אין דער נייקייט פון גייסט און נישט אין דער אַלטקייט פון אות״ (רוימער ז״ו).

ריווקין ווייסט, אָדער דאַרף וויסן, אַז די פּרושים אַליין האָבן אויפגענומען דאָס פּראָבלעם פון פאַרגליווערטקייט און די שווערקייט, ווען ריטואַל ווערט מצוות־אנשים־מלומדה — אַן איינגעחזרטער ענין. דאָס אָפּהיטן ווערט אַ זעלבסטשטענדיקע זאַך און אָפט גאָר אַן עבודה־זרה. די משנה זאָגט: (סוטה, פרק ג׳, משנה ד׳) די שלעק פון פּרושים ברענגט אום די וועלט. די גמרא פאַרברייטערט עס (סוטה, דף כ״ב, עמוד ב׳) און רעכנט עס זיבנערליי פּרושים, צווישן זיי ווערט אויך אַריינגערעכנט איינער וואָס טוט מצוות צוליב שכר ועונש. לייזן דאָס פּראָבלעם איז שווער אָבער זיכער איז נישט דער אויסוועג אָננעמען דעם גרינגן וועג — אָפּזאָגן זיך פון מצוות־מעשיות און שטעלן אַלץ אויף כוונה. די דינאַמישע רעליגיע מוז זיך קאָנקרעטיזירן — דאָס איז דער יידישער וועג. מען דאַרף בייקומען מכשולים דורך פאַרטיפן ריטואַל.

ריווקינען איז גוט באַקאַנט אָט דער געדאַנקען־גאַנג. ער זאָגט אַליין: „איז וואָס זאָלן מיר טון צו ווערן מוסטער־געשטאַלטן? עס דאַרף אונטערקומען אַ האַנדלונג — אין אַ געוויסער ריכטונג, צו אַ געוויסן ציל, לויט אַ געוויסן מעטאָד, אַ האַנדלונג, וואָס ענטפערט געני אָפּ די איינגעבוירענע, געירשנטע „פּסיכאָ־פיזישע שטעלונג״ — געני, לויטן זעלביקן

מעטאָד, ווי זיי האָבן זיך אויסגעפּורעמט אין פאַרלויף פון דער געשיכטע — און אָט די האַנדלונג וועט דעם גלויבנס־אַנגעלויף אַרויספאָדערן" („אַ גלויבן פאַר אומגלויביקע", ז' 94).

דאַכט זיך קלאָר „לויטן זעלביקן מעטאָד, ווי זיי האָבן אויסגעפּורעמט אין פאַרלויף פון געשיכטע" — עס מיינט מצוות־מעשׂיות, ייִדישקייט, קאָנקרעטיזירט אין אַ לעבנס־שטייגער. נישטאָ קיין אַנדער וועג. דאַרף ריווקין עס פאָדערן, ווייל זיינע וויזיעס האָבן עס פון אים געפאָדערט. אָבער ער פאָדערט עס נישט. ערשטנס, ווייל ער ווייסט, אָט ווי פּרץ האָט געוווּסט, אַז דער מאָדערנער מענטש קען נישט פירן קיין דיסציפּלינירטן לעבן. ער איז צעווייטיקט, צעקוועלט מיט רואינירטע נערוון, אָדער ווי ריווקין זאָגט:

„צום באַדויערן, די אידייען־נעץ, וועלכע האַלט די מערסטע פון אונדז געפאַנגען, האָט אונדז אַריינגעוואָרפן אין אַ הילפלאָזן צושטאַנד" (דאָרט, ז' 94).

צווייטנס, ווי עס איז באַהויפּט געוואָרן אין אָנהייב פון דער אַרבעט: ער איז געווען איינער פון אונדזער דור און ער האָט געדינט צום געץ פון אונדזער צייט־קונסט. ליטעראַטור, טעאַטער, מוזיק, מאָלעריי זענען געווען זיינע פעטישן פון וועלכע ער האָט זיך נישט געקענט באַפרייען. דעם צווייטן מאַנדאַט — איבערשאַפן דעם ייִדישן מענטשן אין דער געשטאַלט פון משיחן און מיר ייִדן זאָלן ווערן ווי אַ פאָלק פון מענטשן אין צלם־אלהים און שפּילן די הויפּט־ראָלע, ווען די ענדגילטיקע גאולה וועט קומען — אָט דעם מאַנדאַט גיט ער איבער צו דער קונסט, צו דער ייִדישער ליטעראַטור.

„וועל איך נאָך אַמאָל און ווידעראַמאָל צו זיי זאָגן: האַנדלט אויף משיח! האַנדלט אויף בראַ־בצלם — אויף מענטש־באַשאַף לויט וויזיע־געשטאַלט. וועלן זיי דאָך מיך פרעגן: ווי אַזוי טוט מען דאָס? מיר ווייסן דאָך אַפילו נישט ווי אָנצוהייבן! וועל איך זיי ענטפערן: איר זאָלט נישט וויסן וואָס מענטש־געשטאַלטונג איז? דאָס איז דאָך די קונסט, וואָס איר סאַמע עצם איז בראַ־בצלם — דאָס איז דאָך די ייִדישע ליטעראַטור, וואָס איר טייערט און פייערט! איז פאַר אייך דען אַ סעקרעט, אַז ווען אַפילו אין לעבעדיקן לעבן איז עס נישט אַזוי קענטיק, שפּאַרט און קוועלט משי־חיסטישע וויזיאָנערישקייט פון דער ייִדישער ליטעראַטור. **אויב פאַר דעם ארץ־ישׂראל מאַנדאַט האָבן מיר אַן אָנשפּאַר אין דער זיך בויענדיקער ארץ־ישׂראל**, האָבן מיר אין דער ייִדישער ליטעראַטור אַן אָנשפּאַר אויף דעם משיח־מאַנדאַט" (דאָרט, ז' 95 — מיין קורסיוו).

וואָס מיינט עס? עס מיינט אַז זיין גאַנצער שרייבן בלייבט נישט מער ווי אין גדר פון ליטעראַטור. גוטע ליטעראַטור — אָבער נישט מער. ער האָט נישט דערפירט צו דעם אַז זיין וואָרט זאָל ווערן טאָט — מעשים.

*
* *

צו קיין העכערער מדרגה ווי ליטעראַטור דערגרייכט ער נישט אויך אין זיין בוך „יידישע יום־טובים״. ער פאַרשטייט דעם טיפן זין פון יידישן יום־טוב. ס׳איז נישטאָ אין דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור קיין בע־סערער יום־טוב־בוך ווי זיינער. יעדער קאַפּיטל איז אַ געזאַנג צו אַ באַ־זונדער יום־טוב. אָבער ריוווקין באַנוגנט זיך דאָך נישט מיט ליטעראַטור. ער וויל דאָך באַנייען יידישקייט. ער זעט די כוחות וואָס יווירן אין איצטיקן יידישן לעבן וואָס זוכן אַ יידיש־רעליגיעזן רענעסאַנס:

„אין דעם צוזאַמענבונד צווישן שול און טעמפּל — אַ ניי־באַשאַפענער צערעמאָניאַל. אַ נישט געבונדענער צו אייזערנע פאַרשריפטן, אַ פריי־קינסט־לערישער, און שעפערישן שווונג אימפּראָוויזירטער, אויף אונדזער צייט און אויף אונדזער וועלט אַרויפגעשפּילטער רעליגיעזער ספּעקטאַקל און אַט וואָס עס וועט אונדז זאָגן:

וקרב פזורינו — איך נעם צונויף אונדזערע פאַרשפּרייטע פון צווישן די פעלקער און קלייב אויף אונדזערע פאַרוואָגלטע פון די עקן פון דער ערד״ („יידישע יום־טובים״, ז׳ 17).

נו, פאַר אַזאַ עקספּערימענט דאַרף מען דאָך האָבן אַ שול, אַ בית־מדרש, אַ טעמפּל, אַ קהילה, אַ מנין אומגלויביק־גלויביקע, וואָס זאָלן אויף זיך נעמען דעם יאָך. נו, גוט, אָדער שלעכט, מיר האָבן נישט די אַלע זאַכן, דאַרף דאָך ריוווקין פאָדערן, מאָנען, שרייען, בייזערן זיך און שטראָפן. און אַוודאי און אַוודאי דאַרף ער באַגריסן יעדן פּרווו, יעדן נייעם עקס־פּערימענט. אָבער נישט ער פאָדערט נייע בתי־מדרשים, נישט ער מאָנט קהילות, נישט ער בייזערט זיך און שטראָפט, אַז מיר יידן לעבן אַ פּוסטן לעבן, און נישט ער באַגריסט נייע פּרווון. אָט דערציילט ער פון אַן עקס־פּערימענט מיטן שבת אין בויבעריק; וועגן אַ פּרווו מיט דער הילף פון דער יידישער ליטעראַטור איינצושטעלן אין דעטראָיט די יום־טובים פסח און שבועות — און ריוווקין הייסט וייטער נישט עקספּערימענטירן. ער פאַרדאַמט עס ווי עבודה־זרה (זע: „קען ליטעראַטור מאַכן יום־טוב״, דאָרט, זז׳ 40 ביז 45).

ער איז אַלץ אונטער דעם כשוף פון דער מאָדערנער עבודה־זרה־קונסט — ער מיינט אַז נאָר קינסטלער, פשוט אַקטיאָרן (זע דאָרט, ז׳ 209), קענען צוריק רעסטאַווירן דעם ייִדישן יום־טוב. ביי אים איז יום־טוב עפּעס אַ מין שפּיל „וואָרהאַפּטיק, אַן אַלט־נייע רעליגיע ווערט ווידערגע־בוירן אונטער דעם שאָטן פון אליהו הנביאס באַרג — שפּילנדיק״ (דאָרט, ז׳ 181).

דעם יום־טוב נעמט ער אַוועק פון פאָלק און גיט אים איבער צום טעאַטער. די „הבימה״ וועט שאַפן דעם צערעמאָניאַל יום־טוב פאַר אַמע־ריקאַנער ייִדן! (דאָרט, זז׳ 151 ביז 157). די גאולה צו דער וועלט קענען ייִדן ברענגען דורך ספּעקטאַקל.

„אַ נייע מתן־תורה דאַרף קומען פון די ייִדן צו די פעלקער. און אַ גראַנדיעזער ספּעקטאַקל וועט זיך שפּילן פון אינדיען ביז עגיפּטן, פון מאָסקווע ביז ירושלים, מיט דער סימבאָלישער משיח־געשטאַלט, אַלץ אומזיכבאַרן דיריזשאָר״ (ז׳ 229).

דאָס מיינט, אַז נישט געקוקט אויף זיין גאַנצער עקזאַלטאַציע, נישט געקוקט אויף זיינע גרויסע וויזיעס פאָדערט ער נישט קיין איבערבראָך אין ייִדישן לעבן. עס בלייבט אַלץ ביים אַלטן — ליטעראַטור: פּראָזע און ליד, טעאַטער און מאָלעריי. ער איז געבליבן דינען די מאָדערנע געטש־קעס. עס איז פאַראַן אַ גמרא:

„מנשה האָט זיך באַוויזן צו ר׳ אשי אין חלום. האָט צו אים געזאָגט ר׳ אשי: פאַרוואָס פלעגט איר דינען עבודה־זרה? האָט ער אים געענטפערט: ווען דו וואָלסט געלעבט אין יענער צייט וואָלסטו אויפגעהויבן די פּאָלעס, דו זאָלסט קענען גרינגער לויפן, און נאָכלויפן נאָך מיר״ (סנהדרין ק״ב, עמוד ב׳).

מנשה ווערט אין יענעם עמוד גמרא געשילדערט ווי אַ גרויסער תלמיד־חכם און אַ פרומער ייִד. דאָס זעלביקע האָט געטראָפן מיט ברוך ריווקינען — ער האָט נישט געקענט בייקומען די עבודה־זרה פון זיין דור: קונסט.

אָבער זיין ירושה, וואָס ער האָט געלאָזן פאַר אונדז, איז אַ רייכע. אונדזער חוב איז צו ציִען די לאָגישע שלוסן פון זיינע וויזיעס און עקזאַל־טאַציע. זיי דאַרפן קריגן אַ תיקון אין פּראַקטישער אַרבעט.

ד.

## אַ פּאָר סוף־ווערטער

מיר האָבן נישט זוכה געווען אַז ער זאָל באַווירקן אונדזער לעבן. וואָלט ער געלעבט מיט דורות פריִער, ווען יִדיש לעבן איז געווען גאַנץ און פול מיט אמונה, וואָלט ער אָנגעשריבן טיפע פילאָסאָפישע מוסר־ספרים, וואָס וואָלטן אונדזער לעבן געמאַכט שענער, טיפער, יִדישער און נענטער צו גאָט. וואָלט אונדזער לעבן איצט געווען גאַנצער, מער יִדיש, בעסער אָרגאַניזירט, וואָלט ער געווען געזעסן באַזאָרגט אין אַ יִדישן אוניווערסיטעט און אין רואיקייט און שלווה וואָלט ער איבערגעשאַצט יִדישקייט, פאַרטיפט יִדישן וועלט־באַנעם און זיינע תלמידים וואָלטן זייַ אַבסטראַקטע תורה קאָנקרעטיזירט און צעטראָגן אין פאָלק.

אָבער מיר האָבן אים אַפילו נישט געגעבן קיין ברויט צו זאַט. ער האָט געדאַרפט צעברעקלען זיינע וויזיעס און מאַכן פון זיי צייטונגס־אַרטיקלען. ער האָט געקרוינט האַלבע פּאָעטן ווי געניאַלע בשורה־ברענגער און גאַנצע פּאָעטן האָט ער געמאַכט פאַר פילאָסאָפן, פאָלקס־רעטער און משיחים; ער האָט שוואַכע דערציילער געמאַכט פאַר רביים און גוטע דערציילער האָט ער געקרוינט ווי שאַפערס פון נייע שיטות. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ שטענדיק עקזאַלטירטער, און האָט געזונגען זיין לעבנס־ליד מיט צען אָקטאַוועס העכער פון געוויינלעכן טאָן. ער האָט געפילט צענפאַכיקע טעמפעראַטור פון פרייד און לייד. אין זיין עקסטאַז איז דאָס וואָרט פאַר אים געווען כשוף; ליד — טאַט. דאָס טויטע וואָרט איז ביי אים געוואָרן אַ באַפעל: עס זאָל געשען! און עס האָט געשען (אַ פּאַראַפראַזירונג פון ז' 111 פון בוך „אַ גלויבן פאַר גלויביקע").

פאַר אונדז האָט ער נישט דערפירט זיין וואָרט צו טאַט. ביי אונדז איז ער געבליבן ליטעראַטור בלויז. אַבסטראַקטע וויזיעס, וואָס דאַרפן ערשט קאָנקרעטיזירט ווערן.

אַ סך ווידערשפּרוכן זענען דאָ אין זיינע ווערק. אַ סך, גאָר אַ סך אַרבעטן זענען געשריבן געוואָרן צופרידן שטעלן עמעצן, אָדער אויס־שליסלעך פאַר באַשטעלונגען. אָבער אויך גאָר, גאָר אַ סך תוך־זאַכן. ס'איז אונדזער שולד וואָס ער איז נישט געווען גאַנצער. ס'איז אונדזער שולד, וואָס ער האָט נישט געהאַט די רואיקייט; ס'איז אונדזער שולד, וואָס ער איז געווען אָנגעפילט מיט אַ מאָס בייזקייט און וואָס מיט אונדזער ראַציאָ־

נאַליזם, גלייכגילטיקייט האָבן מיר אים נישט דערלאָזן צו אַנטפּלעקן זיך אינגאַנצן. מיר האָבן נישט זוכה געווען, מיר האָבן אים ביז אַ געוויסער מאָס פאַרשפּילט.

אָבער ס׳איז גוט כאָטש וואָס עס האָט זיך געפונען אַ גואל וואָס האָט צונויפגעזאַמלט אין ביכער אַלע זיינע אַרבעטן, וואָס זענען געווען צע־שפּרייט איבער דער גאַנצער ייִדישער טאָג־פּרעסע און פאַרשיידענע אויס־גאַבעס. די אלמנה זיינע, מינא באַרדאַ ריווקין, האָט זיי צונויפגעקליבן, איבערגעשריבן, צונויפגעשטעלט און זיי געבראַכט צום דרוק. אין אונדזער איצטיקער ירידה, ווער וואָלט עס זיך פאַראינטערעסירט מיט אָט דער קאָלאָסאַלער אַרבעט?

ס׳איז דאָך פּשוט געשען אַ נס. אַ סך פון אונדזערע שרייבערס האָבן איבערגעלאָזן אלמנות, אין גאָרנישט קיין שלעכטער עקאָנאָמישער לאַגע און עס איז זיי גאָרנישט איינגעפאַלן אַרויסצוגעבן די ירושה פון זייערע מאַנען. זיין אלמנה איז געבליבן אָן אַ פּרוטה. זי איז אַוועק אַרבעטן און אויסגעפירט אירס, טיילווייז מיט אירע מיטלען, אפשר מער מיט איר גינציקייט: זי האָט געקלאַפּט אין טירן, געמאָנט, געבעטן, אַליין געוויזן אַ ביישפּיל פון איבערגעגעבנקייט, און ביז איצט זענען דערשינען פינף גרויסע בענד און איין קליין בענדל, חוץ דאָס בוך פון קריטישע אַרבעטן וועגן ריווקינען.

אין אַ ליד צו ריווקינס זיבעטן יאָרצייט, דערציילט מינא באַרדאַ ריווקין:

„איך האָב פאַרנומען דיין געוויין,<br>דיין גסיסה לעצטע טרער.<br>די ווערטער זיך געזיפּט דורך דיינע ציין:<br>אוי, ווי! פאַרנעמען וועט מיין פּלאַץ, אָ, ווער?״

זי האָט אויף זיך גענומען אַ נדר, אַ שבועה, ווי ריווקין האָט געלערנט צו טון. זי האָט דעם נדר מקיים געווען:

„אויף אַלע מיינע וואַנדער־וועגן ליגט דיין אָפּשיין העל פאַרטראַכט,<br>איך בין מיט דיר צוזאַמען: איך בין אַ טאָג וואָס הילט זיך אין דער נאַכט;<br>און מעשה־שטן גייט מיין לעבן אַזוי כסדר, כסדר אָן:<br>נאָך פרימער פון מיין מאַמען, כ׳האַלט דעם נדר, איך האָב זיך געטאָן...״

גוט וואָס זי האָט געהאַלטן דעם נדר. צוליב דעם זכות פון נדר האָבן מיר זוכה געווען צו אַ זאַמלונג פון די ווערק. זאָל זי זיין געבענטשט!

# ר. טרעוואַרס הערפאָרד – דער פאָרשער פון די פרושים

ר. טראַווערס הערפאָרד, אַן אוניטאַרישער גלח פון ענגלאַנד, איז געווען דער גרינטלעכסטער און טיפסטער פאָרשער און אויסטייטשער פון די פרושים. ווען ער וואָלט נישט געווען קיין קריסט, נאָר אַ ייִד און וואָלט געשריבן אויף העברעאיש אָדער ייִדיש, וואָלטן זיינע אַרבעטן אויך פאַררעכנט געוואָרן פאַר גרינטלעכע און אויסשעפנדיקע. דאָס וואָס ער איז געווען אַ פרומער קריסט, אַ באַרימטער גלח, פאַרגרעסערט נאָך די וויכטיקייט פון זיינע פאָרשונגען, ווייל קיינער קען אים נישט באַשולדיקן אין פאַרטייאישקייט און אַוודאי קען מען אים נישט חושד זיין אין אַפּאָלאָגעטיק, ווי מען איז חושד ייִדישע היסטאָריקער.

ער האָט געשריבן אַ היפּשע צאָל ביכער. אָבער די קרוין פון זיין שאַפונג איז דאָס בוך „די פרושים", וואָס איז דערשינען צום ערשטן מאָל אין 1912 און אין אַ פאַרגרעסערטער אויפלאַגע אַרויס אין 1924 און איז פון דעמאָלט אָן איבערגעדרוקט געוואָרן אַ סך מאָל.

ער איז געשטאָרבן אַלט און זאַט מיט יאָרן. ער האָט געלעבט קרוב נײַנציק יאָר.

ער איז געווען איינער פון די אמתע חסידי־אומות־העולם תנצב"ה.

א.

דאָס וואָרט פרושי, אָדער אין מערצאָל פרושים, איז פאַררעכנט פאַר אַ זידלוואָרט אין אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכן. אַ פרושי מיינט ביי זיי: אַ צבועק, אַ דאָגמאַטיקער, אַ היפּאָקריט, אַ צדיק אין פעלץ און בכלל נישט קיין שיינער מענטש. ווען סטאַלין האָט געוואָלט באַנוצן אַ שטאַרק

זידלוואָרט צו באַצייכענען די פּירער פון די מערב־פּעלקער, האָט ער זיי גערופן פּרושים. דער געוועזענער תלמיד פון אַ גלחישן סעמינאַר האָט גע־ ווּסט גאַנץ גוט וויפל גאַל, שנאה, ביטערקייט און פאַראַכטונג עס טראָגט אין זיך דאָס וואָרט פאַר דעם דורכשניטלעכן קריסט.

דער נייער טעסטאַמענט איז דער הויפּט־קוואַל פון אינפאָרמאַציע וועגן די פּרושים, פאַר דער קריסטלעכער וועלט, און פאַר אַ סך פון די קריסט־ לעכע געלערנטע און פאָרשער. מתיאס אויסגוס פון שנאה צו די פּרושים איז געוואָרן די מאָס, מיט וועלכער די קריסטלעכע וועלט האָט געמאָסטן די פּרושים און די ייִדן. זאָגט דער אַפּאָסטאָל מתיא:

„זיי בינדן שווערע משאות, וואָס זענען שווער צו דערטראָגן און לייגן זיי אַרויף אויף די אַקסלען פון מענטשן; אָבער זיי אַליין לייגן נישט צו קיין פינגער צו זיי. און אַלע זייערע מעשים טוען זיי נאָר כדי צו געזען ווערן פון מענטשן. וואָרום זיי מאַכן זיך ברייט די תפילין און לאַנג די ציצית. האָבן ליב דעם אויבנאָן אויף די סעודות און די חשובסטע שטאָט אין די שולן, און מען זאָל אָפּגעבן שלום אין די גאַסן און פון מענטשן אָנגערופן צו ווערן רבי" (מתיא כ"ג, 4 ביז 7).

זיבן מאָל „ווײ" רופט ער אויס אויף די פּרושים און רופט זיי חונפים, בלינדע פירער, בלינדער פּרוש, די קינדער פון די, וואָס האָבן געהרגעט די נביאים, שלאַנגען און שפּראָץ פון עקדישן (זע דאָס גאַנצע קאַפּיטל כ"ג אין מתיא).

נישט נאָר איז די בשורה פון מתיא פול מיט שנאה צו די פּרושים, נאָר דער גאַנצער נייער טעסטאַמענט איז אָנגעפּיקעוועט מיט האַס צו די פּרושים. ביי שאול פון טאַרסוס, ס"ט פּאַול, איז שוין דאָס וואָרט פּרושים אַ שם־נדרף, אַ סינאָנים פאַר ייִדן. אין גאַנצן נייעם טעסטאַמענט איז נישטאָ קיין זכר פון ישועס מילדקייט, גוטסקייט און רחמנות, ווען עס ווערט גערעדט וועגן פּרושים. די קריסטלעכע טעאָלאָגן נוצן עס ווי אַ באַווייז ווי שטאַרק היפּאָקריטיש די פּרושים זענען עס געווען, אַז אפילו דער גרוי־ סער בעל־רחמנות ישוע האָט פאַר זיי נישט קיין גוט וואָרט. פּראָפעסאָר א .ד. אַבאָט אין זיין „ווערטערבוך פון נייעם טעסטאַמענט", אונטער דעם וואָרט „פּרושים" ברענגט ישועס בייזקייט ווי אַ באַווייז ווי שטאַרק פאַר־ דאָרבן די פּרושים זענען געווען. ער ציטירט דעם ענגלישן דיכטער מילטאָן:

„אַזוי אַז ישוע אַליין, דער מקור פון מילדקייט, האָט געפונען גענוג גאַליקייט צו פאַרביטערן און פלאָגן די פאַריסענע פּרושים".

„ייִדיש סאָציאַל לעבן אין דער צייט פון קריסטוסן" פון ד"ר רעווע־רענד אַלפרעד עדערשיים רעכנט זיך פאַר אַ גאָר וויכטיק און וויסנשאַפט־לעך בוך, וואָס שטיצט זיך אויף ערשטע מקורות. ער גייט נאָך טראָט אין טראָט דעם נייעם טעסטאַמענט ווען ער שילדערט די פרושים און דערנאָך ציטירט ער אַ משנה, אָדער אַ טייל פון דער משנה, צו באַפעסטיקן די מיינונג פון נייעם טעסטאַמענט:

„ווען איר וואָלט זיך באַגעגנט פנים־אל־פנים מיט אַ פרושי וואָלט איר אים באַלד דערקענט. זיין זעלבסטצופרידנקייט. אַנישט זיין אָנשטעל פון עניוות, אָדער זיין געמאַכטע מילדקייט (וואָלטן אים פאַרראַטן. אַפילו ווען איר וואָלט נישט באַמערקט זיין פרעכע האַלטונג צו אַנדערע מענטשן, זיין אויסהיטן זיך אָנצורירן מענטשן אָדער זאַכן, וואָס ער האַלט פאַר אומ־ריין און זיין אויספיינען זיך מיט איבערגעטריבענער פרומקייט" (דזשואיש סאָשל לייף ביי רעוו. ד"ר עדערשיים — ז' 215).

„דאָס ברענגט אונדז גלייך צו דער באַרעכטיקונג פון דער באַשולדי־קונג קעגן די פרושים פון אונדזער גאָט דעם האַר. זאָגט אונדזער גאָט דער האַר: „און דערמיט מאַכט איר בטל גאָטס וואָרט צוליב אייער אָנגענומע־נער מסורה (מאַרקוס, ז„ 13). אָט דער פאַקט, ווי שווידערלעך ער איז, איז ער ערגעץ נישט אַזוי קלאָר אַרויסגעבראַכט ווי אין דער מצווה פון תפילין. מיר לערנען אין דער משנה (סנהדרין י"א, ג') „ס'איז האַרבער, עס מיינט מען באַשטראָפט שטרענגער, ווען מען איז עובר אויף דעם געבאָט פון די פרושים ווי מען איז עובר אויף דעם געבאָט דאָס וואָרט פון דער תורה". אויב אַ מענטש פסקנט אַז עס איז נישטאָ אַזאַ דין ווי לייגן תפילין, איז ער נישט קיין ווידערשפעניקער, אַ רעבעל. אויב אָבער ער זאָגט אַז אין תפילין זענען דאָ פינף פרשיות, נישט קיין פיר איז ער שולדיק" (דאָרט, ז' 223).

לויט זיין שרייבן איז דער ד"ר רעווערענד אלפרעד עדערשיים אַ גאַנצער למדן. ער פאַרשטייט העברעאיש און אַראַמעאיש. איז שווער צו זאָגן צי זיין אויסטייטש קומט פון עם־הארצישקייט אָדער פון קריסטלעכן פאָראורטייל. איך בין געצווונגען אָנצונעמען דאָס צווייטע. ווייל אפילו נישט קיין למדן קען באַלד זען, אז די משנה מיינט עפּעס גאָר אַנדערש ווי דער געלערנטער קריסטלעכער טעאָלאָג מיינט.

אין דער משנה רעדט זיך וועגן אַ זקן־ממרא — „אַ געלערנטער, וואָס פאַרפירט". וועגן אַזאַ תלמיד־חכם זאָגט זיך, אַז ער ווערט מער באַ־שטראָפט, ווען ער פסקנט אנדערש ווי דער סנהדרין וועגן א דין מדרבנן, ווי ווען ער פסקנט נישט ריכטיק וועגן אַ דין פון דער תורה. די משנה ברענגט דעם ביישפּיל מיט תפילין. אויב ער פסקנט, אַז מ'דאַרף נישט

לייגן קיין תפילין, איז ער פטור, ווייל ווי רש״י מאַכט: „דאין זו הוראה, דזיל קרי בי רב הוא״. ס׳איז נישט קיין פסקענען, ווייל ס׳איז א דין, וואָס אפילו חדר־יינגלעך ווייסן. אָבער ווען ער פסקנט, אז מען דאַרף האָבן פינף פרשות אין תפילין, נישט קיין פיר, ווי דער דין איז, איז ער חייב, ווייל נישט אַלע ווייסן דעם דין, פאַרפירט ער דעם עולם. קומט אים אַ שטראָף. ס׳איז עפּעס גאָר אַנדערש ווי דער קריסטלעכער געלערנטער דרינגט אַרויס פון דער משנה.

אמת, אַ סך ייִדישע היסטאָריקער, ווי למשל גייגער, גידעמאַן און נאָך און נאָך, האָבן באַוויזן גאַנץ קלאָר, אַז די קריסטלעכער היסטאָריקער און טעאָלאָגן זענען נישט גערעכט. אָבער געוויינטלעך האָט מען זייער גרינטלעכע היסטאָרישע פאָרשונגען אָנגענומען ווי אַפּאָלאָגעטיק. די אָנ־גענומענע מיינונג איז אפילו ביי אַ סך פון אונדזערע ייִדישע אינטעלעק־טואַלן, אַז קריסטנטום איז די העכערע אַנטוויקלונג פון ייִדישקייט. עס זענען דאָ צוויי באַזונדערע ייִדישקייטן: די אַבסטראַקטע גייסטיק־עטישע אוניווערסאַלע ייִדישקייט פון די נביאים, וואָס קריסטנטום איז איר יורש און די טרוקענע ייִדישקייט מיט דעם פּוסטן צערעמאָניאַל און ריטואַל, וואָס עס האָבן אָנגענומען עזרא און נחמיה און עס איבערגעגעבן בירושה צו די סופרים, די פרושים, וואָס האָבן עס איבערגעגעבן צו די תנאים, אמוראים, וואָס האָבן עס איבערגעגעבן צו אונדז ביז היינט.

## ב.

אין אַזאַ אַטמאָספערע האָט ר. טראַווערס הערפאָרד אָנגעהויבן צו שרייבן וועגן די פרושים. ער האָט זיך נישט פאַרלאָזט אויף די קריסטלעכע מקורות. ער האָט אָנגעהויבן נאָכזוכן אין די ייִדישע מקורות פון משנה, תלמוד, מדרש, ספרי, ספרא אא״וו. וואָס זאָגן די פרושים אַליין? ער האָט זיך אויסגעלערנט גוט העברעאיש און אַראַמעאיש. ער האָט זיך נישט פאַר־לאָזן אויף אַנדערע וואָס האָבן געקענט. זיין העכער פופציק יאָר פאָרשונג וואָלט געווען אַן אויפטו אַפילו פאַר אַ ייִדישן היסטאָריקער. ווען מיר ווייסן, אַז ער איז געבליבן אַ פרומער קריסט און האַלט, אז אפילו די זילזולים קעגן די פרושים אין נייעם טעסטאַמענט זענען אויטענטיש. און דאָך קומט ער צו גאָר אַנדערע הנחות, איז זיין אויפטו אויפן גרענעץ פון נס.

זיין הויפּט־ווערק איז דאָס בוך „די פרושים״, ווי עס איז אויבן באַ־

מערקט געוואָרן. דאָס בוך האָט די פאָלגנדיקע קאַפּיטלעך: א) הקדמה, אין וועלכער ער דערקלערט זיין מעטאָד פון פאָרשונג; ב) היסטאָרישער הינטערגרונט פון די פרושים; ג) תורה און טראַדיציע; ד) די פרושים און די סינאגאָגע; ה, ו) די לערע פון די פרושים — צוויי קאַפּיטלעך מיט די סוב־טיטלען: הלכה און מאָראַלישע דיסציפּלין, שכר ועונש, די פרושים און די נביאים, תורה און עטיק; ז) די פרושים און די אַפּאָקריפישע ליטעראַטור; ח) די פרושים און דער נייער טעסטאַמענט און ט) שלוסן.

באַלד אין דער הקדמה טרעט אַרויס הערפאָרד קעגן די וואָס האַלטן, אַז די פרושים, ווי קעגנער פון ישוע, האָבן רעדוצירט ייִדישקייט צו אַ רעליגיע פון טויטן וואָרט און אַז ישוע איז געקומען צו באַפרייען דעם נביאימשן גייסט פון ייִדישקייט פון טויטן בוכשטאַב פון דין. ער זאָגט, אַז די דריי הויפּט־מקורות פון וואַנען די קריסטלעכע היסטאָריקער שעפּן זייערע ידיעות וועגן די פרושים זענען: א) דער נייער טעסטאַמענט, ב) יאָזעפוס, ג) די אַפּאָקאַליפטישע ליטעראַטור. אויף אַלע דריי מקורות, האַלט ער, קען מען זיך נישט סומך זיין. דער נייער טעסטאַמענט איז שטאַרק אַנטי־פרושימדיק. ס׳איז אַ ספר געשריבן פון קעגנער. זיי האָבן באַקעמפט די פרושים. ווי קען מען אויף זיי זיך פאַרלאָזן צו געבן אַ ריכ־טיקע אָפּשאַצונג פון זייערע קעגנער? טשיקאַווע איז, זאָגט ער אין אַן אַנדער אָרט, אַז אין נייעם טעסטאַמענט איז קיינמאָל נישטאָ וואָס די פרו־שים האָבן געענטפערט אויף די אויסגוסן פון יעזוסן. דער נייער טעסטאַ־מענט איז נישט געווען פאַראינטערעסירט צו געבן די שאַרפע ענטפערס פון זייערע קעגנער. יאָזעפוס איז געשריבן געוואָרן פאַר די רוימער, וואָס האָבן זייער ווייניק געוווּסט וועגן ייִדישקייט. ער האָט געדאַרפט מאַכן פאַר זיי אַנאַלאָגיעס, וואָס זענען נישט אַלע מאָל געווען פּינקטלעך. זיי, די רוי־מער, האָבן נישט געקענט קאָנטראָלירן זיינע הנחות. די אַפּאָקאַליפטישע ליטעראַטור איז בעצם נישט קיין פרושימשע ליטעראַטור, אפילו די אַפּאָ־קריפן האָבן דורכגעלאָזט הלכה.

כדי צו שרייבן גרינטלעך און מיט פאַרשטענדעניש וועגן די פרושים, זאָגט הערפאָרד, מוז מען זיך באַנוצן מיט ייִדישע מקורות — משנה, תלמוד, מדרש, ספרי, ספרא אא״וו.

ער האָט זיך באַנוצט, זאָגט ער, בלויז מיט ייִדישע מקורות און מיט די שטודיומס פון ייִדישע היסטאָריקער, איבערהויפּט מיט די אַרבעטן פון לוטערבאַכן, וואָס איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעוויזן אויף דעם

ריכטיקן חילוק צווישן די פּרושים און די צדוקים בנוגע טראַדיציע. דער אויסטייטש, אַז טראַדיציע איז אַ פאַרזעצונג פון דער תורה־שבכתב גיט דעם שליסל צום פּרושימשן וועלט־באַנעם.

תורה, זאָגט הערפאָרד, גלייך אין אָנהייב פון זיין בוך, מיינט נישט געזעץ (לאָו), — נאָר תורה מיינט לערנען. דאָס וואָס דער נייער טעסטאַמענט זעצט איבער אַלע מאָל דאָס וואָרט תורה מיט דעם וואָרט געזעץ, איז אַ טעות. „ס״ט פּאול האָט עס בעסער געדאַרפט פאַרשטיין און נישט האַלטן אין איין איבערחזרן דעם בייזוויליקן טעות״ (זייט 54). הערפאָרד מיינט, אַז דאָס וואָרט תורה קען בכלל נישט איבערגעזעצט ווערן אויף קיין שום שפּראַך. דאָס וואָרט איז צופיל כולל. דערפאַר נוצט ער אין גאַנצן בוך דאָס העברעאישע וואָרט תורה נישט איבערגעזעצט.

דערקלערט הערפאָרד דעם ענין תורה און הלכה:

די תורה האָט אַ גרויסע צאָל עשהס און לא־תעשהס. דאָס זענען געזעצלעכע אָנווייזונגען און אָנזאָגונגען. אָבער:

„די תורה, ווי זי איז געשריבן, האָט אַ סך פּונקטן אָן ספּעציפישע דירעקציעס. זי האָט נישט אָנגעגעבן קיין קלאָרע אָנווייזונגען, אָדער גאָר נישט קיין אָנווייזונגען, וואָס עס איז גאָטס ווילן אין אַזאַ אָדער אַנדער פאַל. דעריבער האָט די תורה געדאַרפט האָבן אַן אויסטייטשער, וואָס זאָל קענען אַרויסדרינגען פון וואָס זי האָט געזאָגט אין איין פאַל און וואָס זי האָט געקענט זאָגן אין אַן אַנדער פאַל, אויב זי וואָלט קלאָר באַהאַנדלט אָט דעם ספּעציפישן פאַל. דאָס קערנדל פון די פּרושימשע אויסטייטשונגען איז אָנגעדייט געוואָרן, גלויב איך אין דעם פּסוק „און דו זאָלסט זיי קלאָר מאַכן די געזעצן און די לערנונגען און זיי באַקענען מיט דעם וועג, וואָס זיי זאָלן אויף אים גיין און די מעשים וואָס זיי זאָלן טון״ (שמות י״ח, כ׳). דאָס צייגט אָן קלאָר דעם צוועק, וואָס די פּרושים האָבן געשטעלט פאַר זיך אויסטייטשן די נישט קלאָרע שטעלן פון דער תורה. דער צוועק איז דערפילט געוואָרן ווען אַ געוויסער רעליגיעזער חוב איז דעפינירט געוואָרן פון קאָמפּעטענטע אויטאָריטעטן אין אַ קלאָרער דערקלערונג, וואָס האָט געניצט ווי אַ דירעקטע אָנווייזונג אויף דעם וועג, אויף וועלכן דער פּאַראינטערעסירטער מענטש זאָל גיין. אַזאַ דערקלערונג אָנצווייזן די ריכטיקע אויפפירונג ווערט גערופן הלכה, וואָס נעמט זיך פון דעם וואָרט הלך, גיין״ (זז׳ 71, 72).

די פּרושים האָבן געהאַלטן, אַז טראַדיציע, קבלה, איז אַ טייל פון דער תורה־שבכתב. די צדוקים האָבן זיך אָבער געהאַלטן בלויז אָן דעם געשריבענעם טעקסט און זיך אָפּגעזאָגט פון טראַדיציע און קבלה. דאָס איז געווען פון גרויס וויכטיקייט. דאָס וואָס די פּרושים האָבן פאַרברייטערט די

קאָנצעפּציע פון דער תורה, האָט געהאַט דעם גרעסטן איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון ייִדישקייט. דער רעזולטאַט איז געווען דאָס צעברעכן פון די קייטן, וואָס האָבן צונויפגעקרעמפּט דאָס רעליגיעזע לעבן פון ייִדיש־קייט און דאָס באַפרייען פון זיין גייסט צו קריגן נייע אינספּיראַציעס פון גאָט. די שיטה פון די צדוקים האָט געהאַט די נייגונג צו מאַכן די תורה אַרכאַאיש, אַ הייליקן טעקסט, וואָס איז פאַרהייליקט פון די עלטסטע צייטן, אָבער זיין לערע האָט געהאַט אַלץ ווייניקער באַרירונג מיט די רעליגיעזע באַדערפענישן פון דער צייט. און מיט יעדן דור געוואָרן אַלץ ווייניקער פאַרשטענדיק. (זייט 66).

פון דער סכנה איז די תורה געראַטעוועט געוואָרן דורך די פּרושים מיט זייער אָננעמען די טראַדיציע ווי אַ טייל פון דער תורה. די תורה־שבכתב און די הלכה זענען געוואָרן איינס.

די דינים, די סיגים און די סיגים צו סיגים און די מנהגים וואָס זע נען אַקצעפּטירט געוואָרן ווי דינים, זענען נישט געשאַפן געוואָרן פון די פּרושים צוליב קיום־האומה, ווי אַ סך מיינען. די גאַנצע פאַרצווייגטע הלכה האָט געהאַט איין צוועק אין זינען: שאַפן אַ מאָראַלישע און רעליגיעזע דיסציפּלין פאַר דעם ייִדישן מענטש, צו מחנך זיין אים גאָטס וועגן, כדי ער, דער מענטש, זאָל אויספאָלגן די געבאָטן ווי גאָט האָט זיי אָנגעזאָגט. די הלכה גיט דעם ייִדישן מענטשן דעם ענטפער צו דער שטענדיקער פראַגע: וואָס איז גאָטס ווילן אין אָט דעם מאָמענט? וואָס איז גאָטס רצון אין איצטיקן פאַל?

די פּרושימשע ייִדישקייט איז נישט קיין איבערבראָך אין דער נביאי־שער ייִדישקייט, נאָר אַ פאָרזעצונג.

„דער צוועק פון זייער אויסטייטשונג פון דער תורה האָט געהאַט בעצם אַ פּראַקטישן צוועק. נעמלעך — צו מאַכן די געטלעכע לערע, וואָס איז געגעבן געוואָרן צו ישראל אַזוי, אַז ישראל זאָל זי קענען אַסימילירן" (ז' 69).

נאָך קלאָרער מאַכט עס הערפאָרד אין אַן אַנדער שטעל:

„איינע פון די כאַראַקטעריסטיקעס פון עזראַן איז געווען, וואָס ער איז באַשטאַנען אַז יעדער יחיד פון דער ייִדישער עדה האָט אויף זיך דעם חוב אויסצופאָלגן די מצוות פון דער תורה. אין דעם ליגט גאָטס רצון. יעדער ייִדישער יחיד איז מחויב אויסצופאָלגן די געבאָטן אָן וואַקלענישן. אויב ער טוט עס נישט, וואַרפט ער אַראָפּ פון זיך זיין שייכות צום כלל ישראל און מיט דעם זיין לאָיאַליטעט צו גאָט" (ז' 71).

**הקיצור: הלכה איז די מאָראַלישע און רעליגיעזע דיסציפּלין צו דער־פילן די פאָדערונגען פון די נביאים. הלכה איז דער מינימום פון דער קאָנקרעטיזירונג פון דעם מלכות־שמים פון די נביאים. הלכה איז נישט קיין פאַרגליווערונג פון דער נביאישער ייִדישקייט אין אַ ריטואַלער און אויסגעליידיקטער, פאַרשטיינערטער רעליגיע. פאַרקערט גאָר, הלכה מיינט — פאַרבייטן דעם טויטן בוכשטאַב פון וואָרט אויף דער העכערער לערע פון די נביאים.**

**ג.**

אַ וויכטיקע ראָלע אין דער טראַדיציע האָט געשפּילט די אַגדה (הער־פאָרד שרייבט אַלעמאָל הגדה, פון דעם וואָרט הגיד — האָט געזאָגט). די אגדה איז אַנדערש פון הלכה מיט דעם וואָס יעדע הלכה איז אָפּגעשטימט געוואָרן פון אַ בית־דין, און איז אָנגענומען געוואָרן נאָכדעם ווי די מער־הייט האָט באַשטימט וואָס די הלכה דאַרף זיין. אין אגדה אָבער האָט יעדער איינער געקענט דרשהנען אַ פּסוק לויט זיין אייגענעם גוסט. אגדה האָט באַהאַנדלט ענינים, וואָס אין אַנדערע רעליגיעס ווערן זיי באַהאַנדלט פון דאָקטרינישער טעאָלאָגיע. די אַגדה האָט אויך באַהאַנדלט העכערע עטיק, פּסיכאָלאָגיע און מעטאַפיזיק. אגדה איז צו גאָרנישט נישט מחייב, זי זאָגט בלויז מוסר. אָפט ווידערשפּרעכט איין אגדה אַ צווייטע אגדה, וואָס באַ־האַנדלט דעם זעלביקן קעגנשטאַנד, ווייל אגדה איז די אינדיווידועלע פרייע שאַפונג, נישט געבונדן און נישט געצאַמט פון דער מערהייט־מיינונג און מערהייט־אָפּשטימונג. יעדער אגדהיסט איז געווען פריי אויסצוקלייבן אַ פערזאָן, אַ קעגנשטאַנד און דרשענען וועגן דעם. אגדה בדרך־כלל האָט זיכער אַ סך פון דער העכערער עטיק, וואָס קען נישט זיין חל אויף דעם דורכשניטלעכן מענטשן און זיין טאָג־טעגלעך לעבן.

מיט דעם קוק אויף הלכה און אגדה דערקלערט הערפאָרד די סיבה פאַרוואָס די אַפּאָקריפן זענען נישט סאַנקציאָנירט געוואָרן פון די פרושים. אמת, די אַפּאָקאַליפּטישע ביכער און נאָך מער די אַפּאָקריפישע ספרים זענען געשריבן אין ייִדישן גייסט און לייגן געוויכט אויף ייִדישער עטיק, אָבער דער הויפּט־פעלער פון די אַלע ספרים, האַלט הערפאָרד, איז געווען וואָס זיי לייגן נישט קיין געוויכט אויף הלכה. נאָך מער, זיי דערמאָנען נישט אַפילו הלכה. ווען די גאַנצע ליטעראַטור פון די פרושים וואָלט פאַר־שווונדן און עס וואָלטן געבליבן די אַפּאָקריפן, וואָלטן מיר גאָרנישט גע־

ווּסט פון דעם געדאַנקען־גאַנג פון די פּרושים וועגן דעם ענין הלכה. די גאַנצע אַפּאָקריפֿישע ליטעראַטור איז בלויז אגדה און דער הויפּט־ציל, אָדער צוועק, פון די פּרושים איז געווען צו שאַפֿן אַ רעליגיעזע דיסציפּלין דורך הלכה. מחנך זיין די ייִדן צו גיין אין גאָטס וועגן דורך הלכה. די אגדה איז געווען נישט מער ווי אַ באַגלייטערן צו הלכה. די ספרים וואָס האָבן אַוועקגעשטעלט גאַנץ ייִדישקייט אויף אגדה האָבן אָפּגעלייקנט דעם געדאַנקען־גאַנג פון די פּרושים און דערפֿאַר זענען די אַפּאָקריפֿן נישט קאַנאָניזירט געוואָרן.

די אַפּאָקאַליפּטישע ספרים האָבן נישט געקענט קאַנאָניזירט ווערן פון די פּרושים צוליב נאָך אַ סיבה. די אַפּאָקאַליפּטישע ליטעראַטור איז געשאַפֿן געוואָרן פון די זעלאָטן, אַ מלחמה־פּאַרטיי. די פּרושים זענען געווען אַפּאָליטיש, זייער הויפּט־ציל איז געווען שלום, רו און פרידן, זיי זאָלן קענען אָנגיין מיט זייער רעליגיעזן לעבן. די זעלאָטן זענען אָבער אַלעמאָל געווען גרייט צו פירן מלחמה קעגן די געצנדינער, גאָטס שונאים. די זעלאָטן האָבן געגאַרט און געגלויבט צו דעם טאָג ווען די היידנישע וועלט וועט צעשטערט ווערן מיט דער שווערד. פאַרשטייט זיך, אַז זייער ליטעראַטור איז נישט געווען צום האַרצן די פּרושים און זיי האָבן זי נישט קאַנאָניזירט.

## ד.

הערפֿאָרד, ווי אַ פרומער קריסט, האַלט אַז עס זענען אויטענטיש די אַלע שטעלן אין נייעם טעסטאַמענט, וואָס זידלען די פּרושים און באַשולדיקן זיי אין היפּאָקריטסטווע, אין צביעות און רעליגיעזן פאָרמאַליזם. אָבער דערפון איז נישט געדרונגען, אַז דער נייער טעסטאַמענט איז גערעכט. ס'איז קלאָר אַז דער נייער טעסטאַמענט איז אַ סעקטאַנטישער בוך. אמת, געשריבן פון ערלעכע סעקטאַנטן, אָבער אויך איבערצייגטע אַז זיי זענען גערעכט.

קריסטנטום, גלייך פון אָנהויב, שוין אין דער פּערזאָן פון יעזוסן אַליין, איז געווען קעגנעריש צום פּרושיזם. קריסטנטום און ייִדישקייט זענען צוויי קעגנערישע געדאַנק־גאַנגען, וואָס האָבן געמוזט קומען צו אַ צוזאַמענשטויס.

„ייִדישקייט איז אַ וועלט־באַנעם געבויט אַרום אַן אידייע. קריסטנטום איז אַ וועלט־באַנעם געבויט אַרום אַ פּערזאָן" (זע ז' 214, 215 און ווייטער). „די רעליגיע, וואָס די קירך האָט אָנגענומען, איז געבויט אינגאַנצן

אַרום דעם פּערזאָן ישוע, יעזוס. ער איז נישט נאָר געווען דער אָנטפּלעקער און דער לערער פון דער קריסטלעכער רעליגיע, נאָר ער איז אויך געווען דער רעטער און דער דערלייזער. דער גאַנצער נייער טעסטאַמענט איז אַ רעקאָרד נישט אַזוי וואָס יעזוס האָט געזאָגט אָדער געטון, אָדער וואָס ער האָט באַפוילן צו טון, נאָר איבערהויפּט דער ברענגער פון דער גרויסער בשורה — אַ בשורה, אַז דער מענטש קען דערלייזט ווערן בלויז דורך אמונה אין יעזוסן. זאָגט דער עוואַנגעליום:

„גלויב אין דעם האַר ישוע און דו אינאיינעם מיט דיין הויז וועלן ניצול ווערן" (די מעשים פון די שליחים ט"ז, 31).

אָט דער פּסוק איז דער הויפּט־מאָטיוו פון דעם נייעם טעסטאַמענט. כמעט נאָר צוליב אָט דער בשורה איז דער נייער טעסטאַמענט געשריבן געוואָרן.

קריסטנטום איז אַ רעליגיע געבויט אויף דעם גלויבן פון אַ פּערזאָן. איר הויפּט־טעזיס איז די בשורה פון דערלייזונג דורך יעזוסן. קריסטנטום האָט באַטאָנט און באַטאָנט אויך איצט, אַז גלויבן קומט פאַר ווערכן עס איז אַנדער טועכץ. דאָס איז באַוויזן געוואָרן, אויב עס דאַרף איבערהויפּט באַוויזן צו ווערן, מיט דעם פאַקט, וואָס דער תנאי צו ווערן אַ מיטגליד אין קירך דאַרף זיין אַ דערקלערונג פון גלויבן. שוין אין דער עלצטער צייט האָט זיך עס קאָנקרעטיזירט אין אַ צאָל אני־מאמינס, אין אַ קורצער קרעדאָ. אָט די אני־מאמינס זענען געוואָרן דער באַנד, וואָס האָט צונויפגעהאַלטן די אייניקייט פון דער קירך. ס'איז טאַקע אמת אַז די קירך האָט אויך געלערנט, אַז מען דאַרף לעבן אַ ריין לעבן, אַ מאָראַליש לעבן און אַ הייליק לעבן, אָבער זי איז נישט באַשטאַנען אויף דעם אַזוי שטאַרק ווי אויף דער ריינקייט פון גלויבן און אויפן ריכטיקן גלויבן. מען האָט קיינעם נישט פאַרברענט אויף דער אויטאָ־דע־פע פאַר נישט לעבן קיין ריינעם מאָראַלישן לעבן. אָבער מען האָט יאָ פאַרברענט מענטשן פאַר נישט ריכטיקן גלויבן. אין אַנדערע ווערטער — צו טון דעם ווילן פון גאָט האָט פאַרנומען דאָס צווייטע אָרט אין דער לערע פון דער קריסטלעכער קירך (זייט 231) —

„יידישקייט, איבערהויפּט פרושיזם, איז אַ רעליגיע וואָס שטעלט אַוועק אין ערשטן פּלאַץ דאָס טון פון גאָטס ווילן און דאָס גלויבן אויפן צווייטן פּלאַץ. דאָס גלויבן איז נישט אין אַ פּערזאָן נאָר אין גאָט" (דאָרט).

קריסטנטום איז געוואָרן אַ רעליגיע געבויט אַרום אַ פּערזאָן דורך דער קירך. שוין אין אָנהויב פון קריסטנטום איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון אָט דעם גלויבן, האַלט הערפאָרד.

„די ערשטע אַפּאָסטאָלן האָבן זיך געהאַלטן פֿאַר יידן און געלעבט ווי יידן. אָבער וויבאַלד אַז זיי האָבן אָנגענומען דאָס גלויבן אין יעזוסן, האָבן זיי איבערגעשטעלט דעם צענטער פֿון געוויכט פֿון זייער גלויבן. אויפֿן אָרט צו שטעלן דעם טראָפּ אויף הלכה, האָבן זיי געשטעלט דעם טראָפּ אויף אמונה אין ישוען. „און זיי זענען נשתומם געוואָרן, ווייל ער האָט זיי געלערנט ווי איינער, וואָס האָט רשות נישט ווי די סופרים" (מאַרקוס א׳, 22). דאָס מיינט, אַז די נאָכפאָלגער האָבן געזען ווי ער אַליין האָט אין זיך די געטלעכע אויטאָריטעט נישט ווי די סופרים, די פּרושים, וואָס האַלטן, אַז די געטלעכע אויטאָריטעט ליגט אין דער תורה און אין טראַדיציע — הלכה.

„וויבאַלד אַז די ערשטע אַפּאָסטאָלן האָבן אָנגענומען די הנחה, אַז די געטלעכע אויטאָריטעט ליגט אין דער פּערזאָן ישוע, האָט דער יידיש־קריסט־לעכער עלעמענט נישט געקענט האָבן קיין תקומה אין דער קריסטלעכער רעליגיע. זעען מיר טאַקע ווי דער קריסטלעך־יידישער מאָמענט איז געוואָרן שוואַכער און שוואַכער אין דער קריסטלעכער קירך און איז דערנאָך אינגאַנצן פֿאַרשוווּנדן פֿון קריסטנטום" (214, 215).

הערפֿאָרד האַלט, אַז „ביידע רעליגיעס האָבן געהאַט אין צוועק איין ציל: ייִדישקייט איז אַ שכלדיקער פּרווו צו דערקענען און צו אויס־טייטשן די פֿונדאַמענטאַלע גייסטיקע רעאַליטעט. און האָט אָנגעוויזן דעם וועג צו דערגרייכן עס דורך דער תורה. קריסטנטום איז אַן אַנדער שכל־דיקער פּרווו צו דערקענען און פֿאַרטייטשן די זעלביקע גייסטיקע ווערטן און אָנגעוויזן אַז מען קען עס דערגרייכן דורך גלויבן אין דער פּערזאָן ישוע. ביידע האָבן באַזונדערע מאָסן און צוגאַנגען. ייִדישקייט איז אַ גלויבן געבויט אויף אַן אידייע, קריסטנטום אַ גלויבן געבויט אויף אַ פּערזאָן (זייט 234).

לויט הערפֿאָרדס מיינונג קען קריסטנטום נישט ווירקן עפֿעקטיוו אָן אַ לעבעדיקער ייִדישקייט.

„וואָס פֿאַר אַ ראָלע קריסטנטום זאָל נישט שפּילן אין דעם גאַנג פֿון דער מענטשהייט קען עס נישט ווירקן סיידן עס וועט זיין אַ לעבעדיקע יידישקייט. טיילווייז אויפֿצוהיטן קריסטנטום פֿון אינגאַנצן נישט אַסימילירט ווערן פֿון געצנדינערשע רעליגיעס און טיילווייז אויסצוהאַלטן און רעפּרע־זענטירן דעם אַנדער אַספּעקט פֿון התגלות חוץ דעם וואָס קריסטנטום האָט צו געבן" (ז׳ 233).

אָט דאָס איז בתכלית־הקיצור דער תמצית פֿון הערפֿאָרדס קוק אויף ייִדישקייט. מען קען זען קלאָר, אַז ער האַלט נישט די פּרושימשע ייִדיש־קייט נידעריקער פֿון קריסטנטום. פֿאַרקערט, נישט זעלטן פֿילט זיך צווישן

די שורות, אַז ער שטעלט אַוועק ייִדישקייט אויף אַ העכערער מדרגה פון קריסטנטום איבערהויפּט ווען עס קומט צו מצוות־מעשׂיות.

גאַנץ אָפט האָט הערפאָרד שאַרפע רייד קעגן קריסטנטום, למשל:

„אויב ייִדישקייט וואָלט באמת געוועזן ענלעך צו דאָס וואָס ס״ט פּאול האָט באַשריבן, וואָלט זי פאַרשוווּנדן נאָך אַ סך פריער איידער ישוע האָט זיך באַוויזן. קיין פאָלק האָט נישט געקענט לעבן לאַנג מיט אַזאַ אומטאָלע־ראַנטער רעליגיע״ (ז׳ 218).

„פּאולס טעאָריע (וועגן ייִדישקייט) האָט נישט געשטימט מיט די פאַקטן און צי באַוווּסטזיניק צי נישט האָבן די פאַקטן געדאַרפט צעדרייט ווערן כּדי זיי זאָלן שטימען מיט דער טעאָריע״ (ז׳ 220).

„קריסטן זענען פאַרפאָלגט געוואָרן און האָבן שטאַרק געליטן אונטער געוויסע רוימישע הערשער. אָבער די ליידן זענען דאָך קליינינקייטן אין פאַרגלייך מיט די ליידן, וואָס די קריסטן האָבן געבראַכט אויף ייִדן״ (ז׳ 235).

מען קען ברענגען אַ סך אַזעלכע שטעלן פון בוך. עס ווילט זיך אויך שטאַרק ציטירן די שטעלן, וואָס באַווייזן די דערהויבנקייט פון דער לערע פון די פּרושים, איבערהויפּט וועגן תּפילה, וועגן תּורה־שבלב, אָבער דאָס איז גאָר אַן אַנדערער ענין. אוודאי וואָלט זיך געוואָלט ציִען די לאָ־גישע שלוסן פון הערפאָרדס שטעלונג צו הלכה און אָנווענדן די שלוסן צו אונדזער איצטיקער תּקופה, ווען ייִדן האָבן זיך פּראַקטיש אָפּגעזאָגט פון הלכה. זיין צוגאַנג צו דער אַפּאָקריפישער ליטעראַטור קען פאַר אונדז דינען ווי אַ גוטער ביישפּיל צו דער שטעלונג, וואָס מיר דאַרפן נעמען צו אונדזער איצטיקער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס שטעלט דעם טראָפּ אינגאַנצן אויף אגדה און לאָזט אויס הלכה. אָבער דאָס זענען ברייטערע פּראָבלעמען וואָס גייען נישט אַריין אין די ראַמען פון דער איצטיקער אָפּהאַנדלונג וועגן דעם גרויסן געלערנטן.

איך וויל אָבער צום סוף ווינטשן, אַז עס זאָל זיך געפינען אַ ייִד אַ מעצענאַט צו פינאַנסירן אַן איבערזעצונג פון דעם וויכטיקסטן ווערק „פּרושים״, פון ר. טראַווערס הערפאָרד. ס׳איז אַ ווערק וואָס יעדער ייִד האָט געמעגט מיט אים זיין באַקאַנט.

# די אייביקייט פון אַן אידייע

אין אונדזערע קרייזן און אויך אין אַנדערע ייִדישע קרייזן פילט זיך אַ גרויסער פּעסימיזם בנוגע דער צוקונפט פון ייִדישקייט. מען מוז צוגעבן, אַז די לאַגע אין דער גייסטיקער ייִדישער וועלט באַרעכטיקט דעם פּעסימיזם. די סיבה פון דעם פּעסימיזם קען מען באַצייכענען מיט צוויי ווערטער: „אַזויפיל גוף", אָדער „צופיל גוף".

וווהין מען קערט זיך און וווהין מען ווענדט זיך זעט מען אָדער זאַטע צופרידענע ייִדן, וואָס זענען פאַראינטערעסירט אין איין זאַך: רייצן איבערגעזעטיקטע אַפּעטיטן, אָדער ייִדן, וואָס ווילן אַריינקריגן אַלץ מער און מער מאַטעריעלע ווערטן צוליב אַ בייזער שרעק, אַז שפּעטער, שפּעטער וועט זיי עפּעס אויספעלן.

דאָס יאָגן זיך נאָך מאַטעריעלן גליק און גיריקייט צו זעטיקן די חושים פאַרשלינגט אַזויפיל צייט, אַז עס בלייבט נישט דעם מענטשן קיין געדולד, קיין צייט און קיין ווילן פאַר עפּעס אַנדערש. אַזוי ווי אַ מענטש קען פאַרטעמפּט ווערן און ווערן נישט פעאיק אויפצונעמען דעם רוף צו צו באַפרייען זיך „צוליב קורץ געמיט פון דער אַרבעט וואָס איז זייער שווער" (שמות ו׳ט), אַזוי קען אַ מענטש פאַרטעמפּט ווערן פון צופיל פאַרגעניגן אָדער פון יאָגן זיך נאָך גשמיות.

ייִדישקייט פירט אָן אַ שווערן קאַמף מיט דעם ראַציאָנאַליסטישן און מאַטעריאַליסטישן וועלט־באַנעם. אין פלוג קוקט אויס, אַז דער קאַמף איז אַ פאַרלוירענער. די איצטיקע וועלט האָט אַזויפיל צו געבן דעם גוף און ייִדישקייט וויל מאַכן דאָס לעבן גאַנצער — גוף מיט נשמה. ס׳איז קעגן איצטיקן גאַנג פון ציוויליזאַציע.

אָבער איך גלויב באמונה־שלימה, אַז די אידייע פון ייִדישקייט וועט בייקומען דעם היינטיקן ראַציאָנאַליסטישן און מאַטעריאַליסטישן וועלט־באַ־

נעם, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט דעם גוף אין צענטער פון דער וועלט, פונקט ווי די ייִדישקייט האָט באַזיגט די געצנדינערישע וועלט, וואָס האָט פאַרמאָגט גיגאַנטישע כוחות צו רייצן די תאוות און גיריקייט פון מענטשן. די אידייע פון ייִדישקייט איז איצט טאַקע אין אַ פאַרמעסט מיט דער וועלט אָבער ס׳איז נישטאָ קיין גרונט פאַר פעסימיזם און שרעק, אַז ייִדישקייט וועט פאַרלירן.

ווען ייִדישקייט וואָלט נישט געווען קיין אידייע, נאָר אַן אינסטיטוציע, אַן אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפט וואָס וויל פאַרשפּרייטן איר מאַכט איבער דער וועלט, און איינשטעלן איר נאַרמע, איר פרידן, אָט ווי די אימפּעריעס פון בבל, אשור און רוים האָבן עס געטון, אַזוי ווי עס פאַרמעסטן זיך די איצטיקע גרויסע אימפּעריעס, וואָלט געווען אַ באַרעכטיקטע שרעק פאַר אַ דורכפאַל. די ייִדישע באַפעלקערונג איז קליין און איז איצט קלענער געוואָרן אויף אַ דריטל. וואָס קלענער אַ באַפעלקערונג איז אַלץ קלענער מוזן זיין אירע אַרמייען. אַ קליינע אַרמיי קען נישט האָבן די מאַכט אַרויפצוצווינגען אַ וועלט־באַנעם, אַ געדאַנקען־גאַנג, אַ לעבנסשטייגער אויף דער וועלט.

אָבער ייִדן האָבן זיך קיינמאָל נישט פאַרלאָזן אויף מאַכט און צאָל. ייִדישקייט האָט זיך אידעאיש קיינמאָל נישט גערעכנט אפילו מיט די אומשטענדן פון דער וועלט. ייִדישקייט איז געקומען מיט דער אידייע פון אַ גערעכטער וועלט און אַן איינגעשטעלט גערעכט לעבן, וואָס דאַרף רעאַליזירט ווערן פון יעדן יחיד. וויבאַלד אַזוי, איז ווו קען דאָ זיין יאוש? כל־זמן עס איז דאָ איין טרעגער פון דער אידייע איז גענוג, אַפשיטא ווען ס׳איז דאָ אַ גרופּע, ווי קליין זי איז, מאַכט עס אוודאי נישט אויס. ווייל אפילו איין טרעגער פון אַן אידייע איז געגליכן צו אַ הייפעלע תבואה־זאָמען, וואָס קען פּאָטענציעל, מיט דער צייט, זעטיקן די וועלט. איין טרעגער פון אַן אידייע איז געגליכן צו אַ ליכט. אַ קליין פלעמל קען אָנצינדן די וועלט.

עס זענען געווען גאַנצע תקופות אין דער ייִדישער געשיכטע וואָס גאָטס פייער איז געווען באַהאַלטן. נאָך ערגער — גאָטס פייער איז געוואָרן בלאָטיק־וואַסער (זע חשמונאים ב׳, כה, כו). אָבער שטענדיק איז דאָ אין ייִדן פּאָטענציאַל דער פונק, וואָס קען פאַרוואַנדלען דאָס בלאָטיק־וואַסער אין פייער פון מזבח.

דער חומש בראשית, וואָס איז נישט בלויז די געשיכטע פון אַ משפּחה, נאָר די סימבאָלישע געשיכטע פון ייִדישן פאָלק, ברענגט אַרויס דעם געדאַנק, אַז צאָלן שפּילן נישט קיין ראָלע אין ייִדישן וועלט־באַנעם. אויך ווייזן קלאָר די מעשיות פון בראשית, אַז די יורשים, וואָס האָבן געדאַרפט טראָגן די אידייע פון ייִדישקייט ביד־רמה, זענען נישט אַלע־מאָל געווען די פּאַסיקע יורשים. דאָך איז די אידייע נישט געשטאָרבן. אַלעמאָל האָט זיך געפונען אַן עמיצער וואָס האָט גענומען אויף זיך דעם יאָך.

**
*

דער אמת פון איין גאָט ווערט אַנטפּלעקט צו אברהמען. צו איין מענטשן. ווי איינזאַם, עלנט האָט זיך דער איין און איינציקער ייִד גע־דאַרפט פילן אין דער געצנדינערישער וועלט! באַלד הערט ער אַ שטים: „גיי אַרויס פון דיין לאַנד, פון דיין געבוירן־אָרט, פון דיין פאָטערס הויז, צו דעם לאַנד, וואָס איך וועל דיר ווייזן” (בראשית י״ב א). וועלכער לאַנד זאָגט מען אים נישט. גאָט אַליין האָט נאָך נישט באַשטימט וועלכעס לאַנד איז דאָס פּאַסיקסטע צו פאַרשפּרייטן זיין תורה. די גאַנצע וועלט איז פול מיט אומווירדיקייטן.

אברהם נעמט מיט זיך אין זיינע וואַנדערונגען אַ טייל פון זיין משפּחה, זיין פּלימעניק לוט, און די „נפשות וואָס ער האָט זיך איינגעשאַפט אין חרן”. ווי עס ווייזט אויס, זענען דאָס געווען נאָכפאָלגער זיינע, האַלבע קנעכט אָדער גאַנצע קנעכט, און אפשר פרייע מענטשן. שפּעטער רופט ער זיי „חניכים”, אויסגעלערנטע אָדער דערצויגענע. דערצו ווערט ער אַ מכניס־אורח, לויט דער טראַדיציע דער גרעסטער מכניס־אורח פון דער וועלט. דאָס הויז איז אָפן פאַר אַלעמען. ער גיט עסן און טרינקען און לערנט די מענטשן צו דינען צום איין־און־איינציקן גאָט. ער האָט ווייניק דער־פאָלג, לויטן מדרש, מיט זיינע אורחים. לויטן חומש האָט ער נאָך ווייניקער דערפאָלג. אפילו זיין אייגענער פּלימעניק רייסט זיך אָפּ פון אים און גייט אָפּ קיין סדום (דאָרט י״ג).

גאָר אַ לאַנגע צייט האַלט אברהם, אַז עס איז נישט נייטיק צו אויפ־האָדעווען אייגענע קינדער, זיי זאָלן פאַרזעצן זיין תורה. נאָך אַלעמען אַן אידייע גייט נישט אַלע מאָל אַריבער בירושה. פאַרנעמט ער זיך מיט די חניכים, דערציט זיי. ער איז זיי מל און מסתמא לערנט ער מיט זיי גאָטס

תורה, וואָס ער אַליין היט אָפּ. ווי עס שטייט געשריבן: „עקב אשר שמע אברהם בקולי וישמר משמרתי מצוותי חקותי ותורתי״ (דאָרט כ״ו ה) דער־פאַר וואָס אברהם האָט זיך צוגעהערט צו מיין קול און האָט אָפּגעהיט, וואָס איך האָב געהייסן אים אָפּהיטן: מיינע מצוות, מיינע חוקים און מיינע לערנונגען — תורה. אָבער עפּעס אויף דער עלטער איז ער נישט צופרידן מיט דער פּעולה, וואָס ער האָט געהאַט מיט די חניכים. ער האָט שוין חרטה וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין קינדער און האָט טענות צו גאָט „והנה בן ביתי יורש אותי״ (דאָרט ט״ו, ג) און זע, אַ קנעכט וועט מיך ירשענען.

גיט אים גאָט צוויי זין. איין זון זאָגט זיך אָפּ באַלד פון דער ירושה. אַ געראָטענער זון איז געווען ישמעאל, עס שטייט דאָך געשריבן: גאָט האָט אים געבענטשט און געפּרוכפּערט און זייער, זייער געמערט און צוועלף פירשטן זענען אַרויסגעקומען פון אים (דאָרט י״ז, כ). אָבער ער האָט נישט גענומען אויף זיך דעם בונד, וואָס גאָט האָט געמאַכט מיט אברהמען.

דער צווייטער זון, יצחק, האָט געדאַרפט ווערן דער אמתער גייסטיקער יורש. אָבער ער איז זייער אַ שוואַכער יורש. מיט קיין אויסערגעוויינטלעכס האָט יצחק זיך נישט אויסגעצייכנט. די עטלעכע מעשיות, וואָס ווערן וועגן אים דערציילט אין חומש זענען בלויז אַן איבערחזורונג פון אברהמס מעשיות אמת, ס׳איז שווער פאַר אַ זון פון אַ געראָטענעם טאַטן זיך אויס־צוצייכענען. אָבער דאָך קומט אויס, אַז יצחק איז נישט געווען באַגייסטערט פאַר דער ירושה פון דעם געטלעכן יאָך, וואָס דער טאַטע האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן.

מיר זעען עס ווען דער צווילינג איז געבוירן געוואָרן צו יצחקן. דער עלטערער זון, עשו, האָט זיך נאָך אין דער מאַמעס בויך אָפּגעזאָגט פון דער ירושה און יצחק האָט דווקא ליב געהאַט עשון. די פרעמדע רבקה האַלט מיטן קלענערן זון, יעקבן, וואָס איז דער טרעגער פון דער טראַדיציע פון דעם ייִדן אברהם.

יעקב שטעלט אויף אַ גרויסע משפּחה. די צוועלף זין דאַרפן עס ווערן די טרעגער פון גאָטס יאָך. אָבער קיין צופּיל נחת האָט ער נישט פון זיי. דער עלטערער זון, ראובן, זינדיקט מיטן טאַטנס ווייב (דאָרט ל״ה, כב). יהודה האָט חתונה מיט אַ כנענית און דערצו זינדיקט ער מיט דער איי־געגער שנור (דאָרט ל״ח). שמעון און לוי, זאָגט אויף זיי דער טאַטע, אַז זיי זענען רויבער „וואָפן פון רויב זענען זייערע קרובים... ווען זיי ווערן אין כעס הרגענען זיי מענטשן און צוליב פאַרווילונג פאַרקריפּלען זיי „אָקסן״

(דאָרט מ״ט, ה, ו). יעקב שעלט זיי גאָר אפילו. (זע די װוּנדערבאַרע דער־קלערונגען צו די פּסוקים אין „תולדות האמונה הישראלית״ מאת יחזקאל קויפמאַן, כרך ראשון, זייט 178, אונטן אין דער באַמערקונג).

אַלע ברידער צוזאַמען פאַרקויפן דעם ייִנגסטן ברודער אין קנעכט־שאַפט. ניין, קיין נחת פון קינדער האָט יעקב נישט געהאַט.

די גאַנצע משפּחה עמיגרירט אויף אַ ווײַלע קיין מצרים. אַוועק קיין מצרים איז מען צוליב הונגער אין כנען. אָבער מען איז שוין דאָרט פאַר־בליבן. אַ ברודער איז געווען דאָרט דער שני־למלך און אַלע ברידער האָט מען געמאַכט „אויבערלייט פון די פּי, וואָס פרעה האָט פאַרמאָגט״ (מ״ז, ו). צו וואָס זיך אומקערן צום אָרעמען צוגעזאָגטן לאַנד און וואַרטן דאָרט אויף גאָטס חסד, ווען די רײַכע מצרים גיט זיי אַזאַ גוטע און גליקלעכע היים?

ס׳האָט אויסגעקוקט, אַז די בני־ישראל האָבן נישט געוואָלט טראָגן דעם יאָך. דאָך דווקא אין דער פרעמד ווערן זיי אַ גרויס פאָלק. ווי אַזוי? עס שטייט נישט געשריבן. מסתמא אָבער זענען געווען איינציקע, געצייל־טע, וואָס האָבן אויפגעהיט און אָפּגעהיט די ירושה.

שוין אין חומש „שמות״ איז דאָ אַן אָפּשפּיגלונג פון אונדזער צײַט. אויך הײַנט זענען ייִדן פאַרכאַפּט געוואָרן פון די „פלייש־טעפּ״ פון מצרים. באַוווסטזיניק האָבן זיי זיך נישט אָפּגעזאָגט פון ייִדישקייט. דער דורכ־שניטלעכער ייִד האָט נישט דורכגעטראַכט דעם ייִדישן דרך און איז געקו־מען צום באַשלוס, אַז ער איז פאַלש. ניין, דער דורכשניטלעכער ייִד איז איצט פאַרכאַפּט געוואָרן פון די גרויסע צוזאָגונגען פון דער מאַטעריאַליס־טישער וועלט, וואָס צום ערשטן מאָל אין דער וועלט־געשיכטע, קען צוזאָגן צו געבן דעם מענטשן אַ גן־עדן פאַרן גוף אויף דער וועלט.

דערפאַר ווערן אַ סך ייִדן איצט פאַררעכנט פאַר ייִדן בלויז צוליב נע־גאַטיוון. זיי זענען נישט צוגעשריבן צו קיין אַנדערער גרופּע. דאָס נישט זײַן צוגעשריבן צו קיין אַנדערער גרופּע איז אויך אַ גרויסער ענין, ווײַל פּאָטענציעל בלײַבן זיי ייִדן און אוודאי זענען זייערע קינדער און אייניקלעך אַ קוואַל פאַר גוטע אמתע ייִדן, כל־זמן עס איז אַ באַוווסטזיניק הייפעלע, וואָס טראָגט דעם יאָך.

ס׳איז נישטאָ וואָס צו מיאש זײַן זיך און קלאָגן. ייִדישקייט איז אַן אידייע און די גרויסקייט און וויכטיקייט פון אַ אידייע ווענדט זיך נישט

אָן דער צאָל נאָכפאָלגער. די אידייע פון ייִדישקייט איז נישט אָפּגעפרעגט געוואָרן פון די נעגאַטיווע ייִדן. בלויז זיי ווילן זי נישט קאָנקרעטיזירן, אָדער קענען עס נישט טון, צוליבן קורץ געמיט פון יאָגן זיך נאָך גשמיות. גם זה יעבור — אויך דאָס וועט פאָריבערגיין. ייִדישקייט וועט בייקומען דעם מאַטעריאַליסטישן און ראַציאָנאַליסטישן וועלט־באַנעם, ווי זי האָט באַזיגט דעם געצנדינערישן וועלט־באַנעם.

# קיום אָדער המשך

קיום אָן המשך איז געגליכן צו אַ מענטשן וואָס שטאַרבט אָן קינ־דער, אָבער עס בלייבט נאָך אים אַ סטאַטוע. קיום מיט המשך איז געגליכן צו אַ מענטשן, וואָס לאָזט איבער נאָך זיך קינדער אין זיין גע־שטאַלט און זיין אויסזען.

פון די אַלטע קולטור־פעלקער זענען יידן נישט דאָס איינציקע פאָלק, וואָס איז געבליבן לעבן ביז היינט. די מיצרים און די גריכן לעבן נאָך ביז היינטיקן טאָג ווי פעלקער. די מיצרים און די גריכן זענען געבליבן לעבן אויף זייער אייגן לאַנד. דאָך איז דאָס קלאַסישע גריכישע פאָלק טויט און דאָס מיצרישע פאָלק, וואָס איז געווען אין משך פון טויזנטער יאָרן דאָס איינציקע קולטור־פאָלק אויף דער וועלט, דאָס אַלטע מיצרישע פאָלק האָט קיין שום שייכות, אפילו נישט קיין פיזישע, מיט די איצטיקע מיצרים.

ווען די פרעה־געטער פון דער אכצנטער דינאַסטיע אפילו: אַמהאָס, אַמענהאָטעפּ, טוטמאָס, אַמענאָפיס וואָלטן אַראָפּגענידערט איצט קיין מצרים און מיטגעבראַכט מיט זיך זייערע חרטומים, כישוף־לייט, הויכע פּריסטערס, פּריסטערינס, קינסטלער, מאָלער, גאָלד־שמידן, אינזשיניערן, מאַטעמאַטיקער, בויער און אַסטראָנאָמער, וואָלטן זיי אָנגעטראָפן אַ פאָלק מיט אַן אַנדער לשון, מיט אַן אַנדער אמונה, מיט אַנדערע מנהגים און איינגאַנצן מיט אַן אַנדער עטישן באַנעם. אַלט־מצרים וואָלט נישט געהאַט קיין באַרירונג־פונקט מיט ניי־מצרים.

אוודאי וואָלטן די קעניגן געפונען די פּיראַמידן, אויך זייערע קברים, הונדערטער און הונדערטער מאָנומענטן, סטעלאָס מיט הערלאָגליפישע

אויפשריפטן, קאָלאָסוסעס און חורבות פון אַלטע טעמפּלען. אָבער קיינער קען נישט לייענען די אַלטע הייליקע אויפשריפטן, קיינער געדענקט נישט די נעמען פון די מלכים און קיינעם פאַלט נישט איין צו גיין אויף קבר־אבות אויף די קברים פון די אַלטע הערשער, און קיין איין עגיפּטער קומט נישט אין די רואינירטע טעמפּלען צו מתפּלל זיין.

דאָס זעלביקע וואָלט געווען אין גריכנלאַנד. ווען עס קומט אַראָפּ אַ גרופּע אַלטע פילאָסאָפן אין איצטיקן אַטען, וואָס פאַר אַ פאָלק וואָלטן זיי אָנגעטראָפן? זיי וואָלטן דערווישט אַ פאָלק, וואָס האָט לחלוטין נישט קיין שייכות צו די אַלטערטימער אַרום זיי. זיי וואָלטן געקומען פּנים־אל־פּנים מיט אַ קולטור, וואָס איז נישט קיין המשך צו דער קולטור פון די פילאָסאָפן.

לאָמיר עס אַוועקשטעלן שאַרפער: עס קומט אַראָפּ אין גריכנלאַנד אַ צופעליקע גרופּע פילאָסאָפן וואָס באַשטייט פון אַלצעאוס, טהאַליס, אַנאַזאַגאַר, הערקליטוס, פּיטאַגאָראַס, סאָקראַטעס און אַריסטאָטל. זיי גייען אַריין אין אַ גריכישן אוניווערזיטעט. וועלן זיי דאָרט אָנטרעפן פּאָ־ליאַנטן פון זייערע ווערק מיט מפרשים פון דורות?

וועלן זיי אַרויס אין גאַס און אָפּשטעלן אַ קינד און אים פרעגן: — „זאָג אויף אויסוויינינק אַ זאַץ פון האָמער, פון סאַפאָ, פון אַנאַקרעאָן אָדער פון סאָפאָקלעסן אין דעם אָריגינעלן גריכישן לשון". דאָס קינד וואָלט אפילו נישט פאַרשטאַנען וואָס דער פרעמדער רעדט צו אים.

אָבער זאָל אַראָפּקומען ישעיה, ירמיהו און יחזקאל אין אַ ייִדישער שטאָט וועלן זיי געפינען זייערע נבואות געזאַמלט אין איין באַנד אין הונדערטער און טויזנטער, צענדליקער טויזנטער הייזער. דער תנ"ך אין אָריגינאַל ווערט נאָך זיין געדרוקט מיט מפרשים.

ווען רבי עקיבא, רבי מאיר, רבי יהודה, רב אשי, רב פּפּא, אביי רבא און רב אשי זאָלן אַראָפּקומען אין אַ שטאָט און אַריין אין אַ ייִדישן העכערן לערן־אַנשטאַלט וועלן זיי געפינען דיקע פאָליאַנטן פון זייערע שאַפונגען. נאָך מער, נישט גלאַט צונויפגעזאַמלטע טויטע טעקסטן. עס וואָלט זיי זיכער גאָר געפעלן, אַז אין אַ גמרא איז אין צענטער דאָ אַ שטיקל משנה, אַרום דער משנה גמרא, אַרום דער גמרא רש"י פון איין זייט, תוספות פון דער אַנדער זייט. ביי די שולי־הגוילים נאָך מפרשים און אויפן סוף פון דער גמרא אַנדערע מפרשים. צווישן צוויי טאָוולען וואָלטן זיי געפונען קאָמענטאַרן און דערקלערונגען וואָס זענען געשאַפן געוואָרן

אין ארץ־ישראל, בבל, מצרים, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, פּוילן, ליטע — ייִדן פון אַלע דורות און פון גאַר דער וועלט.

איך רייד שוין נישט וועגן די נביאים, תנאים און אמוראים וואָלטן אַראָפּגעקומען מיט פופציק יאָר צוריק אין אַ ייִדיש שטעטל. אוודאי וואָלטן זיי דעמאָלט געזען נישט נאָר המשך, נאָר ממש דובליקאַציע. אפילו איצט, אין ניו־יאָרק, אין בוענאָס־איירעס, אין פּאַריז (איך רייד שוין נישט אין מדינת־ישראל) וואָלטן זיי געפינען ייִדן אָן אַ צאָל מיט וועלכע זיי וואָלטן זיך קענען צוזאַמענרעדן. גאָר אַ גרויסע צאָל ייִדן (און דווקא נישט קיין אָפּהיטער פון אַלע תרי״ג־מצוות), וואָלטן זיי געווען נאָענט און טייער. זייער טראַכטן און וועלט־באַנעם וואָלטן פאַר זיי געווען אייגנס.

איך וואָלט געגאַנגען נאָך ווייטער — ווען אפילו משה־רבנו וואָלט אַראָפּגעקומען און דערזען דאָס איצטיקע פאָלק ישראל, וואָלט ער גע־פילט המשך. ער וואָלט דערזען די טראַדיציע — נישט געקוקט ווי אַנ־דערש זי איז — וואָס ציט זיך פון מדבר ביז יעדן היינטיקן ייִדישן ישוב.

ס׳איז דאָ אַן אגדה:

ווען משה רבנו איז אַרויף אויפן הימל האָט ער געזען ווי גאָט מאָלט קריינדלעך צו די אותיות פון דער תורה, האָט משה געפרעגט: „צו וואָס דאַרפסטו צוגעבן צו דיין שרייבן?״ האָט גאָט געענטפערט: „אין קומענ־דיקע דורות וועט קומען אַ מאַן מיטן נאָמען עקיבא, וואָס וועט דרשענען יעדן תג, יעדן קריינדל, יעדן שטריכעלע איבער איטלעכן אות״. האָט ער צו אים געזאָגט: „רבונו־של־עולם, איך וויל אים זען״. האָט גאָט גע־זאָגט צו אים: „טו אַ קוק הינטער זיך״. האָט משה געזעצט זיך אין רבי עקיבאס ישיבה אין דער אַכטער שורה און זיך צוגעהערט וואָס רבי עקיבא דרשנט און נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט. האָט ער געקראָגן גרויס חולשת־הדעת. מיט אַמאָל האָט ער דערהערט פון רבי עקיבאן: „דאָס איז אַ הלכה, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן צו משהן אויפן באַרג סיני. האָט זיך משה באַרואיקט״ (מנחות ד; כ״ט, ב).

דאָס איז אַ דערקלערונג פון דעם אָרגאַנישן כאַראַקטער פון דעם פּראָצעס פון וואַקסן פון טראַדיציע, הלכה — המשך. ס׳איז דאָ אַ פאַר־בינדונג פון משה דעם מחוקק ביז היינטיקן ייִנגסטן עכטן ייִדישן דיכטער. אפילו ווען דער דיכטער שרייבט אין ייִדיש איז זיין יניקה אַלץ פון אַלטן מקור — פון דעם לשון־קודש פון תנ״ך און משנה און אַראַמעאיש פון

**גמרא און מדרש, וואָס געוויינטלעך קען ער זיי. מוז עס קענען אויב ער וויל זיין אַן עכטער** ייִדישער דיכטער. דאָס איז קיום מיט המשך.

**אָבער ווו איז דער אָרגאַנישער וווקס פון דער אַלטער גריכישער קולטור ביי היינטיקע גריכן? ווו איז די המשכדיקייט פון דער אַלטער מיצרישער ציוויליזאַציע ביי היינטיקע עגיפּטער?**

**יאָ — אפשר ווען די אַמאָליקע גריכן און אַמאָליקע עגיפּטער באַזוכן די באַראַקן פון די זעלבער פון זייער פאָלק, וואָלטן זיי געזען המשך...**

---

די גרויסקייט פון ייִדישן פאָלק איז נישט וואָס עס איז דאָ אַ גרופּע מענטשן וואָס רופן זיך ייִדן, נאָר וואָס עס איז דאָ אַ גרופּע מענטשן וואָס רופן זיך ייִדן און האָבן אַ שייכות מיט אַלע פאַרגאַנגענע דורות.

**די אַנדערע צוויי אַלטע פעלקער איז געלונגען איינצוהאַלטן בלויז זייער** קיום. ייִדן **אָבער** — קיום מיט מהשך.

**דערפאַר איז פאַר אַ ייִדישן ייִדן אַ היפּש ביסל פּריקרע ווען ער הערט — „אַ ניי פאָלק איז איצט געבוירן", „ערשט איצט זענען מיר געוואָרן אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך", „ייִדן האָבן אויפגעהויבן שטאָלץ זייער קאָפּ און זיי האָבן באַוויזן זייער גבורה אויפן שלאַכטפעלד ווי אַלע אַנדערע פעלקער". מיר דוכט זיך, אַז די אַלע שרייערס ווילן איצט שאַפן אַ ייִדיש פאָלק, וואָס זאָל בלייבן ווי אַ מאַרמאָרענע סטאַטוע נאָך ישראל־סבא. מיר, ייִדישע ייִדן, ווילן עס נישט. מיר ווילן קיום מיט המשך, מיר ווילן ,אַז ייִדן זאָלן אויף ווייטער בלייבן אַ פאָלק אין געשטאַלט און אויסזען פון ישראל־סבא, אומעטום אפילו ביי זיך אין לאַנד. דאָס איז אונדזער גרויסקייט, דאָס איז אונדזער שטאָלץ אין אונדזערע אייגענע אויגן און אין די אויגן פון דער גאַנצער וועלט.**

# אַ פֿאָלק אין אַ פֿאָלק

צו לעבן ווי „אַ פֿאָלק אין אַ פֿאָלק“ דאַרף מען האָבן כוח. מען דאַרף אויך האָבן דעם רצון און גבורה אָפּצוזאָגן זיך פֿון אַ סך איינגע־שטעלטע און אָנגענומענע נאָרמעס, וואָס ביי דעם דורכשניטלעכן מענטשן זענען זיי די עיקר־סימנים פֿון אַ פֿאָלק.

אפילו דער חומש באַוווּנדערט שוין די דערשיינונג, וואָס יִדן זענען געבליבן ווי אַ פֿאָלק אין אַ פֿאָלק. דער פּסוק זאָגט: „האָט געפּרובירט אַ גאָט נעמען פֿאַר זיך אַ פֿאָלק צווישן אַ פֿאָלק“ (דברים ד׳ לד). לויט דעם בוי פֿון זאַץ און דעם ווערב קוקט אויס ווי דער פּסוק מיינט דאָרט נישט בלויז ווען גאָט האָט אַרויסגענומען די יִדן פֿון מצרים נאָר אַלעמאָל.

ביי מענטשן איז דער יצר־הרע גרויס צו זיין אַ בירגער פֿון אַ פֿאָלק וואָס איז ווי אַלע פֿעלקער און האָבן אַלע באַפֿוצונגען, אויסערלעכן גלאַנץ און פּאָרמעס, מיט וועלכע דער דורכשניטלעכער בירגער גרויסט זיך. ביי יִדן איז דאָס בענקעניש נאָך אַ פֿולן מדינהשן לעבן קיינמאָל נישט אָפּגעשטאָרבן. אָבער בדרך־כּלל האָבן יִדן גובר געווען אָט דעם יצר־הרע און האָבן פֿאַר זיך געשטעלט גאָר אַן אַנדער צוועק — באַ־וווּסטזיניק צו טראָגן גאָטס יאָך און זען רעאַליזירן אַ גערעכט, ערלעך און פֿרום לעבן פֿאַר יעדן יחיד פֿון דער אומה.

אָט דעם עטישן וועלט־באַנעם, וואָס לויטן יִדישן גאַנג האָט זיך עס אויסגעקריסטאַליזירט אין הלכה, האָבן זיי אָוועקגעשטעלט אין צענטער פֿון יִדישן פֿאָלק־לעבן און צוליב דעם זענען זיי געווען גרייט צו איג־נאָרירן די אַרומיקע סביבה און אפילו גיין על קידוש־השם.

אויף אַ סך זאַכן האָבן יִדן מוותר געווען. אָבער אויף דעם עיקר פֿון אַלע עיקרים — צו לעבן אַ יִדיש לעבן, האָבן זיי נישט מוותר געווען. צו לעבן ווי אַ נישט־יִיד איז דאָס לעבן נישט כּדאַי.

מיר, די ייִדן, וואָס בלייבן באונס אָדער ברצון איז נישט וויכטיק, אויסער מדינת ישראל און האַלטן, אַז ייִדישקייט איז נישט צוגעבונדן צו דער מלוכה און לאַנד, האָבן פאַר זיך איצט אַ שווער פּראָבלעם ווי אַזוי צו לעבן ווי ייִדן אין אַ נישט־ייִדישער סביבה. מיר שרעקן זיך פאַר סעפּאַראַטיזם, פאַר איזאָלאַציע, און ביי אונדז איז דער גרעסטער פּראָבלעם: אויף וויפל זאָלן מיר זיך אָפּזונדערן פון אונדזערע שכנים, כּדי מיר זאָלן בלייבן ייִדן און דאָך נישט זיין קיין פרעמדע אין לאַנד?

מיר דוכט זיך, אַז מיר קענען אַ סך לערנען פון דעם איינשטעל פון אונדזערע זיידעס און טאַטעס. איבערהויפּט ווען עס שווימט אַרויף די פראַגע פון עקאָנאָמישער נויטווענדיקייט און עקשנות צו האַלטן זיך ביים עיקר.

אָט איז אַ חסידישע מעשה, וואָס פון אויבנאויף קלינגט זי נאַאיוו, נייִק, אפילו נאַריש, אָן פאַרשטענדעניש פון לעבן. אָבער באמת איז עס אַ מעשה, וואָס באַהאַלט אין זיך אַ טיפן זין און אַן אייגנאַרטיקן ייִדישן וועלט־קוק.

„ס׳האָט געטראָפן, אַז דער רבי מענדעלע פון רימאַנאָוו האָט באַפוילן זיינע אַלע חסידים ישובניקעס זיי זאָלן זיך אַרויסקלייבן פון די דערפער אין די שטעטלעך אַריין. ער האָט געזאָגט: אַ ייִד וואָס וווינט אין דאָרף איז גלייך, רחמנא־ליצלן, ווי ער וואָלט נישט געהאַט קיין גאָט. ער וווינט צווישן גויים קען ער נישט דאווענען מיט אַ מנין אפילו נישט שבתים און יום־טובים. ער קען אויך נישט אויפהאָדעווען קיין קינדער בני־תורה און אמתע ייִדן.

די ישובניקעס האָבן זיך געבעטן ביי אים:

— רבי, ס׳איז אַ גזירה וואָס מיר קענען נישט אויסהאַלטן. מיר ציִען חיונה פון די דערפער. וואָס וועלן מיר טון אין שטאָט? ווי וועלן מיר מפרנס זיין אונדזערע משפחות?

רבי מענדעלע האָט זיי געענטפערט קורץ:

— שפּייז פאַר דער נשמה קומט פריִער פאַר שפּייז פאַרן גוף. פּרנסה? דער השם־יתברך, וואָס שפּייזט אַלעמען, וועט אויך אייך שפּייזן. מען דאַרף האָבן ביטחון.

זענען די ישובניקעס געקומען צו רבי נפתּלי פון ראָפּשיץ, וואָס איז געווען אַ קלוגער און אַ פאַרשטאַנדיקער און דער באַליבטסטער תּלמיד פון רבי מענדעלע פון רימאַנאָוו. זיי האָבן אים געבעטן ער זאָל גיין צום

רבין און ביי אים פּועלן צוריקרופן די גזירה. רב נפתלי האָט צוגעזאָגט.

ס׳איז געווען ווינטער־צייט. ביטערע פרעסט זענען געשטאַנען. דער שניי איז געווען טיף ביזן גאַרטל. קיין אייזנבאַנען זענען נאָך דעמאָלט נישט געווען, האָט רב נפתלי אָנגעטון אויף זיך אַלע וואַרעמע מלבושים, וואָס ער האָט געהאַט און איבער אַלע קליידער האָט ער אַרויפגעצויגן אַ שאָפענעם פעלץ, זיך אַריינגעזעצט אין אַ שליטן, גוט אויסגעבעט מיט היי, און איז אַוועקגעפאָרן צו רבי מענדעלען.

ער איז אָנגעקומען קיין רימאַנאָוו, אַריינגעפאַלן צום רבין אין שטוב און אַן אָנגעפּעלצטער איז ער אַנידערגעפאַלן אויף דער קאַנאַפּע און האָט אָנגעהויבן קרעכצן און אויקען און קיינער האָט אים נישט גע־קענט איינשטילן.

רבי מענדעלע איז אַריין אין דער גרויסער סאַלע און ער זעט אַן אָנגעפּעלצטער ייִד ליגט אויף דער קאַנאַפּע און קרעכצט און אויקעט. פרעגט ער: „ווער איז עס?״

ענטפערט מען אים:

— דאָס איז רב נפתלי!

גייט צו אים צו רבי מענדעלע און דערלאַנגט אים שלום־עליכם. רב נפתלי איז זיך נאָך מער פאַרגאַנגען אין זיינע קרעכצן און נישט גענומען אפילו דעם רבינס האַנט.

זאָגט צו אים רבי מענדעלע:

— רב נפתלי ראָפּשיצער, וואָס איז געשען?

— ווײ ווײ, רבי, — ענטפערט רב נפתלי — לאָזן זיך אין וועג היינ־טיקע צייטן, נאָך דעם רבינס גזירה איז דאָך ממש סכנות־נפשות. צו די ישובניקעס אין אַ קרעטשמע, רבי, בין איך נישט פאַרפאָרן. איר האָט דאָך געזאָגט, אַז ייִדן טאָרן נישט וווינען אין דאָרף. בין איך געפאָרן גלייך צו אייך, רבי, אָן אַן אָפּשטעל. זאָג איך, רבי, אַז איך בין שיער נישט פאַרפרוירן געוואָרן אויף טויט. זעט, רבי! איך בין אָנגעטון וואַרעם, אין אַ וואַטאָוון קאַפּטאַן, וואַטאָווע הויזן, צוויי זשופּיצעס, אויך אַ קאַמזויל אַ וואַרעמען. און איבער אַלץ האָב איך אָנגעפּרענדעט זיך מיט אַ שאָ־פענעם פעלץ. וואָס זאָלן טון ייִדן אָרעמעלייט, וואָס האָבן נישט אַזעלכע מלבושים? ווי וועלן זיי פאָרן אויף דער וועלט צו פאַרדינען חיונה?

רבי נפתלי האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און ווייטער גערעדט:

— אַמאָל, פאַר אייער גזירה, האָט אַ ייִד, אויף זיינע נסיעות, זיך געקענט אָפּשטעלן אין אַ קרעטשמע, זיך דערוואַרעמט מיט אַ גלאָז טיי, מיט אַ קעלישיקל בראָנפן און טאָקע אָפּגעגעסן אַ וואַרעמען מאָלצייט. אָבער, רבי, וואָס זאָל טון איצט אַ ייִד, וואָס לאָזט זיך ווינטער אין וועג? ס׳איז דאָך ממש סכנות־נפשות.

רבי מענדעלע האָט אַ קוק געטון אויף דעם האַלב־דערפרוירענעם רב נפתלי, זיך פאַרטראַכט און געזאָגט:

— אַזוי, אַ סכנה פאַר כלל־ישראל? נו, אויב ס׳איז אַזוי זאָלן שוין די ייִדן בלייבן אין די דערפער. איך בין מתיר.״

(לויט מ. לפסון, „מדור לדור״, ב׳ 2 ז׳ 174).

אָט די פאָלקס־מעשה אילוסטרירט קלאָר דעם ייִדישן געדאַנק־גאַנג פון „אַ פאָלק אין אַ פאָלק״. רבי מענדעלע און אויך טיילוויז רב נפתלי איגנאָרירן אינגאַנצן די אַרומיקע נישט־ייִדישע סביבה. זיי איגנאָרירן אויך די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון אַ גרופּע ייִדן, אויב די עקאָנאָמיע שטערט זיי צו לעבן ווי ייִדן. לעבן ווי ייִדן ווערט אָוועקגעשטעלט אין צענטער פון לעבן. רבי מענדעלע זאָגט קורץ: „שפּייז פאַר דער נשמה קומט פריִער פאַר שפּייז פאַרן גוף״. דער גייסטיקער וועלט־באַנעם איז דער טראָפּ אין לעבן.

ווען רבי נפתלי קומט צו רבי מענדעלען אים בעטן צו אָפּשאַפן די גזירה, טענהט ער נישט, אַז דער פּלאַן איז נישט פּראַקטיש, ווייל די סביבה אַרום וועט זיך אפשר שטעלן קעגן אַזאַ איבערשיכטונג, אָדער די ישובניקעס וועלן נישט פאָלגן. ניין, צו דער סביבה אַרום טאָר מען זיך נישט אונטערגעבן, דאָס לעבן וועט גאָרנישט נישט ווערט זיין אויב אַ ייִד זאָל לעבן אַ נישט־ייִדיש לעבן. די ישובניקעס וועלן נישט פאָלגן? זיי וועלן מוזן פאָלגן, אויב זיי וועלן וועלן בלייבן אין כלל פון חסידים. רב נפתלי אָבער ווייזט אָן, אַז דער כלל־ישראל וועט ליידן. נו, צוליב כלל־ישראל מעג מען מתיר זיין די ישובניקעס צו בלייבן אין די דערפער און ליידן פון אַ נישט־גאַנץ ייִדיש לעבן.

אין איצטיקער פּראַקטישער צייט פון אָריענטירן זיך אויף פרעמדע קולטורן און אויף איבערגעטריבענע אַמביציעס איז כדאי אַ טראַכט טון, אַז אפשר זענען אונדזערע זיידעס געווען גערעכט. מיר דאַרפן זיך אָפּ־

לערנען פון זיי צו האָבן אַן אייגענע גייסטיקע פיזיאָנאָמיע. אונדזער אָריענ־טאַציע דאַרף זיין אויף אַן אייגן ייִדיש לעבן. דאָס דאַרף זיין דער דאָמי־נירנדיקער מאָטיוו אין אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן. דאָס גאַנצע פאָלק קען עס אפשר נישט באַווייזן, אָבער אַ גרופּע ייִדן מיט אַזאַ עקסטרעמער אידעאָלאָגיע מוז זיך געפינען ביי אונדז. ווען עס געפינט זיך ביי אונדז אַ גרופּע וואָס זאָל טיף באַנעמען דעם טייטש פון פסוק: „הנסה אלהים לקחת לו גוי מקרב גוי״ — קען זי האָבן אַ גרויסן איינפלוס אויף כלל־ישראל.

# נישט אַלץ צוליב קונסט

אייניע פון די סיבות, וואָס די נביאים (און איך וואָלט געזאָגט דער קריסטאַליזירטער ייִדישער וועלט־באַנעם וואָס האָט גערעדט דורך דעם מויל פון די נביאים) האָבן אַזוי געקעמפט קעגן „פסל״, פּלאַסטישער קונסט און אויך קעגן דעם געוועדטן וואָרט, וואָס האָט פאַרהערלעכט בוים, קוואַל, זון און דאָס גלוסט פון מין, איז געווען ווייל דאָס אַלץ איז געווען אין אַלטערטום פאַרבונדן מיט גניבה, גזילה, רציחה, הפקרות און זנות. ווען מען גראָבט אויס די מאָנומענטן פון אַלט־עגיפּטן מוז מען נתפּעל ווערן פון דער גרויסער קונסט, פון דער גרויסער שיינקייט, רייכ־קייט פון קאָליר און פאַרב, צאַרטקייט פון פאָרמע, וואָס די עגיפּטער האָבן פאַרמאָגט. ווען מיר לייענען אַ סך פון זייערע פאָלקס־מעשיות מוז מען אימפּאָנירט ווערן פון דער שטאַרקייט פון עמאָציע, פון רייכקייט פון לשון, וואָס באַשרייבט דאָס גלוסטעניש פון מאַן צו פרוי, די בענקעניש פון פרוי צו מאַן און די שיינקייט פון ליבע־געניוס. אין תנ״ך ווערט דאָס אַלץ אָנגערופן תועבת־מצרים, אָדער תועבת־הגוים — די אומווירדיקייט פון מצרים, די אומווירדיקייטן פון די פעלקער.

ס׳איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז די נביאים זענען געווען שונאים פון קונסט, האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן קיין קונסט און ווען מען וויל זוכן אמתע קונסט

„מוזן מיר זיך גראָבן אין די פאַרשאָטענע פאַרהיסטאָרישע טיפענישן, ווו עס איז פאַרזייט געווען דער זאָמען, און עס זידט נאָך די אורזאַפט פון אונדזער נישט־דערשטיקטן, כאָטש פאַרשטויבטן קינסטלערישן רצון. עס דאַרף ווערן וואַך אין אונדז די אוראַלטע, די פאַרביבלישע צייט פון אונ־דזער געשיכטע״ (ש. ניגער „פאָלק און פאָלקלאָר״ אין „שמועסן וועגן ביכער״, ז׳ 69).

„זיי האָבן זיך תמיד געריסן, אָט די פאַרשטיקטע כוחות, צו דער ליכ־טיקער שיין, נאָר זיי פלעגן אַלץ צוריק אַריינגעטריבן ווערן אינעווייניק, אין דער טיף, כדי ווידער אַרויסצושפּאַרן און ווידער פאַרשפּאַרט צו ווערן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך דעם שוים פון שמאַכטנדיקער און נישט־באַפרידנדי־טער ליריק... דערמאָנט זיך אָן אונדזערע גרויסע גייסטיקע מלחמות: די נביאים — קעגן וואָס פירן זיי זייער פּלאָמיקן שטרייט? קעגן געצנדינערײַ. דאָס הייסט, קעגן דעם פאָלקס יצר־הרע" (מײַן קורסיוו).

„שפּעטער ווערט דאָס פאָלק אָפּגעשוואַכט, געעלטערט, זײַן געצנדינע־ריש בלוט קילט זיך אָפּ, פירן זיי דאָן אויס, די נביאים, די טאַטעס פון די קומענדיקע, קונסט־פײַנטלעכע, רבנים" (דאָרט, ז' 71).

דער חשובער שמואל ניגער גיט איבער זייער גרינטלעך דעם איי־ראָפּעאיש־גריכישן קוק אויף די ייִדישע נביאים. אַ סך פון די היסטאָ־ריקערס, וואָס זענען אַנטי־קריסטלעך ווי למשל, עדוואַרד גיבאָנס, דער מחבר פון „די אָפּשוואַכונג און פאַלן פון רוימישער אימפּעריע", אָדער דזשאָרדזש א. דאָרסי, דער מחבר פון „דעם מענטשנס ספּעקטאַקל־ציווי־ליזאַציע", האַלטן אַז די אייראָפּעאישע ציוויליזאַציע וואָלט געווען אַ סך רייכער, באַקוועמער, טיפער ווען ייִדנטום וואָלט נישט באַהערשט די וועלט דורך קריסטנטום, וואָס איז אַנטי־וויסנשאַפט און אַנטי־קונסט און בכלל קעגן פרייד פון לעבן און קעגן דער געוואַגטקייט און גלאַנץ פון דער „חרוב געוואָרענער מיטאָלאָגישער קונסט־וועלט".

ביי שמואל ניגערן איז דאָ אַ בענקעניש נאָך דער פאַרביבלישער עפּאָכע. ער שרייבט:

„אשס „יפתחם טאָכטער" איז קונסט, ווייל דאָ האָט ער אַ הויב געטון פון עפּעס אַ טיפעניש אַ שטיק געצנדינערײַ, אַ שטיק פאַרביבלישע מיטאָלאָ־גיע. אין דער ביבל גופא זענען דאָ טיילן ווו עס ווערט פאַרהאַסט און פאַר־מיאוסט די „פרעמדע דינסט", די בילדלעכקייט, און די „זינדלעכקייט" פון אלהים־אחרים — נישט מער ווי געזעץ, ווי כראָניק, אָדער אין בעסטן פאַל — ליריק. עפּיש־קינסטלערישע עלעמענטן טרעפן זיך אין איר, ווו עס אָטעמט נאָך פריש און מעכטיק — דער אורמיטאָס פון פאַרן מתן־תורה" (דאָרט, ז' 70).

דאָס איז דער צינז וואָס שמואל ניגער האָט געצאָלט צו דעם אייראָ־פּעאישן וועלט־באַנעם. אין אַ שפּעטערדיקער אַרבעט אין דעם זעלביקן בוך האַלט ער אַז ייִדישע קונסט דאַרף זײַן אַנדערש פון אייראָפּעאישער קונסט. סוף־כל־סוף קומט ער צו אַ קונסט־באַגריף וואָס איז עכט ייִדיש־לעך: „עס באַשטייט אין דעם „זוכן אַ תיקון". ווי איך האָב געשריבן פאַר דעם לעבנס־כאָאָס גופא", און נישט באַנוגענען זיך דערמיט, וואָס דער

לעבנס־כאָאָס ווערט איבערגעאַרבעט אין אַ האַרמאָניע פון קונסט. „עס באַ־שטייט אין דעם געהיימען פאַרלאַנג אויסצולייזן דאָס לעבן און נישט נאָר דערלייזט צו ווערן פון לעבן״ (דאָרט, ז׳ 85 — מיין קורסיוו).

אויסצולייזן דאָס לעבן — דאָס איז דאָך געווען די עיקר־כוונה פון די נביאים און פון די פּרושים און שפּעטער פון די רבנים, די יורשים פון די פּרושים און די נביאים. די אַלטערטימלעכע וועלט איז געווען פאַרשקלאַפט צו אירע געצן און צו איר קונסט. טעלעכע, געציילטע פירערס האָבן גענאָסן פון דער שיינקייט פון די טעמפּלען, אָבעליסקן, וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אויף דעם בלוט פון דעם דורכשניטלעכן מענטשן. זייער „לעבנס־פרייד״ איז געווען נישט מער ווי הפקרות, שמוץ און זנות.

אָט ווי עס באַשרייבט אַן ענטוזיאַסט פון עגיפּטישער ציוויליזאַציע, ווי אַזוי די ציוויליזאַציע איז געשאַפן געוואָרן:

„איך בין מסכים מיט מ. קאַפּאַרטן, אַז ס׳איז אמת אַז נאָר די אומ־רחמנותדיקע עקספּלואַטאַציע פון צאָללאָזע קנעכט, געטריבן פון ברוטאַלער מאַכט האָט מעגלעך געמאַכט די אַרבעט פון אַזעלכע אונטערנעמונגען. אָבער דאָס איז נישט גענוג צו דערקלערן די ווונדערס פון עגיפּטישער אַרכי־טעקטור, אינספּירירט פון אַ טיפן מיסטיציזם פון דעם גאַנצן פאָלק. די גיגאַנטישע טעמפּלען זענען נישט אויפגעשטעלט געוואָרן אַן גרויזאַמע קרבנות פון די פרייע בירגער פון עגיפּטישער אימפּעריע. ס׳איז קיין פראַגע נישט, אַז פאַרברעכער, בעלי־חובות, וואָס האָבן נישט געקענט באַצאָלן וואָס עס קומט פון זיי. מלחמה־געפאַנגענע אין די הונדערטער געבויגן אונ־טער דער ברענענדיקער זון און אַלעמאָל צו דעם גרייטן שטעקן פון אויפזעער האָבן געשלעפּט די גיגאַנטישע אָבעליסקן און די זעכציק־פוסיקע קאָלאָסאָסן. אָבער עס זענען אויך געווען פויערים־אַרבעטער, געבראַכט ווען מען האָט געדאַרפט פאַר צוואַנג־אַרבעט, ווען פּרעה האָט באַפוילן אויפ־צושטעלן טעמפּלען, סטאַטועס, אָבעליסקן אָדער רייניקן קאַנאַלן. נישט געקוקט וואָס טוטאַנכאַמען האָט פאַרגרינגערט אַ ביסל דאָס לעבן פון די צוואַנג־אַרבעטער, האָבן די פויערים־אַרבעטער, וואָס זענען געבראַכט גע־וואָרן פון די שייכן, געאַרבעט דעם גאַנצן לאַנגן טאָג, גערוט בלויז די צוויי הייסע שעה פון טאָג, געלאָשן זייער דורשט מיט בלאָטיק וואַסער און געשטילט זייער הונגער מיט הירזש־פּלעצלעך, געשלאָפן אויף דעם אָרט ווו זיי האָבן געאַרבעט, געפּרירן בייניאַכט אין די קאַלטע עגיפּטישע נעכט, אַנגעהויבן אַרבעטן מיט זון־אויפגאַנג און געענדיקט זייער אַרבעט מיט זון־אונטערגאַנג. קיין זאַך האָט נישט געקענט פאַרהיטן דעם אַרבעטער, דעם פויער, אָדער אַפילו דעם שטאָט־פּאַכמאַן פון צוואַנג־אַרבעט״ („דאָס לעבן פון טוטאַנכאַמען״ פון ג. ר. טאַבאי, איבערגעזעצט אין ענגליש פון מ. ר. דאביע, 1930, ז׳ 247).

„אָבער אויב מען האָט אויף עמעצן געדאַרפט רחמנות האָבן האָט מען געדאַרפט רחמנות האָבן אויף די אומגליקלעכע, וואָס האָבן געאַרבעט אין די מינעס פון סיני — — — די עגיפּטער פון דעם יאָר 5300 פאַר אונדזער צייט־רעכענונג ביז זייער פאַלן האָבן אויסגעגראָבן זייערע איידל־שטיינער, זייער קופּער, זייער גאָלד מיט אוממענטשלעכע ליידן, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן. די פרויען, די קינדער פון די באַזיגטע לענדער זענען גע־נומען געוואָרן אַהין און זיי האָבן געאַרבעט ווי מענער — טאָג און נאַכט אָן טרינקען, אָן שלאָפן, שטענדיק געדראָעט פון די שפּיזן פון די זעלנערס. ליבער איז געווען דער טויט" (דאָרט, ז' 248).

„דער פּרעה טוטאַנכאַמען ווייסט אַז ער איז מסתמא דער איינציקער מענטש אין גאַנץ מצרים, וואָס קען אָנשרייבן אויף זיין מצבה: ער האָט אויסגעלעבט זיינע יאָרן און איז אַפילו קיין איינמאָל נישט באַשטראָפט געוואָרן מיט שמיץ פון ריטער פון אַ ריכטער, מאַגיסטראַט" (דאָרט, ז' 213).

דער ייִדישער נביא האָט מסתמא געזען די שיינקייט פון די טעמפּלען, פון די גאָלדענע וואַזעס, די סטאַטועס, די גאַלערייען און אַלע קונסט־ווערק וואָס זענען געשאַפן געוואָרן פון די צוואַנג־אַרבעטער און די שקלאַפן. אָבער אַ חוץ דעם גלאַנץ פון גאָלד און שיין פון פאַרבן האָט ער געזען נאָך אַ קאָליר — דעם רויטן קאָליר פון בלוט. אָט איז דאָ אין תנ"ך אַ נבואה וועגן אַ ייִדישן קעניג, יהויקים, וואָס איז געווען אונטער דעם איינפלוס פון עגיפּטן. אָט דאָס טיראַנל האָט געוואָלט נאָכמאַכן די פּרעהס, וואָס האָבן געבויט אַזעלכע שיינע פּאַלאַצן און קברים. ער האָט אָנגעהויבן פאַרשענערן דעם קעניגלעכן הויף מיט טורעמס און בנינים און איינגעפירט צוואַנג־אַרבעט אין יהודה. וואָס האָט געזאָגט ירמיהו אויף דעם?

„ווי איז צו אים, וואָס בויט זיין הויז מיט נישט־ערלעכקייט און זיינע אויבערשטיבן בויט ער מיט אומרעכט, וואָס אַרבעט מיט זיין שכן אָן שכירות און באַצאָלט אים נישט וואָס עס קומט אים. וואָס זאָגט: איך וועל מיר אויפבויען אַ גרויס הויז און גראַמע אויבערשטיבן. און ער שניידט זיך אויס פענצטער און דעקט דעם דאַך מיט צעדער און פאַרבט דאָס הויז מיט ווירמילאָן. דיינע אויגן און דיין האַרץ זענען נאָר אויף דיין גיריקייט און אויף אומשולדיק בלוט צו פאַרגיסן, און אויף רויב, און אויף אונטער־דריקן דעם אָרעמאַן" (ירמיהו כ"ב, יג און ווייטער).

דער נביא איז נישט נתפּעל געוואָרן פון דעם דאַך פון צעדערס און ווירמילאָן־פאַרב. ער האָט געזען נישט קיין קונסט, נאָר רויב און בלוט־פאַרגיסונג.

וואָס איז געווען דער קאַמף פון די נביאים? יאָ, זיי האָבן טאַקע גע־פירט אַ שטרייט קעגן געצנדינערײַ, דאָס הייסט, „קעגן דעם פאַלקס־יצר־

הרע״, ווי שמואל ניגער זאָגט. ווילט איר וויסן וואָס דעם פאָלקס־יצר־הרע איז געווען?

אָט איז אַ באַריכט:

„דער קאַיאַר איז נאָך נישט אויסגעבראָכן ווען פּרעה זאָגט: ברענגט מיר עפּעס צו גרינגער מאַכן מיין הארץ. דער וויזיר ענטפערט: „איך האָב געבראַכט אַ באַרזשע און ביי די רודערן זענען די שענסטע מיידלעך פון דיין האַרעם״. און טאַקע באַלד ווייזט זיך אַ באַרזשע איבער די וואַסערן, וואָס ווערט געטריבן פון צוואַנציק נאַקעטע פרויען מיט גילדערנע נעצן״ („דאָס לעבן פון טוטאַנכאַמען״ פון ג. ר. טאבאי, ז׳ 239).

„דאָס איז געווען פרעהס שעה. אַרום אים שוועבן זיינע קעפּס־ווייבער, בויגזאַמע, נאַקעטע. דער גאַנצער קערפּער פאַרזיכטיק געראַזירט, די ליפּן אָנגעפאַרבט, די אויגן־ברעמען שוואַרץ, די נעגל פון די פינגער און פון די פיס געפאַרבט רויט״ (דאַרט, ז׳ 236).

דאָס איז נישט געווען בלויז די צעלאָזנקייט פון אַ קעניג, וואָס איז מסתמא געווען אויך טיילווייז אין יהודה, דאָס איז געווען די אַלגעמיינע מאָראַלישע ניוואָ.

„די עגיפּטישע ווייבער האָבן געקענט ברענגען ווי אַ ראיה דעם גאָטס אַמאַן־רעס ברייטהאַרציקייט, אַז זייערע מענער דאַרפן זיין ברייט־האַרציק און נישט קימערן זיך אויב זייערע ווייבער זענען מזנה. אויב אַ מיידל איז געהייליקט געוואָרן צו גאָט, האָט זי געהאַט אַ רעכט איבערצו־געבן זיך צו וועמען זי האָט געוואָלט. אויך האָט איר פּראָפעסיע געבראַכט כבוד און אַ סך פּרנסה. זי האָט אַלעמאָל געקענט קריגן אַ רייכן מאַן, נאָכדעם ווי זי האָט זיך צוריקגעצויגן פון איר פּראָפעסיע. איבערהויפּט ווען זי איז געשטיגן הויך און געקריגן דעם ראַנג „איינע פון די הויפּט־דאַמען פון אַמאַן־רעס האַרעם״ (דאַרט, ז׳ 227, 228).

„די אַלע געהייליקטע מיידלעך האָבן געדאַרפט צוהעלפן אין דער דינסט פון טעמפּל, שפּילן אויפן צימבל און פאַכן מיט דער מאַגישער בייטש, צו אָוועקטרייבן רוחות. די פּראָסטערע זענען געווען נידעריקער פון וועל־כער ס׳איז מאָראַל. זייערע קערפּערס זענען געווען גרייט צו יעדן איינעם וואָס האָט זיי אויפגעפאָדערט״ (דאַרט).

אַפילו דער גרעסטער אַפּאָלאָגעטיקער פון דער עגיפּטישער ציוויליזאַציע, דזשיימס הענרי ברעדסטעד, מוז צוגעבן:

„די פיזישע אומשטענדן פון די נידעריקע קלאַסן זענען געווען אַזעל־כע, וואָס זענען נישט געווען געניגט צו פירן אַ מאָראַלישן לעבן. אין די שטעט די נידעריקע בלאָטע־ציגל־הייזער זענען געווען אויסגעשטעלט אין רייען, די ווענט — אַלע איין וואַנט. — — — די באַראַקן פון די אַר־בעטער זענען געווען גרויסע געביידעס אונטער איין דאַך, מיט לאַנגע

קאָרידאָרן צווישן די צימערן. גאַנצע קוואַרטאַלן פאַר די קעניגלעכע צוואַנג־אַרבעטער זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אין די פּיראַמידן־שטעט, אָדער לעבן די פּיראַמידן״ („היסטאָריע און אידזשיפּט״, ז׳ 86).

דאָס איז געווען דער פֿאָלקס־יצר־הרע, וואָס די נביאים האָבן באַקעמפט. דאָס איז געווען די רעאַליטעט פון דער „חרוב געוואָרענער מיטאָלאָגישער קונסט־וועלט״, וואָס די נביאים האָבן אָנגערופן תועבת־הגויים — די אומווירדיקייט פון די פעלקער.

נייַן, די ייִדישע נביאים און זייערע נאָכפאָלגערס — די סופרים, די חסידים, די פּרושים, די תנאים און אמוראים און דערנאָך די רבנים זענען נישט געווען קעגן קונסט. זיי זענען געווען קעגן מאַכן פון קונסט אַ הייליקייט, אַ געץ, און צוליב דעם באַרעכטיקן שפיכת־דמים, גזילה, רויבעריי, זנות און הפקרות. אפשר אַפילו איצט מעגן מיר קומען צום קינסטלער און פאָדערן פון אים צום ערשט אַ ריין לעבן, אַ הייליק לעבן און דערנאָך מעג קומען דאָס שפּיל פון קונסט. ווען מיר וואָלטן עס געפּאָדערט און אויסגעפירט וואָלט אפשר איצט די וועלט נישט געווען אַזוי רייך מיט קונסט־ווערק — סיי פּלאַסטישע, סיי מאָלערישע און סיי געשריבענע. אָבער דאָס לעבן וואָלט געווען גאַנצער, הייליקער און יושרדיקער. דערפאַר אין תוך שענער. דאָס איז דער אמתער ייִדישער צוגאַנג צו קונסט.

# אינהאַלט

## אין פאַרלאַג „יידבוך" ביז איצט דערשינען

**י. ל. פרץ** — דריי חסידישע דערציילונגען
**אַלבום־פאָרמאַט, געכתיבהט פון קינסטלער משה פייגענבלום. — לוקסוס־באַנד.**

**ח. ש. קאַזדאַן** — מעטאָדיק פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור
**(אויספאַרקויפט)**

**י. י. טרונק** — כעלעמער חכמים
(יידן פון דער קליגסטער שטאָט אין דער וועלט).
**לוקסוס־אויסגאַבע, מיט קאַריקאַטורן, געצייכנט פון י. שלאָס, ניו־יאָרק. — 300 זייטן.**

**אַלבום־קאַריקאַטורן** —
**טיפּן לויט** כעלעמער חכמים **פון י. י. טרונק. — פּרעכטיקע צייכענונגען. — אַ צירונג אין יעדער יידישער שטוב. — מאָלער — יצחק שלאָס.**

**שלמה סיימאָן** — אַמאָליקע יידן
**געקליבענע דערציילונגען פון אַ שיינער תקופה. — 190 זייטן.**

**פּראָפ. ליבמאַן הערש** — אויף דער גרענעץ פון צייטן
**געקליבענע אַרטיקלען אויף יידישע טעמעס, דערשינענע זינט דער צווייטער וועלט־מלחמה. — 304 זייטן, לוקסוס־אויסגאַבע.**

**יצחק פּערלאָוו** — אין אייגענעם לאַנד
**דערציילונגען פון לעבן אין מדינת־ישראל. — דערציילונגען פון „נאָכן שטורעם" — פּראַכט־אויסגאַבע. — 352 זייטן.**

**י. י. טרונק** — דער פריילעכסטער ייד אין דער וועלט

**ש. סיימאָן** — תוך־יידישקייט

## עס גרייט זיך צום דרוק:

**נ. ב. מינקאָוו** — זעקס יידישע קריטיקער.

---


**וועגן אַלע ענינים פון פאַרלאַג זיך ווענדן:**

Editorial ''IDBUJ''

Boulogne Sur Mer 671/75 — T. E. 62-9566 — Buenos Aires

República Argentina

SALOMON SIMON

# TOCH-IDISHKEIT

(JUDAISMO ESENCIAL)



Editorial
"IDBUJ"
de la Asociación Pro-Escuelas Laicas Israelitas en la Argentina
Buenos Aires - 1954